איך, ווי א מענטש בעט איך. פרײַנט, פּאַרהיט עס". נו, איר פאַרשטייט דאָך אַליין, וואָס פאַר א העפטל דאָס איז געווען. צייכענונגען — קינדער פון געטאָ, שטייגער־סצענעס פון געטאָ....

— פאַרהיט?

— פאַרהיט. בא דער מומען. בא מיר האָט זיך א בראַקהאַוז און עפראָן געוואַלגערט. איין באַנד: א בוך, ווי א באַרג. האָב איך דאָס העפטל אינעם בוך אַרײַנגעלייגט, מיט א דײַטשישער צײַטונג אַרומגעוויקלט און איבערגעלאָזט בא איר. איך וועל אײַך דאָס העפטל אַרויסשיקן. ניט מער, ווי פינף זײַטן פעלן.

— פינף...

— יאָ, פינף צייכענונגען בלוימס... איך האָב אַלץ געמיינט צום גוטן, און אויסגעלאָזט האָט זיך... אַזאַ מין ווילער מענטש געווען אײַער מאַן, א ווייכהאַרציקער... גיי ווייס, אַז מיט אים איז אַזוי שווער דורכצוקומען.

ווען אײַער מאַן לאָזט זיך, וואָלט איך אים געראַטעוועט. ווי נאָר איך האָב אין זײַן העפטל אַרײַנגעקוקט, איז בא מיר שוין געווען פאַרטיק א פּלאַן, וואָס בעסער קאָן ניט זײַן.

צו מיר אין קאַפע פלעגט אַרײַנקומען איינס אַן אַפּיצערל, נאָך גאָר א יונגאָס, מיט רויטע בעקלעך און א מיידלשער טאַליע. א פריילעכער נעפּעש, ניט קיין וורעדנער. און אַף רוסיש רעדט ער, ווי איך מיט אײַך. נו, עטוואָס עפּשער... ווי מיט א לעפל קאַשע דאָס מויל פאַר־שטאָפּט. זע איך איינמאָל, ער זיצט בא א טישל מיט צוויי מוידן. פאַרברענגט מיט זיי איידל, ווי מיט עמעסע פּרײַלנס. קעסיידער אַזוי, קיין איין מאָל קיין מויד ניט באַוואָלט. האָט קיין פּאַריבל ניט, איך דערצייל דאָס, וואָס עס איז. א גראַבער יונג בין איך, ווײַזט אויס, פון גע־באָרן, נאָר אײַך ווילט זיך מיר שאַנעווען. וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז דאָס לעבן, פון וועלכן איך דערצייל אײַך, איז אַליין פאַר זיך גראָב, וואָס גרעבער קאָן ניט זײַן? הער איך, הייסט עס, דאָס אַפּיצערל דערציילט די מוידן, אַז אַליין איז ער פון ראַסטאָק, פון אַן אינטעליגענטער מישפּאָכע שטאַמט ער. זײַן פאָטער, באַרימט ער זיך, פאַרמאָגט א בילדער־קאָלעקציע פון גרויסן ווערט. ווײַל ער איז טאַקע דער עמעסער מייוון. אַן אויג, אַהאָ, א סנײַפּער! און ער, דאָס אַפּיצערל אַליין, ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט ער שוין געהאַט אין בערלין די קונסט־אַקאַדעמיע פאַרענדיקט. איז מיר אָט דער דאַזיקער שמועס גוט אַרײַן אין דער נאָז. אין עט־לעכע טעג נאָך מײַן באַגעגעניש מיט יעכיעל מענוכאָוויטשן געפין איך א גינסטיקע מינוט און פאַרטרוי דעם אַפּיצערל א סאָד — מיט א פרײַלן וויל איך אים באַקענען, א שיינהײַט איינע אין דער וועלט. די עלטערן, ביידע דאָקטוירים, זײַנען פון א באַמבע אומגעקומען. איז זי איצט איינע אַליין. נאָך גאָר א קינד, ערשט פון דעם שול־פאַרטעכל אויסגעפּיקט זיך. אַזוי, אַז אַבי ווער זאָל צו איר צופאָרן, און זאָל זי נאָר דערפילן, אַז אַף איר מיידלשאַפט קוואָפּעט ער זיך, וועט זי יענעם פרעכן יונג די אויגן אויסדראַפּען. אין דעם צאַרטן קעצעלע, וואָרן איך אים, זיצט א טיגער. נאָר אַזאַ איידעלער קאַוואַלער, ווי ער, וועט געפינען א וועג צו איר האַרץ. אַזוי כאַנפע איך אים אונטער.

ווידער קוקט איר אַף מיר, ווי כ'וואָלט א גאַזלען געווען. פאַרגעדענקט, איך האָב געוואָלט ראַטעווען אײַער מאַן. און דאָס מיידל?.. אין אַזאַ צײַט וואָלט גאָט אַליין אַזאַ שיינהײַט ניט געקאָנט אײַנהיטן. איך האָב זי אין גוטע הענט איבערגעגעבן. א סימען האָט איר, גאָר אינ־גיכן זײַנען זיי צווישן זיך אויסגעקומען, זי און דאָס אַפּיצערל.

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס פאַר א שײַכעס... נאָר רעדט, איך הער אײַך. דערציילט אַלץ ביזן סאָף. איך וועל עס אויסהאַלטן. יעכיעל האָט ערגערס איבערגעטראָגן.

— פונוואַנען זאָלט איר פאַרשטיין? דערווײַל האָב איך דאָך אײַך נאָר דאָס ציגעלע צור־קער באַוויזן, מיט וועלכן כ'האָב געזאָלט דעם הונט פאַרגיטיקן. בעקיצער, איך שעפּטשע דעם אַפּיצערל אַפן אויער, אַז ער זאָל וועגן דעם מיידל קיינעם ניט דערציילן, עמעצער זאָל עס בא אים, גאָט באַהיט, ניט אויסכאַפּן. און אַזוי שעפּטשענדיק פאַרשלעפּ איך אים אין מײַן ביידערל הינטערן טאַמבאַק. דאָס פּיסטאָלעטל איז דאָך בא אים אַף דער זײַט, ניט בא מיר. נו, איז וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, דער דיל אונטער מײַנע טריט טרעשטשעט, ווי פריילינגדיק אײַז, אָט פאַלי איך גלײַך אין א קעסלגרוב אַרײַן. נאָר לאַנג טראַכטן איז ניט אין מײַן טעווע. זאָג איך אים מיט א געלעכטער, געוויינלעך, אַז וועגן דעם מיידל איז שוין אָפּגערעדט, איך האָב אָבער נאָך עפּעס שיינס אים צו באַווײַזן. איך נעם אַרויס פון דער בוזעם־קעשענע גאַנצע פינף האַרטע פּאַפּיר־קוואַדראַטלעך. אָט אַזוי האָב איך צונויפגעלייגט די צייכענונגען, צו זעקס אָדער צו אַכט מאָל פאַרבויגן, צעקנייטשט, יאָ, א טעל געמאַכט, און דערצייל אים א מײַסע: „איך בין צופעליק דעם געטאָ־טויער פאַרבײַגעגאַנגען און אָט דאָס־אָ פון דער ערד אופגע־הויבן. פאַרדעכטיקע פּאַפּירלעך, זאָג איך. עפּשער בריוו צו עמעצן פון דער אַרישער זײַט.

אָדער גאָר אַן אופּרוף, ווער ווייסט. אַליין, זאָג איך, האָב איך עס ניט געוואָלט פאַנאַנדער־וויקלען".

דאָס אַפּיצערל קוקט מיך אָן און, ווי איך זע, האָט ער קיין כיישעק ניט צו די ברודיקע פּאַפּירלעך זיך צורירן. נעם איך איינס אַליין פאַמעלעך פאַנאַנדער, און ער קוקט אַף מײַנע הענט. דערזען אַ צייכענונג, נעמט ער זיך שוין פאַרן צווייטן פּאַפּירל אַליין. איר וואָלט נאָר זען, ווי פּאַרטיק ער האָט די צייכענונגען אַף מײַן פּיצל קאַנטאַרקע אויסגעגלייגט, ווי ער האָט זיי געגלעט און פאַנאַנדערגעגלעט, קעדיי בעסער צו זען. „וואָס פאַר אַ זיכערע האַנט, — האָט ער געמורמלט, — אַ מײַסטער..." בעקיצער, ער האָט מיר באַפוילן די צייכענונגען אויס־פּרעסן, „מיט אַ פּרעס־אײַזן, — האָט ער מיר דערקלערט, — מיט ניט קיין הייסן, פון דער לינקער זײַט". זע איך, ער פאַרשטייט זיך טאַקע אַף די דאָזיקע זאַכן. ווײַזט אויס, ניט גלאַט אַזוי זיך אויסגעפּײַנט פאַר די מוידן אין קאַפּע. די פינף צייכענונגען האָט דאָס אַפּיצערל זײַן פּאַטער מיט דער פּאַטשט אַפּגעשיקט. זײַן פּאַטער, האָט ער מיר דערקלערט, האָט פון שטענ־דיק אָן געהאַלטן, אַז ייִדן האָבן אין דער רוסישער מאַלערײַ אַן אייגענע שול געשאַפן. און ווי גאָר אַ גרויסן סאַד פאַרטרויט ער מיר, אַז זײַן פּאַטער האָט זיך זייער געגריסט מיט די דרײַ שאַגאַלס אין זײַן קאָלעקציע. כאָטש איצט זײַנען זיי מיסטאָמע באַ אים פאַרשטעקט, ווער ווייסט ווו. אַן עכטער פּיסאַראָ איז באַ אים אַפילע געווען. פיל געלט געקאָסט. און איצט... „איר האָט אַזעלכע נעמען אַפילע ניט געהערט, עמעס?" — כאַפּט ער זיך, און איך מאַך זיך טאַמעוואַטע. טאַקע ניט געהערט.

אַף אַפּצושיקן די צייכענונגען קיין דײַטשלאַנד האָט זיך קיין באַזונדערער מוט ניט גע־פּאָדערט. אַנדערע האָבן דאָך אַפילע פּאָטאָגראַפיעס פון צעשיסונגען זייערע קאַלעס געשיקט. מיסטאָמע פלעגן זיי דערגיין, אַניט וואָלט מען ניט געשיקט. דאָס אויספּײַנען זיך מיט מער־דערײַען איז אָנהייב 42־טן יאָר באַ די דײַטשישע סאָלדאַטן און אָפיצערן געווען שטאַרק אין דער מאָדע.

פון יענעם טאָג האָט מיך דאָס אַפּיצערל שוין ניט אָפּגעלאָזט: נאָר איך זאָל זיך דערוויסן, ווער דער מאָלער איז. אופזוכן זאָל איך אים. קוים לעבט ער נאָר, וועט זײַן רעכט. אַנשטאָט אַף גראָבער אַרבעט צו געטריבן ווערן, וועט ער מאַכן פּאָרטרעטן פון דײַטשישע אָפיצערן.

דאָס אַפּיצערל איז אַ יונג הענדל. איז צו זײַן קוקאַרעקען ניטאָ באַזונדערס וואָס צוצו־הערן זיך. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך זיך דאָ מער פאַרלאָזט אַף מײַן מומען, איידער אַפן אַפּיצערל. ער האָט געזאָלט נאָר דעם אָנהייב מאַכן. כאָטש עטלעכע מאָל אַרויסנעמען יעכיעל מענוכאָוויטשן פון דער געטאָ. ער וואָלט אַ ביסל צו די קויכעס געקומען. און דערנאָך וואָלט איך אים באַ מײַן מומען פאַרבאַהאַלטן. ווען מע גאַנוועט אים אַרויס באַ די אָפיצערן אונטער דער סאַמע נאָז, וואָלטן זיי מיסטאָמע קיין גרויסן האַרמידער ניט געמאַכט. זיי וואָלטן פאַר דער אייגענער פעל געציטערט. נו, אַף מײַן מומען האָב איך זיך געקאָנט פאַרלאָזן. זי האָט מיך טאַקע ייִנגלווײַז פון דער קאַלאַניע אַרויסגעשלעפּט, אַף מיר האָט זי אָבער אויך ניט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן זיך. אַפילע בייס דער אָקופּאַציע פון קיין נויט ניט געוווּסט. באַ מײַן מומען וואָלט יעכיעל מענוכאָוויטש, ווי הינטער אַ געמויערטער וואַנט זיך געפילט. מיט די היימישע פּאָליצײַען איז זי געווען אויסגעבונדן. ניין, ניין, מיינט ניט, מיט קיין מענטשלעכע נעפּאַשעס האָט זי ניט געהאַנדלט, גאָט באַהיט. זעט איר דאָך, אונדזערע זײַנען געקומען און האָבן אַף איר קיין האָר ניט גערירט. וואָס זשע דען? אַ פּאָר וואָלענע שקאַרפּעטקעס, אַ וואָ־רעם לײַבל אָדער, לאָמיר זאָגן, אַ פלעשל סאַמאַהאָן, אַ פּושקע קאָנסערוון — דאָס האָט זי פאַר גוט געלט קיינעם ניט געזשאַלעוועט. אַפּגעווישט די ליפּן און שאַ־שטיל. אַז איך זאָג אײַך, אַ מיניסטער, אַזאַ וועט מיט יעדער מאַכט אויסקומען.

אווערקיעוו איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן. נאָר דאָ האָט שוין מירע ניט אויסגעהאַלטן:

— וואָס שווײַגט איר? דערציילט.

— ניטאָ וואָס צו דערציילן. מיט גרויס מאַטערניש, דאָס לעבן אין קאָן געשטעלט, האָב איך זיך אַ צווייט מאָל דערקליבן צו יעכיעל מענוכאָוויטשן. וויל ער גאָר פון מײַן פּלאַן ניט הערן. וועגן מײַן מומען האָב איך אַפילע ניט באַוויזן צו דערמאָנען. ווי קום איך צו דעם דײַטשישן אַפּיצער, האָט ער געוואָלט וויסן, און ווידעראַמאָל, וואָס איז איצט מײַן טועכץ און פונוואַנען נעמט זיך צו מיר אַזאַ האָזע, איך זאָל אים פאַרלייגן ווערן אַ מעשאָרעס באַ די דײַטשן. און אַף גאָרנישט לאָזט ער מיך ניט ענטפערן. „איר זײַט דאָך אַליין אַ מאָלער, זאָגט ער, טאָ מאָלט זיי. וואָס דאַרפט איר מיך?"

אָט די ווערטער זײַנע האָבן מיך אַזוי געטראָפן, אַז ביז מײַן לעצטער שאָ וועל איך דעם ווייטעק ניט פאַרגעסן. אַזאַ כויזעק, אַזאַ גיפט... און פּלוצעם גאָר באַפעלעריש, ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַזאַ שטילער, אַזאַ איידעלער מענטש זאָל גאָר באַפעלן: „קערט מיר אום

מײַנע צײכענונגען. שוין. די מינוט. איך וואָרט". איר וועט מיר גלייבן, ווי אַ לעמעלע בין איך אַנטקעגן אים געשטאַנען, געלאָזט זיך באַזוכן. ער האָט אין דער בלינד, אויך דאָס מאָל האָבן מיר זיך אין דער פּינצטער באַגעגנט, אַלע מײַנע קעשענעס אויסגעטאַפּט. גאָרנישט ניט געפונען, זאָגט ער מיר: „גייט, גייט פונדאַנען! איך וויל אײַך מער ניט זען!" פונקט ווי ער וואָלט מיך געקאַנט זען אין אַזאַ פינצטערניש.

מירעס צימער איז געווען העל באַלויכטן. באַ די ווענט זײַנען אין שטרענגע רייען געשטאַנען סטעלאַזשן מיט ביכער. אין צוויי ווייכע פאָטעלן זײַנען געזעסן אַ מאַן מיט אַ פּרוי, ביידע אַן ערעך אין די זעכציקער, אָפּגעטיילט איינער פון דעם אַנדערן בלויז מיט אַ קליין פּאָלירט טישל. ווען די בליומס פאַרהאַלטן זיך ניט דאָס מאָל אָף אַן איבעריקער שאָ און קומען אַרײַן צו מירען, וואָלטן זיי זיכער געטראַכט, אַז אַ יונגט־פרײַנט נעמט זי אויך באַ זיך. מער ניט, וואָס קיין קיבעד איז אויפן טישל ניט געשטאַנען. די שוועגערן וואָלט זיכער צוגעײַלט זיך אויסצולייזן מירען פון איר פאַרלעגנהײַט — אַן אומגעריכטער גאַסט, און אין שטוב איז גאָרנישט ניטאָ. זי וואָלט אָפּדערגיך פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס אַלץ, וואָס זי האָט אויפן וועג פון דער אַרבעט אײַנגעקויפט, און אַלס אַ צייכן פאַר מירען, אַז נישקאָשע, נעם זיך ניט צום האַרצן, וואָלט זי געפרעגט באַם גאַסט: „טיי אָדער קאַווע?"

— דאָס אָפּיצערל האָט געהייסן האַנס. די פאַמיליע זײַנע... — אָווערקיעוו האָט זיך ווי עטוואָס געוואַקלט, צי זאָל ער אַרויסברענגען די פאַמיליע, דערנאָך אַנטשיידן אָנגערופן — בליום. יאָ, בליום איז זײַן פאַמיליע געווען, האָט קיין פאַריבל ניט. אויב אַ קויל האָט אים ניט געטראָפן, איז ער איצט אַלט אַ יאָר פינף און פערציק, ניט מער. עפשער לעבט נאָך אפילע זײַן פאָטער. ראָסטאָק — דאָס איז דאָך אין ג.ד.ר. פּרוּווט אים אָנשרײַבן, די צייכענונגען זײַנען געכאַסמעטע. און ווי געכאַסמעט... אַ טאָעס איז דאָ אומעגלעך. איך האָב, דעם עמעס געזאָגט, ניט פאַרשטאַנען גאָר, אַז דאָס איז אַ כסימע. געמיינט, אַ מין אָרנאַמענט אַזאַ, וועלכער כאַזערט זיך איבער אין אַלע צייכענונגען. ערשט דאָ, אין מאָסקווע, ווען איך האָב אָפּדאָסנײַ אָנגעקוקט די „דוואַלן", איז מיר ערשט אײַנגעפאַלן, אַז אונטן שטייט אײַער מאַנס כסימע אָף יִדיש. אין 41־טן יאָר האָט ער, ווײַזט אויס, קעסיידער אַזוי זיך געכאַסמעט. אַ שיינער שריפט — דער ייִדישער.

נו, מיר איז שוין צײַט צום וואָקזאַל. איך וועל פאַרפאָרן אַהיים, צו דער מומען, און פון דאָרט גלײַך אָף דער אַרבעט. דעם בלאָקנאָט וועל איך שוין מאָרגן אײַך אַרויסשיקן. איך וויל אײַך נאָר פרעגן, מירא אַבראַמאָוונאַ, נאָר בייזערט זיך ניט: פאַרוואָס זאָלן צוויי איינזאַמע עלטערע מענטשן, וועלכע קענען זיך ניט פון הײַנט, ניט גרינגער מאַכן איינער דעם אַנדערן דאָס לעבן? ניין, ניין, איר זײַט ניט מעכוּיעוו מיר צו ענטפערן. באַטראַכט זיך גוט, עפשער, האַ?

מירע איז אופגעשטאַנען פון איר אָרט. גלײַך האָט זיך אופגעהויבן אויך אָווערקיעוו. זיי זײַנען אַרויס אין פאָדערצימער. שוין אײַנעם מאַנטל און אײַנעם פוטערנעם היטל אויפן קאָפּ איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען, געוואַרט, זי זאָל אים אויסשטרעקן אַ האַנט. מירע האָט פאַר אים געעפנט די טיר. און דערפילט אָף איר פּאָנעם דעם זעלבן פרעגן און טײַוועדיקן בליק, ווי מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק דאָרט, אין קרים. „אָאופווידערזען!" — האָט הויך און פאַרשײַט אויסגערופן אָווערקיעוו און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

# 10

דער דאָקטער פון דער גיכער הילף האָט געזאָגט:

— ניט געפערלעך. דער בלוט־דרוק אונטערגעשפּרונגען. איך וועל אײַך מאַכן אַן אײַנשפּריצונג, וועט אײַך ווערן בעסער. — און צו טאַמאַרען: — אָף וויפל באַ אײַער מאַמען האָט זיך עס געמאַכט צום ערשטן מאָל, וואָלט ניט געשאַדט, זי זאָל ליגן אַ טאָג צוויי־דרײַ.

— אוודע, אוודע, די מאַמע האָט זיך לעצטנס שטאַרק איבערגעמאַטערט. און גענערוויִרט זיך. דעם טאַטנס אויסשטעלונג געגרייט, — האָט געזאָגט טאַמאַרע, פונקט ווי דעם דאָקטער, וועלכער האָט שוין געהאַט אַרופגעוואָרפן אָף די אַקסלען דעם מאַנטל אַריבערן כאַלאַט, וואָלט עס שטאַרק נויגייע געווען. זי האָט דעם דאָקטער באַדאַנקט, באַגלייט ביזן אַרויסגאַנג. — מאָרגן וועל איך נעמען דרײַ טעג אורלויב. די מאַמע וועט זיך אויסרוען, — האָט זי אים פאַרזיכערט, בייס ער, אַ יונגער און אימפּעטפולער, איז שוין אין גערדאַנק געזעסן אין דער מאַשין, וואָס וועט אים באַלד אוועקטראָגן צו אַן אַנדערן, עפשער פיל מער געפערלעכן כוילע.

מירע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער בלוט־דרוק האָט זיך באַ איר געהעכערט נאָך אין יענער רעגע, ווען זי האָט, אַ באַראַשטע פֿונעם פּלוצעמדיקן ווייטעק אין האַרץ, אָנגעכאַפּט זיך מיט ביידע הענט אין דער טאַמבאַק אין דער אַנטיקוואַר־קלייט. טאַמאַרע האָט אָבער קיין אָנונג ניט געהאַט וועגן דעם, וואָס איר מאַמע איז אויסגעשטאַנען פֿאַר די לעצטע עטלעכע טעג. נאָכן אונעקגיין פֿונעם דאָקטער האָט זיך מירע אויסגעצויגן אויף איר געלעגער, און טאַמאַרע האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטול אַנטקעגן.

— מאַמע, דו זעעסט הײַנט דאַפֿקע אויס זייער גוט. — טאַמאַרע האָט אַרויסגענומען פֿון איר האַנט־בײַטל אַ שפּיגעלע. — טו נאָר אַ קוק, סאַראַ יונגע. די באַקן פֿאַרויטלט.

„נאַריש קינד, — האָט אַ טראַכט געטאָן מירע. — בעסער וואָלטן זיי ניט געווען פֿאַרויטלט". נאָר אויף אַ קול האָט זי געזאָגט:

— כ׳ווייס, ס׳איז גאָרנישט. איך האָב זיך שוין לאַנג אַזוי גוט ניט געפֿילט, ווי הײַנט.

און דאָס איז געווען אָן עמעס. יעדער אייוועלער אירער האָט איצט גערוט. עס זײַנען פֿון איר מיטאַמאָל אָפּגעטראָטן אַלע זאָרגן. זי האָט קיין האַר ניט געצווייפֿלט אין דעם, אַז מאָרגן וועט זי זײַן געזונט, זי האָט אויך ניט געצווייפֿלט אין דעם דערפֿאָלג פֿון יעכיעלס אויסשטעלונג. נאָר אויסשלאָפֿן דאַרף זי זיך, גוט אויסשלאָפֿן. איצט איז ערשט אַכט. אָט וועט זי שלאָפֿן ביז אַכט אינדערפֿרי. גאַנצע צוועלף שעה. גוט...

— מאַמע, וואָס האָט זיך דיר געכאַלעמט? — האָט זיך צו מירען, ווי פֿון דער ווײַט, דערטראָגן טאַמאַרעס קול.

מירע האָט געוואָרפֿן אַ בליק אָפֿן זייגער, וואָס איז געשטאַנען אויף איר שרײַבטיש, אַ באַלויכטענער פֿונעם טיש־לאָמפּ. צען מינוט אויף נײַן. זע נאָר, אײַנגאַנצן צען מינוט, און זי האָט שוין באַוויזן צו כאַפּן אַ דרעמל און טאַקע זען אַ כאַלעם אויך.

געכאַלעמט האָט זיך איר די טאָכטער, נאָך גאָר אַ פּיצל. זי קלעטערט אַרויף צו מירען אויף די קני, כאַפּט אַרום מיט די הענטלעך איר האַלדז און קושט זי, פֿאַרגייענדיק זיך אין אַ געלעכטער, אין איין באַק, אין דער צווייטער, אין איין באַק, אין דער צווייטער.

„נו, גענוג שוין, גענוג! האָסט מיר אויסגעדרייט דעם האַלדז!" מיט אַ קלוימערשטן באַרויגעז שלאָגט זיך פֿון איר מירע אָפּ מיט ביידע הענט, קערט אָפּ פֿון איר דאָס פּאָנעם. נאָר די קליינע, אַ צעשעטיפּעטע, קאַטשעט זיך פֿון געלעכטער און לאָזט זי ניט אָפּ: „אין נעזעלע, מאַמינקע, נאָך איין מאָל, אין נעזעלע וועל איך דיך אַ קוש טאָן!"

— דו האָסט זיך מיר געכאַלעמט! — האָט מירע אַ שמייכל געטאָן צו דער טאָכטער, וואָס איז געזעסן צופֿוסנס פֿון איר געלעגער מיט אַ בוך אין דער האַנט. ריידן האָט זיך ניט געוואָלט. רו, רו...

אויף מאָרגן האָט זיך מירע אופֿגעכאַפּט פּונקט אַכט אינדערפֿרי. די שוועגערן איז אַרײַן אין צימער מיט איר אַפּאַראַט. דער בלוט־דרוק — 120 אויף 70, ווי געווײנלעך באַ מירען. דאָך האָט איר טאַמאַרע דעם פֿרישטיק צום בעט דערלאַנגט. און פֿאַרן אוועקגיין פֿאַרזאָגט: „פֿרײַער פֿון איינס זאָלסטו גאָר ניט טראַכטן פֿון אופֿשטיין. מיטיק האָב איך דיר צוגעגרייט. ער שטייט אויף דער פּליטע". זי האָט זיך אַ ווײַלע געוואָקלט, ווי געוואָלט עפּעס צוגעבן. נאָר בלויז געוואָרפֿן אַן אומרויִקן בליק אויף דער מאַמען, אַ קוש געטאָן זי אין שטערן און אוועק. „אַ באַרדאַס טאַמערל, — האָט מיט צופֿרידנקייט אַ טראַכט געטאָן מירע. — ניט געפּרוווט זיך מיך אײַנריידן. אַלציינס וואָלט איך דאָך געקומען".

* * *

צוויי שעה פֿאַר דער עפּענונג. מירע זיצט אין דעם אויסשטעלונגס־זאַל. אַ יונגע, אַ שײַנענדיקע טראָגט זיך דורך פֿאַרבײַ איר טאַמאַרע מיט אַ היפּשן קאָנוועדט אין דער האַנט, פֿון וועלכן עס סטאַרטשען לענגלעכע פּאַפּירלעך.

— עטיקעטקעס! — זאָגט זי אָן אין גאַנג דער מאַמען.

— דאָס איז גרינג. איך וועל העלפֿן, — רופֿט זיך אָפּ מירע.

— ניין, מע דאַרף ניט. טאַניע האָט מיך אויסגעלערנט. אָט וועל איך נאָר פֿאַנאַנדערלייגן די עטיקעטקעס לויטן אַלפֿאַוויט... דו זיץ דערווײַלע. — און שוין פֿונדערווײַטנס: — נישקאָשע, מאַמע, דו זעעסט אויס זייער גוט.

„וואָס, ווידער פֿאַרויטלט?" — דערשרעקט זיך מירע. פֿון שטוב איז זי אַרויס אַ געזונטע, נאָר איצט, איצט וואָלט גלײַכער געווען, מע זאָל זי יאָ צולאָזן צו אוועלכער־ניט־איז טועכץ. עפּעס איז מיט איר ניט גלאַט. אַ כאַלעם אויף דער וואָר איז פֿײַנלעכער פֿון אַ כאַלעם אין שלאָף. מירע קוקט אויף די ווענט, אויף וועלכע עס הענגען יעכיעלס בילדער, און מיטאַמאָל

הערט זי זיי אויף צו זען. יעכיעלן אליין זעט זי מיט א פאַרבלוטיקט מויל, און אויסגעצויגענעם אויפן גלאָז־ברוק. זי קומט צו־זיך. זי וויל אַפילע מאַכן עפּעס א באַמערקונג טאַניען. ווערט אַרום פינצטער. און יעכיעלס קאָל הערט זי: „פּונוואַנען האָט זיך צו אײַך גענומען די האַזע מיר פאַרצוליייגן ווערן א מעשאָרעס בא די דײַטשן?" צום ערשטן מאָל פאַר אַזויפיל יאָרן, זינט זי האָט פאַרלאָרן יעכיעלן, איז ער אַזוי פון איר דערווײַטערט געוואָרן. ביז דער באַגעגעניש מיט אוווערקיעוון האָט זי איר מאַן אין דימיען שטענדיק געזען א לעבעדיקן.

„ווו ביסטו, יעכיעלע?" — רײַסט זיך פון מירען א געשריי, און זי דערפילט, ווי עמעצער לאָזט זיך אראָפּ לעבן איר אף א שטול. טאַמאַרע, א וווּקסיקע, א געזונטע, נעמט זי אַרום, און ביידע קוקן זיי אפן בילד „דוואַלן".

— דער טאַטע האָט דאָך עס אַלץ געמאָלט פון דער נאַטור, עמעס, מאַמע, די פרוי אין ווײַסן אויך? נאָר דו פילסט, עפּעס איז אין דעם בילד ווי א געהיימניס פאַרבאָרגן. אי הײַנט איז עס, אי' ווי מיט טויזנט יאָר צוריק...

— דאָס איז דערפאַר, — ענטפערט מירע, — ווײַל דעם טאַטן האָט זיך א מײַסעלע פונעם כומעש דערמאָנט, וואָס ער האָט אין כיידער געלערנט. — דער טאַכטערס נאָענטקייט האָט מירען בארויקט, איר פאַרשטאַנד האָט זי דערפרייט. איצט ווילט זיך מירען דאַפקע ריידן. — דו ווייסט, וואָס איז דאָס אַזוינס „כיידער"? אין די רוסישע אויסגאַבעס פון שאָלעם־אַלייכעמען ווערט עס געטײַטשט אַלס „יידישע רעליגיעזע אָנפאַנגס־שול". פּונקט ווי פאַר די קינדער, וועלכע עס האָט געשילדערט שאָלעם־אַלייכעם, איז צוטריטלעך געווען אַן אַנדער שול.

— אָן עמעס, מאַמע, א מײַסעלע. איך האָב ניט לאַנג צוריק פאַרגעלייענט וואָוקען. געדענקסט, דו האָסט מיר געקויפט שוין נאָך דער מילכאָמע א גרויסן באַנד פון רוסישע פאָלקס־מײַסעס, איז דאָרט פאַראַן וועגן טויטער און לעבעדיקער וואַסער...

זיי זײַנען ביידע שטיל געבליבן. שווײַגנדיק געקוקט אפן שמאָלן געסל צווישן אָנגעגליטע געלע ווענט — דוואַלן, וועלכע וואַרפן אָפּ פון זיך וואַרעמע שאָטנס אף דער ערד. זיי האָבן געקוקט אפן בלויען, פון היץ פאַרגליווערטן הימל מיט די שטיין געבליבענע ראָזע וואָלקנדלעך. און פון דער טיף איז איבער די וואַרעמע שאָטנס, ווי אין א געהיימניס פאַרהילט, געטראָטן א פרוי מיט א בראָנזענעם קרוג אפן קאָפּ. און דער קרוג, אַזוי האָט זיך סײַ דער טאַכטער, סײַ דער מאַמען אויסגעוויזן, איז פול מיט אײביקער וואַסער פון לעבן. נאָר דאָ איז דער מאַמעס בליק אף דעם מאָלערס כסימע געפאַלן — צוויי, ווי שוואַרצע ליכט, אויסגעצויגענע לאַמעדן אין דער מיט. און עס האָט זי אן אנגסט באַשלאָגן, ווי פריער, איידער זי האָט געפונען דאָס פאַרפאַלן געוואָרענע בילד. ווידער פעלט דאָ עפּעס אף דער אויסשטעלונג. די געטאָ־צייכענונגען פעלן. וויפל זײַנען זיי געווען?

די טאַכטער האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטן אַרומגענומען, א צוגעשטילטע און אָפּגעלויכטענע געגלעט זי איבערן אָרעם.



*„...באַשװער רעדאַקטאָר, איך שיק אײַך דאָ*
*אײן ליד מײַנע, בליץ אײנע...“*

## הירש בלאָשטײַן

# מײַן אינדערפרי

מײַן ערשטלינג־ביכעלע, ס׳איז באַלד דײַן יובילײ:
דו װערסט אַ פּופּציקער — אַ האַלב יאָרהונדערט!
נאָר קוקסט נאָך אַלץ אַף װעלט אַרום — פאַרװוּנדערט,
װי ס׳קינד דאָס ערשטע מאָל אַף בלומען צי אַף שניי,
און כ׳שמײכל אומעטיק, מיט שטילער װײ.

כ׳האָב ליב דיך, װי אַמאָל, צוריק מיט פּופּציק יאָר.
און ס׳טרעפט: באַנאַכט אין שװײַגן־שאָ אין שפּעטער
איך זיץ מיט דיר, און בלעטער דיך און בלעטער
מיט פינגער ציטעריק און פאַרזיכטיק ביז גאָר;
פאַרגײסט!.. און כ׳הער, דו זאָגסט: „אױ, נעװער מאָר!“[1]

די בלעטער קרישלען זיך. ס׳פּאַפּיר צעפאַלט.
ביסט פיזיש קראַנק, װי איך. און כ׳קען ניט מאַכן גאַנצער!
נישטאָ איז קעגן צײַט ביז איצט קײן פּאַנצער,
כאָטש ס׳איז דײַן קאָל נאָך יונג, און ס׳װאָרט — ניט אַלט,
און װײַטזיכטיק — דײַן אױג, עס קוקט אַהין, װוּ ס׳שטראַלט.

פאַרליבט אין אונדזער ערד, אין מענטש און אין זײַן מי,
באַזינגסט די הענט זײַנע, װאָס ברעכן אַלע יאָכן,
באַזינגסט זײַן אײביקײַט און זײַן ניצאָכן —
(מיט פּופּציק יאָר צוריק!) — זײַן קאָסמאָס־פּלי!
און ס׳איז מיר גוט אַזױ מיט דיר —
מײַן אינדערפרי.

---

[1] „נעװער מאָר“ — קײנמאָל מער (ענגליש) — נאָמען פון דער באַרימטער טרױער־ און פּײַן־ליד פונעם אַמעריקאַנער דיכטער עדגאַר פּאָ.

● ● ●

## ריווע באליאסנע

# דער נאָמען — מענטש

אך, מײַן נעשאָמע!
זי צעגיסט זיך און פארפלייצט
די ברעגן פון מײַן „איך"
מיט כוואליעס און מיט שטראָמען,
און כ'ווער פארכלינעט פון איר טאָמיד.

אך, מײַן נעשאָמע, אך, מײַן פילבארע נעשאָמע!
זי שרײַט אין מיר,
ווי אין א טײַך דאָס אײַז,
ווען ס'ברעכט זיך אָנהייב פרילינג אונטער שטראלן.
פארשטיי דעם אויסגעשריי:
סע טוט אים וויי
און ס'איז דער מענטשישער נעשאָמע דאָך ניט גרינגער
אינמיטן ווינטער.
א מענטש זײַן איז ניט גרינג.
ס'א קאָוועד זײַן א מענטש.
ס'איז א באַרוף און ניט קיין פּראָסטער נאָמען.
און אויב דו האָסט א האַרץ און א נעשאָמע
אַן אָפענע פאַר אַט דער גרויסער וועלט,
זאָלסט העל זײַן, ווי א זאַנג אינמיטן פעלד,
ווי שטערן ליכטיקע אינמיטן יון,
ווי צוויט פון רויטן מאָן,
און ווי אליין די זון, אליין די זון...



## פּ י נ י ע  פּ ל אָ ט ק י ן

# דער צוואנציקסטער יאָרהונדערט

און זאָל דאָס בילד גרויסארטיק זיך באקומען,
ווי נאָך א מאזלבראָכעדיקן רעגן זומער,
ווען אָף די ברייטע פעלדער הויכע זאנגען
דעם הימל פאַר א פרישן טראָפּן וואסער דאנקען.
זאָל אלעמאָל אונדז מיט האצלאָכע דינען
די אומגעצוימטע שטרעבונג פון געפינען
געזעצן נײַע און אין זיי אנטפלעקן
פון מי די פרוכט און פון דעם האַרץ די רעגונג
און יענע נאָך ניט דורכגעלייגטע וועגן,
וואָס זײַנען שטענדיק אין געראנגל, אין באוועגונג, —
אזא איז ער — דער גרויסער וווּנדער —
דער צוואנציקסטער יאָרהונדערט.



## אלעקסאנדער בעלאָוסאָוו

### צום אנטלויפער

צי האָט מען ווייניק דיך געוואָרנט,
אז דאָרט דערוואַרט דיך פּײַן און וויי?
נאָר דו געוואָרן ביסט דערצאָרנט:
„איך בין א מענטש מיט אן אידיי!"

געשריגן: „דאָרט מע דארף מיך נייטיק!"
איצט אויך דער „דאָרט" איז ניט פאר דיר.
סײַ דאָרט, סײַ דאָ ביסט פּוסט און ליידיק,
דו האָסט פארהאקט פאר זיך די טיר.

אצינד פון דאָרט דו וועסט אנטלויפן,
ווי טרוקן גראָז, דיך טראָגט דער ווינט.
וואָס קאָנסטו איצטער נאָך פארקויפן?
פארהאנדלען סײַדן דײַנע זינד?

דײַן ווירדע האָסט אליין באגראָבן —
אליין, שלימאזלניק, אליין,
מע דארף אין ערגעץ דיך ניט האָבן,
מע ווייסט שוין גוט דײַן פאַלש געוויין.



## מענדל גאָלדמאַן

### ווידער פרילינג

אינעם דרויסן
גרינט און קוועלט.
ווידער פרילינג
אף דער וועלט.

ווידער בליִען
בלום און גראָז.
ווידער גליִען
הערצער ראָז.

ווידער שטיפן
פייגל־טשאַטעס —
צ׳ריק אהיים,
צו פעלדער זאַטע.

שטארק געבענקט
אין פרעמדע קאנטן
נאָך די נעסטן
אלט־באַקאַנטע.

צוויטשערײַ
זיך טראָגט אין רוימען:
פון דער פרעמד־ווײַט
מער ניט טרוימען!

מער ניט לעקן
פרעמד געפעס.
מער ניט זײַן
אף קיצווע־קעסט.

מעג זײַן הייס,
צי קילבלעך־הארב —
דאָ מיר בלײַבן
פראווען הארבסט.

דאָ,
אין טאַטע־מאַמעס נעסט,
ניט קיין פרעמדע,
ניט קיין געסט.

אינעם דרויסן
גרינט און קוועלט.
ווידער פרילינג
אף דער וועלט.



## מאקס ר׳יאנט

# פּאַרטאָג

ס׳צערינט די נאכט, עס הייבט שוין אָן שאריִען,
דער ערשטער שטראַל אין פענצטער קוקט
אריַין,
די נעפּלדיקע בלויקײַט אין דער שאָ דער פריִער
באהעלט עס ווערט מיט ציטערדיקער שיַין.
איך הער די ערשטע טריט שוין בא די שכיינים,
און אופגעוועקטע טירן וואכן אוף.

די ראדיאָ זינגט, א שטים א לויטער־ריינע
אנטקעגן נײַעם טאָג מיך רופט.
א העזל שפּרינגט אראָפּ פון גליִענדיקע שויבן
און טאנצט אריבער אף דער וואנט.
ס׳קומט אוף א טאָג מיט האָפענונג און גלויבן
און ברענגט אונדז פרייד פון פולער האנט.



## יויסעף איצקאָוו

# דער זייגער

עס טוליעט דער מײַסטער צום אויער דעם זייגער
און שאָקלט דערבײַ מיטן קאָפּ:
„ער גייט, צי ער שטייט, און אף וויפל, אשטייגער,
אין גאנג פון מעסלעס שטייט ער אָפּ?

א שטויבעלע איז אין דער טיף ד׳אָרט פארקראָכן —
ווערט לענגער איעדער מינוט.
צי עפּשער א ציינדעלע איז גאָר צעבראָכן,
איז דעמלט אוואדע ניט גוט...”

דעם זייגער באטראכט ער געניט, ווי א דאָקטער,
און פוצט אים די שרײַפעלעך אויס:
— פונקט ווי א מענטש, דארף א זייגערל, — זאָגט ער, —
שטענדיק נאָר גיין פאָרויס.



# הערשל פּאָליאַנקער



# עטאלקעלפּואײַזן

(ראָמאַן)

## אַרײַנגעפאלן אין גוטע הענט

עס איז נאָך א גליק, וואָס מאקסים לוקיטש סוכאָדאָל האָט פארמאָגט א שטיקל הויקער און ניט געפעלן געוואָרן דעם אימפּעראטאָר פראנץ־יאָסיפן, אנדערש וואָלט דער יישעוו בראָד־ניצע, כאָלילע, געבליבן אָן א רויפע.

נאָר טאָמער מיינט איר, אז סוכאָדאָל איז געווען אן עמעסער, דיפּלאָמירטער דאָקטער, האָט איר א גרויסן טאָעס.

עס גייען ארום פליאָטקעס, אז אין שטאָט ליובאָוויטש — עטלעכע צענדליק ווערסט פון בראָדניצע — איז ער אמאָל געווען א וועטערינאר־פעלדשער און ניט שלעכט געהיילט די פערד און די ציגן אין א רײַכער עקאָנאָמיע.

די היגע לעצאָנעס־טרײַבער ברײַען, אז די פירפיסלדיקע באשעפענישן זײַנען אָפט ניט גאָר באגײַסטערט געווען פון זײַן ארבעט. א סימען האָט איר, אז א פערד האָט זיך אף אים אמאָל שטארק צעבייזערט, דערלאנגט מיט דער קאָפּעטע איבערן רוקן און אים איבערגעלאָזט א נעדיזנע — דעם הויקער.

איז ער, דער רויפע, געוואָרן אופגעבראכט אף די אומדאנקבארע פירפיסלדיקע און גע־געבן אניידער, אז מער וועט ער נאָענט צו זיי ניט צוגיין.

און האָט אָנגעהויבן היילן מענטשן!

דאָס, אייגנטלעך, האָט אים געבראכט אהער, קיין בראָדניצע. ער האָט זיך צוגעשארט צום קלייניקן שפּיטאָלעכל, ווו מע האָט געהיילט האלב אומזיסט, פאר גראָשנס. מע האָט זיך צו אים דאָ צוגעווינט. דאָ האָט ער זיך לעבן א פײַנעם דאָקטער אויסגעלערנט איבערבינדן א ווונד, געבן פּראָשקעס, מאכן א קאנע, לאָזן בלוט, שטעלן פּיאווקעס. און איניקן האָבן די

---

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נום. 8, 1974.

קראנקע, צוליב זײַן גוטער באַציִונג, איִם ליב באַקומען בעסער, ווי דעם שטענדיק אַנגעדראָ־
לענעם דאָקטער.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע און מע האָט דעם היגן דאָקטער אוועקגעטריבן
מיטן גאַנצן פערסאָנאַל זײַנעם אַף דער מילכאָמע און דאָס שפּיטאָלעכל איז געבליבן, ווי אַפּן
וואַסער, האָט די זאַך גענומען אין זײַנע הענט מאַקסים לוקיטש סוכאָדאָל, געוואָרן דער באַ־
לעבאָס.

איצט האָט ער אויסגעזען סאָלידער. די טונקעלע קוטשמע האָר האָט זיך פאַנאַנדערגע־
וואַקסן, די לאַנגע שוואַרצע וואָנצעס האָבן איִם צוגעגעבן סאָלידקײַט. ער איז געוואָרן עטוואָס
דיקער, נאָר דער הויקער האָט איִם געמאַכט נאָך נידעריקער.

דער פעטער שיקע קושניר האָט געזאָגט:

— נישקאָשע, מיט איִם קאָן מען אויסקומען. כאָטש ער איז ניט קײַן געקאָנטשעטער,
מאַכט עס ניט אויס! ער קאָן אויסהערן אַ מענטשן, און קוק דעם, אַז דער מענטש האָט ניט
קײַן קרײַצער באַ דער נעשאָמע, הײלט סוכאָדאָל אומזיסט...

— וואָס קומט אַרויס — אומזיסט? — האָט מען זיך אַפּן שמיד געבײזערט. — אַז ער האָט
ניט דעם דיפּלאָם.

— נאַרישע! איר דאַרפט זײַנע פאַפּירן, צי זײַנע פּראַקטיק? — האָט שיקע געטײַנעט. —
וואָס זשע, איר ווײסט דען ניט, אַז אַ שאַמעס שטײט אַף אַ פּאָר יאָר באַם רעבן הינטער דער
טיר, לערנט ער זיך אויס פּאַסקענען שײַלעס? און סוכאָדאָל האָט זיך געריבן באַ אַ פײַנעם
דאָקטער. און דערצו איז ער אַ לײַטישער, צוגעלאָזטער מענטש...

וואָס עמעס, איז עמעס, סוכאָדאָל האָט פאַרמאָגט אַ גוטן קאָפּ און אַ פײַנעם זיקאָרן. ער
איז שטענדיק געווען אַרײַנגעטאָן אין די ביכער פון מעדיצין. ער האָט דאָ אַ סאַך מענטשן
געהײלט אָן אַ קרײַצער, האָט מען זיך איִם אינגאַנצן פאַרטרויט, ער האָט אינגיכן דעראָבערט
אַ גאַנץ פײַנע פּראַקטיק און מאַמעש געטאָן וווּנדער מיט די קראַנקע.

— צוליב וואָס זשע דאַרפסטו דאָקטוירים, וואָס קאָנען ניט אַ קאַץ דעם עק צונויפבינדן?
זיי מעגן די קאַפּאָרע ווערן פאַר אונדזער סוכאָדאָלן! — האָט געטײַנעט דער פעטער שיקע.

ווי עס פירט זיך, קאָן ניט זײַן אַ דאָקטער אָן אַ טרײַען געהילף, אַ שטיקל אַסיסטענט,
דאָס הײסט אַ רעכטע האַנט. איז באַ איִם, באַ סוכאָדאָלן, די רעכטע האַנט געוואָרן די מומע
נאַסטיע, די קעכנע.

דאָס איז געווען אַ וווּקסיקע פּולבלעכע פרוי אין די יאָרן, מיט אַ הויכער ברוסט, מיט אַן
אָפּן, שטענדיק שמײכלענדיק פּאָנעם, קײַלעכיק, ווי די לעוואָנע, מיט אַ שטײַפן, פעסטן טראָט.
אַז זי פלעגט גײן איבערן שמאָלן קאָרידאָר, האָבן געציטערט די ווענט און געסקריפּעט די
בעטלעך אין די פּאָר פּאַלאַטעס. אַ קאָל האָט זי אויך פאַרמאָגט אַ הילכיקס, נאָר בעטעווע
געווען אַ גוטהאַרציקע, אַ צוגעלאָזטע, און די אויסערלעכע שטרענגקײַט אירע האָט שוין קײ־
נעם ניט אָנגערירט. בלויז די ערשטע שאָ, ווען די קראַנקע האָבן זי דערזען, איז אַף זײ גע־
פאַלן אַ פּאַכעד, נאָר גאָר גיך האָט מען פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז גלאַט אַזוי.

קײַן רעפוּס זײַנען אין שפּיטאָל ניט געווען. די מומע נאַסטיע האָט געהײלט די קראַנקע
מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ שמײכל. און מע זאָגט, אַז דאָס האָט געהאָלפן און אָפּט אפילע בע־
סער פון אַ רעפוּע.

מיט דער מומע נאַסטיע האָט יעדער כוילע געקאָנט אויסקומען, אָבער ניט דער דאָקטער
סוכאָדאָל. דאָ האָט געשטעקט אַ וויכטיקע סיבע!

גײ ווײס, אַז פונעם ערשטן טאָג, ווען זי האָט איִם דאָ דערזען, אַן עלנטן מענטשן, אָן אַ
ווײַב, אָן קינדער, אָן אַ שטוב, דערשלאָגן, האָט זי אַף איִם ראַכמאָנעס געקראָגן, גענומען איִם
צו זיך אין שטוב, ווײַל זי איז אויך געווען עלנט, אײנע אַלײן אין אַ גרויסער שטוב, געגעבן
אַ געלעגער, געהאָדעוועט גאַנץ געשמאַק — אַ קעכנע איז זי געווען אַ גאָלדענע! זי האָט אַרום
איִם אַרומגעטאַנצט, געמײנט, אַז ער וועט שוין אַף שטענדיק בלײַבן לעבן איר. זי האָט אָבער
געוואַרט און געוואַרט, דער יעיצערהאָרע זאָל זיך אין איִם צעשפּילן און ער זאָל זיך צושאַרן
צו איר. נאָר אַ נעכטיקער טאָג! ער האָט זיך געמאַכט געפײַגערט, גלײַך ווי איר האַרץ זאָל זײַן
פון קלאָטשע, פון שטײן.

דאָס האָט זי מעסוקן פאַרדראָסן, און זי איז אַף איִם געוואָרן אויפגעבראַכט. וויפל זי האָט
זיך צו איִם ניט געלאַשטשעט, ווי מע זאָגט, זיך געלײגט אין דער לענג און אין דער ברײט,
נאָר — כאַלוימעס!

זי האָט שוין אָנגעהויבן טראַכטן, אַז כאָטש ער טראָגט פלודערן, איז ער דאָך ניט קײַן
מאַנצבל, און דאָס האָט אַ ביסל געשטילט איר קאַס. גײט אָבער אַדורך אַ האַלב יאָר, דער
פאַרשוין האָט זיך עטוואָס צוגעפּוצט, צונויפגעשלאָגן אַ ביסל געלט, אוועקגעפאָרן קײַן ליו־

באַוויטש און אין אַ שײנעם פֿרימאָרגן אַראָפּגעבראַכט אַהער אַ יונגע שײנע מויד מיט צווײ פֿלאַקסענע צעפּ ביז די פּיאַטעס, אַרײַנגעפֿירט זי אין שטוב אַרײַן און געזאָגט איר, דער מומע נאַסטיע, זי זאָל זיך מאַטריִען זײַן באַקענען מיט זײַן קאַלע.

די מומע נאַסטיע איז געבליבן געפּלעפֿט. ווען זי האָט אַ טעווע פֿאַלן כאַלאַשעס, וואָלט זי געפֿאַלן! אַ ווײסטער און פֿינצטערער כאַלעם אַף זײַן קאָפּ! טאַקע קעדײַ געווען אַזאַ צײַט אויסגעריסן ווערן, וואַרטנדיק אַף זײַן לאַסקע, קאָכן אים און באַקן, וואַשן און צוואָגן, ער זאָל אַראָפּברענגען אַ יעפּײפּיע פֿון שטאָט.

אין אַ וואָך אַרום, צוקוקנדיק זיך, ווי כאָסן־קאַלע פֿעסטען זיך און פּיסקלען זיך, ווי זײ זײַנען קוצעני־מוצעניו און נאָך דער רועך ווײסט וואָס, האָט די מומע נאַסטיע געמאַלדן, מע זאָל זיך זוכן אַן אַנדער דירע.

אָט אַזוי איז זי פּאַטער געוואָרן פֿונעם פֿאַרפֿאָלק און פֿון איר טרוים צו ווערן סוכאַדאָלס אַ פּאָר.

נאַסטיע איז גרייט געווען אים דוירעס זײַן. נאָר צוקוקנדיק זיך, ווי ער העלפֿט אומ־גליקלעכע מענטשן, שטעלט זײ אַף די פֿיס, מאַכט פֿון טויט לעבעדיק, איז דער קאַס אירער ביסלעכווײַז צעווייעט געוואָרן, דערצו נאָך האָט זי געטראַכט, אַז ווען זי איז אַ מאַנצבל, וואָלט זי זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט פֿון אַזאַ מויד, ווי יענע מיט די לאַנגע צעפּ.

אָבער סוכאַדאָלן האָט אָפּגעגליקט ניט אַף לאַנג. אין אַ פּאָר כאַדאָשים אַרום האָט זיך זײַן שײנהײַט צעבריקעוועט, פֿאַרשטאַנען, אַז זי קאָן זיך אָפּזוכן אַ שענערן און אַ רײַכערן דאָקטער, האָט זי געוואָרפֿן איר גליק און אַנטלאָפֿן פֿון סוכאַדאָלן, זיך אַפֿילע פֿאַרגעסן געזעג־נענען.

דער רויפֿע איז שטאַרק געפֿאַלן בא זיך, אַ שטיק צײַט געווען צעבראָכן, ניט געקאָנט אויסהאַלטן פֿון די שמײכעלעך און וויצן פֿון די אַרומיקע. ער האָט פֿײַנט געקראָגן אַלע ווײַ־בער און מער זײ ניט געוואָלט קענען.

פֿון דעמלט אָן האָט ער געוווינט לעבן שפּיטאָל אײנער אַלײן, ווי אַ סיטש, אַרײַנגעטאָן אין די ביכער און אין דער אַרבעט זײַנער. מער האָט ער גאָרניט ניט געוואָלט.

ווען דער פֿעטער שיקע קושניר האָט געבראַכט אַהער דעם פֿאַרווּנדעטן און אײַנגעבעטן סוכאַדאָלן, ער זאָל יענעם העלפֿן, האָט דער דאָקטער אויפֿמערקזאַם באַטראַכט דעם פֿאַרווּנ־דעטן און פֿאַרשטאַנען, אַז מיט אים וועט ער זיך דאַרפֿן מוטשען ניט קײן אײן וואָך און ניט אַפֿילע קײן אײן כוידעש.

צו אַלע קרענק זײַנע, צו אַלע ווּנדן און אַנדערע צאָרעס, קאָן דער פּאַציִענט ניט אַרויס־ברענגען קײן וואָרט און הערט ניט אַף בײדע אויערן. מע קאָן קײן טאָלק ניט דערגײן, וואָס איז מיט אים.

סוכאַדאָל וואָלט אים גלײַך אָפּגעשיקט אַהין, פֿונוואַנען מע האָט אים געבראַכט, נאָר ער האָט שטאַרק געהאַלטן פֿון דעם גוטן באַרײדעוודיקן און טאָמיד פֿרײלעכן שמיד, וואָס האָט די גאַנצע צײַט אים געהאָלפֿן — געהאַקט האָלץ, געהײצט די הרובעס בעשאַס די גרויסע פֿרעסט, פֿאַריכט די טירן און גאָר געטאָן וואָס מע האָט גאָדאַרפֿט. ווי זשע קאָן ער אים אָפּזאָגן? דערצו נאָך האָט סוכאַדאָל געטראַכט, אַז שיקע קושניר און די געקומענע טאַראַס און זאַל־מען פֿאַרמאָגן איצט אַן אײגן פֿערד־און־וועגעלע. און פֿאַר אים און פֿאַרן שפּיטאָל איז אַזאַ אַרויספֿאָר אַן עמעסער געווינס. אַזוי צי אַנדערש, נאָר עס וועט שוין אויסקומען זיך מוטשען מיטן פּאַציִענט.

און דער דאָקטער מיט זײַן טרײַען געהילף, מיט דער מומע נאַסטיע, האָבן זיך גענומען שטעלן דעם פּאַציִענט אַף די פֿיס.

עטלעכע נעכט איז מען ניט געשלאָפֿן, די צעבראָכענע האַנט זײַנע האָט סוכאַדאָל פֿאַר־קאָוועט אין גיפּס, ער האָט גערייניקט און געוואַשן זײַנע ווּנדן.

אָפּן דריטן טאָג האָט דער דאָקטער אַרויסגערופֿן שיקע קושנירן און ווידער גענומען זיך דערפֿרעגן, ווי הײסט דער קראַנקער און וויאַזוי זאָל ער אים פֿאַרשרײַבן אין שפּיטאָל־בוך. עמעס, מע האָט זיך געקאָנט באַגײן און ניט פֿאַרשרײַבן, נאָר סוכאַדאָל האָט באַשטימט, אַז כאָטש ער דאַרף זיך איצט פֿאַר קײנעם ניט אָפּרעכענען, דאָך דאַרף זײַן אַן אָרדענונג אין זײַן שפּיטאָל.

דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז ער האָט דעם קראַנקן פֿאַרשריבן אַלס שיקעס אַ קאָרעוו, אונטערן נאָמען פֿיליפּ. נאָר פֿונוואַנען איז ער, דאָס ווײסט ער ניט, סוכאַדאָל.

דאָ האָט דער שמיד אַרײַנגערוקט די פֿינגער אין דער פּאַטליצע און געמאַלדן:

— פֿון אײַזן, פֿון אײַזן איז ער...

און אזוי האָט סוכאָדאָל טאַקע פּאַרשריבן: פּיליפּ פֿון אײַזען... כאָטש ניט ער, ניט די מומע נאַסטיע האָבן קיינמאָל ניט געהערט פֿון אַזאַ מין שטאָט, ווי אײַזען, האָבן זיי אָבער געוווּסט, אַז די וועלט איז גרויס און עס איז ניט קיין מוז צו וויסן די נעמען פֿון אַלע שטעט.

די מומע נאַסטיע האָט זיך צוגעקוקט צו דעם יונגן מענטשן, וואָס האָט געליטן מוירעדיקע שמערצן, נאָר זיך ניט אונטערגעגעבן און זיך געקלאַמערט פֿאַרן לעבן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז אין אַ פּאָר כאַדאָשים וועט זיך צו אים אומקערן דאָס לאַשן, דער געהער און ער וועט זיך שטעלן אַף די פֿיס, נאָר די צײַט איז געגאַן און ער איז צו־זיך ניט געקומען.

מיט אַנציקונג האָט זי געקוקט, ווי דער שמיד, טאַראַס קראַוועטשוק, זאַלמען מאַרקוס לייגן זיך אין דער לענג און אין דער ברייט און העלפֿן דעם קראַנקן, זוכן אויס פֿון אונטער דער ערד רעפֿועס פֿאַר אים, ווי אָקסאַנע און שיפֿרע גרייטן פֿאַר אים עסן, רײַסן אָפּ פֿונעם מויל זייערן דעם לעצטן ביסן און ברענגען אים, אָט דעם פּיליפּן.

עפּשער דערפֿאַר האָט די מומע נאַסטיע זיך צו דעם קראַנקן באַציגן געטרײַער ווי צו אַלע אַנדערע קראַנקע.

איר איז אויך געפֿעלן געוואָרן, וואָס ער קוקט אַף איר מיט אַזעלכע גוטע אויגן. עפּשער איז ער אין איר אַ ביסל פֿאַרליבט? זי איז געגאַנגען אין די בערג זאַמלען פֿאַר אים יאַגעדעס און גראָזן, מיט וועלכע זי האָט אים געוואָלט פֿאַרגרינגערן די ווייטעקן. אויב דער פּיליפּ וועט נאָכן אויסהיילן זיך בלײַבן דאָ, וועט זי אים אַרײַננעמען צו זיך אין שטוב און אַרומגיין אַרום אים, ווי אַ געטרײַע מאַמע. אויב ער וועט בלײַבן באַ איר ווױנען, מעגלעך, אַז ער וועט ניט זײַן אַזאַ, ווי סוכאָדאָל, און זי ניט אָפּנאַרן, ווי יענער. אוי וואָלט זי געדאַרפֿט אַ באַלעבאָס אין שטוב! דער גאָרטן אירער, דער סאָד — אַלץ גייט צו גרונט. זי איז שטענדיק פֿאַרטאָן לעבן די קראַנקע! וואָס? ער איז אַ סאַך ייִנגער פֿון איר? זי איז דערפֿאַר אָבער אַ גוטע באַ־לעבאָסטע און ווייסט פֿון אַלע קרענק זײַנע. זי וואָלט אים גוט אָפּגעהיט, אַ סאַך בעסער, ווי אַ יונגע צויג!

אַזוי האָט זיך געטראַכט די מומע נאַסטיע, סוכאָדאָלס רעכטע האַנט אין שפּיטאָל.

די מומע נאַסטיע האָט געפֿילט, ווי פֿון טאָג צו טאָג געפֿעלט איר פּיליפּ אַלץ מער און מער. זי האָט עס שוין פֿון די אַרומיקע ניט געקאָנט באַהאַלטן.

## עס טרעפֿן ניסים אַף דער ערד

דער קראַנקער איז געלעגן אין זײַן ווינקל, געקוקט אין פֿענצטער, ווי עס דונערט און בליצט, און פּלוצעם דערהערט אַ שטאַרקן זעץ. זײַן פּאָנעם האָט זיך צעשײַנט. אויפֿגעשפּרונ־גען פֿונעם בעטל, איז ער אַרויסגעגאַנגען אַף דער שוועל. עס האָט געגאָסן אַ מוירעדיקער רעגן, און פּיליפּ האָט צום ערשטן מאָל פֿאַרן יאָר געהערט אַ טומל. ער האָט געהערט, ווי איבער די גרינע בערג קײַקלט זיך איבער דער דונער. צו זײַנע אויערן האָט זיך אויך דער־טראָגן אַ קינדערשער געלעכטער — אַ סטײַקע ייִנגעלעך און מיידעלעך זײַנען אַרויסגעלאָפֿן פֿון די הײַזער און געגומען טאַנצן אונטערן וואַרעמען רעגן, זינגען און לאַכן.

וואָס, איז דאָס טאַקע עמעס? ער הערט? צי עס ווײַזט זיך אים אויס? יאָ, ער הערט!

געכאַפּט אַף זיך אַ רעקל, איז ער אַרויסגעלאָפֿן אונטערן רעגן, פֿאַרקערעוועט מיטן שמאָלן געסל אַרויף, צו די בערג. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַפֿן ברעג פֿונעם צעבושעוועטן באַרג־שטראָם, אָנגעשטרענגט דעם געהער. ער האָט דײַטלעך געהערט, ווי עס בושעווען די וואַסערן, ווי עס רוישן איבערן קאָפּ די קרוינען פֿון די ביימער.

ער איז געווען אויסגעוויקט פֿונעם גוסרעגן, נאָר דאָס האָט אים ניט געאַרט. אויפֿגע־הויבן זיך אַף אַ מאָכיקן, גליטשיקן פֿעלדז, האָט ער אָנגעהויבן שרײַען און דערהערט אין אַ רעגע אַרום אַ שוואַכן עכאָ.

ניין, דאָס איז ניט געווען קיין כאַלעם! דער געהער און דאָס לאַשן האָבן זיך צו אים אומגעקערט. פּיליפּ האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען אַלץ, וואָס איז מיט אים געשען.

ער איז געגאַנגען מיט דער געדרייטער סטעזשקע און גערעדט צו זיך אַליין.

אַ פּיטש־נאַסער, האָט ער זיך אין אַ פּאָר שאָ אַרום אומגעקערט אין שפּיטאָל, אונטערגע־טאַנצט, געלאַכט, אַרומגעכאַפּט די מומע נאַסטיע. מע האָט אים מיט שרעק אָנגעקוקט.

דער דאָקטער איז אַרײַנגעקומען, געקוקט אַף זײַן פּאַצײַענט און אים ניט דערקענט. יענער איז צוגעלאָפֿן צום דאָקטער און אים אַ דריק געטאָן די האַנט, אַרומגענומען און גערעדט און

גערעדט, גלײַך ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז אויב ער וועט אופהערן ריידן, וועט ער ווידער פאַרלירן דאָס לאַשן.

סוכאָדאָל האָט מיט זײַנע גרויסע אויגן אופמערקזאַם באַטראַכט פיליפּן און ניט געקאָנט גלייבן, אַז דאָס איז יענער זעלבער קראַנקער, וועלכן ער האָט ניט געקאָנט צווינגען אויסריידן אַ וואָרט, און איצט...

סוכאָדאָל האָט אים אַרײַנגעפירט צו זיך אין קאַבינעטל, באַזעצט באַם טישל, גענומען אים באַטראַכטן. פיליפּ האָט אַף אַלע פראַגן געענטפערט דײַטלעך, אַרויסברענגענדיק קלאָר יעדער וואָרט.

פון אַלע צימערן זײַנען זיך אהער צונויפגעקומען קראַנקע אַ קוק טאָן אַפן נעס.

און סוכאָדאָל איז אַרומגעגאַנגען מיט די הענט אַפן רוקן, מיט אַ הויך־פאַרהויבענעם קאָפּ. זאָל מען זען און וויסן, סאַראַ כוילע ער האָט געשטעלט אַף די פיס — אומגעקערט דאָס לאַשן, דעם געהער.

די מומע נאַסטיע האָט געשײַנט פון גליק. דאָס פולע קײַלעכיקע פּאָנעם אירס האָט ניט אופגעהערט שמייכלען, זי איז שיר ניט צעשמאָלצן געוואָרן. איצט, אַז פיליפּ איז שוין געוואָרן אַ מענטש גלײַך מיט אַלע, וועט זי אים זאָגן, אַז אויב ער האָט ניט קענגן, וועט ער קענען וווינען בא איר אין שטוב. פלאַץ איז דאָרט פאַראַן גענוג, און מע וועט יאַקאָס לעבן, אויב ער טראַכט ניט אוועקפאָרן אהיים.

זי איז אַרומגעגאַנגען איבער די צימערן, באַטראַכט יעדער וואָרט, וואָס זי וועט אים זאָגן, ווען זיי וועלן בלײַבן זאַלבעצווייט.

נאָר ווידער האָט דאָס וויסטע מאַזל זי אונטערגעפירט!

דערהערנדיק וועגן דעם נעס, וואָס איז געשען אין שפּיטאָל, זײַנען געקומען צו לויפן דער פעטער שיקע, טאַראַס און זאַלמען. מע האָט געהערט פיליפּס ווערטער און ניט געגלייבט די אייגענע אויערן און די אויגן. טאַקע, אַ נעס!

און טאַקע דעם טאָג האָט טאַראַס אים צוגענומען צו זיך אין שטוב, באַוויזן אַ ווינקל, אַ טאַפּטשאַן און געזאָגט:

— נו, פיליפּ, אָט דאָ וועסטו וווינען. רו זיך אויס, און דערנאָך וועט מען זען. דערווײַל גייט נאָך אַף דער וועלט אַ ביטערע מילכאָמע און קיינער ווייסט ניט, ווו ער האַלט אין כעזשבן.

דערהערט דעם נאָמען „פיליפּ", האָט יענער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— זאָל זײַן — פיליפּ... איך הייס, עמעס, פרידריך שטאָלץ, נאָר אויב אײַך איז גרינגער אויסריידן „פיליפּ", אַרט עס מיך ניט!

— ניט נאָר פיליפּ האָבן מיר דיך גערופן, — האָט אַרײַנגעשטעלט דער פעטער שיקע קושניר, — נאָר אויך פרויקע, פראַים...

אַ פאַרטרויערטע, איז געשטאַנען די מומע נאַסטיע, קוקנדיק, ווי מע נעמט בא איר צו דעם מענטשן, צו וועלכן זי האָט זיך פאַר דעם יאָר אַזוי צוגעוווינט, ווי צו אַן אייגענעם.

אין אַ פאָר וואָכן אַרום, ווען פיליפּ האָט זיך שוין געפילט ווי אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך, האָט דער פעטער שיקע אים מיטגענומען מיט זיך אין קוזניע.

פיליפּ האָט מיט נײַגער און קינע געקוקט, ווי דער שמיד אַרבעט בא דער קאָוואַדלע, און דערפילט, ווי די הענט בײַסן זיך. ער האָט גענומען דעם האַמער פון דער ערד, אָן אָנגעגליט שטיק אײַזן און אָנגעהויבן קאָוען. דאָס ריין־אָפּגעגאָלטע פּאָנעם האָט געשײַנט, ער האָט זיך געפילט גליקלעך, וואָס די קויכעס קערן זיך אום צו אים און ער וועט נאָך קענען שטיין בא דער קאָוואַדלע. ער האָט, אַ פאַרגאַפטער, געקוקט אַף דעם גוטמוטיקן און אויסגעהאָרעוועטן שיקען און געטראַכט, וויאַזוי אים אָפּצודאַנקען פאַר זײַן גוט האַרץ, וויאַזוי אָפּדאַנקען טאַראַסן און זאַלמענען פאַר דעם, וואָס זיי האָבן אים געראַטעוועט פונעם טויט.

ער האָט באַשלאָסן, אַז פון די דאָזיקע מענטשן וועט ער שוין אין ערגעץ ניט אוועקגיין, סײַדן זיי וועלן אים פון זיך פאַרטרײַבן.

אייביק וועט ער אָט די מענטשן זײַן דאַנקבאַר.

שיקע קושניר האָט אים ניט געלאָזט טאָן קיין שווערע אַרבעט, און פיליפּ איז געשטאַנען באַם בלאָזזאַק, אונטערגעהאַלטן דאָס פײַער אין האַרן, געהאָלפן עפּעס אונטערטראָגן. ביסלעכווײַז האָט זיך אומגעקערט צו אים דער קויעך, און ער האָט שוין אָנגעהויבן קאָוען בא דער קאָוואַדלע, טאָן אַלץ, וואָס דער פעטער שיקע קושניר האָט געהייסן.

אין איינעם פון די יאָמטעוודיקע טעג האָט דער פעטער שיקע אײַנגעשפּאַנט דאָס פערד און צוזאַמען מיט טאַראַסן און זאַלמענען זיך געלאָזט קיין ליובאַוויטש. זיי האָבן באַשלאָסן מיטנעמען מיט זיך פיליפּן — זאָל ער אויך זען אַ וועלט!



שפּאַצירנדיק איבער דער אומבאַקאַנטער שטאָט, האָט פיליפּ זיך אָפּגעשטעלט בא דער פּאָטשט. ער האָט שוין לאַנג געטראַכט אָנשרײַבן אַהיים א בריוול, — עפּשער וועט ער זיך עפּעס דערוויסן, כאָטש דאָס האַרץ האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ניט דער געליימטער פאָטער, ניט די מוטער, וואָס איז אויך געווען צוגעקאָוועט צום בעט, לעבן שוין ניט, דאָך האָט עס אים איצט א צי געטאָן אָוועקשיקן א בריוו. עפּשער וועט זיך עמעצער אָפּרופן.

ער איז אַרײַן אין פּאָטשט און אָפּגעשיקט א בריוול.

וואָכן און כאָדאָשים זײַנען געגאַן. קיין שום ענטפער. דאָך האָט ער זיך דערוואַרט. ער האָט באַקומען א בריוול פון א ווײַטן קאָרעוו. פיליפּ האָט געלייענט דאָס צעקנייטשטע פּאַפּירל, און טרערן זײַנען גערונען פון זײַנע אויגן. דורך זײַן דאָרף, האָט דער קאָרעוו געשריבן, איז אַדורכגעגאַנגען דער פראָנט, און עטלעכע טעג איז דאָרט געשטאַנען א מוירעדיקער געשלעג. דאָס גאַנצע דאָרף איז אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד, בלויז עטלעכע אײַנוווינער האָט זיך אײַנגעגעבן אַרויסרײַסן פונעם פײַער. פיליפּס שטוב מיט דער קוזניע זײַנען פאַרברענט געוואָרן, און אין פײַער זײַנען אומגעקומען זײַנע קראַנקע עלטערן. נאָך האָט דער קאָרעוו געשריבן, אַז בערטע, די יעסוימע, וואָס האָט געאַרבעט בא זיי, איז, דאַכט זיך, געבליבן לעבן, נאָר ווו זי געפינט זיך, ווייסט ער ניט. אויב ער וועט זי באַגעגענען, וועט ער איר איבערגעבן דאָס בריוול.

דער בריוו האָט פיליפּן אינגאַנצן דערשיטערט. איצט איז ער געבליבן עלנט ווי א שטיין. ער וועט אפילע ניט האָבן וווהין פאָרן צוגאַסט, אַז עס וועט ווערן שטיל אַף דער וועלט.

ביסלעכווײַז האָט ער זיך אַרײַנגעצויגן אין דער אַרבעט. זיך אויסגעלערנט ריידן אוקראַיִניש, אָנגעטאָן זיך, ווי די אָרטיקע טוען זיך אָן, און פון דער זײַט האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דאָס איז ניט קיין געקומענער פון ווייסעד־ווו, נאָר אַן אָרטיקער.

ווי א ווײַטע דערינערונג איז פאַרבליבן אין זײַן זיקאָרן דאָס דאָרף אין פּרײַסן, צווישן די בלאָטעס און זומפּן, די פאַרכווישעכטע קוזניע. און נאָך איז פאַרבליבן אין זיקאָרן בערטע, די ניט זייער שיינע, פּעסטע מויד, די יעסוימע, וואָס האָט זיך צוגעשלאָגן צו זײַן שטיבל, געהאָלפן אין דער באַלעבאַטישקײַט און געקוקט אַף אים מיט פאַרליבטע, טרײַע אויגן.

## דאָס האַרץ איז ניט פון קלאָטשע

אין א שטילן זומער־פרימאָרגן, ווען אַלץ ארום איז נאָך געשלאָפן, איז פיליפ געשטאַנען אפן ברעג פונעם אופגעבראָכענעם בארג־שטראָם און זיך ארומגעוואַשן מיט אײַז־קאַלטער וואַסער. דאָס איז געווען נאָך דער באַנאַכטיקער וואַכטע. ער האָט דערזען, ווי עס דערנענטערט זיך אהער א ווּאָקסיקע פרוי מיט א קינד אף די הענט. דאָס האַרץ האָט שטאַרק א טיאַקעטעטאָן. שוין זשע איז דאָס א כאַלעם? ער האָט אויסגעריבן די אויגן, זיך בעסער צוגעקוקט און געבליבן געפּלעפּט — ער האָט דערקענט בערטען. דאָס איז געווען אזוי אומדערוואַרט, אז ער האָט אינגאַנצן אַנגעוואָרן דאָס לאָשן און געשטאַנען א פּאָר מינוט ווי א פאַרטשמעליעטער.

ער האָט זיך דערשראָקן אף טויט, מײַנענדיק, אז דאָס לאָשן האָט אים ווידער אָפּגענומען. געקומען עטוואָס צו־זיך, האָט ער קוים ארויסגעבראַכט:

— מײַן גאָט! בערטע? ווי קומסטו אהער?

יאָ, דאָס איז געווען יענע זעלבע בערטע. זי איז געשטאַנען פאַר אים א שלאַנקע, מיט צעפאַטלטע לײַכטנע האָר, און אירע בלויע אויגן זײַנען געווען פול מיט טרויער און שרעק.

א לאַנגע ווײַלע האָבן זיי זיך געקוקט אין די אויגן, ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן — וויינען, לאַכן. ניט ווייניקער וווּנדער און פאַרלוירנקײַט האָט בא פיליפן ארויסגערופן דאָס, וואָס בערטע האָט געהאַלטן אף די הענט א פּיצל קינד, פאַרוויקלט אין א צעטריפּעטער קאָלדרע. ער געדענקט, אז בערטע איז געווען אן אײנזאַם מיידל, א שעמעוודיקע, א באַשיידענע. וואָס זשע איז דאָס פאַר א קינד?

זי האָט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס ער טראַכט, און שטילערהייט אָנגעהויבן וויינען, צודריקנדיק שטאַרקער צום האַרצן דאָס קינד.

— בערטע, דאָס ביסטו, בערטע? — האָט ער קוים ארויסגעבראַכט, קוקנדיק אף דער פאַרשטויבטער, פאַרמאַטערטער פרוי. — בערטע, ווי קומסטו אהער? וואָס איז מיט דיר, פונוואַנען?

ער האָט זיך ניט דערוואַרט אף איר ענטפער. עס זײַנען זיך אהער צונויפגעקומען שכיינים, זיי ארומגערינגלט, געקוקט אףביידן מיט פרעגנדיקע אויגן.

וואָס זאָל דאָס באַטײַטן? איז דאָס ניט זײַן פרוי געקומען צו אים? נאָר ער האָט קיינמאָל ניט דערמאָנט, אז ער האָט א פרוי, און פונוואַנען קומט צו אים א קליין קינד? ער איז דאָך שוין אזא לאַנגע צײַט דאָ, אין ישׂעוו...

ניין, דאָ איז עפּעס ניט אזוי.

א פאַרפּאַליעטע איז געקומען צו לויפן אַקסאַנע. דערזען די פרוי מיטן פּיצל קינד, האָט זי נאָך שטאַרקער זיך פאַרלוירן און צעשטרייט געזאָגט:

— פיליפ, פאַרוואָס זשע באַקענסטו אונדז ניט מיט דײַן ווײַב? ווײַזט אויס, אז זי קומט פון ווײַט. פאַרוואָס זשע פירסטו זיי ניט ארײַן אין שטוב, וואָס שטייט איר דאָ?

ער האָט זיך שטאַרק פאַרלוירן, דאָס לענגלעכע פאַרוואַקסענע פּאָנעם איז געוואָרן רויט. ער האָט גאָרניט געקאָנט דערקלערן און א ווונק געטאָן צו דער פרוי, זי זאָל גיין נאָך אים. די טומלדיקע שכיינים האָבן באַגלייט פיליפן מיט זײַנע געסט ביז צו דער שוועל.

דערווײַל האָט מען גענומען אויספרעגן די פרוי, וויאזוי האָט זי זיך אהער דערקליבן דורך דער פראָנט־ליניע, אויסגעמיטן אזויפיל סאַקאָנעס? און זי האָט עפּעס צעשטרייט געשטאַמלט, אליין ניט פאַרשטייענדיק, וואָס און ווען. זי האָט גערעדט אף דײַטש, געמאַכט מיט די הענט. נאָר קיינער האָט גאָרניט געקאָנט פאַרשטיין.

און ער, פרידריך, קוקט אפילע ניט אף איר. זי פאַרשטייט גאַנץ גוט, אז דאָס איז צוליב דעם קינד. נאָר וואָס האָט זי געקאָנט טאָן מיט דעם — עס דערשטיקן? זי איז דען שולדיק, וואָס עס האָט זי געטראָפן אזא אומגליק? ווי אין א בייזן כאַלעם, האָט זי זיך דערמאָנט די נאַכט, ווען דאָס דאָרף, אין טיף פרײַסן, האָט זיך געטרייסלט פון דער מוירעדיקער שיסערײַ. פון איין זײַט האָבן געשאָסן די דײַטשישע האַרמאַטן, פון דער צווייטער — די רוסישע. די גאַנצע ערד ארום איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א גענעם. דאָס גאַנצע דאָרף האָט געברענט פון אלע זײַטן, עס איז ניט געווען ווו זיך באַהאַלטן. פאַר אירע אויגן איז אָפּגעברענט געוואָרן די שטוב, און דאָרט, אינעם פלאַם, זײַנען פאַרבליבן פרידריכס קראַנקע מוטער מיטן פאָטער... א באַרג אַש איז פאַרבליבן. און זי, בערטע, האָט זיך דורך א נעס געראַטעוועט. זי איז ארויס פון דער שטוב, ווען דאָס אַנטאָן האָט שוין אף איר געברענט. זיך ארײַנגעכאַפּט אין א האַלב־

צעוואלגערטן שפײַכלער. זיך פארטײַעט ניט־טויט, ניט־לעבעדיק. אַ פרײַסישער אָפיצער איז אַרײַנגעלאָפן נאָך איר און זי פארגוואלדיקט. זי האָט זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן, נאָר קיין מוט האָט ניט געסטײַעט. די גאנצע צײַט האָט זי געטראַכט וועגן פרידריכן, געטרוימט אָף אים כאָטש אַ קוק טאָן פונדערווײַטנס, נאָר איין מאָל אַ קוק טאָן, און דערנאָך וועט שוין דער טויט ניט זײַן איר שרעקלעך. גאָט ווייסט דעם עמעס, אַז זי האָט אים ליב געהאַט. און בלויז די ליבע צו אים האָט זי געהאַלטן בײַ אים אין שטוב, לעבן זײַנע קראַנקע עלטערן. זי האָט די גאנצע צײַט געבעטן גאָט פאַר אים, און ווען זי האָט זיך צופעליק דערוווּסט, אַז פרידריך לעבט, האָט זי זיך דורכגעריסן צו אים דורך טויזנט געפאַרן. איצט וויל זי פון אים גאַרניט. זי וועט איצט גיין אין דער וועלט אַרײַן, וווּהין די אויגן וועלן זי טראָגן.

דאָס אַלץ האָט פרידריך אויסגעהערט פון איר עטוואָס שפעטער, ווען די שכיינים זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און זיי זײַנען געבליבן זאַלבעצווייט.

פרידריך האָט געקוקט אָף בערטען מיט מיטגעפיל. ער וואָלט איר אַלץ מוחל געווען, נאָר דאָס פרעמדע קינד איז געשטאַנען צווישן זיי ביידן. ניין, ער וועט זיך ניט קענען בײַקומען. ער וועט מיט איר בעשום־אויפן איצט ניט פאַרבינדן זײַן גורל. זאָל זי זיך גיין. עמעס, ער איז דעמלט, אין דער היים, צײַטנווײַז געווען צו איר ניט גלײַכגילטיק, נאָר איצט איז זי אים פרעמד.

ער האָט איר עס אָבער ניט געקאָנט אַרויסזאָגן. אירע טרערן האָבן אים געמאַטערט, צעריסן אָף שטיקער דאָס האַרץ. און ער האָט זי אויסגעהערט, ניט אַרויסברענגענדיק קיין איין וואָרט.

וואָס זשע טוט מען? וואָס זאָל ער איר זאָגן? בערטע איז דאָך געווען פאַר אים איצט דאָס איינציקע דינינקע שנירעלע, וואָס האָט אים נאָך פאַרבונדן מיט דער פאַרברענטער היים, מיט זײַן פאַרגאַנגענהײַט, מיט דער פאַרשפילטער יוגנט. ער האָט ראַכמאָנעס געהאַט אָף איר און אָף איר קינד, נאָר לאָזן זיי לעבן זיך האָט ניט געלאָזט עפעס אַן אומבאַוווּסטער קויעך.

אומבאַמערקט איז צוגעפאַלן די נאַכט. אָקסאַנע איז אַרײַנגעקומען, אויסגעבעט פיליפן און זײַן גאַסט דאָס ברייטע בעט אירס, געוווּנטשן אַ גוטע נאַכט און אַליין אַוועק שלאָפן אין קיך. אָפן טיש איז געבליבן שטיין די וועטשערע אַ ניט גערירטע. דאָס קינד איז שוין געשלאָפן געשמאַק אָפן בעט. לעבן דעם האָט זיך צוגעשפאַרט אינעם אָנטאָן בערטע און שטילערהייט באַוויינט איר וויסטע דאָליע. פון יענער זײַט פענצטער האָט געבושעוועט דער ווינט און אַ שטאַרקער רעגן האָט אַ גאָס געטאָן. פיליפ האָט אַלץ גערייכערט, געשוויגן, געקוקט אָפן פענצטער, איבער וועלכן עס לויפן דינע שטראָמעלעך. נאָך האַלבער נאַכט, אַ טויט מידע, איז בערטע אײַנגעשלאָפן לעם איר קינד.

פיליפ איז נאָך לאַנג געזעסן באַם פענצטער, דערנאָך האָט ער גענומען זײַן רעקל, עס אַ שלײַדער געטאָן מיט קאַס אָפן דיל און זיך אויסגעצויגן אָף דעם.

ביז טאָג האָט ער ניט געקאָנט צומאַכן קיין אויג. ער איז געווען אין קאַס, אופגערעגט, און אָף וועמען — האָט ער אַליין ניט געוווּסט.

וועגן דעם, אַז צו פיליפן איז געקומען דאָס ווײַב מיט אַ קינד, האָט די מומע נאַסטיע זיך דערוווּסט די לעצטע, שפעטער פון אַלעמען.

זי איז שטענדיק געוווינט אַלץ זיך דערוויסן די ערשטע.

— וואָס זאָגט איר, מאַקסים לוקיטש, צום שטומען איז געקומען די פרוי, און דערצו נאָך מיט אַ קינד? — האָט זי איבערגעפרעגט פאַרוווּנדערט באַם דאָקטער, וואָס האָט איר פאַרטאָג מיט דער ראַשטשינע געבראַכט די בסורע. — מעשוגענע זאַכן קומען פאָר אָף דער וועלט. נאָר וואָס קאָן מען טאָן, אַז אַ מאַנצבל איז איצט טײַערער געוואָרן פון אַ זאַק באָרשטש. אַבי ער טראָגט פלודערן, וועט זיך אָף אים שוין געפינען אַ באַלן. פון פרײַסן האָט זי זיך אַזש אַהער דורכגעשלאָגן צו אים! ווען ער וווינט אַפילע דאָרט, אין ראַפײַעווקע, וואָלט איך צו אים געפאָרן? בעסער פאַרזיצן אַ מויד ביז די גראָווע צעפ.

— ע, נאַסטיע, און איך געדענק, אַז דו האָסט אים געוואָלט נעמען צו זיך, — האָט ער כוצפעדיק אַ שמייכל געטאָן.

— וואָס זשע מיינט איר, איך האָב אים געדאַרפט האָבן? איך האָב פאָשעט ראַכמאָנעס געהאַט אָף אים. ער האָט דאָך ניט קיין דאָך...

— איך פאַרשטיי, — האָט סוכאָדאָל אײַן טאָן צוגעשטימט, — פונוואַנען זשע ווייסטו, עפשער האָט יענע אָף אים אויך ראַכמאָנעס געהאַט?..

אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן און, וועלנדיק אַ שטאָך טאָן דעם דאָקטער ביז דער זיבעטער ריפ, צוגעגעבן:

— נו, ווער זשע ווייסט עס ניט, אז איר האָט זיך אויך אַמאָל אראָפּגעבראַכט אַהער אַ שיינהייט מיט לאַנגע צעפּ? די מאַנצבלען זיינען אַלע ליגנערס! מע טאָר זיי ניט גלייבן אַף קיין גראַשן! איך האָב די גאַנצע צייט געוווּסט, אַז ער איז אַ באָכער, און עלנטער, געמיינט, ער איז דער ערשטער מאַנצבל, וואָס זאָגט דעם עמעס. איז נאַ דיר! נו, אויב אַזוי, טאָ זאָל ער זיך פרייען. זי איז כאָטש אַ שיינע, צי אַזאַ, ווי ער?

סוכאָדאָל האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל:

— איך האָב זי נאָך ניט געזען.

זי האָט גענומען אַף זיך דאָס סאַמעטענע סאַקל, אַפּן קאָפּ אָנגעטאָן דאָס געקרוייטלטע שאַלכל און זיך אַרויסגעכאַפּט פון שפּיטאָל. מיט זייטיקע סטעזשקעס אַוועקגעלאָפן צו די קראָוטשוקס כאַפּן אַ קוק אַף פיליפּס באַשערטער.

עס איז געווען נאָך פרי, און די גאַס — פּוסט. קיינער האָט זי ניט געזען, די מומע נאַסטיע, ווי זי איז געגאַנגען מיט איר ברייטן טראָט.

גנייוויש, אַף די שפּיץ פינגער, האָט זי זיך דורכגעשמוגלט אין סעדל, אַריינגעקוקט דורכן פענצטער.

זע נאָר, און וואָס איז דאָס? — האָט די מומע נאַסטיע זיך געוווּנדערט. אַפּן גרעמען בעט, אַף דער רויטלעכער פּערענע איז מיט פאַנאַנדערגעוואָרפענע הענט, ווי אַ פריצע, מיט צעלאָזטע בלאָנדע האָר געלעגן אַ וווּקסיקע פרוי, און בא דער וואַנט איז געשלאָפן דאָס קינד. אַפּן דיל, אונטערגעשפּאַרט דעם פויסט אונטערן קאָפּ, איז געלעגן פיליפּ.

וואָס זשע הייסט עס? וואָס זשע דאַרף דאָס באַטייטן? פאַרוואָס ליגט מען באַזונדער? אַזאַ צייט זיך ניט געזען און מע האָט זיך ניט פאַרבענקט? אַ שיינע זאַך! וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ ווייב, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן, ווי אַ פריצע אַף דער פּערענע, און דעם מאַן געלייגט שלאָפן אַפּן קאַלטן דיל?..

די מומע נאַסטיע האָט זיך דערלעבט אַ נעקאָמע. אַ מיצווע! זאָל ער ווייסן!

זי איז אָפּגעשפּרונגען פונעם פענצטער, צונויפגעלייגט די הענט אונטער דער פּולער ברוסט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

איין זאַך האָט יאָ באַרויִקט די מומע נאַסטיע — דאָס, וואָס יענע איז, דאַכט זיך, ניט יינגער און ניט שענער פון איר. און דער אייפער צו דער אומבאַקאַנטער פרעמדער פרוי איז עטוואָס געלינדערט געוואָרן.

פאַרטאָן אין אירע געדאַנקען, האָט די מומע נאַסטיע אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז זי איז אין אַ פרעמד סעדל בא אַ פרעמד פענצטער און דער טאָג שטייט ניט אַף קיין אָרט. עמעצער קאָן זי באַמערקן, זי איז דאָך ניט קיין קליין מיידעלע. זי האָט זיך שוין געוואָלט לאָזן אין שפּיטאָל, נאָר פּלוצעם האָט אַ סקריפּע געטאָן די טיר, און אַף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַקסאַנע מיטן רעקל אַף די הוילע אַקסל. דערזען די מומע נאַסטיע, האָט זי ברייט צעעפנט די אויגן:

— זע נאָר, עפּעס אַ פריִער גאַסט! וואָס זשע שטייסטו אין דרויסן? קום אַריין אין שטוב, ווערסטו זיין אַ גאַסט! באַלד וועל איך אָפּקאָכן אַ טעפּל קאַווע. די געסט וועלן אויפשטיין, וועלן מיר איבערכאַפּן.

— אַ דאַנק... איך בין שוין אַ געגעסענע און אַ געטרונקענע, — האָט זי זיך פאַרויטלט. — פאַרשטייסט, אַקסאַנע, כ'האָב געוואָלט אַ קוק טאָן...

— איך פאַרשטיי, אַז דו האָסט געוואָלט אַ קוק טאָן... — האָט זי איבערגעשלאָגן, סטאַ־רענדיק זיך באַהאַלטן דאָס שמייכעלע, — ווען דו וואָלסט ניט געוואָלט אַ קוק טאָן, וואָלסטו ניט געשטאַנען אונטערן פענצטער, ווו אַ פאַרפאַלק שלאָפט...

פיליפּ איז די לעצטע טעג אַרומגעגאַנגען איבערן יישעוו ווי אַ פאַרטשאַדעטער. אַפילע זיינע בעסטע פריינט — שיקע קושנירן, טאַראַסן, זאַלמענען האָט ער ניט געקענט דערקלערן די סיבע. מענטשן האָבן אים באַגריסט, געלויבט זיין באַשיידענע, שטילע פרוי, דאָס בלאָנד־האָריקע יינגעלע, וואָס איז קלוימערשט ענלעך אַף אים, ווי צוויי טראָפּנס, און ער האָט ניט געוווּסט, ווו מע טוט זיך אַהין.

וואָס פאַר אַ ווייב? וואָס פאַר אַ יינגעלע, אַז ער ווייסט ניט פון עפּעס צו זאָגן?

ער האָט זיך געבייזערט — וואָס פאַר אַ טייוול האָט זי אַהער געבראַכט? נאָר אַלץ מער געפילט, אַז ער האָט ראַכמאָנעס אַף איר און, דעריקער, אַף איר קינד.

די אַרומיקע שכיינים האָבן בערטען אָפּגעגעבן קאַוועד, געהאָלפן מיט וואָס מע האָט געקענט. די דערשלאָגענע פרוי האָט ניט געוווּסט, ווי אָפּדאַנקען די מענטשן פאַר זייער

גוטסקײַט. זי האָט נאָך, דאַכט זיך, אַזעלכע טײַערע מענטשן אין ערגעץ ניט באַגעגנט. מע לעבט אַליין זײַער אָרעם, ביטער, נאָר מיט איר טײלט מען זיך מיטן לעצטן ביסן. ניט אומ־זיסט האָט פרידריך באַשטימט דאָ פאַרבלײַבן מיט אָט די מענטשן.

זי האָט געטראַכט, אַז פון דעם פּאַרוואָרפענעם, שטרענגן און וווּנדערלעכן ווינקל וועט זי אין ערגעץ ניט אַוועקפאָרן. כאָטש ער, פרידריך, קערעוועט זיך אָפּ פון איר, ווײַל זי מיטן קינד ניט קענען, סײַווי וועט זי ניט אַוועקפאָרן! ערגעץ דאָ ניט ווײַט פון אים וועט זי זיך מיט איר קינד באַזעצן, זי וועט גײן צו מענטשן וואַשן גרעט, אַרבעטן, ווו עס וועט זיך מאַכן, דעם דריטן טאָג עסן אַ שטיקל ברויט, נאָר זײַן ניט ווײַט פון פרידריכן. מער דאַרף זי גאָר־ניט. זי האָט ניט צו וועמען צו גײן. ער איז שטרענג צו איר, ווי דעמלט אין דער היים, נאָר אַלצײנס האָט זי אים ליב און וועט וווינען ניט ווײַט. עפּשער וועט ער זיך ווען־ניט־איז בײטיקן אין איר הילף.

זי האָט אים אין גאָרניט ניט באַשולדיקט, קײן טײַנעס האָט זי ניט צו אים, ווי ער זאָל זיך צו איר און צום קינד ניט באַציִען!

אַלע האָבן געזען, אַז עס דערנענטערט זיך דער האַרבסט, און עס איז ניט קײן טאָג־לעס, פיליפּ זאָל זיך מיט ווײַב און קינד וואַלגערן באַ שכנים. צײַט צו האָבן אַן אײגענעם דאַך איבערן קאָפּ.

שיקע קושנירס שטיבל איז געשטאַנען אין אַ זײַט אונטערן סאַמע באַרג פאַריאָסעמט, ניט דערבויט און איז אַלצײנס געגאַנגען צו גרונט.

שוין אַ לענגערע צײַט, אַז דער שמיד וווינט דאָרטן ניט, ווײַל אַז עס גײט אַ רעגן, רינט איבערן קאָפּ; אַז עס נעמען בלאָזן די ווינטן, איז כאָטש הינט צו פאַרטרײַבן. ער האָט עס געדאַרפט האָבן אָך קאַפּאָרעס, דאָס שטיבל, עס האָט געפּוסטעוועט.

אויב אויסזאָגן אַלץ ביזן סאָף, האָט ער שוין פון אַ צײַט דאָ ניט געוווינט. ער האָט געהאַט זײַן ווינקל לעבן שיפּרע מאַרקוס, געהאַלטן שטאַרק פון דער באַשײדענער פרוי, און מע האָט זיך אַזוי צוגעוווינט אײנס צום אַנדערן, אַז מע האָט שטילערהײט זיך צונויפגע־רעדט, מע זאָל זיך שוין קײנמאָל ניט צעשײדן.

זי האָט שוין וויפל יאָר געלעבט אָן אַ מאַן. ער — אָן אַ ווײַב. פאַרוואָס זשע זאָל מען זײַן אַזוי אָפּגעזונדערט? אײנעם וועט דאָך זײַן גרינגער אין אַזאַ בײזער צײַט.

מע האָט ניט געפּראַוועט קײן כאַסענע, מע האָט זיך געלעבט בעשאָלעם, אָפּגעגעבן אײנס דעם צווייטן קאָוועד.

כאָטש די ערשטע צײַט האָט זאַלמען זיך געקרימט, געמײנט, אַז זײ וועלן אַרײַנפאַלן אין בײזע צינגער, נאָר די שכנים האָבן די זאַך אופגענומען רויִק און געהאַלטן, אַז שיקע מיט שיפּרען האָבן געטאָן ווי כאַכאָמים.

צו וואָס זשע האָט אים, שיקע קושנירן, געפעלט דאָס ניט־דערבויטע שטיבל זײַנס, אַז פיליפּ האָט זיך ניט ווו אַהינטאָן? און אין אַזאַ שווערער צײַט זיך שטעלן בויען אַ נײַע שטוב דאַרף מען זײַן מעשוגע! ·

האָט מען אין אַ שטילן זונטיק־טאָג אײַנגעשפּאַנט דאָס פערדל, און מע איז אַוועקגעפאָרן אין די באַרג, אָנגעוואַלגערט געהילץ, און פאַר עטלעכע טעג האָט מען געבראַכט די שטוב אין אָרדענונג און אָפּגעפּראַוועט פיליפּן כאַנוקאַס־האַבאַיִס.

פאַר אים אַליין, פאַר פיליפּן, איז דאָס געווען אומדערוואַרט און אַזוי רירנדיק, אַז ער האָט געטאַנצט פאַר פרײד.

שפּעט אין דער נאַכט, נאָך דער באַשײדענער סודע, ווען פיליפּ מיט בערטען זײַנען גע־בליבן אין שטוב, האָט מען זיך אַרומגעקוקט און פון פרײד ניט געוווּסט וואָס זאָגן אײנס דעם צווייטן.

דאָס קינד איז שוין געשמאַק געשלאָפן אין בעטל, וואָס פיליפּ האָט צונויפגעשלאָגן. דערד־וואַרעמטע פונעם אויסגעטרונקענעם ווײַן און פון די האַרציקע ווערטער, מיט וועלכע די שכײ־נים האָבן זײ באַגריסט, האָבן זײ זיך געקוקט אין די אויגן, לאַנג געשוויגן, און ער האָט זיך אָנגערופן צו איר:

— נו, בערטע, זעט אויס, אַז אַזוי איז אונדז באַשערט. פונעם גורל וועסטו זיך אין ערגעץ ניט אַהינטאָן. — ער האָט זי אײַנגעקלעמט אין זײַנע אָרעמס און צוגעדריקט צום האַרצן.

זי איז געשטאַנען ווי אַ פאַרכאַלעשטע, און פון אירע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן.

— אַ גאָלדן האַרץ באַ דיר, פרידריך. איך וועל אײביק, וויפל איך וועל לעבן, קושן דײַנע טריט. איך בין דיך ניט ווערט. איך ווײס...

ער האָט אווּעקגעמאַכט מיט דער האַנט, צוגעגאַנגען צום בעטל, א קוק געטאָן אויפן קינד, וואָס איז געשלאָפן מיט צעוואָרפענע הענטלעך:

— ווייסט אים זאָגן, טאַמאַסן דײַנעם, אַז ער האָט א טאַטן... ער איז ניט קיין מאַמזער. ער איז אין גאָרניט ניט שולדיק...

יענע נאַכט איז, דאַכט זיך, קיין איין פּרוי אין דער וועלט ניט געווען אַזוי גליקלעך, ווי בערטע. אויך ער האָט דערפילט, ווי פונעם האַרצן האָט זיך אָראָפּגעקײַקלט א שווערער שטיין.

## דאָס איז האָט זיך געריירט

אַזאַ מאַזל האָט שוין דער פּעטער שיקע — שפּאַנט ער נאָר אײַן דאָס פערדל און קלײַבט זיך שטילערהייט אַרויספאָרן קיין ליובאַוויטש אָנקוקן די גרויסע וועלט, עפּעס אײַנקויפן, אַזוי דערוויסן זיך די שכיינים — ווײַבער, יונגעלײַט — און מע איז גרייט אין וועג אַרײַן, מע פאָרט אויך מיט אים!

מע פאָרט אויך! מע טוט אים א טויווע!

אַז ער פאָרט אליין — פאָרט ער טאַקע! דאָס הייסט, ער זעצט זיך אַף דער פור און פאָרט! נאָר אַז עס טשעפּעט זיך צו א גאַנצע כאַליאַסטרע פון יישעווו — פאָרן זיי, און ער גייט צופוס מיטן בײַטשל אין די הענט.

אליין איז גאָר עפּעס אַנדערש. ער פאָרט אַרויס גאַנצפרי, ווען גאָט אליין שלאָפט נאָך און די הענער טראַכטן נאָך אפילע ניט קרייען. ציט זיך אויס אויפן שמעקנדיקן היי אין דער גאַנצער לענג, ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן, און — הײַדאַ!

דאָס פערדל ווייסט שוין גוט דעם באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ, שלעפּט זיך ניט געײַלט, און ער קאָן זיך אפילע גוט אויסשלאָפן. נאָר טאָמער שאַרט זיך צו אים צו א בראַנזשע פאַ־סאַזשירן, איז ער אַף צאָרעס.

אויך הײַנט האָט ער זיך אופגעהויבן מיט זײַן שיפרען. זי האָט אָנגעטאָן דעם יאָמטעוודיקן בעגעד, די וואָלענע שאַל, צוגעקעמט די שווארצע האָר, וואָס זײַנען שוין, עמעס, פײַן דורכ־געפלאָכטן מיט גראָוקײַט, די טונקעלע אויגן אירע שײַנען פון פרייד, וואָס ער נעמט זי מיט זיך. מע גייט פאַמעלעך צום וואָגן. נאָר ווי פון אונטער דער ערד, האָט זיך געיאָווועט טאַראַס:

ווּהין קלײַבט איר זיך, פּעטער שיקע?

— מיר האָבן געטראַכט צופאָרן קיין ליובאַוויטש אַף א פּאָר שאָ...

— אָ, דאָס איז גוט! איך קלײַב זיך שוין לאַנג אהין, וועט צוזאַמען זײַן פריילעכער פאָרן!

— מאַכטייסע, זונעניו, מיטן גרעסטן קאָוועד.

מע האָט זיך ניט באַוויזן אַרומקוקן, איז אַרויסגעלאָפן אַקסאַנע:

— זעט נאָר, סאַראַ פריילעכע קאָמפּאַניע עס פאָרט! איך פאָר מיט! אין שטוב איז נישטאָ קיין לויט זאַלץ, קיין פּיצל צוקער, און אין ליובאַוויטש, זאָגט מען, קאָן מען נאָך עפּעס קריגן.

— טײַערינקע! — האָט זיך באַ איר געבעטן שיקע, ווי מע בעט זיך באַ א גאַזלען. — עס פאָרט דאָך דײַן טאַראַס, וועט ער דיר אײַנקויפן די מעציִעס.

— איך ווייס, ווי איר קויפט! — האָט אַקסאַנע, פאַרבינדנדיק דאָס קאָפּטיכל, איבערגעע־שלאָגן. — איר וועט קומען קיין ליובאַוויטש, וועט איר נעמען א קויסע און פאַרגעסן, ווי מע רופט אײַך. ניין, ניין, איך וועל אליין פאָרן!

נו, אָט האָסטו דיר דעם פּעטער שיקעס גליקן! וועגן דעם, אַז ער וועט זיך ניט קענען אויסצײַען אויפן וואָגן, איז שוין אָפּגערעדט. וויאַזוי וועט דאָס פערדל דערשלעפּן פיר פאַרשוינען?!

ער האָט ניט באַוויזן נעמען די ווישקעס, ווי עס איז צוגעלאָפן דער דאָקטער סוכאַדאָל: זייער גוט, וואָס ס׳גייט א פור קיין ליובאַוויטש. ער מוז אהין צופאָרן נאָך מעדיקאַמענטן פאַרן שפּיטאָל. די קראַנקע וואַרטן!

ווי זשע זאָגט מען אים אָפּ?

מע איז נאָר צוגעפאָרן צום ראָג, איז אַרויסגעקומען אַנטקעגן זאַלמען מאַרקוס, זיך דערפרייט, וואָס מע פאָרט. ער דאַרף אויך אהין!

אין וועג האָבן זיי אָנגעיאָגט נאָך דרײַ שכיינים, וועלכע זײַנען געגאַנגען צופוס אין שטאָט אַרײַן. יענע האָבן זיך שטאַרק דערפרייט און אַרופגעלייגט אויפן וואָגן זייערע רענצלעך.

זייער פײַן, וואָס כאָטש נאָר די רענצלעך, ווײַל וואָס וואָלט דער פּעטער שיקע געקאָנט טאָן, ווען יענע ווילן זיך אַרופזעצן? מע קאָן דאָך קיין גראָבער־יונג ניט זײַן. בעטן אַראָפּקריכן, אויב מע האָט ניט קיין סאָוועסט און מע זשאַלעוועט ניט דאָס שטיקל פערדל, איז ניט אין זײַן טעווע.

יאָ, דער פעטער שיקע האָט נאָך אין דער היים, איידער ער איז ארויסגעפאָרן, שוין געד וווסט, וויאַזוי עס וועט זיין. אנדערע וועלן פאָרן, און ער וועט שפאַנען מיטן פוזשעלע צופוס, אונטערטרייבן דאָס פערד, אונטערשטופן די פור ארויף א בארג. ער האָט באַמערקט, אז איי־ניקע פון זיינע פאסאזשירן האָבן אזוי געדאַרפט פאָרן קיין ליובאַוויטש, ווי ער דאַרף בויכ־ווייטעק, נאָר אז עס גייט אהין א פור, האָט מען זיך אויך צוגעשאַרט. קיין געלט קאָסט דאָך ניט!

שיקע קושניר האָט געשפאַנט, שמייסנדיק מיט דער בייטש די הויכע ווילדגראָזן באַם וועג, און אונטערגעבאָמקעט עפעס א ניגן.

מיטאמאָל האָט ער אופגעהערט אונטערזינגען, זיך צעשמייכלט און אָנגערופן זיך צו די באַגלייטער:

— איר הערט, וואָס כ'וועל איַיך דערציילן, — בא אונדז האָט געווינט א שניַידער. לייבוש מוטשניק האָט ער געהייסן. האָט ער זיך איינמאָל געלאָזט צופוס פון ראַפּיַיעווקע קיין סטאַ־ניסלאַוו. גייט ער אזוי און גייט און באַגעגנט אין וועג א שאָכן זיַינעם. און יענער רופט זיך אָן צו אים:

— היי, רעב לייבוש, וווהין שפּאַנט איר?

ענטפערט לייבוש:

— איך גיי קיין סטאַניסלאַוו אפּן יאַריד.

— נאָך וואָס?

— כ'ווייס? — ענטפערט ער. — איך גיי, עפשער וועל איך דאָרט קריגן א פור אף צוריק, קיין ראַפּיַיעווקע...

אלע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, בלויז יענע, אין וועמענס גאָרטן דער שטיין איז גע־וואָרפן געוואָרן, האָבן געשוויגן.

אייגנטלעך, האָט ער אליין אויך איצט ניט געהאַט קיין גרויסע איניאַנים אין ליובאַוויטש. ער איז געפאָרן, קעדיי דאָס פערדל זאָל זיך א ביסל דורכלויפן. שוין א שטיק צייַט, אז ס'איז געשטאַנען אין שטאַל און מע האָט עס ניט באַאומרויִקט. איניינוועגס האָט זיך געוואָלט וויסן, וואָס טוט זיך עפעס אף דער וועלט. עפעס איז דאָרטן געוואָרן צו אומרויִק. פון פאַרשיידענע עקן קומען ניט קיין פריילעכע ידיִעס. פינקטלעך ווייסט מען נאָך ניט וואָס. אף אייניקע פראָנטן בונטעווען די סאָלדאַטן. אין רוסלאַנד קומט פאָר עפעס אומפאַרשטענדלעכס... וואָס, אייגנטלעך, ווייסט מען נאָך דערוויַיל ניט. עס גייען קלאַנגען, אז מע וויל דאָרטן אראָפּוואַרפן דעם קייסער... ווען דאָס איז עמעס, וואָלט געווען גאָר ניט שלעכט!

ניט געקוקט אף אלץ, איז פאָרט פריילעכער פאָרן מיט אזא אוילעם. יעדער איינציקער דערציילט אַן אנדער מייַסע, און מע באַמערקט ניט, ווי די צייַט לויפט דורך.

מע האָט זיך אופגעהויבן נאָך אף איין בארג, און פון דאָרטן האָט מען שוין בוילעט געזען די צעכן און הויכע רעזערוווארן פון דער גרויסער ראַפינעריע, ווו מע ארבעט איבער דעם נאַפט.

דער זאַוואָד האָט עפעס אויסגעזען ווי טויט. און טאַקע, קיינער האָט ניט געארבעט! אפן פלאַץ איז געשטאַנען א גרויסער האַמוין ארבעטער מיט רויטע סטענגעס אף די לאַצן. ווען מע האָט זיך דערנעענטערט, האָט מען זיך דערוווסט, אז עס הייבט זיך דאָ אָן אן ארבעטער־מיטינג.

דער פעטער שיקע האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד און איז צוגעגאַנגען צום האַמוין. אף אים קוקנדיק, זיַינען צוגעקומען אהער די איבעריקע מיטפאָרער זיַינע.

דאָ האָט מען זיך גלייַך דערוווסט, אז אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען א רעוואָלוציע. מע האָט אראָפּגעמאַרדעוועט דעם קייסער.

פאַרגאַפטע האָט מען געהערט די רעדעס פון די ארבעטער, וועלכע זיַינען געשטאַנען אף א גרויסן טיש און דערציילט, וואָס עס טוט זיך אין רוסלאַנד.

טאַראַס קראַווטשוק און זאַלמען מאַרקוס האָבן זיך דורכגעשטויסן צו דער סאַמע טריבונע און זיך אופמערקזאַם איַינגעהערט אין די רעדעס, זיך געסטאַרעט ניט דורכלאָזן קיין איין וואָרט. מע וועט קומען אהיים, וועט אויסקומען אלץ דערציילן אין ראַפּיַיעווקע און באַראַדניצע, דאָרטן ווייסט מען ניט פון עפעס צו זאָגן. מע איז אָפּגעריסן פון דער וועלט. צייַטונגען קומען אָן אפן פערטן־פינפטן טאָג...

טאַראַס קראַווטשוק האָט געקוקט אפן האַמוין און זיך דערמאָנט, אז עפעס ענלעכס איז אמאָל פאָרגעקומען אין ראַפּיַיעווקע. בעשאַס אזא מיטינג איז אָנגעפלויגן א מאַכנע זשאַנדאַר־מען, אָנגעהויבן שיסן, דערהאַרגעט זיַין פאָטער און נאָך עטלעכע ארבעטער...

איצט האָט ער אויך באַמערקט זשאַנדאַרמען, נאָר זיי האָבן זיך געהאַלטן אין אַ זײַט. נאָך דעם ווי דער מיטינג האָט זיך געענדיקט, האָט אַ לאַנגע קאָלאָנע אַרבעטער פון דער ראַפּינער־ריע זיך אויסגעצויגן איבערן שליאַך און מיט אַ רויטער פאָן זיך געלאָזט איבער דער גאַס, זינגענדיק די „מאַרסעליעזע” און „וויטשני רעוואָליוציאָנער”.

טאַראַס קראַווטשוק איז געלאָפן לענגויס דער קאָלאָנע, און דאָס האַרץ זײַנס איז געווען איבערגעפולט מיט פרייד. ער האָט נאָך ניט געקענט ביזן סאָף באַגרײַפן, וואָס איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד און מיט וואָס שמעקט די רעוואָליוציע, נאָר געפילט האָט ער, אַז דאָס איז זייער גוט פאַרן פּאַשעטן אַרבעטער־פּאָלק. דאָס, וואָס די זשאַנדאַרמען האָבן זיך פאַרקליבן אין די הויפלעך און פון דאָרטן אַרויסגעקוקט, ווי די האָזן, איז אים אויך געפעלן. די אַרבעטער האָבן פראַנק־און־פרײַ צוגעטשעפּעט צו די לאַצן פון זייערע רעקלעך רויטע באַנטן, סטענגעס, עמעצער האָט אופגעהויבן הויך איבער די קעפּ פון די דעמאָנסטראַנטן אַ רויטע פאָן און קיינער האָט זי ניט אַראָפּגעריסן. אויך גוט!

ווען מע איז געקומען צום גרויסן פּלאַץ בא דער ראַטושע, האָט פון אַ באַלקאָן עמעצער אויסגעשריגן:

— אַ פּראָלעטאַרישן גרוס די שטרײַקנדיקע פון דער ראַפּינעריע! זאָל לעבן די רעוואָליוציע אין רוסלאַנד און אין דער גאַנצער וועלט!

פונעם הויכן באַלקאָן האָבן זיך איבער די קעפּ פון די דעמאָנסטראַנטן אַ שאָט געטאָן פלוגבלעטלעך.

אַ וואָלד הענט האָט זיך אויסגעשטרעקט נאָך די בלעטלעך. מע האָט זיי געכאַפּט און געלייענט.

טאַראַס האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און געכאַפּט עטלעכע בלעטלעך, באַהאַלטן אין בוזעם. מע דאַרף אומבאַדינגט זיי ברענגען אין יישעוו און אין ראַפּיִיעוויקע. אויב מע וועט אים אָפּן וואָרט ניט גלייבן, וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט אין ליובאָוויטש, טאָ זאָל מען לייענען!

מע האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער ענגשאַפט, זיך דורכגעשטויסן צום פערד־און־וועגעלע, וואָס איז געשטאַנען אין דער זײַט, אָפּגעזוכט דעם פּעטער שיקע קושניר, די שכיינים און זיך געלאָזט אַהיים, מע זאָל זיך אַהין דערקלײַבן, ביז עס וועט נאָך ליכטיק זײַן.

אָבער ווי מע האָט זיך ניט געײַלט, האָט די נאַכט זיי געטראָפן אינמיטן וועג, און ווען זיי זײַנען צוגעפאָרן צו ראַפּיִיעוויקע, איז שוין די שטאָט געשלאָפן און קיין לעבעדיקע באַשעפעניש האָט מען אָף די גאַסן ניט באַגעגנט.

מידע, נאָר גליקלעכע, האָט מען זיך דערקליבן אהיים. די בסורע וועט מען שוין אָנזאָגן די נאָפּטלער גאַנצפרי, ווען מע וועט קומען אָף דער וואַכטע.

פאַרטאָג האָט מען זיך אוועקגעלאָזט צום באַצירק. טאַראַס מיט זאַלמענען זײַנען געקומען צו זייער אַרבעט און געוואַרט, ביז עס וועלן זיך איבערן טאָל צערעוועון די סירענעס און מעלדן, אַז די באַנאַכטיקע וואַכטע האָט געענדיקט די אַרבעט.

לאַנג וואַרטן איז ניט אויסגעקומען.

אין פאַרשיידענע זײַטן האָבן זיך צעהודעט אָף אַלע אויפאַנים די סירענעס. פון די בערג האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די נאָפּטלער.

טאַראַס האָט זיך אַרופגעדראַפּעט אָף אַ נאַפט־רעזערוואַר און גענומען פאָכען מיטן היטל, רופן דעם אוילעם.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז לעבן אים אויסגעוואַקסן אַ גרויסער האַמון. פאַרכידעשטע, האָט מען געקוקט אָף דעם שײַנענדיקן באָכער, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס איז אָף אים אָנגעפאַלן אַזאַ גדולע און צוליב וואָס האָט ער זיך אַרופגעדראַפּעט אָפן אײַזערנעם רעזערוואַר.

מענטשן האָבן נאָך אַהער געײַלט פון אַלע זײַטן, און ער, ניט וואַרטנדיק, ביז אַלע וועלן זיך צונויפקומען, האָט אַרויסגעכאַפּט פון בוזעם אַ פלוגבלעטל און אַ פאָכע געטאָן מיט דעם אינדערלופטן און אויסגעשריגן:

— ברידער און שוועסטער, אַ גרויסע נײַס וויל איך אײַך אָנזאָגן! נעכטן זײַנען מיר געווען אין ליובאָוויטש. בא דער ראַפּינעריע. אַלע אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט און אָנגעהויבן אַ שטרײַק!

ברידער און שוועסטער, מיר זאָגן אײַך אָן אַ גרויסע נײַס — אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אַ רעוואָליוציע! מע האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם קייסער, די באַלעבאַטים פון לאַנד זײַנען דאָרטן געוואָרן די אַרבעטער און פּויערים!

אָט דאָ, אין דעם בלעטל, ווערט אַלץ געזאָגט!

ס'האָט זיך אופגעהויבן א געריש, א טומל. טאַראַס האָט איבערגעוואַרט, ביז דער שטורעם האָט זיך בארויקט, אופגעהויבן אינדערלופטן דאָס פלוגבלעטל און אָנגעהויבן לייענען.

אינגיכן האָט א לאַנגע קאָלאָנע פון אויסגעמאַטערטע, פאַרשוואַרצטע ארבעטער זיך גע־לאָזט אין שטאָט אַרײַן.

אין דער לופט האָט זיך דער ווינט געשפילט מיטן רויטן לײַוונט, וואָס זאַלמען מאַרקוס האָט פון ערגעץ געבראַכט. טאַראַס איז אויסגעוואַקסן לעם אים, און ווען מע איז שוין געווען נאָענט צו דער שטאָט, האָט ער מיט זײַן קלינגעוודיק־שטאַרקער שטים אָנגעהויבן זינגען:

שטייט אוף, איר אַלע, ווער, ווי שקלאַפן

אין הונגער לעבן מוז, אין נויט...

דאָ און דאָרט האָבן שטימען אונטערגעכאַפּט דעם הימן, וואָס האָט אופגעוועקט דעם גאַנצן אַרום. מענטשן זײַנען, דערשראָקענע, פאַרשלאָפענע, אַרויסגעלאָפן פון די הײַזער און, פאַרוווּנדערטע, געקוקט אַף דער קאָלאָנע.

ביז מע איז געקומען צום פלאַץ, ווו עס געפינט זיך די קאַנטאָר, איז די קאָלאָנע שטאַרק אויסגעוואַקסן. עס האָבן זיך פאַראייניקט ארבעטער פון די קלענערע וואַרשטאַטן און גלאַט מענטשן, וואָס זײַנען אַרויס פון די הײַזער.

ניט ווײַט פון דער צווייסטאָקיקער קאַנטאָר־געבײַדע פון דער „וואַקוום־נאַפט־קאָמפּאַניע", ווו עס האָט, ווי פריִער, געוועלטיקט קורט קראַנץ, האָט דער אוילעם דעמאָנסטראַנטן זיך אָפּגעשטעלט. טאַראַס קראַווטשוק איז פלינק אַרופגעלאָפן אַפן גרינעם בערגל, באַטראַכט דעם ארומיקן אוילעם און דערפילט, ווי א קעלט איז דורכגעלאָפן איבער זײַן לײַב: ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַף דעם זעלבן בערגל איז אַמאָל, בעשאַסן ערשטן גרויסן שטרײַק, געשטאַנען זײַן פאָטער.

א פּאָר ווײַלעס האָט ער באַטראַכט דעם אופגערעגטן אוילעם און, אָפּטרײַבנדיק פון זיך די שווערע מאַכשאָוועס, אַרויסגענומען דאָס פלוגבלעטל און אָנגעהויבן לייענען אַף א קאָל. טאַראַס האָט באַמערקט, ווי לעבן אים זײַנען אויסגעוואַקסן עטלעכע ארבעטער. זיי האָבן אויך געהאַט וואָס צו זאָגן און געוואַרט, ביז טאַראַס וועט איבערלייענען דאָס בלעטל ביזן סאָף.

דער יונגער נאַפטלער האָט נאָך ניט באַוויזן ענדיקן לייענען, ווי פון אַלע זײַטן האָט זיך אופגעהויבן א שטאַרקער טומל:

— מיר פאָדערן אַן אַכטשאָעדיקן ארבעטסטאָג! העכערן דעם לוין!

— זאָל לעבן די פרײַהייט! זאָל לעבן די רעוואָליוציע אין רוסלאַנד!

אַפן בערגל האָבן זיך אַלעמאָל אופגעהויבן אַנדערע ארבעטער. און דערווײַל איז טאַראַס קראַווטשוק מיט נאָך צוויי ארבעטער אוועק אין קאַנטאָר רופן אַהער דעם הער דירעקטאָר. זאָל ער זיך באַווײַזן פאַרן האַמוין.

אין קאַנטאָר איז געווען פּוסט. אין א זײַטיקן צימער לעבן דירעקטאָרס קאַבינעט איז געזעסן א דערשראָקן מיידל מיט אַן איידל, קיינעוודיק פּאָנעם און א ביסל א פּאַריסן נעזל. זי האָט געדרוקט אַף א שרײַבמאַשין. דערזען די דרײַ ארבעטער, איז זי אופגעשפּרונגען פון אָרט.

זי האָט ניט געקאָנט זאָגן, ווו איז קורט קראַנץ מיט זײַנע געהילפן. זעט אויס, דערהערט דעם טומל, וואָס האָט זיך אַהער דערטראָגן, האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט אין זײַן בויד און אוועקגעפאָרן — ער האָט ניט ליב זיך באַגעגענען אויג־אַף־אויג מיט די אופגעבראַכטע מענטשן...

דאָס מיידל האָט מיט פּאַכעד געקוקט אַף דעם פאַרפּאַליעטן יונגן ארבעטער. זי האָט פריִער דורכן פענצטער געזען אים אַפן בערגל, געהערט זײַנע פלאַמיקע רייד. זי האָט זיך אָבער ניט געריכט, אַז ער זאָל זיך אַרײַנרײַסן אַהער.

ער האָט א לאַנגע רעגע באַטראַכט די, שרײַבמאַשין. פּונקט אַף אַזא מאַשין זײַנען געווען געדרוקט די פלוגבלעטלעך, וואָס מע האָט נעכטן פאַנאַנדערגעוואָרפן אַף דער דעמאָנסטראַציע. פּלוצעם איז אים געקומען אַפן געדאַנק:

— ווי רופט מען דיך? — האָט ער זיך געווענדט צום מיידל.

— מיך? צוליב וואָס דאַרפט איר וויסן מײַן נאָמען? איך הייס סטעפע...

— סטעפע? — האָט טאַראַס גוטמוטיק א שמייכל געטאָן.

סטעפע האָט דערפילט, אַז דער באָכער איז גאָר ניט אַזא שטרענגער, ווי עס האָט זיך איר אין דער ערשטער מינוט אויסגעדוכט.

— דו ביסט ניט דעם לערער קרושינסקיס טאָכטער? איך האָב געלערנט אַמאָל בא דײַן טאַטן. כ'האָב דיך געזען... דו ביסט, דאַכט זיך, ניט פון יענע בלוטזויגערס. איז דאַרפסטו אונדז העלפן.

זי האָט אָנגעשטעלט אױף אים אַ פֿאַרװוּנדערטן בליק.
— מיט װאָס קאָן איך אײַך העלפֿן?
ער האָט אַרױסגענומען דאָס פֿלוגבלעטל און געזאָגט:
— שרײַב דאָס איבער אױף דײַן מאַשין. נאָר שנעלער, און װאָס מער.
— װאָס רעדט איר? ס'איז געפֿערלעך... װאָס װעט דער באַלעבאָס, דער הער דירעקטאָר זאָגן?
— שפּײַ זיך אױס אױף אים! — האָט טאַראַס זי איבערגעשלאָגן. — מיר װעלן אים אײַנגיכן אַרױסטרײַבן! אין רוסלאַנד איז אַ רעװאָלוציע, און צו אונדז װעט זי אױך קומען!
דאָס מײדל האָט ניט געװוּסט װאָס צו טאָן, נאָר קוקנדיק אױף דעם פּאַרפּאַליעטן באָכער מיט דער שײנער טשופּרינע און גוטע אױגן, האָט זי געענטפֿערט:
— איך װעל דרוקן, נאָר ניט קײן סאַך. איר זאָלט אָבער קײנעם ניט זאָגן.
— אױף אונדז קאָנסטו זיך פֿאַרלאָזן. האָב ניט קײן מורא...
סטעפֿע האָט מיט ציטערנדיקע הענט גענומען דאָס בלעטל, דורכגעלאָפֿן מיטן בליק און זיך אַװעקגעזעצט צו דער מאַשין, שנעל־שנעל גענומען דרוקן.
אױפֿן טיש איז געװאַקסן דאָס בערגעלע בלעטלעך. טאַראַס און זײַנע צװײ באַגלײטער האָבן געקוקט, װי אירע פֿינגער לױפֿן איבער די קלאַװישן. ער האָט גענומען דאָס ביסל בלעטלעך פֿונעם טיש און איבערגעלאָזט זײַנע צװײ כאַװײרים, זײ זאָלן צװואַרטן אױף נאָך בלעטלעך. טאַראַס איז אַרױסגעלאָפֿן פֿונעם צימער, זיך אָפּגעשטעלט אױפֿן העכסטן טרעפּל, באַטראַכט דעם אױפֿגעבראַוזטן אױלעם און אַ שלײַדער געטאָן די פֿלוגבלעטלעך.
אַ לאַנגע קאָלאָנע אַרבעטער האָט זיך געלאָזט צום צענטער פֿון ראָפּײַעװקע.
טאַראַס האָט זיך אַרומגעקוקט, דער בליק זײַנער האָט זיך פֿאַרהאַלטן אױפֿן פֿענצטער פֿונעם צװײטן שטאָק און דערזען דאָס מײדל, װאָס האָט געשמײכלט און געפֿאָכעט צו אים מיט דער האַנט.
די קאָלאָנע האָט שױן פֿאַרקערעװעט צו דער הױפּט־גאַס, װען טאַראַס האָט אױפֿן שמאָלן טראָטואַר, אין דער מענטשן־ענגשאַפֿט, דערזען דאָס מײדל פֿון דער קאָנטאָר. זי האָט פֿון אים די אױגן ניט אַראָפּגענומען, זיך געפּרוּװט דורכשטויסן נעענטער צו אים. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זי זיך דאָך דורכגעשטױסן אַהער און, אַרומקוקנדיק זיך, צי קײנער שפּירט איר ניט נאָך, אַרױסגענומען פֿון איר לײַכטן מאַנטעלע עטלעכע איבערגעדרוקטע בלעטלעך, שנעל זײ אים אַרײַנגערוקט אין דער האַנט און, ניט אַרױסברענגענדיק קײן װאָרט, אַ שטאַרק פֿאַרװיטלטע, אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט און זיך צונױפֿגעמישט מיטן אױלעם.
סטעפֿע האָט געאײַלט צוריק אין קאָנטאָר. זי האָט מורא געהאַט מיטגײן מיטן אױפֿגע־בראַוזטן אױלעם. אַ פּאַכעד האָט זי אַרומגעכאַפּט. איר האָט שױן באַנג געטאָן, װאָס זי איז געלאָפֿן צום באָכער. אַזױפֿיל מענטשן האָבן זי געזען! װאָס װעט מען טראַכטן װעגן איר? זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זי האָט אומװילנדיק אױסגעפֿילט אַ געפֿערלעכע אַרבעט, און זי קאָן דערפֿאַר מיִעס אָפּשנײַדן. מע װעט זי אַרױסשלײַדערן פֿון דער אַרבעט, צו װעלכער זי האָט זיך דורכגעשלאָגן מיט אַזױפֿיל שװעריקײַטן. װיפֿל איז דער אַלטיטשקער פֿאָטער אירער געשטאַנען הינטער דער טיר פֿונעם הער דירעקטאָר, ביז זי האָט באַקומען די שטעלע!
דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז זי האָט געהאַנדלט לײַכטזיניק, און װער װײסט, װאָס עס קאָן זיך דערפֿון באַקומען.
װאָס זשע דאַרף זי איצט טאָן? צי דען איז זי באַגאַנגען עפּעס אַ פֿאַרברעכן, פֿאַר װעלכן זי קאָן לײַדן? נאָר זי איז ניט שולדיק. ער איז צו איר אַרײַנגעקומען, דער טאַראַס, אַזױ אומדערװאַרט, און זי האָט זיך ניט געקענט אַנטקעגנשטעלן...
דאָס האַרץ האָט אומרויִק געקלאַפּט. פֿאַר די אױגן איז געשטאַנען דער ענערגישער שטאָלטנער באָכער, װאָס האָט צעבױטעט אירע געדאַנקען.
זי האָט געקוקט אין פֿענצטער אױפֿן פּוסט געװאָרענעם פּלאַץ און פּלוצעם דערהערט שװערע טריט, זיך דערשראָקן אומגעקוקט.
צװײ זשאַנדאַרמען זײַנען אַרײַנגעקומען און גענומען זי באַטראַכטן פֿונעם קאָפּ ביז די פֿיס.
— געסט זײַנען דאָ בא דיר געװען? — האָט דער עלטערער, אַ דאַר, קלײנװוּקסיק מענטשל, אַ זאָג געטאָן.
— באַ מיר איז קײנער ניט געװען. — האָט זי פֿאַרלױרן געענטפֿערט.
— נאָך אַ יונגע צױג, און זיך שױן אױסגעלערנט לײַגן. און דער טשובאַטער, װאָס האָט געשריגן צום אױלעם, מע זאָל שטרײַקן, איז אױך דאָ ניט געװען?
סטעפֿע האָט זיך נאָך שטאַרקער פֿאַרלױרן:

— איך ווייס ניט, וואָס איר ווילט פון מיר. איך דאַרף פאַרשליסן די טיר און גיין אַהיים.
— זע, דו זאָלסט אָנשטאָט אַהיים ערגעץ אַנדערש ניט פאַרבלאָנדזשען! — האָט ער כוצפּעדיק זי באַטראַכט, דער קליינוווּקסיקער. — וועסט עפּשער זאָגן, אַז דו ביסט ניט געלאָפן צום טשובאַטן און מיט אים ניט גערעדט?

סטעפע האָט געשוויגן. פונוואַנען ווייסט דער פּרעכער פאַרשוין, אַז זי איז געגאַן איבער־געבן טאַראַסן די בלעטלעך? וואָס דאַרף זי איצט טאָן?

דער זשאַנדאַרם האָט זיך אַ ביסל אַרומגעדרייט איבערן צימער:

— הייסט עס, אַז ביסט אויך מיט זיי, מיט די עקלדיקע יונגען, וואָס בורען דעם אוילעם? באַטראַכט זיך! זאָלסט אונדז אויסזאָגן, וואָס קראַווטשוק האָט דאָ געטאָן און וואָס פּאַרא געשעפטן האָסטו מיט אים! באַטראַכט זיך גוט. מיר וועלן זיך נאָך מיט דיר באַגעגענען באַזונדער.

ער האָט אַ ווונק געטאָן צו זיין באַגלייטער, אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג, וווּהין דער אוילעם האָט זיך אוועקגעצויגן.

סטעפע איז געשטאַנען עטלעכע מינוט באַם פענצטער ניט־טויט, ניט־לעבעדיק. אַ פּאַכעד האָט זי אַרומגעכאַפּט. וואָס האָט זי אַזוינס געטאָן, וואָס יענער פּרעכער האָט מיט איר אַזוי בייז גערעדט? און וואָס דאַרף זי אים דערציילן?

זי איז נאָך געשטאַנען אַ ביסל אַ פאַרלוירענע באַם פענצטער און צו זיך אַליין זיך אָנגע־רופן:

— איך האָב ניט וואָס אײַך דערציילן!

נאָר דאָ איז געקומען אַ געדאַנק, אַז זי וועט גלײַך דאַרפן זען דעם טאַראַסן, אים פרעגן, וואָס זי דאַרף טאָן. זי וועט עס אויך דערציילן דעם פאָטער. ער זאָל איר אייַצענען, ווי זי דאַרף זיך פירן. איין זאַך האָט זי פאַרשטאַנען, אַז זי איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ געשיכטע.

## ווען דער טײַך גייט אַרויס פון די ברעגן

ניט ווײַט פונעם ראַפּײַעווקער קאַסטיאַל, אַפּן סאַמע ברעג פונעם באַרג־שטראָם, האָט זיך אין אַ געדיכט סעדל פאַרטײַעט אַ שטיבל, ווו עס האָט געוווינט דער אַלטער לערער פון געאָגראַפיע פאַן קרושינסקי, אַ הויכער, דאַרער, אויסערלעך שטרענגער מענטש, וואָס איז שטענדיק געווען אָרעם, אָבער ריין און ציכטיק אָנגעטאָן. מע דערציילט, אַז ער שטאַמט פון אַ רײַכער פּוילישער פאַמיליע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע שטוב און אַ ווירטשאַפט אין וואַרשע, האָט ער זיך אָבער צעקריגט מיט זײַן רעגירונג און פאַר קראַמאָלנע רייד אַרײַנ־געפאַלן אין טורמע, אַנטלאָפן פון דאָרטן און מיט אַ ווײַב אַ שיינהייט געקומען מיט אַ סאַך יאָרן צוריק אַהער, קיין ראַפּײַעווקע, זיך דאָ באַזעצט, געוואָרן אַ שוטעף בא אַ רײַכן באַלע־באָס פון נאַפּט־גריבער, נאָר ווײַל ער האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי יענער האָט געמוטשעט זײַנע אַרבעטער — דיִ נאַפּטלער, אַ מאַך געטאָן אַף אַלץ מיט דער האַנט און געוואָרן אַ לערער אין שול.

ער האָט געפּרוּווט אײַנשטעלן יושער, אָרדענונג אין שול, זיך פאַרקריגט מיט די היגע באַלעבאַטים, און יענע האָבן צעלאָזט אַ קלאַנג, אַז קאַזימיר קרושינסקי איז אַ מעשוגענער, און אַלע האָבן זיך אָפּגעקערט פון אים.

פאַן קרושינסקי האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן קיין קרומע זאַכן. עס זײַנען צו אים אָפּט געקומען אין שטוב אָפּגענאַרטע, געררודעפטע מענטשן, און ער האָט זיך אָנגענומען זייער קריוודע. געשריבן אָנקלאָגעס, געהאָלפן זיי, ווי ער האָט געקענט, געלערנט אָרעמע קינדער לייענען און שרײַבן. די באַלעבאַטים האָבן פון אים אָפּגעלאַכט, נאָר אים האָט עס ניט געאַרט. פּאָשעטע מענטשן האָבן אים אַלציינס ליב געהאַט. די קינדער, וועלכע ער האָט געלערנט אומזיסט בא זיך אין שטוב, זײַנען אים פאַרלאָפן אַלע וועגן. און אַזוי האָט ער זיך געלעבט אינעם קליינעם שטיבל, ניט ווײַט פון קאַסטיאַל, מיט זײַן שיינהײַט, דעם ווײַב.

צווײ מאָל האָבן די באַלעבאַטים אונטערגעצונדן זײַן שטיבל און עס האָט אָפּגעברענט ביזן גרונט. זיי האָבן געמיינט, אַז דערמיט וועלן זיי אים צווינגען, דעם עמעסזוכער, זיך פאַר־נעמען פון שטאָט און ניט בונטעווען דעם אוילעם, אָבער נאָך בײדע סרייפעס זײַנען געקומען די נאַפּטלער, די שילער זײַנע, און אופגעשטעלט דאָס שטיבל. פון ראַפּײַעווקע איז ער ניט אוועקגעפאָרן און געוווינט דאָ צווישן גוטע, פּראָסטע אָרעמע מענטשן.

אַ מאָדנער פאַן, ער וואָלט געקאָנט לעבן אין אוישער און אין קאָוועד, מאַטערט ער זיך מיט דער מישפּאָכע אינײנעם!

קרושינסקי האָט געהאַט טעלעכע קינדער. פרי איז דאָס ווײַב בא אים געשטאָרבן, און ער האָט איינער אליין געכאָוועט זיי, געלערנט, און ווי נאָר זיי זײַנען אונטערגעוואַקסן, זײַנען זיי ארויסגעפלויגן פון דער נעסט און אוועק אין דער וועלט ארײַן.

געבליבן לעבן אים איז נאָר סטעפע.

דער קראנקער פאָטער איז שוין געווען זייער אלט און זיך ניט געקאָנט פארנעמען מיט דער שטוב, מיטן גאָרטן און מיטן סעדל. האָט אָף זיך גענומען דעם גאנצן אָל סטעפע. מיט א קורצער צײַט צוריק האָט קורט קראנץ זי גענומען ארבעטן אין קאָנטאָר, העלפן פירן די ביכער. זי האָט זיך זייער שנעל אויסגעלערנט דרוקן אָף דער שרײַבמאשין, וואָס ער האָט אראָפּגעבראכט פון ווין, און דער באלעבאָס איז געווען מיט איר צופרידן.

נאָך דער ארבעט איז סטעפע געלאָפן אהיים. דאָרט האָט געוואַרט אָף איר דער פאָטער, די באלעבאטישקײַט. שטענדיק איז זי געווען פארהאָוועט, פארטאָן, קיין צײַט ניט געהאַט זיך ארומקוקן.

אזוי זײַנען לעבן אלטן קראנקן טאַטן געגאַן אירע טעג און יאָרן.

הײַנט האָט סטעפע פארשטאַנען, אז עפּעס אומדערוואַרטס און אומרויִקס האָט זיך ארײַנגעריסן אין איר לעבן.

די אומדערוואַרטע באגעגעניש מיט דעם פארשײַטן ענערגישן באַכער האָט בא איר אינגאנצן אָפּגענומען די רו. דאָס, וואָס די זשאנדארמען זײַנען פלוצעם ארײַנגעקומען צו איר אין קאָנטאָר און גענומען פרעגן קוקן אָף איר און אויספרעגן, ווער ס׳איז דאָ פריִער בא איר געווען, האָט אָנגעוואָרפן אָפן מיידל א שרעק.

סטעפע איז געקומען אהיים א דערשיטערטע פונעם געשעענעם.

זי האָט דעם פאָטער קיין זאך ניט דערציילט, ניט געוואָלט, אז דער פאָטער זאָל איבערלעבן, — דאָס איז געפערלעך פאר זײַן געזונט. ער איז אזוי אויך קראנק.

זי האָט פארשטאַנען, אז ניט אזוי גיך וועט זי זיך באַרויִקן און ניט אזוי גיך וועט זי פארגעסן דעם באַכער מיט די צעשויבערטע האָר, זײַנע קלוגע, גוטמוטיקע און שמייכלענדיקע אויגן. סארא שרעקלאָזער ער איז!

דרײַ טעג נאָכאַנאַנד האָט געהודעט דער „שוואַרצער טאַל” ראָפּײַעווקע און די ארומיקע ארבעטער־יישווים. קיינער איז ניט ארויסגעגאַנגען צו דער ארבעט. די שטילקײַט האָט אָנגעוואָרפן א פּאַכעד.

אומעטום, אין אלע ווינקעלעך האָט מען געקאָנט באגעגענען ארבעטער־פּיקעטן. מע האָט נאָכגעקוקט, קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן צוטרעטן צו דער ארבעט, מע זאָל ניט דערלאָזן אהער קיין שטרײַקברעכער. ניין, קיינער וועט ניט דערוועגן זיך שטעלן צו דער ארבעט. באלעבאטים האָבן זיך געשראָקן פאר די נאָפּטלער און זײַנען זיך פּאַנאַנדערגעלאָפן אין די נאָענטע שטעט.

שפּעט באנאכט האָט סטעפע פלוצעם דערהערט א טומל. עמעצער האָט געקלאַפּט אין דער טיר, געפּאָדערט, מע זאָל עפענען. זי איז אראָפּגעשפּרונגען פון וואַרעמען געלעגער, אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, אָנגעטאָן דאָס קליידל. דער טאַטע איז געשטאַנען בא דער טיר א דערשראָקענער, א צעשויבערטער. ער האָט זיך אומרויִק איבערגעקוקט מיט דער טאָכטער.

דער לערער האָט אופגעקײיטלט די טיר. עס האָבן זיך ארײַנגעריסן דרײַ זשאנדארמען. צווישן זיי האָט סטעפע דערקענט יענעם, וואָס איז געווען אין קאָנטאָר און צוגעזאָגט, אז ער וועט זיך נאָך מיט איר באגעגענען.

פאַן קרושינסקי איז געווען אופגערעגט:

— ווער האָט אײַך געגעבן די רעכט באַומרויִקן מענטשן? — האָט ער בייז זיך אָנגערופן.

— דער געזעץ, פאַן קרושינסקי!

— נאָר איר האָט, זעט אויס, פארפּלאָנטערט דעם אדרעס... דאָ וווין איך, דער לערער קאַזימיר קרושינסקי. איר האָט ניט קיין רעכט...

— נאָר כוץ דעם, פאַן קרושינסקי, ווױנט דאָ א פארברעכערן! — האָט זיך אָנגערופן דער קליינינקער, דאַרער זשאנדארם. — מיר דארפן דאָ בא אײַך מאכן אַן אונטערזוכונג.

— מײַן סטעפע איז א פארברעכערן? איר וועט פארן געזעץ ענטפערן! איך וועל זיך קלאָגן. יענער האָט א ווונק געטאָן צו זײַנע באגלייטער, און זיי האָבן אָנגעהויבן איבערוואַרפן די ביכער, די זאכן, איבערקערן די שטוב.

— איר האָט ניט קיין רעכט! איר פארשוועכט דעם געזעץ! — האָט ניט אופגעהערט שרײַען דער אלטער לערער, נאָר די זשאנדארמען האָבן זיך ניט צוגעהערט צו אים.

דעם פאַן קאַזימיר קרושינסקין האָבן ניט געהאָלפן זײַנע פּראָטעסטן.

די זשאנדארמען האָבן אוועקגעפירט זײַן טאָכטער...

— ווײַן ניט, סטעפאַניע, ווײַן ניט! — איז פאַן קרושינסקי נאָכגעגאַנגען אינעם אונטערשטן וועש נאָך די זשאַנדאַרמען. — איך וועל דער גאַנצער וועלט דערוויסן, אַז דאָס איז אומגע־הערט. דאָס איז אַ פאַרשוועכונג פֿונעם געזעץ, אַן אומגעהערטע זאַך. נישקאָשע, איך וועל זיך דערשלאָגן דעם עמעס. זיי וועלן דעם עמעס אין טורמע ניט פאַרשפּאַרן...

דער אָטעם האָט אים פאַרשלאָגן, און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן ראָג פֿונעם געסל. דאָס האַרץ האָט שטאַרק ווי געטאָן, ער האָט זיך צוגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צו אַ פּלויט און געשאָלטן די מיִעסע ברוים, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעריסן צו אים אין שטוב און אוועק־געריבט דאָס בעסטע, וואָס ער האָט אויף דער עלטער פאַרמאָגט — זײַן סטעפאַן.

אינמיטן דער נאַכט האָט אַ בילערײַ פֿון הינט אויפגעוועקט פֿונעם שלאָף גאַנץ בראָדניצע. דאָס האָבן זיי אַזוי באַגעגנט די מאַכנע זשאַנדאַרמען, וואָס איז אַהער אַראָפּגעקומען זיך צערעכענען מיט די שטרײַקנדיקע.

עטלעכע פאָליציייען האָבן זיך אַרײַנגעריסן צו פּיליפּן, אים אַראָפּגעשלעפּט פֿון בעט און אַרויסגעשטויסן אין דרויסן.

מע האָט געזוכט, נישטערן, איבערקערן די שטוב.

בערטע האָט געכאַפּט טאַמאַסן אויף די הענט, מוירע געהאַט, דאָס קינד זאָל זיך ניט איבער־שרעקן פאַר די געקומענע, וואָס האָבן אַלץ איבערגעקערט אין שטוב.

— שנעלער זיך אָנטאָן! וועסט גיין מיט אונדז! — האָט שטרענג באַפוילן דער קליינוויק־סיקער אָפיצער. — שנעלער! שנעלער!

— פאַרוואָס? — האָט אויסגעשריגן בערטע. — וואָס ווילט איר פֿון אים?

— ווייסט ניט? ער איז פֿון קראַוטשוקס באַנדע. שנעלער!

מע האָט אַרויסגעשטויסן פּיליפּן פֿון דער שטוב, אוועקגעטריבן צום קרייצוועג, ווו אַן אַרומגערינגלטער מיט זשאַנדאַרמען, איז געשטאַנען אַ צעבראָסטעטער, אַ צעבלוטיקטער טאַראַס קראַוטשוק מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ.

עטוואָס ווײַטער האָט מען געבונדן זאַלמען מאַרקוסן און נאָך עטלעכע שכנים — נאַפּטלער.

דאָ און דאָרט האָט מען געזען רעדלעך פרויען, קינדער. די זשאַנדאַרמען זײַנען אַרומגע־לאָפן פֿון הויז צו הויז און פֿון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט די מאַנצבלען.

די געשרייען, דאָס געוויין און דער געיאָמער האָט זיך מיט יעדער מינוט געשטאַרקט. טאַראַס קראַוטשוק האָט ניט אויסגעהאַלטן. פאַריכט אויף זיך דאָס צעריסענע העמדל, האָט ער אויסגעשריגן:

— וואָס וויינט איר?! הערט אויף קלאָגן, מענטשן! מע דאַרף ניט וויינען! ס'וועט קומען די צײַט, ווען זיי, די טיראַנען, וועלן זיך באַגיסן מיט בלוטיקע טרערן! ניט לאַנג וועלן זיי דאָ געוועלטיקן!

צוויי זשאַנדאַרמען האָבן זיך אַרופגעוואָרפן אויף טאַראַסן, פאַרדרייט אים די הענט אויף אַהינטער, געוואָלט פאַרמאַכן דאָס מויל, נאָר ער האָט זיך געריסן פֿון זייערע הענט, געשריגן, געשאָלטן.

די מוטער איז צוגעלאָפן, געוואָלט העלפן דעם זון, נאָר אַ זשאַנדאַרם האָט איר דערלאַנגט מיטן שטיוול, און זי איז געפאַלן אויפן שליאַך.

שיפרע איז צוגעלאָפן צו איר, זי פאַרזיכטיק אויפגעהויבן און, קוקנדיק מיט האַס אויף די זשאַנדאַרמען, זיך אָנגערופן:

— גאַזלאָנים! קוילער, וואָס טוט איר? אַ דונער זאָל אײַך טרעפן, כּדי וואָלטן אײַערע מאַמעס געליימט געוואָרן, איידער זיי האָבן געבאָרן אַזעלכע הינט!

זי האָט צוגעפירט אַקסאַנען צו אַ שטיין, זי אוועקגעזעצט, געגומען באַרויקן, נאָר יענע האָט זי אָפּגעשטויסן, געלאָפן צום זון.

אַרומגערינגלט די אַרעסטאַנטן, האָבן די זשאַנדאַרמען זיי גענומען טרײַבן קיין ראַפּײַוור־קע, און דער גאַנצער יישעוו איז נאָכגעלאָפן.

אין עק שטאָט, הינטער אַ הויכן שטיינערנעם פּלויט, איז געשטאַנען די אַלטע געבײַדע פֿון דער טורמע. די שוואַרצע טויערן האָבן זיך מיט אַ שווערן קרעכץ צעעפנט און אײַנגע־שלונגען די אַרעסטירטע אַרבעטער.

פֿון דער זײַט טורמע־וואַנט איז געבליבן אַ גרויסער טומלדיקער אוילעם.

דער פרימאָרגן האָט זיך אָנגערוקט און צעשטויסן דעם נאַכט־כווישך.

סטעפּע, וואָס איז געזעסן און געדרעמלט אויף אַ מאָכיקן שטיין אין עק פֿונעם טורמע־הויף און געוואַרט, ביז מע וועט זי אַרויסרופן אין קאַנצעלאַריע, האָט זיך אויפגעכאַפּט. זי האָט

דערזען די נײַע גרופּע אַרעסטירטע, וואָס מע האָט אהער אַרײַנגעשלײַדערט, און דאָס האַרץ האָט זיך אָף א ווײַלע אָפּגעשטעלט. צווישן די אַרעסטירטע האָט זי גלײַך באַמערקט טאַראַסן. ער איז געווען צעבלוטיקט. א שרעק האָט זי אַרומגעכאַפּט, זי איז געשטאַנען, ניט געוווּסט, צי מעג זי צוגיין צו אים, פרעגן, ווי זי דאַרף זיך דאָ פירן און וואָס וועט דאָ זײַן. — זעט אויס, ער האָט זי אויך דערזען. קוים א שמייכל געטאָן צו איר און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך צו איר געגריסט.

ער האָט זיך אָבער גלײַך אָפּגעקערט, מע זאָל ניט באַמערקן, אַז ער איז מיט איר באַ־קענט. די זשאַנדאַרמען שפּירן איצט נאָך יעדער קער פון די אַרעסטירטע.

סטעפע האָט זיך ווידער צוגעזעצט אָפן שטיין און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דאָס, וואָס ער האָט דאָ געטראָפן דאָס מײדל, האָט אים דערשיטערט. עס האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון ווייטעק. צי דען האָט מען זי אַרײַנגעוואָרפן אהער דערפאַר, וואָס זי האָט געדרוקט די בלעטלעך? אויב אַזוי, איז שלעכט. זי וועט אויסזאָגן, וויאַזוי דאָס איז געווען, און דעמלט...

איצט האָט טאַראַס שוין ניט געטראַכט וועגן זיך, נאָר וועגן דעם לערערס טאָכטער, וואָס איז אין גאָרנישט ניט שולדיק. מיט אים מעגן זיי טאָן, די טאַליאַנים, וואָס זיי ווילן. ער וועט זיי שפּײַען אין פּאָנעם. ער וועט ניט לייקענען, אַז ער האָט אופגעהויבן די אַרבעטער צום שטרײַק. ער וועט זיך שלאָגן, קאַלוזמאַן די קויכעס וועלן אים דינען. נאָר זי, סטעפּע...

טאַראַס קראַווטשוק האָט ניט באַמערקט, וויפל צײַט איז אַוועק. ער האָט געזען, ווי א זשאַנדאַרם האָט געכומען סטעפען פאַרן אַרבל און זי אַוועקגעפירט אין קאַנצעליאַריע פון טורמע.

זי איז פאַרבײַגעגאַנגען דאָס אָרט, וווּ טאַראַס מיט זײַנע פרײַנט זײַנען געשטאַנען, זיך באַ־געגנט מיט זײַן טרויעריקן בליק, באַמערקט, ווי ער האָט פאַרזיכטיק צו איר א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, וואָס האָט געדאַרפט באַטײַטן: „האַלט זיך, גיב זיך ניט אונטער", און זי איז אַרופגעגאַנגען אָף די שטיינערנע טרעפּלעך.

מע האָט זי אַרײַנגעפירט אין א גרויסן האַלב־פינצטערן צימער מיט פאַרזשאַווערטע גראַטעס אָף די צוויי קליינע פענצטער, און א נערוועזער דאַרער לייטענאַנט אין א שפּאָגל־נײַעם, געפּרעסטן מונדיר האָט זי באַגעגנט מיט אַן עלעגאַנטן זשעסט, געבעטן זיך זעצן אָף דער טאַבורעטקע באַם טיש.

— נו, פּאַנע קרושינסקאַ, איז אײַך געפעלן באַ אונדז? — האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, שפּאַנענדיק איבערן צימער מיט פאַרלייגטע הענט אָפן רוקן. — זיצט, לאַנג וועט אײַך באַ אונדז אויסקומען זיצן, אויב איר וועט ניט דערציילן, וויאַזוי און ווען איר האָט זיך פאַרבונדן מיט אָט די באַנדיטן, וואָס ווילן אופהייבן די קויטיקע הענט זייערע אָף אונדזער אימפּעריע. ביטע!

סטעפע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אָפן בענקל און אָפּגעפירט דעם בליק פון אים.

— איך ווייס ניט, וואָס איר ווילט פון מיר, — האָט סטעפע געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— אָך, איר ווייסט ניט, — האָבן די ברילן אָף דער נאָז פונעם אָפיצער זיך געגומען באַוועגן. — מיר קאָנען אײַך דערמאָנען.

ער האָט פאַררייכערט א ציגאַר, אַרויסגעלאָזט דורך די נאָזלעכער צוויי וואָלקנדלעך רויך, אָנגעצילט אין איר דעם בליק, פאַרגעזעצט:

— אַז לייטענאַנט יאַנוש רעדט צו אײַך, דאַרפט איר קוקן אים גלײַך אין די אויגן, אופ־מערקזאַם הערן.

זי האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן.

— איך האָב אָף דיר ראַכמאָנעס, — איז ער איבערגעגאַנגען אָף „דו". — דו ביסט נאָך יונג, און דײַן לעבן הייבט זיך ערשט אָן. דו דאַרפסט צוקלײַבן א כאָסן, כאַסענע האָבן, געבוירן קינדער... דײַן גוירל איז אין דײַנע הענט. דערצייל אונדז אַלץ. העלף אונדז זיך צערעכענען מיט די כאַמעס, און דו וועסט זײַן אָף דער פרײַ. ווער האָט דיך אַרײַנגעשלעפּט אין דער בלאָטע? נאַנו!

זי האָט אָף אים אופגעהויבן א באַרויגעזן בליק און געענטפערט:

— איך נייטיק זיך ניט אין אײַערע אײַצעס, אין קיין שום בלאָטעס האָט מיך קיינער ניט אַרײַנגעשלעפּט. איר האָט קיין רעכט ניט מיך צו באַליידיקן!

ער איז אופגעשפּרונגען פון זײַן שטול, ווי מע וואָלט אים א שטאָך געטאָן.

זי האָט זיך ווידער פאַרקוקט אין א זײַט. די שרעק, וואָס האָט זי אַרומגעכאַפּט די ערשטע

מינוט, ווען מע האָט זי אַרײַנגעשלײַדערט אין דעם צימער, איז פאַרשוווּנדן. זי האָט אין זיך פּלוצעם דערפילט אַ שטאַרקן קויעך.

— וועסט זיך מודיע זײַן צי ניט? — האָט יאַנוש איבערגעשלאָגן אירע טרויעריקע גע־דאַנקען. — ווערסט זאָגן דעם עמעס, צי דו ווערסט גיין אין קעלער צו די מײַז?

— איך האָב זיך ניט אין וואָס מודיע זײַן. טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר! — האָט זי רויִק געענטפערט.

יאַנוש איז רויט געוואָרן, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש, און עס איז אַרײַנגעשפּרונגען אַ געזונטער זשאַנדאַרם.

סטעפע האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם גוואַר מיטן רויטן פלײשיקן פּאָנעם און דערפילט, ווי מורעשקעס לויפן איבער איר לײַב. יאַנוש האָט אים עפּעס אַ שעפּטשע געטאָן אויפן אויער, און ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון צימער. אין אַ פּאָר מינוט אַרום געבראַכט אַהער אַ מאַנצבל. סטעפע האָט ניט מיטאַמאָל דערקענט טאַראַסן. דאָס צעבלוטיקטע פּאָנעם, דאָס צעריסענע העמדל און די פאַרפלאָנטערטע טשופּרינע האָבן אים שטאַרק פאַרענדערט. אָבער דער אויס־דרוק פון די אויגן, זײַן שטאָלצער בליק, מיט וועלכן ער האָט געקוקט אויף די זשאַנדאַרמען, האָבן זי דערמונטערט. ניין, דער באָכער איז ניט געוואָרן צעבראָכן. אין זײַן בליק איז ניט געווען קיין סימען פון שרעק, ער האָט אויסגעזען, ווי אַ ריכטער, וואָס וועט באַלד מישפּטן זײַנע קלײנלעכע, עקלדיקע פאַרפאָלגער. און זי איז אים אויף אַן עמעס מעקאַנע געווען, וואָס ער האַלט זיך דאָ אַזוי דרייסט און שטאָלץ.

יאַנוש איז געשטאַנען מיט צונויפגעלייגטע הענט אויף דער אײַנגעפאַלענער ברוסט, עטלעכע ווײַלעס געמאָסטן מיטן בליק סטעפען און טאַראַסן און זיך לעסאָף געווענדט צום מיידל:

— זאָג דעם עמעס, אָט דער טײַוול האָט דיך אַרײַנגעצויגן אין זײַן קאַפּטע מעלוכע־פאַרברעכער? אַנערקען שנעלער, ער?

— איך קען ניט דעם מענטשן און ווייס ניט, וואָס איר ווילט פון מיר, — האָט זי ווי מעגלעך רויִק געענטפערט און אָפּגעקערט דעם בליק צום גראַטע־פענצטער.

— וואָס, דו ווייסט ניט, ווער אָט דער בונטאַר איז? — איז יאַנוש אַזש אונטערגעשפּרונ־גען פון רעציכע און זיך אַ לאָז געטאָן צום מיידל. — ניט דו האָסט געדרוקט די בלעטלעך, וועלכע ער האָט געשלײַדערט פון די טרעפּ? ניט דו?!

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— איך ווייס ניט, וואָס איר האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט. דער מענטש איז מיר ניט באַקאַנט, און לאָזט מיך צורו. איך דאַרף גיין אַהיים. דער פאָטער וועט זיך באַומרויִקן.

— ווערסט באַ מיר גיין אַהיים! — האָט ער איר באַוויזן דעם פויסט און גלײַך צוגעלאָפן צו טאַראַסן:

— נו, עפּשער ווערסטו, טײַוול נימעסער, איר דערמאָנען, ווען זי האָט דיר איבערגעגעבן די בלעטלעך, ווען זי האָט זיי געדרוקט?

טאַראַס האָט אויף אים אַ קוק געטאָן פון אויבן אַראָפּ מיט ביטול:

— איר, זײַנט באַ די גענדאַנקען, הער זשאַנדאַרם? וואָס זײַנט איר צוגעשטאַנען צו אַן אומשולדיקן מענטשן? איך זע זי דאָס ערשטע מאָל... דאָס איז אײַערע אַ נײַע פּראָוואָקאַציע, און איך פאָדער מאַכן אַ סאָף דערצו!

— אַזוי... אַזוי... כמ... — האָט אַרויסגעזאָגט דער לייטענאַנט נאָך דעם, ווי ער איז געקור־מען אַביסל צו־זיך, — הייסט עס, קענסטו זי ניט און זי קען דיך ניט? און קיין שום פאַרברעכן זײַט איר ניט באַגאַנגען?

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, אַרויסגענומען פון קעסטל אַ שטעקן פון גומי און זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער.

טאַראַס האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן שטעקן און מיט בייז געזאָגט:

— איך האָב ניט ליב, אַז מע רעדט צו מיר מיט אַ שטעקן! איך בין ניט פון די שרעקעוו־דיקע, פאַרגעדענקט! איך אײַיצע אים באַהאַלטן. זעט, איר זאָלט ניט כאַראָטע האָבן. מײַן האַנט וועט מיך ניט אונטערפירן, אויב איר וועט זיך דערוועגן אופהייבן אויף איר אָדער אויף מיר דעם שטעקן.

אויף אַזעלכעס האָט דער לייטענאַנט זיך ניט געריכט. אַ רעגע האָט ער געשטאַמלט און זיך אָנגערופן:

— דאָס האָב איך געגומען גלאַט אַזוי. ווען איך נערוויר זיך, נעם איך אים, קעדיי זיך באַרויִקן...

— אָך, אַזוי? נו, דאָס איז עפּעס אַנדערש, — האָט טאַראַס אַ שמייכל געטאָן. — און איך האָב געמיינט, אַז איר ווילט אויספּרווון מײַנע קויכעס.

— פֿאַרמאַך דאָס מויל! — האָט איבערגעשלאָגן דער לייטענאַנט. — איך וויל מיט גוטן. זאָג אויס דעם עמעס, ווען האָסטו זיך באַגעגנט מיט דער־אַ... — האָט ער געוויזן אָף סטעפֿען. — ווער האָט דיר געהייסן אָנהייבן אַ שטרײַק? גיב אַרויס די עלטסטע, די אָנפֿירער פֿון שטרײַק, וועט איר אַלע גלײַך אַרויס אָף דער פֿרײַ. פֿאַרשטייסט?

— יאָ, געוויס פֿאַרשטיי איך, — האָט טאַראַס שטיל אַרויסגערעדט. — ווער איז שולדיק אין שטרײַק? איר און אײַערע באַלעבאַטים! איר ווילט אונדז פֿאַרוואַנדלען אין אייזלען, איר שינדט פֿון אונדז די הויט, זויגט אונדזער בלוט, און מיר האָרעווען פֿאַר גראָשנס. איר האָט אונדז אַרײַנגעוואָרפֿן הינטער די גראַטעס, וועלן אופֿשטיין אָף אונדזער אָרט אַנדערע. אַל־ציינס וועלן מיר זיגן. די אַרבעטער וועלן זיגן!

— שווײַג, כאַם! ווער האָט דיר דערלויבט אַזוי ריידן? אין קאַרצער, דאָרט וועסטו אָפּגעקילט ווערן.

— איך שפּײַ זיך אויס אָף אײַך און אָף אײַער קאַרצער.

דער זשאַנדאַרם האָט געכאַפּט טאַראַסן פֿאַרן אַרבל און אים אַרויסגעפֿירט אין קאָרידאָר. יאַנוש איז טעלעכען מאָל דורכגעלאָפֿן אײַלעוודיק איבערן צימער, אָפּגעשטעלט דעם בליק אָף סטעפֿען, אַ וואָרף געטאָן:

— אין קאַמער, דאָרטן זאָל זי פֿוילן.

פֿאַר די עטלעכע שאָ האָט דאָס גאַנצע לעבן אירס זיך איבערגעדרייט. זי האָט זיך דערפֿילט גאָר אַן אַנדער מענטש. כאָטש מע האָט זי אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער איינצל־קאַמער, וואָס קאָן דערמאָנען אין אַ קייווער, נאָר זי האָט דאָך דערפֿילט, אַז מיט איר איז פֿאָרגעקומען אַזוינס, וואָס וועט אינגאַנצן ענדערן איר לעבן און זי וועט קוקן אָף דער וועלט, אָף מענטשן, געשעענישן מיט גאָר אַנדערע אויגן. טאַראַס און זײַן האַלטן זיך פֿאַר דעם בייזן לייטענאַנט, ווי אויך זײַנע שאַרפֿע, ווי שפּיזן, ווערטער, האָט אין איר אַרײַנגעהויכט נײַע קויכעס, און זי האָט באַשטימט, אַז וואָס עס זאָל מיט איר דאָ ניט געשען, וועט זי זיך האַלטן ווי טאַראַס, קיין וואָרט ניט זאָגן די טורמע־פֿאַרשער, קיינעם ניט אַרויסגעבן, זיך פֿאַר קיינעם ניט שרעקן און זיך ניט בוקן.

די קליינע, נאַסע קאַמערע, וואָס איז געווען קוים באַלויכטן מיט אַ קאַנעצל אונטער דער סטעליע, האָט אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק אָף איר, אָבער נאָך שרעקלעכער איז געווען די טויטע שטילקײַט. זי האָט בלויז געהערט, ווי עס שלאָגט זיך דאָס האַרץ אין איר ברוסט.

סטעפֿע האָט געמאַכט עטלעכע טריט איבערן גליטשיקן דיל און זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער פֿאַרהאַקטער אײַזערנער טיר מיטן פּיצינקן „אייגל“, וווהין עס האָט אַלעמאָל אַרײַנגעקוקט אַן אויג פֿונעם טורמע־אופֿזעער. וויפֿל וועט איר אויסקומען דאָ זיצן? אַ יאָר? דאָס גאַנצע לעבן? און וואָס טוט זיך איצט אָף דער פֿרײַ? וויפֿל איז דער זייגער? ווו זײַנען אירע כאַווערטעס? וואָס טוט איר קראַנקער פֿאָטער? ער איז דאָך אַזוי עלנט אָן איר! צי וועט ער איבערטראָגן די צאָרעס? ווער וועט אָף אים קוקן, ווער וועט אים אָפּקאָכן אַ לעפֿל געקעכץ? איינער אַליין... דאָס האָט סטעפֿען געמאַטערט מערער פֿון אַלץ.

זי האָט דערפֿילט אַ מוירעדיקע מידקײַט. די אויגן האָבן זיך געקלעפּט, שרעקלעך גע־וואָלט שלאָפֿן.

זי האָט זיך דערקליבן ביז דער נאַרע, אָף וועלכער עס האָט זיך געוואַלגערט אַ ביסל איבערגעפּריִעטע שטרוי, זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג און גלײַך אײַנגעשלאָפֿן. נאָר לאַנג שלאָפֿן ניט געקאָנט, עס האָבן ווײ געטאָן די קרייזשעס. זי האָט ניט געקאָנט ליגן אָף דער הוילער נאַרע, האָט זי זיך אופֿגעזעצט, אונטערגעשפּאַרט מיטן פֿויסט דעם מידן קאָפּ.

דאָס גאַנצע לעבן איז דורכגעגאַנגען פֿאַר די אויגן, אַלע אירע נײַנצן מיידלשע יאָר. נאָר וועגן וואָס זי זאָל ניט געווען טראַכטן, איז פֿאַר די אויגן געשטאַנען דער פֿאָטער, אַזאַ אומגליקלעכער און דערשלאָגענער. זי ווייסט, ער קער איצט אַרומגיין איבער דער שטאָט מיט זײַן שטעקל און קלאַפּן אין אַלע טירן, פֿרעגן, וואָס האָט מען געטאָן מיט זײַן טאָכטער. זי האָט זיך אופֿגעגעסן לעבעדיקערהייט, פֿאַרוואָס האָט זי אים גאָרניט ניט דערציילט וועגן טאַראַסן, וועגן די פֿלוגבלעטלעך.

פֿאַרטאָן אין אירע אומרויִקע געדאַנקען, האָט סטעפֿע פּלוצעם דערהערט, ווי מע קלאַפּט אין דער וואַנט. עמעצער, זעט אויס, האָט צו איר גערעדט פֿון דער שכייניִשער קאַמער. ווער זשע זאָל דאָס זײַן? עפּשער ער, טאַראַס?

סטעפֿע האָט צוגעלייגט דעם אויער צו דער נאַסער וואַנט, זיך אײַנגעהערט. דאָס קלאַפּ־פּערײַ איז געוואָרן שטאַרקער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ערגעץ דאָ ניט ווײַט זיצט אַ פּיקהאַלץ אָף אַ בוים און פּיקט דעם שטאַם אָן אָן אופֿהער.

אַף עטלעכע רעגעס איז איבערגעריסן געוואָרן דאָס קלאַפּעריי. שטיל. און ווידער דאָס זעלבע: טיק־טאַק... טיק־טאַק...

וואָס זאָל דאָס באַטײַטן? דאָס איז, דאַכט זיך, די טורמע־שפּראַך פֿון אַרעסטאַנטן. זי האָט אַמאָל אין אַ ביכל געלייענט, אַז אַזוי קאָן מען זיך דורכריידן דורך די טורמע־ווענט. ניט אַנדערש, ווי פֿון יענער זײַט וואַנט געפֿינט זיך טעראָס. דאָס רעדט ער צו איר, און זי פֿאַרשטייט ניט, וואָס ער וויל! ווען זי וואָלט וויסן, אַז איר וועט אַמאָל אויסקומען זיצן אין טורמע, וואָלט זי זיך געוויס אויסגעלערנט די שפּראַך. נאָר איר האָט זיך אַפֿילו ניט געכאַלעמט, אַז מע וועט זי פֿאַרשפּאַרן אַמאָל הינטער גראַטעס!

ווידער קלאַפּט מען אין וואַנט: טיק־טאַק... טיק־טאַק... טיק־טאַק־טאַק... טאַק... טיק... טיק... וואָס באַטײַט עס? זי וועט קלאַפּן פּונקט אַזוי אין איר וואַנט, האָט סטעפֿע באַשטימט. און זי האָט גענומען מיטן פֿינגער אויסקלאַפּן אין דער וואַנט. זי האָט געקלאַפּט, ביז בלוט האָט גענומען רינען פֿונעם אײַנגעבויגענעם פֿינגער.

יאָ, אין יענעם ביכל, וואָס זי האָט געלייענט, איז געווען באַשריבן וועגן צוויי פֿאַרליבטע אין שפּאַניע. מע האָט זיי צעשיידט און אַרײַנגעוואָרפֿן אין טורמע. זיי זײַנען געזעסן אין שכנישע קאַמערן און זיך דורכגערעדט דורך די גראָבע שטיינערנע ווענט פֿון זייער טורמע. זיי האָבן זיך דערקלערט אין ליבע... און יעדער קלאַפּ זייערער אין דער וואַנט האָט באַטײַט אַן אַנדער שוווּע אין ליבע און טרײַשאַפֿט.

סטעפֿען איז געוואָרן גרינגער אויפֿן האַרצן. זי איז געווען איבערצײַגט, אַז פֿון יענער זײַט וואַנט זיצט טעראָס. דאָס רעדט ער צו איר! ער קלאַפּט איר אויס די סאַמע האַרציקע ווערטער, עפּעס אַזעלכע ווערטער, ווי יענע, אין שפּאַניע? נאָר זי האָט דאָך דעם טעראָסן אַזוי ווייניק געקענט! איינגאַנצן איין וויילע זיך דורכגערעדט מיט אים אין קאַנטאָר, ווען ער האָט איר געבראַכט די בלעטלעך דרוק. זי האָט געהערט זײַנע רעדעס פֿאַר די אַרבעטער, זי האָט געהערט זײַנע רייד פֿאַרן אָפּיצער אין די ברילן. אָבער די געצײלטע ווערטער, וואָס ער האָט געוואָרפֿן, האָבן דערהויבן טעראָסן. זי האָט געפֿילט, אַז זי וואָלט אים געקאָנט ליב האָבן. יאָ, אָט אַזאַ וואָלט זי ליב געהאַט, מיט אַזאַ וואָלט איר קיינמאָל ניט געווען שרעקלעך.

און ווידער האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס אײַנגעאַקשנטע קלאַפּעריי אין דער וואַנט. און דאָס האַרץ האָט איר ווידער אונטערגעזאָגט, אַז דאָס איז ער, טעראָס. זי האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אויב אין אַזאַ קיוווער טראַכט ער וועגן איר, קאָן זי זיך שעצן פֿאַר אַ גליקלעכער.

און דאָרטן, אַף דער פֿרײַ, האָט דער אוילעם געבושעוועט. די באַלעבאַטים און די זשאַנדאַרמען האָבן געמיינט, אַז מיט דעם, וואָס מע וועט אַרײַנוואַרפֿן מענטשן הינטער די גראַטעס, וועט מען איבערשרעקן די שטרײַקנדע און זיי צווינגען צוטרעטן צו דער אַרבעט. נאָר די נאַפֿטלער האָבן זיך ניט איבערגעשראָקן. זיי האָבן געפֿאָדערט באַפֿרײַען פֿון דער טורמע זייערע כאַווײרים. עס האָבן ניט געהאָלפֿן קיין נאָהײַקעס, דראָונגען, נײַע רעדיפֿעס, נײַע אונטערזוכונגען און אַרעסטן — מע האָט געשטורעמט די געבײַדעס פֿון די פֿירמעס, פּאָליציי־באַצירק און טורמע.

עס זײַנען אָנגעקומען זשאַנדאַרמען פֿון די שכײנישע שטעט, קעדיי דערשטיקן דעם שטרײַק, אײַנשטילן די בונטאַרן — נאָר אומזיסט.

די נאַפֿטלער האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן. האָט מען צעטריבן איין כוואַליע מענטשן, איז אין צווייטן עק שטאָט אופֿגעקומען אַ נײַע.

מע האָט מוירע געהאַט, אַז די אַרבעטער וועלן שטורמעווען די טויערן פֿון טורמע און באַפֿרײַען די הויפּט־שולדיקע — די אָנפֿירער פֿון שטרײַק. דעריבער האָט מען אין איינער אַ פֿינצטערער נאַכט איבערגעפֿירט די אַרעסטירטע קיין ליוואָוויטש.

## מענטשן קערן זיך אום פֿונעם גענעם

שיקע קושניר וואָלט זיך געקאָנט שיין און רויִק אויסלעבן די יאָר, ווען ער וויל. נאָר ער האָט עס ניט געוואָלט.

— רויִק, — האָט ער געזאָגט, — איז אַפֿן בעסוילעם, און אַהין וועל איך נאָך אויספֿייען! קאַלזמאַן מע לעבט אַף דער וועלט, טאָר מען ניט פֿאַרגעסן דעם אָנזאָג פֿון די אָוועס: אַ מענטש זאָל מען זײַן! אַנדערע לײַט ווייסן איין זאַך — אָנשטאָפּן די קישקע, זיך אָפּהיטן, און די וועלט? ברענט זי ליכטיק.

שיקע קושניר האָט דערפֿון ניט געהאַלטן.

— דעם טאָג, זאָגט ער, וואָס דו האָסט אָפּגעלעבט און ניט געטאָן קיין גוטס, איז אַן ארויסגעוואָרפענער טאָג. אפילע אַף יענער־וועלט, זאָגט ער, דאַרף מען אויך קומען מיט ריינעם סאָוועסט... דעמלט וועלן אַף דיר אפילע די מאַלאָכים קוקן מיט גאָר אַנדערע אויגן.

אויב דו ווּעסט, זאָגט ער, קומען אַף יענער־וועלט, ווי אַ פּאַסקודניאַק מיט אַ גאַנצער טאָרבע כאַטאָים, וועלן דיר די מאַלאָכים צושטעלן צום אייבערשטן אַזאַ בענקעלע, אַז דו ווּעסט ניט וויסן, ווּ מע טוט זיך אַהין! קיין איין אַדוואָקאַט וועט דיך ניט ראַטעווען פונעם מישפּעט, און מע וועט דיך פּרעגלען אַף דער סקאָוואָראָדע אַזוי, אַז דו ווּעסט קוויטשען, ווי אַ כאַזער!

צוליב וואָס זשע טויג עס דיר? איז פיר זיך, ווי אַ מענטש אַף דער ערד, ווּעסטו האָבן סײַ דאָ, סײַ דאָרטן אַ שיין פּאָנעם, אַ פּאָנעם פון אַ מענטשן!

נאָך דעם, ווי דער פּעטער שיקע איז זיך צונויפגעגאַנגען מיט שיפּרען, האָט מען געלעבט שיין און לײַטיש. עמעס, דערגיין די יאָר האָט זי אים שטילערהייט אָנגעהויבן שפּעטער. דעם לעצטן גראָשן האָט ער צעטיילט די סאָלדאַטקעס, יעסוימים. אין שטוב בא זיך האָט ער געטאָן ווייניק, נאָר וואָס זשע, אַז עס איז צו אים געקומען אָן אָרעמאַן און זיך געקלאָגט, אַז דער איווון טשאַדעט, די פּענצטער זײַנען צעבראָכן, האָט שיקע געוואָרפן האַקל־באַקל, געכאַפּט זײַן אינסטרומענט און אַוועקגעלאָפן אונטערשטעלן אַ פּלייצע, העלפן. מיט דער צײַט האָט שיפּרע פאַרשטאַנען, אַז זי וועט איר שיקען ניט איבעראַנדערשן, און זיך אופגעהערט טשעפּען צו אים פאַר אַזעלכע זאַכן.

— דו פאַרשטייסט, מײַן טײַערע, — פלעגט ער אָפּט צו איר טײַנען, — אָט שטיי איך בא דער קאָוואַדלע און קאָווע אַ שטיק אײַזן. פונקען פליִען אין אַלע זײַטן, אין קוזניע שטייט אַ ראַש, אַ טומל פונעם קלאַפּערײַ אַף מעשוגע צו ווערן. דער קאָפּ גייט כאַדאָראָם. פאַרוואָס, ווּעסטו פרעגן, שטייט אין קוזניע אַזאַ האַרמידער? וועל איך דיר באַלד דערקלערן: דערפאַר, וואָס אײַזן קלאַפּט אַף אײַזן! פאַרוואָס קרעכצן מענטשן, פאַרוואָס וויינען זיי? ווײַל אַנדערע מענטשן — פּאַסקודעס, גאַזלאָנים — קלאַפּן איבער זיי. הײַנט שטעל זיך פאָר, אַז עס קומט אַ גליקלעכע צײַט און מע הערט אוף קלאַפּן איבערן מענטשן, וועט דאָך זײַן אַ גאַניידן! דו פאַר־שטייסט, מײַן טײַערע?

— אַוואַדע פאַרשטיי איך, נאָר דערפון ווערט קיינעם ניט קאַלט און ניט וואַרעם.

די לעצטע צײַט האָט שיקע קושניר זעלטן אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל. קימאַט אַלע טאָג האָט ער געדאַרפט פאָרן קיין ליובאָוויטש צו דער טורמע. מע האָט דאָך געדאַרפט אונטער־האַלטן די כעוורע אַרעסטאַנטן בא דער נעשאָמע, פירן זיי עסן, גרעט, ווײַל זיך פאַרלאָזן אַפן קאַזיאָנע כאַרטש, אַף פראַנץ־יאָסיפס קעסט, וועט מען גיך אויסציִען די פיס.

אין די שטילע פאַרטאָגן, ווען שיקע קושניר פלעגט אופשטיין און אַרײַנקומען אין שטאַל נעמען שפּאַנען דאָס פערדל, האָט דער סוס שוין גוט געוווּסט, וואָס ער האָט צו טאָן.

קוים האָט דאָס פערדל דערזען באַם פּלויטל אָקסאַנען, שיפּרען, זייערע שנורן, בערטען און דעם לערער קאַזימיר קרושינסקין — די אַלטע באַקאַנטע, האָט עס זיך פריילעך צעהיר־זשעט, געגומען שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי עס וואָלט צו זיי גערעדט: „אָט באַלד פאָרן מיר. באַלד וועט מיך דער פּעטער שיקע פאַרפּוצן אין דער זברויע, און מיר יאָגן אין שטאָט אַרײַן... באַלד, נאָך אַ פּאָר ווײַלעס...” מע האָט דאָס פערדל אפילע ניט געדאַרפט אונטערמונטערן מיט דער בײַטש. עס האָט געפירט גלײַך צו דער ליובאָוויטשער טורמע. אַהין האָט עס שוין געוווּסט דעם וועג אַף אויסווייניק. וויפל מאָל איז דעם שוין אויסגעקומען פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר לויפן אַהין! דערצו נאָך האָט דאָס פערדל געהאַט אַזאַ טעווע — דעם גאַנצן וועג גיין שטיל, געלאַסן, אָפּטרײַבן מיטן לאַנגן עק די פליגן, וואָס האָבן עס באַגלייט די גאַנצע צײַט. נאָר אַז עס האָט זיך דערנעענטערט צו די שוואַרצע טורמע־טויערן, פלעגט עס זיך שטענדיק אַזוי צעהירזשען, גלײַך עס וואָלט געוואָלט, אַז די אַרעסטאַנטן זאָלן דערהערן דאָס הירזשען פון יענער זײַט טורמע־פּאַרקן.

דער פּעטער שיקע האָט געלאַכט:

— הערט איר, מײַנע טײַערע, וואָס כ׳וועל אײַך זאָגן, דאָס איז ניט קיין פערדל, נאָר אַ כאָכעם! עס קאָן בלויז ניט רעדן.

כאָטש ער איז שוין פון לאַנג צוגעווינט, דער פּעטער שיקע, צו אייגענע און פרעמדע צאָרעס, נאָר אַלע מאָל, אַז ער פלעגט אַ קוק טאָן אַף די אומגליקלעכע מאַמעס און אַף דעם צעבראָכענעם לערער, קאַזימיר קרושינסקין, פלעגט אים פאַרקלעמען דאָס האַרץ. ער האָט זיך געפּרוווט זיי באַרויִקן, אײַנרעדן, אַז אָט־אָט וועט קומען די גוטע שאָ און די כעוורע וועלן אַרויס פון דעם ווּיסטן קאַזעמאַט. נאָר עס האָט ניט שטענדיק געהאָלפן.

עס האָבן זיך געצויגן שווערע וואָכן און כאַדאָשים, נאָר קיין נאַכעס האָט מען ניט געזען. מע האָט זיך ניט געקאָנט דערפרעגן, ווען וועט נעמען דערצו א סאָף. קיינער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, צי דאָס, וואָס דער איניען ציט זיך אזוי לאַנג, איז בעסער אָדער ערגער פאַר די ארעסטירטע.

דער פעטער שיקע קושניר האָט געטײַנעט, גלײַך, ווי ער זאָל זײַן אַן אַדוואָקאַט:

— אלפּי־סייכל דאַרף דאָס זײַן בעסער. אזוי פאַרשטיי איך די זאַך...

— פאַרוואָס מיינסטו אזוי, שיקע־לעבן?

— וואָס הייסט? איך שטעל זיך פאָר, אז מע הייבט ניט אָן דעם געריכט איבער זיי, ווײַל מע האָט מוירע! די כעוורע קאָנען ארויס אפן געריכט און אזוינס ארײַנזאָגן די ריכטער, עס זאָל זיי ווערן פינצטער אין די אויגן. טאַראַס און זאַלמען זײַנען פײַערדיקע כעוורע.

דער אַלטער לערער האָט זיך אײַנגעהערט אין די ווערטער פון שיקען, מיט וועלכן ער האָט זיך פאַר די לעצטע כאַדאָשים שטאַרק באַפרײַנדעט, און זיך אָנגערופן:

— איך בין געווען באַם אויספּאָרשער, באַ דעם יאַנושן, פּסיא־קרעוו! האָט ער מיר געזאָגט, דער מענוול, אז אַף ארײַן אין טורמע זײַנען די טויערן ברייט, נאָר אַף ארויס פון דאָרטן — ווערן זיי שמאָל, ווי א שפּעלטעלע.

— און מיר האָט ער געזאָגט, — האָט זיך ארײַנגעמישט שיפרע מאַרקוס, — „אײַער זון האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיצן אין טורמע. זי האָט זיך נאָך אים לאַנג פאַרבענקט". האָב איך אים געענטפערט, אז מײַן זון איז ניט קיין פאַרברעכער, ער האָט ניט געגאַנוועט, ניט געראַבעוועט, ניט געהאַרגעט קיינעם... ווייסט איר, וואָס דער קעלעוו האָט מיר דערויף געענטפערט? „אַבי דער מענטש איז שוין באַ אונדז אין די הענט, א לונג־און־לעבער וועלן מיר אים שוין אָנהעגנען. אויב ניט קיין זעקס יאָר, וועט ער קריגן זײַנע פינף, ניט קיין אַכט, וועלן מיר אים געבן צען..."

— און וואָס האָסטו אים געזאָגט, שיפרע? — האָט ארײַנגעשטעלט שיקע.

— וואָס קאָן איך מיט אים ריידן, אז דאָס איז א קעלעוו.

— און איך האָב געמיינט, אז דו ביסט א קלוגע. געוווען געדאַרפט אים אזוי ארײַנזאָגן, עס זאָל אים פינצטער ווערן אין די אויגן, — האָט זיך צעבייזערט דער פעטער שיקע. — און איך וואָלט אים געזאָגט: „אַדוניני טיורעמשטשיק! — וואָלט איך אים געזאָגט, — דו מיינסט, אז דו וועסט נאָך לאַנג אונדז מוטשען? עפּעס דאַכט זיך מיר, אז אײַער שיינע אָרדענונג הינקט שוין אַף אַלע דרײַ לאַפּעס. עס שײַנט מיר, אז אינגיכן וועט איר ליגן טיף אין דער ערד".

— גוואַלד, שיקע, — האָט שיפרע זיך דערשראָקן פאַר זײַנע ווערטער און מיט פאַכעד זיך ארומגעקוקט. — ווי האָב איך אים געקאָנט אזוינס זאָגן? ער וואָלט דאָך מיך אויך ארײַנגעוואָרפן אין טורמע.

— נישקאָשע, פאַר אַלעמען וועט באַ זיי קיין טורמעס ניט קלעקן! זיי ציטערט איצט אַליין די נעשאָמע. ס'זאָגט מיר אונטער דאָס האַרץ, אז עפּעס מוז זיך ענדערן באַ אונדז. רוסלאַנד, די רעוואָלוציע, וואָס גייט דאָרטן, שטייט זיי אַלעמען, דאַכט מיר, ווי א ביין אין האַלדז. און די רעוואָליוציע איז ניט ווײַט פון אונדזערע גרענעצן. ווער ווייסט, וואָס עס קאָן זיך נאָך באַ אונדז אָפּשפּילן.

אַלע האָבן מיט קאָפּ אויסגעהערט דעם פעטער שיקעס ווערטער און דערפילט, ווי פון זיי ווערט עפּעס גרינגער אַף דער נעשאָמע.

הערט נאָר, גיי זײַ א כאָכעם, אז דער פעטער שיקע איז ניט בלויז א פריילעכער און צוגעלאָזענער מענטש, א גאָלדענער שמיד, ער איז נאָך צו אַלע גליקן א שטיקל פילאָסאָף, א גאַנצער נאָווי!

און טאַקע אזוי האָט אים געקרוינט דער לערער קאַזימיר קרושינסקי.

מע ווייסט ניט, צי האָט שיקע קושניר ערגעץ געהערט, צי ער האָט געגעבן א גוט־אויג דער עסטרײַך־אונגאַרישער אימפּעריע, נאָר אין א שיינעם פרימאָרגן איז זי, נעבעך, זיך צעפאַלן.

אויס אימפּעראַטאָר! אויס עסטרײַך־אונגאַרישע אימפּעריע!

דאָס איז געווען פאַר אַלעמען אזא יאָמטעוו, אַף וועלכן מע האָט זיך שוין אפילע ניט געריכט. ס'איז געשען אזוי גיך, אז מ'האָט ניט באַמערקט, ווען די אונטערנעמער מיט די זשאַנדאַרמען האָבן אָנגעשמירט די שטעקשיך מיט מאַזוט און אַנטלאָפן אהין, ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. לעבן דער טורמע, לעבן פּאָליציי־באַצירק האָבן זיך געוואַלגערט מונדירן, פּאַגאָנעס און בליאַכעס, זיי זײַנען איצט שוין קיין צעבראָכענעם גראָשן ניט ווערט געוווען. אויס אימפּעריע! מאַזלטאָוו!

דער פעטער שיקע האָט זיך אופגעגעסן לעבעדיקערהייט — אזוי שפעט זיך דערוווסט! ער האָט גלײַך אײַנגעשפּאַנט דאָס פערד אין וועגעלע, גענומען זײַנע שטענדיקע פּאַסאַזשירן און זיך אוועקגעלאָזט קיין ליובאַוויטש, באַגעגענען זײַנע בעוורע אַרעסטאַנטן.

נאָר ביז דער שטאָט איז ניט אויסגעקומען צו פאָרן. ניט ווײַט פון ראַפּײַעווקע האָט מען זיי דערזען. יענע האָבן ניט געוואַרט אַף קיין פור — זיך נאָר אַרויסגעריסן פון דער ליובאַ־וויטשער טורמע, האָט מען זיך געלאָזט צופוס.

דאָ אַפן שליאַך האָט מען געהאַלדזט און געקושט די באַפרײַטע. אַלץ איז דאָ געווען — טרערן, געלעכטער, כאַכמעס. און שיקע קושניר, באַטראַכטנדיק די אויסגעדאַרטע, הונגעריקע און מידע פּרײַנט, האָט אַ שמיץ געטאָן מיט דער בײַטש:

— נישקאָשע, קינדער, דאָס, וואָס איר האָט אַ פּאָנעם פון טאַראַנקעס, מאַכט ניט אויס. אַבי די ביינער זײַנען גאַנץ געבליבן.

פריילעכע און גליקלעכע, האָט מען זיך געלאָזט אַראָפּ־באַרג, צו דער ראַפּײַעווקער פּאַר־שטאָט, ווו עס האָט געוואַרט אַ גרויסער אוילעם. אָקסאַנע האָט געהאַלטן דעם זון אונטער דער האַנט, ווי זי זאָל מוירע האָבן, אַז עמעצער קאָן אים בא איר ווידער צונעמען. טאַראַס האָט פאָרזיכטיק זיך אויסגעדרייט, צוגעגאַנגען צו סטעפּען, וואָס האָט געפירט דעם אַלטיטשקן טאַטן. אָקסאַנע האָט לויט דעם, ווי ער, טאַראַס, האָט געקוקט אַפן מיידל, פאַרשטאַנען, אַז זיי זײַנען, דאַכט זיך, געוואָרן גאָר היימיש. נאָר זי האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, וויאַזוי האָט ער זיך גע־קאָנט מיט איר דערנעענטערן, מע איז דאָך געזעסן פאַרשפּאַרט. און אַלפּי־סייכל, ניט צוזאַמען...

דער פעטער שיקע האָט עס אויך גלײַך באַמערקט און אונטערגעוווּנקען צו אָקסאַנען, זיך שטילערהייט צו איר אָנגערופן:

— זאָג מיר נאָר, טײַערע, דיר דאַכט זיך ניט, אַז דײַן בענאָק קוקט אַפן מיידל, ווי אַ קאַץ אַף סמעטענע?

— ווער ווייסט?

— וואָס הייסט „ווער ווייסט”? — האָט ער אַ שמייכל געטאָן. — מיט אַזאַ קינד קאָן מען זיך ניט סאַמען. ווען איך בין, כאַלילע, ייִנגער מיט אַ מיטוואָך און עס מאַכט זיך מיר אַזאַ טײַערע קינד, וואָלט איך זי אויך ניט דורכגעלאָזט. זי איז דאָך מאַלע־כיין. אַפילע די טורמע האָט זי ניט קאַליע געמאַכט.

— רעדסט נאַרישקײַטן, — האָט איבערגעשלאָגן די מוטער. — זיי זײַנען דען געווען באַ־קענט? און וויאַזוי קאָן מען זיך אין טורמע באַקענען?

— אַ האַרץ פילט אַ האַרץ... — האָט ער שטאָלץ געזאָגט. — ליבע — דאָס איז אַזאַ כײַע, וואָס ווייסט ניט פון קיין גרענעצן און שטערונגען. דו מיינסט, אַז אין טורמע קאָן מען זיך ניט באַקענען? ווען מע פירט די אַרעסטאַנטן אַרויס אין הויף אַף אַ שפּאַציר, אַף אַרבעט, געפינט מען אַ מינוט, מע זאָל זיך דורכוואַרפן מיט אַ פּאָר ווערטער. מע שרײַבט זיך דורך, מע קלאַפּט אין די ווענט. און אַזוי פּאַוואָלינקע סקאָמפּאַניירעוועט מען זיך... לעבעדיקע מענטשן. יונגע. אַט גיב אומיסטן אַ קוק, מיט וועלכע אויגן זיי קוקן איינער אַפן צווייטן.

— דו וועסט אויסטראַכטן...

— הער מיך בעסער אויס, אָקסאַנע, — האָט ער אַ ווונק געגעבן און אַ שמיץ געטאָן דאָס פערדל, — אַז עס וועט האַלטן באַ אַ כאַסענע, זאָלסטו מיך מיט שיפּרען ניט פאַרגעסן רופן. מײַן נאַרישע, דו וועסט זײַן דער ערשטער גאַסט! איך וואָלט פון אַזאַ קאַלע פּאָר מײַן טאַראַסן זיך ניט אָפּגעזאָגט.

— ער, דאַכט זיך, אויך ניט. האַלעווײַ האַלט מען שוין דערבײַ!

דער פעטער שיקע האָט געלאָזט דאָס פערדל אַליין און צוגעגאַנגען צו זאַלמענען, וואָס האָט געשפּאַנט, אַרומגענומען מיט דער מוטער.

שיפּרע האָט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן די טרערן, קוקנדיק אַף איר זון.

שיקע האָט אָפּגערוקט שיפּרען, גענומען אונטער דער האַנט דעם באָכער און געזאָגט:

— שיפּרע־לעבן, לאָז מיך זיך אַ ביסל דורכריידן מיט זאַלמענקען! איך דאַרף באַ אים עפּעס פרעגן.

— טשעפּע אים איצט ניט! זעסט ניט, ער איז מיד. אין דער היים וועסטו מיט אים ריידן.

— דאָרט — אַכוץ! און דו הער אוף צו וויינען, שיפּרע. אַז דער זון איז געזעסן אין טורמע, האָסטו געוויינט; אַז ער איז אַף דער פרײַ, וויינסטו ווײַטער. אײַ, ווײַבער, ווײַבער, פונוואַנען נעמען זיך באַ אײַך אַזויפיל טרערן?

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר אַנטקעגן, פון דער בריק, איז געלאָפן אַ פּאַר־פּאַליעטע, אַ צעשײַנטע די מומע נאַסטיע אינעם ווײַסן כאַלאַט. זי איז געווען אַזוי צעשטרייט, אַז זי האָט ניט באַמערקט די געסט, און אויסגעשריגן:

— ווו איז אהינגעקומען שיקע מיטן פערדל?
— שאַ, וואָס שרײַסטו אַזוי, נאַסטיע, וואָס איז געשען? — איז צוגעלאָפן צו איר אָקסאַנע.
— איך וויל, ער זאָל גלײַך פאָרן קיין ליובאַוויטש איבערגעבן פיליפן אַ גוטע בסורע! זײַן ווײַב, בערטע, האָט אים געבוירן אַ מיידל! מע דאַרף פאָרן אין טורמע אים איבערגעבן...
— וואָס פאַר אַ טורמע? זאָלן אונדזערע סאָנים זיצן אין די טורמעס, און מיר זאָלן זײַן אויף דער פרײַ! — האָט שיקע איבערגעשריגן דעם טומל. — אָט איז ער דאָ, פיליפּ... איך פיר אים גלײַך צו דער געווינערן. היי, פיליפּ, וואָס באַהאַלטסטו זיך? מאַזלטאָוו!

## אַ כאַסענע מיט קלעזמער

די גאַנצע וואָך האָט אין יישעוו און אינעם גאַנצן אַרום געהערשט אַ יאָמטעוודיקע שטימונג. שוין לאַנג האָט מען זיך אַזוי ניט געפרייט.

אפילע דער האַרבסט האָט אויך אויסגעזען יאָמטעוודיק. טאָמיד אין דער שפעטער אָסיען־צײַט האָבן געגאָסן רעגנס, געבושעוועט ווינטן. נאָר איצט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער זומער האָט זיך אַהער אָפּסנײַ אומגעקערט און געוואָלט דערוואַרעמען די מענטשן.

אַ קלייניקייט אויסצורײדן — מע איז פּאַטער געוואָרן פון די באַלעבאַטים! אויף די באַציקקן האָט מען אויסגעוויילט רעווקאָמען און זיך צוביסלעך געגומען צו דער אַרבעט. שעליכים זײַנען געגאַן קיין ליובאַוויטש און סטאַניסלאַוו זיך אײַצענען, וואָס דאַרף מען טאָן, וויאַזוי דאַרף מען אײַנשטעלן אָרדענונג, וויאַזוי דאַרף מען אופשטעלן די באַלעבאַטישקײַט, עפענען שולן, מע זאָל קענען לערנען די קינדער אוקראַיניש, פּויליש, יידיש.

דערוויל האָט יעדערער געטאָן, וואָס עס האָט זיך געוואָלט.

די שטימונג אין יישעוו איז געווען אַ געהייבענע. דאָס, וואָס די אַרעסטירטע האָבן זיך אומגעקערט, האָט אַרײַנגעטראָגן אין דעם גאַנצן לעבן אַ נײַעם שטראָם.

מע האָט דאָ שוין לאַנג ניט געפּראַוועט קיין מאַלצײַטן, נאָר אַלע האָבן שוין געוווסט, אַז אין די נאָענטע טעג וועט מען דאָ אָפּשפּילן די ערשטע כאַסענע. נאָך גרויסע שטרײַטן מיטן פּאַטער האָט סטעפע אים דערוויזן, אַז כאָטש זי קען ווייניק טאַראַסן, האָט זי אים ליב און וועט מיט אים פאַרבינדן איר גוירל.

שווער איז געווען באַ קאַזימיר קרושינסקין אויפן האַרצן. אים האָט זיך ניט געגלייבט, אַז די טאָכטער וועט אים אויף דער עלטער פאַרלאָזן, נאָר ער האָט שוין געזען, אַז די טורמע האָט זי אינגאַנצן געענדערט, און געענדערט האָט זי דעריקער דאָס, וואָס זי האָט זיך באַגעגנט מיט אָט דעם באָכער.

אָנהייבן אויף דער עלטער אַ קריג מיט דער אײנציקער טאָכטער האָט ער ניט געוואָלט. און ער האָט באַשטימט, אַז דאָס איז אַ גאָט־זאַך, ער וועט זיך מוזן אונטערגעבן.

שיפרע מאַרקוס איז מעקאַנע געווען דער גליקלעכער שכיינע. איר זאַלמען טראַכט נאָך עפּעס ניט וועגן אַ קאַלע. ער האָט עפּשער באַשטימט בלײַבן אַן אַלטער באָכער? וואָס זשע, ער איז עפּעס אַ הינקעדיקער שנײַדער? אַזאַ שיינער באָכער זאָל זיך ניט אָפּזוכן זײַן פּאָר?

שיקע קושניר האָט ניט איין מאָל פאַר די לעצטע טעג געהערט, ווי זײַן שיפרע קלאָגט זיך אויף איר גוירל.

— הער מיך אויס, טײַערע, — האָט ער זי געטרייסט, — דו זאָרג זיך ניט פאַר אים! ער וועט זיך זײַן שטעטל באַשטיין. ווערדליק און פאַדליק איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל געזען שפּאַצירן מיט רייזל קרופּניק, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער וועט פון זײַן גוטנברודער טאַראַסן ניט אָפּשטיין.

— וואָס פאַר אַ רייזל קרופּניק? וואָס בעבעסטו? — האָט שיפרע אויסגעשטעלט אויף שיקען אַ פּאָר צעטומלטע אויגן.

— ערשטנס, בעבע איך ניט, נאָר איך רעד, — האָט רויִק געענטפערט שיקע, — צווייטנס, זאָג איך עס דיר בעסאָד־סוידעס. אויב דו וועסט מיך גוט אַ בעט טאָן, וועל איך דיר אויך דערציילן.

— איך בעט דיך, דערצייל! — האָט זי אים אָנגענומען באַ דער האַנט. — נעם ניט אַרויס די נעשאָמע. איצט איז געוואָרן אַזאַ צײַט, אַז די מאַמע דערוויסט זיך די לעצטע.

— וואָס איז דיר די נאַפקעמינע? אויף דער כאַסענע וועט ער דיך רופן! און איך מיין, אַז אָפן בריס אויך.

— נו, נו, אַן עק זאָל דאָס נעמען. דערצייל שוין גיכער!

— איז הער מיט קאָפּ, שיפּרע. סטעפּע האָט א כאַווערטע — מע ווױנט בישכײנעס דאָרטן ניט ווײַט פונעם קאַסטיאָל. און דאָס מײדל דאַרפסטו קענען. יענעם כּוידעש, ווען מיר זײַנען געפאָרן קײן ליובאָוויטש צו דער טורמע און פאַן קרושינסקי איז געלעגן צו בעט, איז מיט אונדז געפאָרן א שווארצכײנעוודיק מײדל מיט גוטע שווארצע אויגן, לאַנגע צווײ צעפּ ביז די פּיאַטעס, מיט כײנגריבלעך אויף די באַקן. געדענקסט דאָס מײדל? איז אָט, דאַכט מיר, אַז אין די לאַנגע צעפּ און אין די כײנגריבלעך האָט זיך אונדזער זאַלמען פאַרפּלאָנטערט, און מע איז שוין, דאַכט מיר, אַרײַנגעפאָרן גאַנץ ווײַט.

— דו האָסט דאָך געזאָגט, שיקע, אַז זי איז א שעמעוודיקע.

— נו, איז וואָס, אויב א שעמעוודיקע, גײען קאַטשקעס באָרוועס און גענדז אָן פּלודערן? אָט די שעמעוודיקע, אַז זײ זעען א באָכער, וואָס געפעלט זײ, זײַנען גאָפּערלעכער פון אַלע מײדלעך פלוידערזעק. דו מעגסט מיר גלײבן, שיפּרע, דו ביסט, דאַכט מיר, אויך געווען א שעמעוודיקע, ביסטו מיר טאַקע פון לאַנג געפעלן געוואָרן, און איך האָב דיך גענומען פאַר א ווײַב.

— ווידער מיט דײַנע שטיק! — האָט שיפּרע זיך צעבײזערט. — זאָג שוין גיכער, וואָס בעבעסטו?

— איך האָב דיר געוואָלט דערצײלן בעסאָד־סוידעס אַלץ גענוי, מיט אַלע פּישטשעווקעס, וועל איך דאָס מאַכן בעקיצער: זי איז אים געפעלן.

— נאָר וואָס הײסט, ער זאָגט מיר ניט? איך בין ניט קײן מאַמע?

— שיפּרע, טײַערינקע, דו זעסט ניט, ווי ער איז פאַרנומען? ער מיט טאַראַסן זײַנען אין קאָמיטעט, און אין פאַרײן, און אין דער אַרבעטער־קאַסע, און מע איז טאָג ווי נאַכט פאַרהאַר־וועט, דערצו נאָך טאָר מען ניט פאַרגעסן די קאַלעס...

דער פּעטער שיקע איז געשטאַנען, אַנגעקוקט שיפּרען מיט א שמײכל און צוגעגעבן:

— וואָס טראַכסטו, נאַרעלע! מע דאַרף די קינדער אָפּגעבן מאַזלטאָוו, און זאָל זײַן מיט גליק!

דערווײַל האָבן אָקסאַנע מיט שיפּרען זיך געערגערט. געוויס האָבן זײערע זין פאַרדינט, מע זאָל זײ פּראַווען שײנע כאַסענעס, גוטע סודעס, נאָר וואָס קאָן מען מאַכן, אַז מע האָט ניט קײן צײַט צו וואַרטן. האָט מען זיך אויסגעשטעלט און צוגעגרײט דאָס, וואָס מע האָט גע־קענט. נאָך א גליק, וואָס פיליפּ האָט צוגעגרײט א פעסל מעכײַעדיקן ווײַן — אין די קראָמען איז געווען פּוסט.

אָבער אומזיסט האָט מען זיך געזאָרגט.

לאָזט זיך אויס, אַז די אַרומיקע שכײנים פון יישעוו האָבן זיך אויך געגרײט, און פאַר־נאַכט האָט מען צונויפגעטראָגן, וואָס יעדערער האָט געקאָנט. אַלץ, וואָס איז געווען, האָט מען אַרויסגעשטעלט אויף די טישן, צעעפנט די טירן און אָנגעהויבן די סודע.

דער אוילעם איז געווען העכסט צופרידן, וואָס סטעפּעס פאָטער, קאַזימיר קרושינסקי, איז געקומען אויף דער סימכע, כאָטש אײניקע האָבן געמײנט, אַז ער וועט ניט קומען. מע איז אים מויכל געווען זײַן אַקשאָנעס און באַזעצט אים אויבנאָן.

באַנאַנד מיטן לערער האָט אָקסאַנע אוועקגעזעצט דעם פּעטער שיקע. ער האָט זיך גע־קווענקלט:

— וואָס רעדסטו, אָקסאַנע, וואָס פאַר א מעכוטן בין איך? נישקאָשע, זעצט זיך איר מיט שיפּרען, און איך — באַ דער זײַט.

נאָר דאָ האָט זיך שוין אײַנגעאַקשנט אָקסאַנע:

— נײן, נײן, שיקע! איך ווײס, וואָס איך טו! — האָט זי געזאָגט מיט אַקשאָנעס. — סײַ מײַן טאַראַס, סײַ זאַלמען האָבן פרי פאַרלוירן די פאָטערס זײערע, און דו האָסט זײ פאַרביטן א טאַטן. אין די ערגסטע צײַטן האָסטו די קינדער ניט פאַרלאָזט, געווען זײ געטרײַ, ווי אן אײ־גענער פאָטער, האָסט זײ אויסגעלערנט אַרבעטן, לעבן, זײַן מענטשן. ווײַל איך, אויף אַזאַ סימכע זאָלסטו זײ אויך פאַרבײַטן א פאָטער. איז בעט איך דיך — זאָג ניט אָפּ!

א פאַרפּוצטער אין זײַן יאָמטעוודיקן רעקל, מיט א שניפּס, וואָס האָט אים געשטיקט, האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויבנאָן.

דער פּעטער שיקע קושניר האָט זיך געפילט ניט אינגאַנצן פרײַ לעבן אַלטן לערער. אָבער ווען ער האָט צוזאַמען מיט אַלעמען אויסגעטרונקען פאַרן געזונט פון די יונגע, איז אים גע־וואָרן עפּעס געראַמער און לײַכטער.

— טײַערע קינדער! — האָט זיך אָנגערופן קאַזימיר קרושינסקי, אופהײבנדיק זיך מיטן קאָס אין דער האַנט. — אונדזערע קינדער, זײַט גליקלעך...

— נו, מיילע, נו! אבי מע לעבט, איז כאַפּט עס דער רועך! זיך דערלעבט, די כעוורע מײַנע זאָלן כאַסענע האָבן, — האָט געזאָגט שיקע און, ווענדנדיק זיך צו סטעפּען און רײַזלען, פאַרגעזעצט: — פאַרגעדענקט, קורנאָסע, וואָס איך וועל אײַך זאָגן. איר באַקומט גאָלדענע באַכערים, גוטע אַרבעטאָרער, מענטשן מיט סאַוועסט, וואָס פאַרן עמעס גייען זיי זיך שלאָגן ביזן בלוט! איז זאָלט איר זיי ניט מעוויַיעש זײַן, איר זאָלט זיי אָפּהיטן. און איך ווינטש אײַך גליק, פרייד און א טוץ קינדערלעך! לאָמיר אַלע גיין אַף כאַסענעס, און אונדזערע סאָנים — אַף קוליעס! קינדער, אַנו, נעמט זיך פאַר די הענט, און לאָמיר זיך דערמאָנען די אַמאָליקע צײַטן, ווען מיר זײַנען געוועזן ייִנגער מיט א מיטוואָך! זשאַלעוועט ניט די אָפּצאַסן, און העכער די פיס! איר זעט, אָקסאַנע, שיפרע, איר האָט מירע געהאַט, אז עס וועט באַ אונדז זײַן אַן אָרעמע כאַסענע... אַלע סאָנים אַף צולאָכעס, וועלן מיר טאַנצן! מירן הוליען אַף סימכעס, און אונדזערע סאָנים וועלן פּלאַצן פון קינע. פאַן קרושינסקי, שעמט זיך ניט. טרײַבט אַוועק פון זיך די מאַרעשכוירע און פרייט זיך. פאָלגט מיך, פרייד העלפט בעסער אַפילע פון גרעסטן דאָקטער.

ביז טאָג האָט מען געהוליעט, געזונגען, געטאַנצט. ווי נאָר די ערשטע שטראַלן האָבן א שפּאַר געטאָן פון יענער זײַט וואַלד, איז מען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

בלויז אָקסאַנע מיט שיפרען האָבן זיך געפּאָרעט, געבראַכט אין אָרדענונג די שטוב, ווײַל מע האָט געוווּסט, אז ווי נאָר דער אוילעם וועט זיך אָפּרוען, וועט מען ווידער קומען.

געכאַפּט די עמער, איז אָקסאַנע אַרויסגעגאַנגען צו דער קרענעצע נאָך פרישער וואַסער.

דער ייִשעוו איז געלעגן אין טיפן שלאָף, נאָר ערגעץ אין די בערג האָט אַן אַקשנטע א קוקאַווע אויסגעציילט עמעצן זײַנע יאָר.

פאַריכט די צעפּאַטלטע האָר, האָט אָקסאַנע אַראָפּגעלאָזט דעם עמער אין קרענעצע, געגעבן דריייען דעם קאָרב און דערהערט טריט.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער פאָרטקע און זיך אײַנגעקוקט אין יענער ריכטונג, וואָס לויפט אַוועק אין דער גרויסער וועלט, און דערזען א סאָלדאַט אַף קוליעס.

ער איז געשפּרונגען איבערן ברוקירטן וועג. אָקסאַנע האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אַף דעם אומגליקלעכן מענטשן, וואָס האָט פונדערווײַטנס אויסגעזען, ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל.

אָקסאַנע ווייסט ניט, וויפל זי איז אַזוי געשטאַנען, אָנגעשפּאַרט אין דער קאַליטקע, און געקוקט אַפן אומבאַקאַנטן סאָלדאַט, נאָר מיטאַמאָל עפּעס דערפילט, ווי דאָס האַרץ אירס ווערט פאַרקלעמט, טרערן האָבן געגומען שטיקן איר האַלדז. זי האָט געוואָלט שרײַען, רופן, נאָר דאָס לאָשן האָט באַ איר ווי אָפּגענומען. זי האָט קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— גאַטעניו, ליבער, מײַן זון ראָמאַן!

געעפנט די קאַליטקע, אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן, האָט זי זיך בעסער אײַנגעקוקט אינעם פאַרוואַקסענעם, פאַרמאַטערטן און פאַרשטויבטן סאָלדאַט און ווי ניט מיט איר שטים אויסגעשריִען:

— ראָמאַן, ראָמאַנציו, מײַן זון!

און ניט פילנדיק די ערד אונטער זיך, געלאָזט זיך צו אים.

אָקסאַנע האָט געוויינט, געיאָמערט, קושנדיק זײַן פאַרוואַקסן, פאַרשטויבט פּאָנעם, אים געדריקט אין אירע אָרעמס.

פון די שכײנישע שטיבער זײַנען אַרויסגעלאָפן דערשראָקענע מענטשן, געקוקט אַף דעם אומבאַקאַנטן קאַליקע, אַף אָקסאַנען. פאַרזיכטיק, מיט פּאַכעד צוגעגאַנגען נעענטער.

— פון רוסלאַנד. ער איז אַרײַנגעפאַלן אין פּלען. געלעגן דאָרטן אין גאָספּיטאַל... אָן א פוס געקומען אַהיים...

— דאַנקען גאָט, וואָס ער איז כאָטש אַזאַ געקומען! איך וואָלט געוועגן גליקלעך, ווען מײַנער קומט. זאָל זײַן אַף מיליצעס, נאָר א לעבעדיקער.

— אָקסאַנע האָט נאָך א שטיקל מאַזל. דער זון איז געקומען.

— פון רוסלאַנד? פונעם פּלען?

— א סאַך וועלן זיך אומקערן, ווער עס איז צו די רוסן אַרײַנגעפאַלן אין פּלען. דאָרטן איז א רעוואָליוציע. מע באַפרײַט אַלע געפאַנגענע.

— זע נאָר, און אַזאַ ווײַטן וועג זיך געשלעפּט אַהער!

— וואָס זשע, די היים ציט צו זיך, ווי א מאַגנעט.

אָקסאַנע און די שכײנים האָבן געהאָוועט אַרום דעם גאַסט. מע האָט געבראַכט וואַסער, זייף, א האַנטעך, אַראָפּגעשלעפּט פון ראָמאַנען די שינעל, דאָס סאָלדאַטישע זעקל, געהאָלפן

אים זיך ארומוואַשן, זיך איבערטאָן. דער פעטער שיקע האָט אַרויסגעטראָגן זײַן גאָלמעסער מיטן פענדזל, באַזעצט דעם גאַסט אַף אַ קלאָץ.

— נו, ברודערקע ראַמאַן, איצט ביסטו אַרײַנגעפאַלן אין אונדזער פּלען, אַלץ וועט זײַן גוט! — שיקע קושניר האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און אַ פּראָווע געטאָן דאָס גאָלמעסער אַף זײַן רימען: — דו האָסט אַ סאָלדאַטישן ניגון, ראַמאַן! האָסט געוווּסט ווען צו קומען — צו דער כאַסענע פון דײַן טאָראַסן. דו האָסט אַ קאַפּעלע פּאַרשפּעקטיק, נאָר עס מאַכט ניט אויס! עפּעס וואָס האָבן מיר איבערגעלאָזט. דו, ברודערקע, דערציילן, ווי האָסטו זיך אַרויסגעדרייט פונעם מאַלכאַמאָוועס.

ראַמאַן קראַווטשוקס פאַרברוינט פּאָנעם איז זיך צעפלאָסן אין אַ שמייכל:

— זעט אויס, דאָס סאָלדאַטסקע מאַזל האָט מיך ניט פאַרלאָזט. איך בין געלעגן אַ פאַרוווּנדעטער אין דער טווּוע און זיך שוין געזעגנט מיטן לעבן. דערהערט רייד און דערזען צוויי רוסישע סאַניטאַרן מיט אַ טראַגבעטל. גוטע כעוורע געווען. מע איז צוגעגאַנגען, גענומען מיך איבערבינדן און אַרויסגעטראָגן אין אַ יאַר. גאַנצפרי האָט מען מיך אַף אַ פורגאָן צוזאַמען מיט עטלעכע רוסישע פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן אַוועקגעפירט אַף דער סטאַנציע. מע האָט זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַ נאַפּטלער פון ראַפּײַעווקער נאַפּט־באַצירקן, האָט מען מיך אַוועקגעטראָגן אין סאַניטאַר־צוג און אָפּגעפירט אין אַ גאָספּיטאַל אַזש קיין קיִעוו. דאָ איז מיר געוואָרן ערגער, און מע האָט אַראָפּגענומען אײַן פוס... נו, און אַז די אַרבעטער האָבן דאָרטן פאַרכאַפּט די מאַכט, האָט מען אונדזערע גאַליציאַנער סאָלדאַטן אָפּגעפירט צו דער גרענעץ און געזאָגט, מע זאָל זיי ניט דערמאָנען צו קיין שלעכטס, און אַנטשולדיקן, אויב עפּעס איז געווען ניט אַזוי... נאָר וואָס הייסט — ניט אַזוי, אַז די טײַערע מענטשן האָבן אונדז פון טויט אַרויסגעריסן. נו, איצט בין איך שוין מיט אײַך. ווען איר ווייסט, ווי עס האָט געצויגן אַהיים!

— יאַ, ראַמאַנציו, האָסט געטאָן, ווי אַ כאַכעם, וואָס דו ביסט געקומען. מיר דאַרפן דיך דאָ האָבן, ווי דאָס לעבן. ביסטו, הייסט עס, געווען דאָרטן אין רוסלאַנד, בא דער סאָוועטסקע וולאַסט? בא די באָלשעוויקעס? — האָט איבערגעשלאָגן דער פעטער שיקע קושניר. — איז טאַקע עמעס, אַז מע האָט דאָרט אַרויסגעטריבן די בורזשואַזיע, און די אַרבעטער זײַנען געוואָרן די באַלעבאַטים? האָסטו עפּשער געזען לענינען, דעם עלטסטן פון דער רעוואָליוציע? וואָס זשע שווײַגסטו?

אַן אָפּגעגאָלטער און אַן אויסגעוואַשענער, האָט ראַמאַן אויסגעזען פיל ייִנגער. עמעס, די טיפע קנייטשן האָבן אים געעלטערט, די טונקעלע אויגן האָבן געברענט מיט אַ מאָדנעם גלאַנץ, ווי אין די אויגן וואָלטן געווען פאַרטײַעט אַלע צאָרעס פון דער אָקאָרשט פאַרענדיקטער מילכאָמע.

ראַמאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אָנגערופן:

— ניין, לענינען האָב איך ניט געזען. ער לעבט אין פּעטראָגראַד. נאָר געהערט האָב איך וועגן אים אַ סאַך. איך ווייס, אַז ער האָט לאַנגע יאָרן זיך געוואָלגערט אין די טורמעס, זיך געמוטשעט, נאָר פאַרן גליק פונעם פאָלק זיך געשלאָגן ביזן לעצטן! וואָלט איך ניט געווען אַף קוליעס, וואָלט איך זיך קיין פּעטראָגראַד דערקליבן צו לענינען. נאָר איר זעט דאָך, אַז מיט אָט די שטעקלעך קאָן מען ווײַט ניט פאַרפאָרן. זיך קוים דערשלעפּט אַהיים. איך בין שוין עטלעכע מאָל געווען מיט אַ פוס אַף יענער־וועלט. לענינען האָב איך ניט געזען, נאָר די ראַטנמאַכט אין ראַסיי האָב איך געזען... דאָס פאָלק איז אויפגעוואַכט געוואָרן און בויט אַליין דאָס לעבן אָן בורזשויעס, אָן פּריצים!

די אַרומיקע האָבן אָנגעשטרענגט געהערט און אים מעקאַנע געווען, וואָס ער האָט מיט זײַנע אויגן געזען, וואָס איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד, אַף אוקראַיִנע.

— אוי, גאָטעניו, ווען וועט שוין בא אונדז זײַן ווי דאָרטן? — האָט אָקסאַנע זיך אָנגערופן. — אַראָפּגעוואָרפן די באַלעבאַטים האָבן מיר, נאָר וווּ מיר זײַנען אין דער וועלט, ווייסן מיר נאָך אַלץ ניט.

— קינדער, — האָט אויסגעשריגן שיקע קושניר, — וואָס זשע, איר ווייסט דען ניט, אַז פאַרן עסן גייט קיין טאַנץ ניט? דער מענטש איז דאָך הונגעריק, ווי אַ וואָלף. שיפּרע, אָקסאַנע, סטעפע, רייזל, וואָס שטייט איר? אַנו, דערלאַנגט עפּעס צום טיש, און איך וועל לויפן רופן דעם דאָקטער סוכאַדאָלן! ער קער נאָך פאַרמאָגן אַ פלעשל מאַשקע... צוליב אַזאַ טײַערן גאַסט, ווי ראַמאַן, וואָס איז געקומען אַזש פון רוסלאַנד, קומט דאָך געוויס אויסצוטרינקען.

די פרויען האָבן זיך געלאָזט אין שטוב. בייס זיי האָבן געגרייט צום טיש און געשטעלט דאָס, וואָס איז איבערגעבליבן פון דער כאַסענע, האָט דער אוילעם ניט אַרויסגעלאָזט פון זייער קרײַז דעם גאַסט און אים אַלץ אויסגעפרעגט וועגן רוסלאַנד.

דעם פעטער שיקען האָט מען ווידער באַזעצט אויבנאָן באַנאַנד מיטן פאַן קרושינסקי. און ווען ער האָט אויסגעטרונקען פאַרן געזונט פונעם גאַסט און דערפּאַר, די סאָוועטסקע וולאַסט זאָל קומען אויך אַהער, קיין גאַליציע, איז שיקע געוואָרן גאָר צעהיצט.

— נו, קינדער, איר ווייסט דאָך, אַז ווען איך זאָג עפּעס, מוז עס מעקיים ווערן. אַזוי פירט זיך דאָס לעבן אַף דער זינדיקער ערד: אַז עס גייט, גייט עס! נאָר אַז עס שטעלט זיך אָפּ, ווייסטו עס אַפילע מיט זיבן בײַטשן ניט רירן פונעם אָרט! זייער לאַנג זײַנען בא אונדז אין יישעוו קיין סימכעס ניט געווען. איצט איז אוועק בא אונדז אַ סעדרע — סימכעס! מיר האָבן אַ שפּאָגל־נײַע סימכע — ראָמאַן האָט זיך אומגעקערט צו אונדז! איך האָב שוין, דאַרף איך אײַך זאָגן, אַ גוטע פּראַקטיקע, און אַזוי איז עס פון טאָמיד אָן. טרעפט אַ צָאָרע, אַן אומגליק, איז צעעפן ברייטער טיר־און־טויער — דער אומגליק וועט ברענגען נײַעס! הייבט זיך אָן אַ יאָמטעוו — ווילן אַוועקגיין יאָמטוווים! אונדזער ראָמאַן האָט אונדז געבראַכט פון רוס־לאַנד גוטע בסורעס — ווער, דאַכט מיר, אויך דאָ זײַן גוט און פֿײַן. דאָס טראַכט ניט אויס שיקע קושניר פונעם קאָפּ. אַזוי פירט זיך די וועלט, איר ווערט מײַנע ווערטער דערמאָנען.

אַלע האָבן געגלייבט, אַז עס וועט ווערן גוט און לײַטיש אויך דאָ, אין דעם פּאַרוואָר־פענעם קאַנט, וואָס האָט זיך פאַרקוקט מיט זײַנע נאַפט־טורעמס אין דער סאַמע געדיכטעניש פון די גרינע קאַרפּאַטן.

## אַף לעבן און אַף טויט

שיקע קושנירס ווערטער האָבן דערוואָרעמט די מענטשן, אָבער ניט אַף לאַנג. און דאָס איז געווען, דאַכט זיך, דאָס ערשטע מאָל, ווען דער נאָווי האָט אָפּגענאַרט! אַלץ איז געווען פונקט קאַפּויר.

— אַזוי באַקומט זיך שטענדיק, — האָט פאַרדײַגעט געזאָגט זאַלמען מאַרקוס. — שוין אַזוי־פיל יאָר וואַרטן מענטשן אַף מאָשיעכן, און ווען עס דאַכט זיך, אַז ער איז שוין נאָענט, יאָגט אים אַריבער דער טײַוול און קומט אַרײַן דער ערשטער.

אַהער, אין די שטעט און דערפער פון גאַליציע, האָבן זיך אַרײַנגעריסן פּוילישע לעגיאָ־נערן. זיי האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט.

עס זײַנען אַראָפּגעקומען נײַע אונטערנעמער און פאַרנומען די געבײַדעס פון די געווע־זענע פירמעס. פּוילישע קאַפּיטאַליסטן האָבן פאַרפלייצט די באַצירקן.

אין דער באַגלייטונג פון מאַכנעס לעגיאָנערן האָבן זיי אײַנגעשטעלט אַ נײַע אָרדענונג. אַ שוואַרצע נאַכט האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט איבער די קאַרפּאַטן. אומעטום זײַנען געגאַנגען אַרעסטן, עקזעקוציעס. עס האָט זיך געגאָסן אומשולדיק בלוט.

אומבאַמערקט איז אַרײַנגעפאָרן דער ווינטער מיט זײַנע אַכזאָריעסדיקע פרעסט און זאַ־ווייען.

אין די געוועלבן איז געווען פּוסט, ווי עס וואָלט זיך דאָ דורכגעטראָגן אַ ווירבער פון הײַ־שעריקן און אַלץ פאַרניכטעט. עס איז ניט געווען וואָס צו עסן. דער יאָקרעס איז געוואַקסן. און פאַר די נישטיקע זלאָטעס, וואָס מע האָט באַקומען פאַר דער אַרבעט, האָט מען ניט גע־קאָנט אָנהאָדעווען די ווײַבער מיט די קינדער.

די נײַע זשאַנדאַרמען, אַגענטן פון דעפענזיווע האָבן אין איינעם אַ טאָג צונויפגעטריבן די באַפעלער פון די אַרומיקע יישווים און געמאָלדן, אַז ווער עס וועט ניט אַרויסגיין צו דער אַרבעט, איז אַ סוינע פון דער פּוילישער מעלוכע. טויט־שטראָף וואַרט אָפּ יעדן איינעם, ווער עס וועט זיך פאַרנעמען מיט סאַבאָטאַזש, אַגיטאַציע, ווער ס'וועט שעדיקן די נאַפט־טורעמס.

די נאַפטלער זײַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט.

דער פעטער שיקע מיט זײַן געהילף פיליפּן זײַנען געקומען אָפּן באַצירק, אופגעעפנט די טירן פון דער קוזניע און צעבלאָזן דאָס פײַער אין האָרן. די הענט האָבן זיך צו גאָרניט ניט געלייגט. נאָר באַמערקט די נײַע אופזעער, וועלכע שפּירן נאָך, האָט מען שוין געמוזט עפּעס טאָן.

שיקע קושנירן איז שווער געווען צו דערקענען. ער האָט ווייניק גערעדט. פאַר אַן איבע־ריק וואָרט, האָט ער געוווסט, קאָן מען בא דער נײַער מאַכט טײַער באַצאָלן. האָט ער אויס־גערעדט דאָס האַרץ בלויז פאַר זײַן געהילף פיליפּן, פאַר זײַנע נאָענטע שכיינים און פרײַנט. נאָך דער כאַסענע האָט שיקע זיך שטאַרק באַפרײַנדעט מיטן לערער, סטופּעס פּאָטער. מע איז שאָענווײַז געזעסן בא קאַזימיר קרושינסקין אין סעדל, אונטער די ליפּעס, און געשפּילט

אין ביינדלעך, געטרונקען קאלטן קוואס, וואָס דער פאַן האָט אַזוי קונציק צוגעגרייט. נאָר מיטן קומען פון די פּוילישע לעגיאָנערן האָט דער שמיד בא זיך געפּויעלט, אַז ער האָט געפּאַטערט אַ גוטנפרײַנט און מיטשמועסער. ניט אַנדערש, ווי דער פאַן וועט זיך איצט פאַרבינדן מיט דער פּוילישער מאַכט און פאַרגעסן אין אים, שיקען, אין אַלע זײַנע נײַע קרוווים. נאָר דער פעטער שיקע איז געווען אויפן זיבעטן הימל, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז דער נײַער קאָמענדאַנט פון שטאָט האָט אים, קרושינסקין, אַרויסגערופן צו זיך, געהייסן אויסקלײַבן, וואָס פאַר אַ פּאָסטן ער וויל. מע האָט אים צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, דעם פאַן קרושינסקי, נאָר זאָל ער העלפן פענטען די בונטאַרישע כאַמעס, וואָס קוקן אין דער זײַט פון רוסלאַנד. אָבער יענער האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער וועט בעשום־אויפן ניט מיטאַרבעטן מיט די אָקופּאַנטן! ער וועט זיך קיינעם ניט פאַרקויפן. מיטן געוויסן האַנדלט ער ניט...

סטעפע האָט זיך אין קאָנטאָר, צו איר פרײַערדיקער אַרבעט, ניט אומגעקערט. ניט געקאָנט אָנקוקן די האָנאָרדיקע פּאַנעס, די נײַע געזעצגעבער, און זיך אײַנגעבעטן אַף אַרבעט אינעם ניי־וואַרשטאַט, ווו עס האָט געאַרבעט רייזל, זאַלמענס יונגע פרוי, און די שוויגער אירע, שיפרע.

— נישקאָשע, פאַן קאַזימיר, — האָט באַרויִקט שיקע קושניר, — דאָס טײַערסטע אין דער וועלט איז קאָוועד פון מענטשן. אַז מע קאָן מענטשן קוקן גלײַך אין די אויגן, דאָס איז טײַערער פון גאָלד! בעסער גיין אין אַן אָפּגעריבן רעקל, נאָר מיט ריינעם סאָוועסט, איידער אין בריליאַנטן און זײַן אַ פּאַסקודניאַק! מירן העלפן איינער דעם צווייטן, ווי מיר וועלן קאָנען, און ווי־ניט־איז איבערקומען די שווערע צײַט. און אַז עס וועט ווערן אַנדערש — זאָגט מיר אונטער מײַן האַרץ.

פאַן קרושינסקי האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, זעענדיק, וואָס עס טוען די נײַע באַלעבאַטים.

אַלע טאָג איז דער אַלטער אין זײַן געקנייטשטן קאַפּעליוש מיטן אָפּגעריבענעם מאַנטל, מיטן שירעם אַף דער האַנט, געקומען אין קוזניע, זיך צוגעזעצט אַפן קלאָץ ניט ווײַט פונעם בלאָזזאַק און אַ פאַרדײַגעטער און דערשלאָגענער געקוקט, ווי שיקע און פיליפּ אַרבעטן.

אין איינעם אַזאַ פרימאָרגן, ווען דער לערער איז געשטאַנען אין זײַן געוויינלעכן הוילעך און צעבלאָזן מיטן בלאָזזאַק דאָס פײַער, זײַנען אַרײַנגעקומען צוויי זשאַנדאַרמען מיטן נײַעם דירעקטאָר פון די נאַפט־באַצירקן מיטן אַלטן דיקן פּאָליאַק פאַן בילקעוויטש.

ער האָט אָפּגעמאָסטן בייז דעם דרײַלינג, געזאָגט:

— אָט מיט וואָס עס פאַרנעמט זיך אַ פּוילישער לערער! און אַזוי טראַכט דער פאַן לעבן אויך ווײַטער?

פאַן קרושינסקי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— דאָס איז מײַן פּערזענלעכער איניען.

— דו מיינסט, אַז אין פּוילן האָסטו געבונטעוועט קעגן דער רעגירונג, וועט מען דיך דאָ אויך לאָזן פּלאַפּלען און אַראָפּפירן מענטשן פון גלײַכן וועג? — האָט דער דירעקטאָר געהעכערט די שטים. — איך פּרוּוועוו דיר קומען אַהער שטערן אַרבעטן, פאַרנעם זיך פונדאַנען. דאָ איז ניט דײַן אָרט... סאַראַ פרײַנט עס זײַנען זיך צונויפגעקומען! — האָט ער מיט ביטל אַ שמייכל געטאָן און אַ טיטשע געגעבן מיטן פינגער אַף שיקען: — ווער ביסטו? אַ זשיד?

דער פעטער שיקע האָט אַוועקגעלייגט דעם האַמער, אויסגעווישט מיטן אַרבל דעם שווייס אַפן פּאָנעם:

— איך וועל ניט דולדן קיין באַליידיקונגען!

דער פאַן דירעקטאָר האָט אַ שמייכל געטאָן אין די וואָנצעס און איבערגעפירט דעם בליק אַף פיליפּן.

— און דו ווער ביסט?

פיליפּ האָט אַ פּאָר מאָל אַ צי געטאָן דעם בלאָזזאַק און, קוקנדיק אין דער זײַט, אונטער דער נאָז אַרויסגעבראַכט:

— אַ מענטש... אַ דײַטש...

— זע נאָר, אַ גאַנצער אינטערנאַציאָנאַל, — האָט דער דירעקטאָר זיך צעלאַכט און אָפּגעמאָסטן מיט שפּאָט אַלע דרײַ.

אַ צעבייזערטער האָט ער זיך געלאָזט צו די נאַפט־באַצירקן.

שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, האָט דער לערער געזאָגט:

— אַזאַ כאַם! וווּנדערט זיך ניט. יעדער נאַציע האָט זיך אירע פּאַסקודעס. אָבער די גאַנצע נאַציע איז דערין ניט שולדיק.

ראַמאַן קראַוושוק איז געווען דערשיטערט פונעם געשעענעם. אים האָט זיך אַפילו ניט געכאַלעמט, אַז די פּוילישע לעגיאָנערן וועלן זיך אַזוי אַכזאַריעסדיק אַרײַנרײַסן אין זײַן קאַנט, ווו מע האָט שוין געגלייבט, אַז מע איז אַף שטענדיק פּאַטער געוואָרן פון די עקספּלואַטאַטאָרס. די אַרעסטן און אַבלאַוועס האָבן פּאַראַליזירט דאָס לעבן. ניט וויסנדיק פון קיין רו, האָט ראַמאַן געגנומען זוכן זײַנע כאַווירים, וועלכע זײַנען נאָך געבליבן אַף דער פרײַ. מ'האָט גע־דאַרפט אופשטעלן די פאַרבינדונג.

שפּעט באַנאַכט איז ער געזעסן מיט טאַראַסן און זאַלמענען, צוגויפגעשטעלט אַ ווענדונג צו די נאַפּטלער, מע זאָל זיך ניט אונטערגעבן און קעמפן מיט אַלע מעגלעכקײַטן קעגן די בלוטדורשטיקע פּוילישע לעגיאָנערן. די צײַטונגען און בראָשורן, וואָס זײַנען פריִער אַנגעקו־מען פון רוסלאַנד, האָט ער איבערגעטראָגן אין קעלער, זיי גוט באַהאַלטן. גייענדיק איבער די נאָענטע אַרבעטער־יִשוּווים מונטערן דעם אוילעם, מע זאָל ניט אַראָפּלאָזן די קעפּ, גלייבן אין דער צוקונפט, האָט ער מיט זיך פאַרכאַפּט עטלעכע.

ער האָט ניט געוווּסט פון קיין רו. די מוטער האָט זיך געבעטן בא אים, ער זאָל זיך אָפּ־היטן. די קוילער שפּירן אים נאָך, און עס קאָן זיך פאַר אים שלעכט ענדיקן. נאָר אים איבע־ריידן איז געווען אומעגלעך.

בייזע זאַווערוכעס האָבן זיך קאַרפּאַטן אין די פאַרדרייט און פאַרשאָטן אַלע וועגן און שטעגן. הורבעס שניי זײַנען אויסגעוואַקסן אַף די קרומע שליאַכן, פאַרשטעלט דעם וועג צו די נאַפט־טורעמס. דאָ און דאָרט האָט זיך אָפּגעשטעלט די באַוועגונג. נאָר דאָס אַלץ האָט ניט אָפּגעהאַלטן ראַמאַן קראַוושוקן. אומעטום, האָט ער געוווּסט, וואַרט מען אַף אים און אַף זײַן וואָרט. מע האָט געדאַרפט באַגעגענען די כאַווירים און זיך מיט זיי אייצענען, וואָס מע דאַרף איצט טאָן.

נאָר די פרעסט מיט די זאַווייען זײַנען אָבער געווען שטאַרקער פון אים, און ראַמאַן האָט זיך פאַרקילט און געפאַלן אינמיטן וועג.

מע האָט אים געבראַכט אַהיים, באַלייגט אַפן געלעגער. דער דאָקטער סוכאָדאָל האָט גע־זאָגט, אַז בא ראַמאַנען איז אַ לונגען־אָנצינדונג, אַז ער וועט לאַנג מוזן ליגן צו בעט. וואָס הייסט? ווי קאָן ער אין אַזאַ צײַט ליגן און זיך פעסטען אַפן געלעגער?

דער דאָקטער סוכאָדאָל האָט צעפירט מיט די הענט:

— איך קאָן ניט, מײַן טײַערער, דיך גלײַך שטעלן אַף די פיס. מוזסט ליגן...

און ראַמאַן איז געלעגן אין טיפן פיבער מיט הויכער היץ, און סוכאָדאָל מיט דער מומע נאַסטיע האָבן אים געגנומען ראַטעווען.

באַנאַכט, נאָך דעם, ווי דער פאָן דירעקטאָר איז זיך דורכגעגאַנגען איבער די באַצירקן און געלערנט די אַרבעטער העפלעכקײַט, וויאַזוי זיך פירן בענעגייען דער נײַער מאַכט, איז טאַראַס געקומען אַהיים און דערציילט דעם ברודער, וואָס עס טוט זיך אַרום, ווי מע שפּירט נאָך די אַרבעטער און, דעריקער, נאָך אים, ראַמאַנען. וואָס איז שײַעך אים זעלבסט און זאַל־מען מאַרקוסן, וועט מען נאָך זען, ער האָט זיך באַזונדערס באַמרוִקט פאַר ראַמאַנען, זיך מיט אים געהאַלטן אַן אייצע. אַ גאַנצע רײַ כאַווירים פונעם פראָפּאַריין האָט מען אײַנגעזעצט, און ווער ווייסט, צי וועט עס אויסמײַדן דעם ברודער. עפּשער וואָלט געווען אַ פלאַן, מע זאָל ראַמאַנען אַרויספירן אין די בערג, ער זאָל זיך פאַרקלײַבן אין אַ פאַרוואָרפן דערפל און זיך דאַרטן אויסבאַהאַלטן, ביז די שווערע צײַט וועט דורכגיין?

ראַמאַן איז געלעגן אַף דער קאַנאַפּע, קוקנדיק מיט די טיפע פאַרנעפּלטע אויגן אַף דער סטעליע, און געטראַכט. ער האָט גוט געפילט, אַז די געפאַר לויערט איבער אים. איבערגעפירט דעם בליק אַפן פאַרלוירענעם ברודער, האָט ער זיך מיט האַרץ אָנגערופן:

— הייסט עס, אַז איך דאַרף זיך באַהאַלטן? עפּשער ביסטו גערעכט. נאָר פון דער צווײ־טער זײַט, ברענט אין מיר דער פאַרדראָס, פאַרוואָס דאַרף איך זיך באַהאַלטן? איך האָב עמעצן באַגאַנוועט, באַרויבט? אַף מײַן לײַבלעכער ערד טאָר איך ניט לעבן, אָטעמען, זען, עס זאָל זײַן עמעס אַף דער ערד, מע זאָל אונדז ניט מוטשען.

— שאַ, ראַמאַן, שטילער, באַרוִק זיך. וועגט האָבן אויערן. עס איז געקומען אַ געפער־לעכע צײַט, — האָט איבערגעשלאָגן טאַראַס, — דו ביסט אוודע גערעכט, נאָר וואָס קאָנסטו מאַכן, אַז אַף גערעכטע גייט איצט אַ יאַגד. די לעגיאָנערן רײַסן שטיקער. זיי שטעלן אײַן זייער אָרדענונג...

...די גאַנצע נאַכט האָט ראַמאַן ניט געקאָנט צומאַכן קיין אויג. ער איז געווען אין קאַס אַף זיך אַליין, לעמײַ ער האָט זיך פאַרקילט און ליגט צוגעשמידט צום בעט.

אין שטוב זײַנען שוין לאַנג אַלע געשלאָפן, און ראַמאַן איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געטראַכט. אין קאָפּ האָבן זיך געראַיעט פאַרשיידענע פּלענער.

באגינען איז ער אײַנגעשלאָפן און אַפילו ניט געהערט, ווי טאַראַס און סטעפּע זײַנען אוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט. ער האָט אויך ניט געהערט, ווי פאַרבײַ די פענצטער זײַנען דורכגעגאַנגען דער פעטער שיקע קושניר און פיליפּ, זאַלמען און רײזל.

ראַמאַן קראַוושוק האָט זיך דערשראָקן אויפגעכאַפּט פון אַ שטאַרקן געדודער. געקומען צו־זיך, האָט ער דערזען אין שטוב עטלעכע זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן צעוואָרפן דאָס אָנטאָן, זיך געראַיעט אין דער שאַפע.

— פּסיא־קרעוו, אופשטיין! — האָט אויסגעשריגן אַ וווּקסיקער אָפיצער מיט אַ פּאָר גאַזלאַנישע אויגן און אַ פול מויל גאָלדענע ציין. — אופשטיין, כאַם!

— איך בעט ניט באַליידיקן! איר האָט קיין רעכט ניט, — האָט רויק געזאָגט ראַמאַן און אַראָפּגעלאָזט דעם פוס אַפן דיל.

— דו, באָלשעוויסטישע כּײַע! העפלעכקײַט פאָדערסטו? און אַ טליע איז פאַר דיר ווייניק? איך וועל דיר באַווײַזן!

עמעצער פון די זשאַנדאַרמען איז אונטערגעלאָפן און דערלאַנגט דעם אָפיצער עטלעכע ביכלעך, בלעטלעך... דורכגעלאָפן זיי מיט אַ שווערן בליק, האָט ער זיך פאַרקרימט:

— און דאָס וואָס איז? קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, איך וועל דיר!..

ער האָט גענומען שמײַסן מיט די ביכלעך ראַמאַנען איבערן פּנים. יענער איז קוים אײַנגעשטאַנען אויף זײַנע מיליצעס. צוגעשפּאַרט זיך צו דער וואַנט מיט דער פּלייצע, האָט ראַמאַן מיט די לעצטע קויכעס פאַרהויבן אַ קוליע און זי אַראָפּגעלאָזט איבערן אָפיצערס קאָפּ.

די ביכלעך זײַנען אַרויסגעפאַלן פון זײַנע הענט, ער האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט און אַ פאַל געטאָן אויפן דיל, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט.

די זשאַנדאַרמען האָבן גענומען מינטערן זייער נאַטשאַלניק. צוויי אַנדערע האָבן פאַרדרייט ראַמאַנען די הענט און גענומען אים בינדן מיט אַ שטריק.

— וואַרט, פּסיא־קרעוו, אויב דער פּאַן קאַפּיטאַן פּיאַנטעק וועט שטאַרבן, — האָט געזאָגט אַ קלײנוווּקסיקער זשאַנדאַרם מיט אַ לאַנגער שינעל, — וועלן מיר פון דיר אָפּשינדן די הויט.

ראַמאַנען האָט שוין ניט געאַרט, וואָס מע וועט טאָן מיט אים. קוקנדיק אויפן צעמאַזיקטן אָפיצער אויפן פּאַן פּיאַנטעק, אויף זײַן פאַרבלוטיקטער צורע, האָט ראַמאַן געפילט, ווי עס איז אים געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן.

אָקסאַנע, וואָס איז געגאַן אין אַפּטייק, האָט זיך פון אַ שכנה דערוווּסט, וואָס פאַרא געסט עס זײַנען בײַ איר אין שטוב, און אָן אַ נעשאָמע זיך געלאָזט לויפן אהיים. דערזען, ווי מע טרײַבט דעם זון, איז זי צוגעלאָפן צו אים מיט אַ געיאָמער, אים אַרומגעכאַפּט, נאָר די זשאַנדאַרמען האָבן זי אָפּגעשלײַדערט.

— ראָצבים, באַנדיטן, וווּהין שלעפּט איר מײַן זון? איר זעט ניט, ער איז טויט־קראַנק! וווּהין שלעפּט איר אים?

איר געיאָמער און די גוואַלדן האָבן אופגעהויבן דעם גאַנצן ייִשעוו. קינד־און־קייט איז אַרויס אויף דער גאַס.

אָקסאַנע האָט אָפּגעזוכט מיט די אויגן דעם עלטסטן, צוגעלאָפן צו אים, געוואָלט פאַלן פאַר די פיס, ער זאָל ניט טשעפּען ראַמאַנען, נאָר איבערגעכאַפּט ראַמאַנס בליק האָט זי זיך אָפּגעשטעלט:

— מאַמציו, באַ וועמען בעטסטו? פאַר וועמען דערנידעריקסטו זיך?

זײַנע ווערטער האָבן זי עטוואָס באַרויִקט, און זי איז אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט.

## די געשיכטע כאַזערט זיך איבער

זיי זײַנען געוווּן דערשיטערט, דערוויסנדיק זיך, ווי אַזוי די זשאַנדאַרמען און דער פּאָליציי־שעף פּיאַנטעק האָבן אַראָפּגעריסן פון קראַנקן בעט ראַמאַנען, אים אַכזאָריעסדיק צעשלאָגן און אוועקגעשלעפּט אין טורמע.

טאַראַס האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. ער האָט געוואָלט די מינוט וואַרפן די אַרבעט און אַוועקלויפן אין קעלער, אויסגראָבן די ביקסן, וואָס ער מיט זאַלמען מאַרקוסן האָבן געהאַט פאַרגראָבן, און לויפן אין שטאָט אַרײַן צערעכענען זיך מיט פּיאַנטעקן.

נאָר דער פעטער שיקע האָט אויסגעזידלט טאַראַסן מיט די לעצטע ווערטער:

— וואָס זשע, ביסט מעשוגע, צי כאַסערדייע? — האָט דער שמיד געזאָגט. — וועסט זיך

צערעכענען מיט איין קוילער, און דאָ וועט פֿאַרגאָסן ווערן טײַכן אומשולדיק בלוט. דאָס איז ניט קיין וועג. מע דאַרף עפּעס אַנדערש צוטראַכטן.

און מע האָט גענומען טראַכטן. גלײַכער וועט זײַן צוגרייטן די אַרבעטער צום שטרײַק. פֿאָדערן, אַז די פֿאַרכאַפּער זאָלן באַפֿרײַען די אַרעסטירטע אַרבעטער פֿון טורמע. בלויז דאָס קאָן העלפֿן.

אָבער דאָס איז איצט געווען ניט פֿון די גרינגע זאַכן. די זשאַנדאַרמען, לעגיאָנערן און זייערע באַהעלפֿערלעך, וואָס האָבן פֿאַרפּלייצט דעם קאַנט, האָבן זיך אומבעראַכמאָנעסדיק צערעכנט מיט די, וועמ עס האָט געפּרוּווט זאָגן אַ שלעכט וואָרט אויף די נײַע רעגירער.

דער אוילעם איז בײַ זיך שטאַרק געפֿאַלן און באַשטימט, אַז דערווײַל דאַרף מען זיך אָפּהאַלטן פֿון יעדן פּרוּוו זיך אָפּן אַנטקעגנשטעלן דער מאַכט.

שפּעט בײַנאַכט האָט צו טאַראַסן אין פֿענצטער עמעצער אָנגעקלאַפּט. אַרויס אויף דער שוועל, האָט ער דערזען דעם אַלטן קרושינסקין.

טאַראַס האָט פֿאַרבעטן דעם שוועער אין שטוב אַרײַן, נאָר יענער האָט געזאָגט, אַז עס איז קיין צײַט נישטאָ. ער האָט זיך צופֿעליק דערוווּסט, אַז פֿאַרטאָג וועלן דורכגעפֿירט ווערן אין שטאָט און אין די אַרומיקע אַרבעטער־ייִשוּווים אַרעסטן, אונטערזוכונגען, מע וועט טאַראַסן און זאַלמענען אַרײַנזעצן אין טורמע.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זײַנען שוין דאָ געווען זאַלמען מאַרקוס, זײַן יונגע פֿרוי און סטעפֿע. מע האָט זיך געייִעצט, וואָס מע זאָל טאָן. וועגן דעם, אַז טאַראַס מיט זאַלמענען טאָרן דאָ ניט פֿאַרבלײַבן קיין איין שאָ, איז אַלעמען געווען קלאָר. נאָר ווּ באַהאַלט מען זיך, ווּ טוט מען זיך אַהין?

ער איז געשטאַנען פֿאַרדײַגעט, דער אַלטער לערער פֿון געאָגראַפֿיע, און געפֿילט, ווי אומבאַהאָלפֿן ער איז. עס האָט זיך אַזוי געוואָלט מיט עפּעס העלפֿן אָט די גוטע יונגע מענטשן, וואָס האָבן שוין באַוויזן אַזויפֿיל איבערלעבן, זיך אָנמוטשען. און פֿאַר וואָס? פֿאַר וועלכע זינד? וואָלט ער איצט געווען ייִנגער, וואָלט ער געגאַנגען מיט אָט די כעוורע, אָבער די יאָרן און דאָס געזונט האָבן אים געפּענטעט און געצוימט.

כוץ אַלעמען, האָט ער נאָך געפֿילט אַ גרויסן ווייטעק און בייזאָיען, וואָס זײַנע לאַנדסלײַט, פּאָליאַקן, זײַנען די שולדיקער אין די אַלע צאָרעס, וואָס עס שטייען אויס אָט די מענטשן, וועלכע מע לאָזט ניט לעבן רויִק אויף זייער ערד.

וועגן דעם, אַז ער זאָל אויסבאַהאַלטן בײַ זיך טאַראַסן און זאַלמענען, האָט ניט געקאָנט זײַן קיין רייד. סאָפּקאָלסאָף איז מען געקומען צום איינציק־מעגלעכן באַשלוס: די כעוורע דאַרפֿן אַוועק אין די בערג און זיך דאָרטן ערגעץ אויסבאַהאַלטן, ביז עס וועלן קומען בעסערע צײַטן.

און, ניט לאַנג געטראַכט, האָט מען גענומען מיט זיך, וואָס עס האָט זיך געלאָזט — גרעט, רעקלעך, שיך, זיך אָפּגעזעגנט מיט די שטוביקע און פֿאַרלאָזט די היים.

טאַראַס מיט זאַלמענען האָבן זיך פֿאַרקליבן טיף אין די בערג, זיך אײַנגעאָרדנט אין אַ פֿאַרוואָרפֿן דערפֿל, געאַרבעט ווּ עס האָט זיך געמאַכט און אויסגעשלאָגן זיך דאָס אָרעמע אויסקומעניש. אָבער זיך אויסבאַהאַלטן אַ לענגערע צײַט האָטביידן ניט אָפּגעגליקט. ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז מע האָט פֿאַרלוירן זייער שפּור, האָבן זיך אין די אַרומיקע דערפֿער באַוויזן זשאַנדאַרמען.

ניט טאַראַס, ניט זאַלמען זײַנען ניט ענלעך געווען אויף די הוצולן. דער אויסזען פֿון שטאָטישע מענטשן, אַרבעטער, האָט זיי גלײַך אַרויסגעגעבן. צוזאַמען מיט אַ הײַפֿל פּויערים בונטאַרן האָט מען זיי אַראָפּגעטריבן פֿון די בערג און פֿאַרשפּאַרט אין דער ראָפּײַעווקער טורמע, מיט וועלכער זיי זײַנען שוין געווען באַקענט.

פֿאַרשוואַרצטע, אויסגעמאַטערטע פֿון אַ טאָג שטיין בײַ דער קאָוואַדלע אין קוזניע, האָט שיקע קושניר און פֿיליפּ זיך געלאָזט איבערן בלאָטיקן האַרבסטיקן שליאַך אַהיים. שווער איז געווען אויפֿן האַרצן, און מע איז געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

די ידיִעה וועגן דעם, אַז מע האָט געכאַפּט אין די בערג זייערע פֿרײַנט, האָט אינגאַנצן פֿריטשמעליעט.

ביידע זײַנען געווען איבערצײַגט, אַז עס וועט אַדורך אַ פּאָר כאָדאָשים, און אַלץ וועט זיך איבערדרייען, די כעוורע וועלן זיך אומקערן אַהיים. אָבער מע האָט זיי פֿאַרהאַלטן.

ס'איז שווער געווען אַרײַנקומען אין שטוב און צוזען אָקסאַנעס און שיפֿרעס טרערן, צרזען, ווי סטעפֿע און רייזל זײַנען דערשלאָגן און דערצאָרנט.

פיר פרויען זײַנען ארומגעגאַנגען איבער דער שטוב און זיך ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט.

אַן ראַמאַנען, אַן טאַראַסען און אַן זאַלמענען איז אינעם יישעוו געוואָרן מאַרעשכוירעדיק און פּוסט.

דער פֿאַן קאַפּיטאַן פּיאַנטעק האָט זיך געפּילט מײַסע זיגער, אַלע מאָל, ווען מע איז צו אים געקומען זיך דערוויסן וועגן גוירל פון די אַרעסטירטע, האָט ער מיט שמייכלעך געקוקט אַף די יונגע שיינע ווײַבלעך און געזיפצט, קאַלוזמאַן זיי זײַנען נאָך יונג און פֿריש, זאָלן זיי אַ שפּײַ טאָן אַף די בונטאַרן און כאַסענע האָבן פֿאַר אַנדערע, ווײַל ביז זיי וועלן זיך דער־וואַרטן אַף זייערע מענער פֿאַרברעכערס, וועלן זיי אַלט און גראָוו ווערן...

ביידע, סטעפע און רייזל, האָבן זיך באַמיט פֿאַרלויפֿן די אומגליקלעכע שוויגערס אַלע וועגן, זיי מאַכן לינדער דעם ווייטעק, אַפּווענדן פון זיי די שווערע געדאַנקען, וואָס האָבן ניט אופגעהערט צו מאַטערן.

און אַלע פיר האָבן זיך מיט דאַנקבאַרקײַט צוגעהערט צום פעטער שיקעס אײַנגעשפּאַרטע ווערטער, אַז מע זאָל ניט אַראָפּפאַלן באַ זיך און ניט אַראָפּלאָזן די קעפּ, ווײַל רעגירונגען קומען אוף, ווי שוואַמען נאָך אַ רעגן, און דערנאָך נעמען זיי אײַן אַ מיסע־מעשונע, ווערן אַנטרונען, וועט מען שוין יאַקאָס אויך איבערלעבן דעם האַנאַרדיקן פֿאַן פּילסודסקי מיט זײַנע לעגיאָנערן, מע וועט זיך דערוואַרטן אַף זײַן גרויסן בראָך.

ביײזע ווינטן און זאַווערוכעס האָבן זיך דורכגעטראָגן איבער די קאַרפּאַטן. און מע האָט געדאַנקט גאָט, אַז דער טאָג איז דורכגעגאַנגען.

גרינגער איז געוואָרן אַפן האַרצן, אַז מע האָט זיך דערלעבט דעם אַנהייב פֿרילינג, ווען די זון האָט גענומען וואַרעמען און פון די בערג האָבן זיך גענומען טראָגן אופגעברויזטע שטראָמען.

איצט האָט שיקע קושניר זיך דערמאָנט אין זײַן ברויטגעבער, אינעם פֿערדל, וואָס האָט מיט אַ נעס אַפּגעשטופּט דעם שווערן ווינטער, וועלכער האָט זיך אײַנגעגעסן אין די ביינער. דעם פֿערדל איז ניט וויינִיק אויסגעקומען בידעווען, ווײַל עס איז ניט געווען קיין צײַט זיך אַרומקוקן אַף דעם — האָדעווען עס און פּאַיען צו דער צײַט. וואָס איז שײַעך פּאַיען, איז דאָס געווען גרינגער, ערגער האָט עס געהאַלטן מיט דער אַכילע. נאָך אין אָסיען האָט שיקע מיט זײַן געטרײַען פֿרײַנט אַנגעקאַסיעט אַף דער הויכער פּאַלאַנינע, אין די בערג, געגנוג היי, נאָר די אומגליקן און רעדיפּעס, וואָס האָבן געהערשט אין ראַפּײַעווקע, בראַדניצע און אין די אַרומיקע אַרבעטער־יישוווים, האָבן אינגאַנצן אַרויסגעשלאָגן פון דער קאַלייע, און מע איז געווען פֿאַרטאָן, פֿאַרטאַראַראַמט, געוואַרט אַלע טאָג, אַז עס וועלן זיך אַרײַנרײַסן אין שטוב זשאַנדאַרמען און אַוועקשלעפּן אין טורמע. און אַזוי, וואַרטנדיק אַף דעם וויסטן גוירל, האָט מען ניט באַמערקט, ווי דער ווינטער איז אַרײַנגעפֿאַרן, עס האָבן זיך צעהוליעט די זאַווערו־כעס און זאַווייען. די גרויסע שניי־הורבעס, וועלכע האָבן פֿאַרוואַלגערט אַלע סטעזשקעס און וועגן אין די בערג, האָבן ניט געלאָזט זיך דערקלײַבן צו יענע ערטער, ווו עס זײַנען געשטאַ־נען די קאָפּיצעס היי.

און דאָ, ווען די זון מיט די ווינטן האָבן אַפּגערייניקט די שטעגן און וועגן אין די בערג, האָט שיקע קושניר צוזאַמען מיט פּיליפּן זיך אַוועקגעלאָזט צו דער פּאַלאַנינע נאָך היי.

מע קאָן ניט זאָגן, אַז די סטערטעס האָבן גוט איבערגעווינטערט אונטער די שנייען. די ווילדע ציגן און הירשן האָבן גאַנץ שיין באַאַרבעט דאָס היי און דעם פֿערדל איבערגעלאָזט אַפן שפּיץ מעסער. שיקע קושניר מיט פּיליפּן האָבן צונויפגעשאַרט דעם רעשט היי און אַף די פּלייצעס עס איבערגעטראָגן אַהיים.

די שטאַל, ווו דער סוס איז געשטאַנען, האָט אויסגעזען, ווי אַ סוקע. קיין דאַך איז שוין לאַנג ניט געווען — ווינטער נאָך איז אויסגעקומען אַראָפּרײַסן די שטרוי פון דעם דאַך און זי צעשנײַדן אַף סיטשקע, ווייקן זי אין זודיקער וואַסער, דאָס פֿערדל זאָל כאָטש עפּעס האָבן צום קײַען.

געקומען פון דער פּאַלאַנינע מיט די בינטלעך היי אַף די פּלייצעס און געעפֿנט די ברייטע טיר פון שטאַל, איז ביידן פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן: דאָס פֿערד איז נעבעך געלעגן אַפן דיל לעבן דעם אַרומגעגריזעטן פּוסטן זשאָלאָב און געקוקט אַף די באַלעבאַטים מיט אויסגעלאָ־שענע טרויעריקע אויגן. עס האָט זיך, ווײַזט אויס, דערפֿרייט אַ ביסל מיטן געבראַכטן היי, נאָר קיין קויעך זיך אופהייבן האָט דאָס פֿערד ניט געהאַט. שפּעטער מיט אַ פּאָר שאָ, ווען די זון האָט שטאַרקער גענומען וואַרעמען, האָט מען אונטערגעהויבן דאָס פֿערד, מיט מאַטערנישן עס אַרויסגעפֿירט אין הויף און מאַמעש געצוווּנגען עסן. און עס האָט זיך געשטעלט אַף די פֿיס.

ניט אַנדערש, ווי דאָס פֿערדל האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איצט איז ניט קיין צײַט קרענקען, זיך

פעסטען, אַז ס'איז ווידער געקומען די צײַט אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק זיך שלעפּן קיין ליובאָוויטש צו דער טורמע.

דערווײַל האָבן אָפּגעבושעוועט די גרויסע שטראָמען אין די קאַרפּאַטן, און די ערד האָט אָנגעהויבן אַרופֿנעמען אויף זיך אַ נײַע הויט. גרין און שיין איז געוואָרן דער אַרום. די שאַרפֿע רייכעס פֿון די גראָזן, פֿון די פּיכטעס און יעלן האָבן מאַמעש פֿאַרשיקערט, אײַנגעהויכט אַ פֿרייד אין דער נעשאָמע. די מאַרעשכירע האָט ביסלעכווײַז געגומען אָפּטרעטן.

דער פּעטער שיקע האָט אָפּגעלאָזט דאָס פֿערד, וואָס איז געקומען צו־זיך נאָכן שווערן ווינטער, אויף פּאַשע, עס האָט גיך זיך אָנגענומען מיט קראַפֿט. די ריפּן האָבן אָנגעהויבן זיך באַהאַלטן אונטער דער פֿעל. און באַטראַכטנדיק עס פֿון אַלע זײַטן, האָט שיקע קושניר דער־פֿילט, אַז ס'איז שוין, געלויבט דעם אייבערשטן, מיט לײַטן גלײַך.

זונטיק גאַנצפֿרי האָט מען אײַנגעשפּאַנט דאָס פֿערד אין וועגעלע און זיך אָוועקגעלאָזט קיין ליובאָוויטש צו דער טורמע.

די צאָל פּאַסאַזשירן האָט זיך איצט פֿאַרגרעסערט. איצט זײַנען מיטגעפֿאָרן אויך סטעפֿע און רייזל, דערצו נאָך האָט זיך אײַנגעבעטן, מע זאָל אים נעמען, סטעפּעס פֿאָטער, קאַזימיר קרושינסקי. דער אַלטער האָט געוואָלט דערווײַזן די נײַע באַלעבאַטים, אַז ער איז צוזאַמען מיט די אַרעסטירטע. ער פֿילט זיי מיט מיטן גאַנצן האַרצן און איז גרייט זיי העלפֿן מיט וואָס ער וועט קאָנען!

דער אַלטער לערער איז געגאַנגען שטאָלץ נאָך דעם וועגעלע, און ווען מע איז געקומען אין שטאָט, איז ער צוזאַמען מיט דער טאָכטער אַרײַן אין קאַנצעליאַריע פֿונעם פּאָליציי־שעף פּאַן פּיאָנטעקן און געפֿאָדערט, מע זאָל דורכפֿירן דעם געריכט ניט הינטער פֿאַרמאַכטע טירן, נאָר עפֿנטלעך און דערלויבן דינגען אַ פּאַרטייַדיקער.

דער קאַפּיטאַן האָט געקוקט אויפֿן אַלטן פּאָליאַק און גרייט געווען אים פֿאַרשפּאַרן אין קאַמער — סאַראַ אַזוינס! אַ קאַטאָליקער זאָל קומען בעטן פֿאַר כאַמעס, פֿאַר קאָמוניסטישע בונ־טאַרן, פֿאַר קעגנער פֿונעם פּאַן פּילסודסקי, קעגנער פֿון דער פּוילישער רעגירונג! דער קאַפּי־טאַן האָט געמאָלדן, אַז קיין שום שפּײַז וועט ער ניט דערלויבן איבערגעבן די אַרעסטאַנטן און קיין באַגעגעניש מיט די קרויווים וועט ער ניט דערלויבן.

פֿונעם שפּעס בייזע רייד האָט מען זיך גרינג געקאָנט אָנשטויסן, אַז ניט געקוקט אויף דער שווערער קרענק, איז ראָמאַן געקומען צו־זיך. אַז אויף אַלע פֿראַגן פֿון די אויספֿאָרשער ענט־פֿערט ער איינס — ער איז ניט קיין פֿאַרברעכער. ער האָט געקעמפֿט און וועט שטענדיק קעמפֿן פֿאַר זײַנע איבערצײַגונגען, און קיין שום דראָונג וועט אים ניט אײַנברעכן. אַז ער פֿאָדערט אַן אָפֿענעם געריכט, ווו עס זאָלן בײַזײַן אַרבעטער, פֿאַר זיי וועט ער אַלץ אַרויסזאָגן, און זיי, די פֿאַרכאַפּער, וועלכע ער קען ניט און ווייסט ניט און וויל ניט וויסן, האָט ער ניט וואָס צו זאָגן...

צוויי טעג האָבן פּאַן קרושינסקי, שיקע קושניר און אַלע איבעריקע זיך אַרומגעדרייט ניט ווײַט פֿון דער טורמע, געוואַרט, אַרויסגעקוקט, נאָר גאָרנישט ניט געקאָנט פּועלן באַם קאַפּיטאַן פּיאָנטעקן. אָפּגעשטופּט די נאַכט די וווּ־עס־איז, האָט מען זיך גאַנצפֿרי ווידער דער־קליבן אַהער, זיך אַלץ געפּרוּווט איבערגעבן עסן, אַ גרוס די אַרעסטירטע, נאָר אומזיסט.

דער פּאַן פּיאָנטעק האָט געמאָלדן, אַז ביז די פֿאַרברעכער וועלן ניט אָנהייבן ריידן, אַרויסגעבן זייערע שותּפֿים, וועט קיינער ניט באַקומען קיין באַגעגעניש.

ער וואָלט גערן צוגעלאָזט די מוטערס און פֿרויען צו זייערע, אָבער מיט אַ טנאַי — זיי זאָלן איבערצײַגן די זין, די מענער, אַז יענע זאָלן זיך פֿירן ווי מענטשן — אָנערקענען זייער שולד, ענטפֿערן אויף אַלץ, וואָס מע פֿרעגט באַ זיי.

אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז באַם פּאַן פּיאָנטעק וועט מען זיך גאָרנישט ניט דערשלאָגן.

אויפֿן דריטן טאָג האָט מען זיך געלאָזט אַהיים. דאָס פֿערדל, וואָס איז אַרומגעגאַנגען און זיך געפּאַשעט אויפֿן בערג טײַך, האָט די מענטשן באַגעגנט מיט טרויעריקע אויגן, גלײַך ווי עס וואָלט פֿאַרשטאַנען, אַז קיין גרויס נאַכעס פֿון דער נעסיע האָבן די באַלעבאַטים ניט גע־האַט. עס האָט זיך געלאָזט אײַנשפּאַנען, פֿילנדיק, אַז מע פֿאָרט שוין אַהיים, ווײַל ווי עס זאָל דאָרט ניט זײַן, איז היימלעכער באַ זיך אין שטאַל, איידער אָט דאָ, אינדערפֿרעמד.

ווידער האָט עס זיך געשלעפּט אַראָפּ אַ באַרג און אַרויף אַ באַרג, אַלעמאָל געכאַפּט אַ קוק אויפֿן פּעטער שיקע און אויף פֿיליפּן, מע זאָל ראַכמאָנעס האָבן און אונטערשטופּן דעם וואָגן, אונטערשטעלן אַ פּלייצע.

א קאַלט ווינטל האָט א בלאָז געטאָן פונעם טיפן באַרג־שפּאַלט, און איבער די בערג האָבן זיך גענומען קלײַבן טונקעלע וואָלקנס. די זון, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג געשײַנט און גע־ווארעמט, איז נעלעם געוואָרן. דער טאָג האָט זיך, זעט אויס, שטאַרק א רוק געטאָן, און עס איז צו אַלע צאָרעס נאָר אָפּגעגאַנגען איין זאַך — עס זאָל א גאָס טאָן א רעגן און מע זאָל אַרײַנ־פאָרן אין דער נאַכט אַרײַן!

— נו, שיקע, מע דאַרף דאָס מאַכן גיכער, — האָט זיך אָנגערופן אָקסאַנע, קוקנדיק אָפּן אָנגעוואָלקנטן הימל, — מיר קערן זיך אום אַהיים, ווי זאָגסטו דאָס, מיטן בײַטשל...

— נישקאָשע, אָקסאַנע, ניט געזאָרגט, — האָט איבערגעשלאָגן שיקע. — ס'איז נאָך דאָ א שטיקל גאָט אָף דער וועלט. מיר דאַכט זיך, אַז איניגיכן וועט מען אײַערע כעוורע באַפרײַען.

— פונוואַנען נעמסטו דאָס, נאַווי מײַנער? — האָט אַרײַנגעשטעלט שיפּרע.

— דאָס האָט מען זיי אַרײַנגעוואָרפן אין טורמע, קעדיי אָנשרעקן די געגנדן אַפּן בוי־דעם, ס'הייסט אונדזערע מענטשן, — האָט וואָגיק געזאָגט דער שמיד.

— און מיר דאַכט זיך, אַז מע איז שוין געגוג אָנגעשראָקן, — האָט זיך ניט אונטערגע־געבן זײַן פרוי.

— אײַ, וואָס זאָל איך מיט דיר ריידן, דאָ איז א פּאָשעטע זאַך, ווי איך פאַרשטיי, — האָט ער פאַרוקט דעם קאַפּעליוש אַפּן שפּיץ קאָפּ און מיט אים אײַנגעוועגס אויסגעווישט דעם שווייס פונעם שטערן, — די ליאַכן ווילן אַרויספּאָמפּען וואָס מער נאַפט. און קיין סאַך גוטע באַלמעלאָכעס האָבן זיי ניט. טאַראַס און זאַלמען האָבן גאָלדענע הענט. און ווער ווייסט עס דען ניט, אַז מע דאַרף דעם גאַנעוו, שנײַדט מען אים פון דער טליע.

— אוי, פּעטער שיקע, פון אײַער מויל אין גאָטס אויערן! — האָט זיך דערפרייט רייזל.

— נו, אַדוינוי לאָשעק, — האָט שיקע א פּאָך געטאָן מיט דער בײַטש אײַנדערלופטן, — ווערסטו זיך מוזן מאַטרײַען זײַן און שטעלן פּיס. זעסט ניט, נאַכעס מײַנער, דער טאָג לאָזט זיך שוין אויס און מע דאַרף זיך נאָך דערקלײַבן אַהיים. מע איז הונגעריק, ווי די שיידים. דיר איז גוט, האָסט איבערגעכאַפּט דעם הונגער און ביסט צופרידן.

דערהערנדיק, ווי דער פּעטער שיקע טײַנעט זיך אויס מיטן פערדל, האָבן די מענטשן זיך צעלאַכט, כאָטש קיינעם איז ניט געווען צום געלעכטער.

אַלע זײַנען ווידער געגאַנגען נאָכן וואָגן שווײַגנדיקע, פאַרדײַגעטע. סטעפּע האָט אונ־טערגעהאַלטן דעם פאָטער, וואָס האָט שווער געאָטעמט. זי איז געווען זייער אָנגעשראָקן. לויט דעם קאַפּיטאַנס פּיסנער צורע האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אָף טאַראַסן און זאַלמען מאַרקוסן וואַרט א שווערע שטראָף. די באַשולדיקונג, וואָס פּיאַנטעק האָט זיי אַרויסגערוקט, האָט סטעפּ־פען גראַדע א ביסל באַרויִקט, זי וואָלט זיך אין זייער לאַגע אויך אַזוי געפירט. דער אויס־וואָרף וויל, אַז זיי זאָלן פאַראַטן זייערע כאַווײרים, דערציילן, מיט וועמען זײַנען זיי פאַר־בונדן, אָנערקענען זיך פאַר שולדיק... און זיי האַלטן זיך פעסט. דער קאַפּיטאַן האָט געשאָטן פעפער און שוועבל אָף ראָמאַנען, אָף טאַראַס' ברודער. דאָס איז א סימען, אַז ראָמאַן פירט זיך העלדיש. איר איז באַזונדערס געווען צום האַרצן דעם שעפּס קאָס, לעמײַ די כאַמעס, ווי ער האָט זיי אָנגערופן, פירן זיך אַזוי, גלײַך, ווי ער, קאַפּיטאַן פּיאַנטעק, וואָלט געווען דער פאַר־ברעכער און זיי — די אויספאָרשער...

די נאַכט האָט געגומען צופאַלן, ווען מע האָט פונדערווײַטן דערזען דעם „שוואַרצן טאָל" מיט די נאַפט־טורעמס. מע איז שוין געווען נאָענט פון דער היים. דער אוילעם איז פריילעכער געוואָרן, און די מידקײַט איז ווי אָפּגעשטאַנען פון זיי. בלויז שיקע קושניר, וואָס האָט גע־פירט דאָס פערדל אונטער דער צוים, האָט באַמערקט, אַז מיטן סוס טוט זיך עפּעס אומפאַר־שטענדלעכס. עס האָט שווער געאָטעמט, דאָס פערד, געזשיפּעט, און א פּינע איז געפאַלן בא דעם פונעם מויל. עס האָט גענומען זיך זעצן אָף די הינטערשטע פּיס. שיקע האָט געכאַפּט אָן עמער און אוועקגעלאָפן צום באַרג־שטראָם אָנשעפּן וואַסער.

דאָס פערד האָט פּלוצעם פאַריסן דעם קאָפּ, א שווערן הירזשע געגעבן און א פאַל געטאָן אָף דער ערד. די ווישקעס האָבן זיך צעריסן, א האָלאָבליע האָט געפּלאַצט און שיר ניט איבער־געקערט דעם וואָגן.

אַלע זײַנען צוגעלאָפן, געבליבן שטיין פאַרלוירענע, ניט ווּסנדיק, וואָס איז געשען און וואָס דאַרף מען טאָן.

פיליפּ האָט זיך אָנגעבויגן, געכאַפּט דאָס פערדל פאַר דער גריווע, געפּרוּווט עס אופהייבן, נאָר דער פּעטער שיקע האָט אים אָפּגעשטעלט:

— וואַרט, ברודער־לעבן, טשעפּע ניט... עפּשער וועט עס קומען צו־זיך.

— עס איז מיד, פֿאַרמאַטערט, — האָט געזאָגט פֿיליפּ, — מע דאַרף זיך פּאַמעלעך דער־שלעפּן צו דער שטאָל, דאָרטן וועט זיך עס אָפּרוען.

— איך ווייס, פֿיליפּ, וואָס דו ווילסט מיר זאָגן, — האָט, א צעטראָגענער, איבערגעשלאָגן דער שמיד, — ווילסט מיר זאָגן געוויס, אַז א פֿערד דערשמעקט דעם רייעך פֿון דער שטאָל, הייבט עס זיך אָן פֿעסטען, פּראַווען קונצן, נאָר איך האָב מוירע, אַז דאָ איז אָן אַנדער הונט באַגראָבן. האַלעווײַ זאָל איך ליגן זאָגן, דאַכט זיך, מיר בלײַבן באַם בײַטשל.

אַלע. זײַנען געשטאַנען אַרום דעם גויסעסדיקן פֿערד מיט פֿאַרנייגטע קעפּ, און קיינער האָט ניט אַרויסגעבראַכט קיין וואָרט.

נאָך א לאַנגער פּאַוזע האָט זיך געלאָזט הערן שיפּרע.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט, — מיר זײַנען, דאַכט זיך, אויסגעשטעלט. מיר זײַנען גוט אָף צאָרעס. ווער ווייסט, וויפֿל אונדז וועט נאָך אויסקומען זיך שלעפּן קיין ליובאַוויטש, צו דער טורמע, צו אונדזערע קינדער? און ווער וועט פֿירן פּונעם וואַלד דאָס ביסל געהילץ אַפֿן ווינטער? יאָ, מיטן פֿערדל איז געווען שווער, נאָר אָנעם פֿערדל וועט זײַן ביטער...

שיקע קושניר האָט א רעגע געהערט אירע רייד און זיך שטיל אָנגערופֿן:

— וואָס קאָנסטו מאַכן, מײַן טײַערע? ווייסט דען ניט, קוים קומט דער אומגליק, איז צעעפֿן ברייטער די טויערן! א פּאַסקודנע צײַט. פֿע! ניט נאָר קיין מענטשן קאָנען ניט אויס־האַלטן אַזעלכס, נאָר. אַפֿילע א פֿערד. עס איז דערגאַנגען ביז דער היים און געפֿאַלן...

שיקע קושניר האָט זיך פֿאַרטראַכט און, קוקנדיק אָף פֿיליפּן, פֿאַרגעזעצט:

— דו, פֿיליפּ, ביסט ניט קיין אָרטיקער, דאָרט בא אײַך זײַנען קיין אָדלערס נישטאָ. זיי לעבן אין די בערג, בא אונדז. זיי האָבן ליב רוים, לופֿט. אויב דו האָסט זיך אַמאָל צוגעקוקט צו די אָדלערס, דאַרפֿסטו וויסן. א קלוגער פֿויגל, א כאַכעם, עמעס, מיט זײַנע געוווינהײַטן און כאַלאַסן. ווען ער דערפֿילט, אַז עס דערנעענטערט זיך צו אים דער טויט, די קויכעס לאָזן זיך אים אויס, ער דאַרף, הייסט עס, פֿאַרלאָזן די ליכטיקע וועלט, נעמט ער צונויף אַלע קויכעס, קומט צו פֿליִען צו זײַן געבורטס־אָרט, אין די בערג, צו זײַן נעסט, הייבט זיך אויף הויך אין הימל, צעשרײַט זיך, דער גאַנצער אַרום זאָל הערן, מאַכט א גרויסן קרײַז איבער די בערג, דערנאָך א קלענערן קרײַז, נאָך א קלענערן, גאָר א קליינעם קרײַז, באַטראַכט מיט די שיינע אויגן זײַנע די אַרומיקע וועלט, ווי ער זאָל זיך אָפּגעזעגענען מיט איר, און צונויפֿלייגנדיק די פֿליגל, וואַרפֿט ער זיך אַראָפּ אָף די פֿעלדזן און קומט אום... אונדזער אָדלער האָט איצט אויך געטאָן אַזוי, ווי יענער.

— אונדזער אָדלער, — האָט א זיפֿץ געטאָן אָקסאַנע, — צו פֿרי האָט ער צונויפֿגעלייגט זײַנע פֿליגלען. מיר האָבן אים נאָך אַזוי געדאַרפֿט האָבן!

דערזען בא די ווײַבער טרערן אין די אויגן, האָט ער דערפֿילט, ווי דאָס האַרץ ווערט פֿאַרקלעמט. ווילנדיק באַרויקן זײַנע באַגלייטערנס, האָט ער צוגעגעבן:

— א גאָטס ראַכמאָנעס. מירן טאַקע ניט האָבן מיט וואָס צו פֿאָרן אין שטאָט אַרײַן, ברענגען פֿון די בערג האָלץ אָפֿן ווינטער. נאָר מיר דאַכט זיך, אַז דאָס, וואָס עס איז געפֿאַלן הײַנט, ניט ווײַט פֿון שטאָל, איז א גוטער סימען.

— וואָס פֿאַר א סימען, פֿעטער שיקע? — האָט זיך אָנגערופֿן רייזל.

— וואָס פֿאַר א סימען, פֿרעגסטו? — אין זײַנע אויגן האָט א שײַן געטאָן א פֿונק פֿון האָ־פֿענונג און גלויבן. — מיר ווײַזט זיך אויס, דאָס איז א סימען, אַז מער וועט אונדז ניט אויס־קומען פֿאָרן קיין ליובאַוויטש. מע וועט מינאַסטאַמע אינגיכן באַפֿרײַען אונדזערע כעווריע, און מירן פֿאַרשפּאָרן זיך שלעפּן צו דער טורמע. און צו די ליאַכן וועט אויך קומען א סאָף.

— אַזוי? האַלעווײַ וואָלט דאָס עמעס געווען, שיקע!

— נאָר פֿונוואַנען איז דאָס געדרונגען?

— דאָס האַרץ זאָגט מיר אונטער...

— דאָס האַרץ? — האָט, אויסווישנדיק א טרער, געזאָגט סטעפּע. — בא אײַך איז א גוט האַרץ, נאָר בא זיי, בא די זשאַנדאַרמען, בא די פּילסודטשיקעס — שטיינער. יענע זײַנען אָן הערצער. ניט קיין בלוט טריפֿט אין זייערע אָדערן, נאָר גיפֿט.

— דאָס, טאַטעטערקע, ביסטו גערעכט, — האָט געזאָגט דער שמיד, — נאָר עס וועט אָף זיי קומען א ווײַסטע שאָ! מיר דאַכט זיך פֿאַרט, אַז די כעווריע וועלן זיך גיך אומקערן.

אינגיכן האָט מען זיך דערוווּסט, אַז עס איז פֿאָרגעקומען א געריכט איבער די אַרע־סטירטע. בא פֿאַרמאַכטע טירן. עטלעכע זשאַנדאַרמען זײַנען געווען די „איידעס”. דער אורטייל איז געווען א קורצער: פֿאַר קאָמוניסטישער טעטיקײַט, פֿאַר אַנטקעגנשטעלן

זיך דער מאַכט און פאַר אופהייבן די האַנט אַפן פּאָליצײ־שעף ווערט ראָמאַן קראַוטשוק פאַר־מישפּעט צו צען יאָר טורמע. זײַן ברודער טאַראַס — אויך אַן אַנטײלנעמער אין אונטערער־דישער קאָמוניסטישער טעטיקײַט, פאַר פירן באָלשעוויסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבע־טער־נאַפטלער, וואָס איז לויטן פּוילישן געזעץ שטרענג פאַרווערט, — פאַרמישפּעטן צו דרײַ יאָר טורמע. דעם אײַנוווינער פון בראָדניצע, זאַלמען מאַרקוס, דעם אַרבעטער פון די נאַפט־באַצירק, פאַר אַנטימעלוכישער אַגיטאַציע און פאַרבינדונג מיט די העכער אָנגעוויזענע פאַר־ברעכער, פאַרמישפּעטן צו דרײַ יאָר טורמע...

צווייטער טייל

# מענטשן בלײַבן מענטשן

## ווען די זון איז אופגעגאַנגען

די דווירעסדיקע דעמבעס־זקיינים, וועלכע זײַנען, ווי די סאָלדאַטן, געשטאַנען באַם סאַמע ראַנד פון די קאַרפּאַטן, ווי זיי זאָלן מיט זייערע קרוינען וועלן אונטערשפּאַרן דעם הימל און די קרוטשעס, האָבן אַכצן מאָל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בלעטער.

זיי האָבן געוואַכט, די גיבורירים, און מיט אײביקן אומרו געקוקט אַפן געדיכטן וואַלד פון די נאַפט־טורעמס, וועלכע האָבן זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט איבערן „שוואַרצן טאָל", זיך אַרופּ־געדראַפּעט אַף די קרומע רוקנס פון די בערג, און עס איז געווען שווער צו באַגרײַפן, וויאַזוי זײַנען זיי פאַרקראָכן אַזוי הויך און ווי האַלטן זיי אויס פון די ביטערע ווינטן.

אַלטע מענטשן זאָגן, אַז ווען די קאַרפּאַטער וועלדער צעבושעווען זיך און די ווינטן רײַסן אויסביימער מיט די וואָרצלען, איז דאָס אַ סימען, אַז ניט בלויז די וועלדער וועלן לײַדן, נאָר אויך די מענטשן.

ניט אַלע גלייבן אין דעם.

דעריקער האַלט ניט פונעם דאָזיקן סימען שיקע קושניר.

— דאָס איז נאָך גאָרניט קיין באַוויַז, אַז אַן אומגליק דערנענטערט זיך, — האָט געזאָגט דער פעטער שיקע, — אַ סימען האָט איר, אַז אין יענער סענטיאַבער־נאַכט, ווען די קאַרפּאַטן האָבן זיך געמאָרדעוועט, ווי אין אַ קאַדאָכעס, געבושעוועט, געהודעט און עס האָט זיך גע־דאַכט, אַז די ערד וועט זיך איבערקערן, האָט קיין שום געפאַר ניט געדראָעט אונדזער קאַנט, אונדזער פאַרוואָרפן ווינקל, ווי אויך אונדזערע מענטשן. און אַוודאי האָט קיינער ניט גע־טראַכט וועגן מילכאָמעס. עמעס, קיין צאָרעס איז מען, דאַנקען גאָט, ניט זשעדנע געווען אין אַלע צײַטן. נאָר אַף אַזינס האָט זיך געוויס קיינער ניט געריכט.

די יאָרן זײַנען אַוועק, — זאָגט ווײַטער שיקע קושניר, — פאַר וועמען אומבאַמערקט, ווי אַ כאָלעם, און פאַר וועמען, ווי די אייביקײַט. אַז איך קוק זיך צו צו מײַנע שכיינים און פרײַנט און זע די קנייטשן אַף זייערע פּענעמער, די גראָוע האָר, פאַרשטיי איך, אַז איך בין שוין אויך ניט קיין ייִנגעלע. עפּעס אַ קלייניקײַט אויסריידן — אַכצן יאָר אַדורך!.. אונדזער ראָמאַן קראַוטשוק האָט שוין באַוויזן אָפּזיצן אין בערעזע, אין טורמע, אַ גאַנצן צענדליק. געקומען אַהיים, האָט ער פאַרגעזעצט זײַנס — געבורעט דעם אוילעם, געקעמפט, און מע האָט אים נאָך אַ פּאָר מאָל אײַנגעזעצט. נאָר די גראַטעס האָבן אים ניט געבראָכן, ניט געבויגן. קאַלטס און וואָרעמס האָבן אויך פאַרזוכט זאַלמען מאַרקוס און טאַראַס קראַוטשוק. געזעסן אין טורמע, נאָר ניט אַראָפּגעפאַלן בא זיך. פאַר דער צײַט זײַנען אונטערגעוואַקסן זייערע קינדער, און מע וואָלט געקאָנט אופהייבן אַ קאָפּ. דאַרף זיך יאַווען עפּעס אַ מאַניאַק, אַ היטלער און מאַכן טיל־טעל פון דער דײַטשישער מעדינע און פון די קליינע מעדינעלעך. הערט נאָר אַ מײַסע, ערשט ניט לאַנג האָט ער פאַרכאַפּט און געמאַכט אויסצודרייען פון עסטרײַך, האָט ער זיך גלײַך אַריבערגעקליבן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע און צעטאָפּטשעט אַלץ מיט זײַנע קויטיקע שטיוואַלעס. די שײַטערס פון די ביכער האָבן נאָך רעכט ניט אָפּגעברענט, האָט ער זיך ווי אַ שוואַרצע כמאַרע אָנגערוקט אַף פּוילן. די פּוילישע שליאַכטע האָט זיך ניט געריכט, אַז מע

וועט זיך מיט איר אזוי שרעקלעך באַגיין, האָט מען געמאַכט פריִער א פּריַינטשאַפט מיט היטלערן. נאָר אזוי גייט עס שוין, — אז א שלאַנג פרעסט זיך אָן און זויפט זיך אָן, צעוואַקסט זיך בא איר דער אַפּעטיט, און היטלער מיט זײַנע כאַיאַלעס האָט זיך אין א שטילן סענטיאַבער־פרימאָרגן ארופגעוואָרפן אף פוילן און גענומען שינדן פון איר די הויט, רײַסן שטיקער פלייש. די שליאַכטע, וואָס האָט פאַרמאָגט א סאַך האָנאָר, האָט פאַרגעסן אין אירע צוזאָגן דעם פאַרשטאָרבענעם פירער זייערן יוזעף פּילסודסקין, וואָס איז געלעגן אין זײַן גרויסאַרטיקן קייווער אפן וואַוועל, און זיך צעלאָפן, איבערלאָזנדיק דאָס לאַנד און די סאָלדאַטן אף גאָטס באַראָט. געמאַכט אַש און פאָרעך פון ווארשע, האָבן זיך די בלוטיקע פאַשיסטישע כאַיאָלעס געלאָזט ווײַטער, זיך דערנעענטערט צו אונדזערע קאַרפּאַטן, און א פּאַכעד איז אַלעמען באַפאַלן. וואָס טוט מען? ווער וועט ראַטעווען? שלעכט... ביטער...

יאָ, אין דעם אָנגעשטרענגטן סענטיאַבער־פאַרנאַכט איז ראָמאַן קראַוועטשוקס שטוב געווען איבערפולט מיט מענטשן. ווי מע וואָלט זיך צונויפגערעדט, זײַנען זיך אַהער צונויפגעקומען אַרבעטער, שכיינים פון די ארומיקע נאַפט־באַצירקן. דער „אייביקער" אַרעסטאַנט, ווי מע האָט דאָ גערופן ראָמאַנען, איז געווען אופגערודערט און צעטראָגן. מע האָט אים פאַרשאָטן מיט פראַגן.

אז עס רוקט זיך אָן א גרויסע שרעקלעכע כמאַרע, האָבן שוין אַלע געפילט, נאָר קיינער האָט זיך נאָך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, מיט וואָס קאָן זיך דאָס ענדיקן.

אַלע האָבן געקוקט אף דעם גראָוולעכן מענטשן מיטן ענערגישן פאַרברוינטן און שטאַרק צעקאַרבטן פּאָנעם.

— יאָ, די לעגיאָנערן האָבן געקאָנט פירן מילכאָמע דאָ, מיט אומבאַוואָפנטע, מיט דערשלאָגענע אַרבעטער און פּויערים, — האָט געזאָגט ראָמאַן קראַוועטשוק, — כאַפּן אומשולדיקע מענטשן און זיי פאַרשפּאַרן אין די טורמעס זײַנען זיי געווען גאָר גרויסע העלדן.

— גרויסע העלדן, — האָט זיך אַרײַנגעמישט דער פעטער שיקע, — באַזונדערס, יענער פּאַן פּיאָנטעק. ער איז דער ערשטער אויסגערונען געוואָרן. געכאַפּט זײַנע בעבעכעס און ניט געסטײַעט...

— ער איז אַוועק ראַטעווען ווארשע.

— ווארשע ליגט שוין אין רויִנעס.

— אף די גאַסן פון ווארשע גייען שלאַכטן... נאָר ווער איז בעקויעך שטעלן זיך אַנטקעגן טאַנקען און אַעראָפּלאַנען?

— א שווערע צײַט רוקט זיך אָן. ווער וועט אונדז ראַטעווען?

— מיר דאַכט זיך, אז אונדזערע ברידער פון יענער זײַט זברוטש וועלן קומען צוהילף, — האָט געזאָגט ראָמאַן קראַוועטשוק, — זיי וועלן ניט לאָזן, מע זאָל אונדז אומברענגען.

...טאָג און נאַכט האָבן ערגעץ נאָענט געהודעט אַעראָפּלאַנען. אפן האָריזאָנט האָט געברענט. צום הימל האָבן זיך געהויבן געדיכטע רויכן, רויטע פלאַמען.

— איז וואָס זשע וועלן מיר טאָן? וואַרטן, ביז די דײַטשן וועלן זיך אַהער אַרײַנרײַסן? — האָט דערשראָקן געפרעגט סטעפע.

— איך מיין, אז קאָלזמאַן עס איז נאָך ניט שפּעט און דער דײַטש איז ווײַט, — האָט געזאָגט רייזל, — וואָלטן מיר געדאַרפט נעמען די קינדער, דאָס ביסל פאַרמעגן און זיך לאָזן אַהין, איבערן זברוטש...

— די שלאַכטן גייען אף די גאַסן פון ווארשע. ווער ווייסט, עפּשער וועלן די קוילער זיך דאָרטן אָפּשטעלן און אַהער ניט קומען?

— וואָס זשע, דו ווייסט ניט, — האָט געזאָגט שיקע קושניר, — אז דער אַפּעטיט קומט אינײנעם מיטן עסן? אײַנגעשלונגען עסטרײַך, דערנאָך טשעכיע, וועלן זיי פאַרבײַסן מיט פוילן. אז קיינער האָט ניט קיין קראַפט זיי אָפּשטעלן, געבן אין די ציין אַרײַן, קריכן זיי.

— בעזשענצעס, — האָט איבערגעשלאָגן אָקסאַנע, — וואָס זײַנען אַנטלאָפן פון יענע ערטער, גיבן איבער, אז זיי האַרגענען, ראַבעווען, צינדן, שלאָגן. ווילדע כײַעס זײַנען דאָס, ניט קיין מענטשן. זיי ווילן פאַרזשעברעווען און פאַרקנעכטן די גאַנצע וועלט. עס איז נאָך אַזוינס ניט געווען!

די אַרבעט אף די נאַפט־באַצירקן האָט זיך ביסלעכווײַז אָפּגעשטעלט. די באַלעבאַטים זײַנען אַנטלאָפן. מענטשן זײַנען ארומגעגאַנגען און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן, פאַר וואָס זיך נעמען.

שוין וויפל טעג אַוועק, אז קיין בלעטער קומען אַהער ניט אָן, און קיינער ווייסט ניט, וווּ מע האַלט אין דער וועלט. מע נערט זיך מיט צופעליקע קלאַנגען, וועלכע דערגייען אַהער פון פאַרשיידענע זײַטן. און די קלאַנגען פּלעטן מאַמעש.

ראַמאַן איז זיכער געווען, אַז די סאָוועטן וועלן קומען, ניט דערלאָזן, גאַליציע זאָל אַרונ־טערפאַלן אונטער דעם יאָך פון די פאַשיסטישע אָקופּאַנטן. און נאָך האָט ער געטראַכט, אַז מע וואָלט געדאַרפט שאַפן אַן אַטריאַד פון זעלבשוץ, זיך באַוואָפענען, און ווען דער סוינע וועט זיך דערנעענטערן אַהער, אַרויסווײַזן אַ ווידערשטאַנד.

וועגן דעם טאַקע האָט גערעדט איצט ראַמאַן קראַוטשוק צו זײַנע פרײַנט, וועלכע זײַנען זיך צונויפגעקומען צו אים אין שטוב.

די מענטשן האָבן אויסגעהערט מיט קאָפּ זײַן פּלאַן און געשוויגן.

דער פּלאַן איז גראַדע געפעלן געוואָרן, נאָר טאַראַס האָט געזאָגט:

— מיר זײַנען געווען סאָלדאַטן און ווייסן גוט, וואָס איז אַזוינס מילכאָמע. די פאַשי־סטישע קוילער רוקן זיך אַהער אויף זייערע טאַנקען, זײַנען מוירעדיק באַוואָפנט, וואָס זשע וועלן מיר גיין זיך שלאָגן מיט די הוילע הענט?

— אַוודע איז דאָס ניט קיין וועג, — האָט זיך אַרײַנגעמישט זאַלמען מאַרקוס, — מע דאַרף דאָך זײַן פריש, געזונט און מעשוגע. דאָס בעסטע וועט זײַן, מיר זאָלן זיך לאָזן גיין אויף מיזרעך, צו אונדזערע, צו די סאָוועטן...

— זייער שיין! — האָט איבערגעשלאָגן די מוטער. — וואָס זשע ווילט איר, מיר זאָלן פאַרע־סירען די הײַזער, דאָס ביסל אָרעמקײַט?

— און וווהין וועלן מיר דערגיין? יענע פאָרן אויף טאַנקען און מאַשינעס, — האָט אַ פאַרח־ווייניטע זיך אָנגערופן אַקסאַנע. — אויב שטאַרבן, אומקומען, איז באַ זיך אין שטוב. איך גיי אין ערגעץ ניט!

— פאַרשאָלטן זאָלן זיי ווערן! — האָט געזאָגט מיט אַ געפּאַלענער שטים שיקע קושני־ניר. — שטענדיק קומען זיי, די דײַטשן, און פאַרוואַנדלען די גאַנצע וועלט אין אַ מעשוגאָים־הויז. זיי האָבן לאַנגע הענט און ווילן אַלץ פאַרזשעברעווען, אַ מאַפּאָלע אויף זיי!

פּיליפּ איז געזעסן פאַרוקט אין אַ ווינקל און גערייכערט איין ציגאַר נאָכן צווייטן. ער האָט ניט געקאָנט אויפהייבן דעם קאָפּ און קוקן די מענטשן אין די אויגן. די ווערטער פון זײַנע כאַווײרים האָבן אים געשטאָכן, ווי די שפּיזן, גלײַך ווי ער וואָלט געווען שולדיק אין דעם שוידער, וואָס רוקט זיך אָן.

שוין אַזויפיל יאָר אַוועק, זינט ער ווינט צווישן אָט די גוטע מענטשן. אַזויפיל יאָר איז ער באַפרײַנדעט מיט די קראַוטשוקס, מיט די מאַרקוסעס, מיט שיקע קושנירן, אַרבעט מיט אים אין איין קוזניע, ער איז פאַרליבט אין דעם באַשיידענעם דאָקטער סוכאָדאָלן, דער בע־סטער גוטערפרײַנט מיט דער מומע נאַסטיע. אָן אים און זײַן מישפּאָכע קומט ניט פאָר קיין איין סימכע. פרייד און צאָרעס, נאַכעס און אומגליק — טיילט מען צוזאַמען.

קיינער האָט אים קיינמאָל ניט געפרעגט, צו וועלכער נאַציע ער געהער. אַזויפיל יאָר האָט ער דאָ געאַרבעט באַגלײַך מיט אַלע און ערלעך פאַרדינט דאָס שטיקל ברויט מיט זײַן שווערער האַרעוואַניע. צוזאַמען מיט אָט די גוטע, האַרציקע שכיינים האָט ער פאַרהאַסט מיטן גאַנצן האַרצן די פאַשיסטישע בעסטיע. ניין, ער האָט ניט קיין שום שײַכעס צו יענע גאַרגלשנײַדער און וויל זיי ניט קענען!

און דאָך, דער רוען ווייסט עס, פאַרוואָס האָט ער זיך איצט געפילט ביטער, געדריקט, דערשלאָגן און דערנידעריקט.

וואָס זשע קומט פאָר? וואָס זשע איז געשען?

אָבער וואָס מע זאָל וועגן אים און זײַן מישפּאָכע ניט איבערטראַכטן, איז ער מיט זײַן הויזגעזינד געבליבן טרײַ אָט דער ערד, וואָס איז פאַרגאָסן מיט זײַן בלוט און שוויים. וואָלטן די מענטשן אים אָפן געזאָגט, וואָס זיי טראַכטן וועגן אים, וואָלט אים געווען אַ סאַך גרינגער, ער וואָלט געקאָנט ענטפערן. נאָר קיינער האָט אים דאָך גאָרנישט ניט געזאָגט. איז עפּשער דאַכט זיך אים פּאַשעט אויס און אומזיסט הריזעט ער זיך און עסט זיך אויף לע־בעדיקערהייט?

ער קוקט אויף די פאַרוואַקסענע, פאַרומערטע און דערשלאָגענע מענטשן, וואָס ווייסן ניט, וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט און צו וואָס עס גייט, וואָס מע דאַרף טאָן. יאָ, זיי זײַנען אומגליקלעך, די מענטשן, נאָר ער, פּיליפּ, איז נאָך, דאַכט זיך, אומגליקלעכער פון זיי אַלע.

ראַמאַן קראַוטשוק האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, גענומען זײַנע קוליעס אונטער די פּאַכועס, אָנגעטאָן דאָס רעקל, דעם קאַרטוז און זיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָט אַרײַן, עפּשער וועט ער זיך דאָרטן דערוויסן באַ זײַנע אַלטע כאַווײרים, ווו מע האַלט אין דער וועלט, וואָס עס טוט זיך אַרום און וויאַזוי דאַרף מען אין די שווערע טעג האַנדלען.

דער אוילעם איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. פיליפּ האָט אָנגערוקט אַף די פֿאַרנעפּלטע אויגן זײַן אַלטן אַפּגעבליאַקעוועטן קאַפּעליוש, זיך אַפּילע פֿאַרגעסן געזעגענען מיט די מענטשן און זיך געלאָזט גיין.

ער איז איצט אָבער געווען אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט זיך אַראָפּגעשלאָגן פֿון דער סטע־זשקע, וואָס פֿירט צו אים אַהיים, און געגאַן אַרוף, צו די גרינע בערג. עפּעס אַ שטאַרק בייזן איז אים איצט, איינגעטלעך, געווען אַלצײַנס, וווהין צו גיין. ער האָט געדאַרפֿט בלײַבן מיט זיך אַליין און באַטראַכטן, אין וואָס פֿאַר אַ לאַגע ער געפֿינט זיך מיט זײַן פֿאַמיליע און וואָס ער דאַרף טאָן. ערגער פֿון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס קיינער האָט אים גאָרנישט ניט געזאָגט, ווי מע וואָלט אים אינגאַנצן ניט באַמערקט.

די נאַכט האָט שוין געגומען צופֿאַלן, און ער האָט געשפּאַנט, ווי אַ שיקערער, פֿאַרטאָן אין זײַנע שווערע מאַכשאָווועס.

לאַנג האָט ער אַרומגעבלאָנקעט איבער די סטעזשקעס אין די קאַרפּאַטן און זיך אײַנגעע־קוקט אין דער שיינער וועלט, ווי ער זאָל זי זען צום ערשטן מאָל אין לעבן. איבער אים האָבן געראָשט די קרוינען פֿון די הונדערטיאָריקע סמערעקעס און דעמבעס, ווי זיי זאָלן זיך איבע־ריידן מיט די אָנגעבראָגעזטע כמאַרעס. עס האָט געהאַלטן בײַ אַ גוטן רעגן, נאָר דער ווינט, וואָס האָט שטאַרק געבלאָזן פֿון מײַרעוו, האָט פֿאַנאַנדערגעטריבן די וואָלקנס.

פיליפּ האָט זיך אַרופֿגעדראַפּעט אַף אַ מאַכיקן פֿעלדז און געזען פֿאַר זיך אַ גאַנצן יאַם גרינס, וואָס האָט שוין געגומען געל ווערן.

ערגעץ ווײַט־ווײַט האָט די ערד געהודעט, ווי ערעוו אַן ערדציטערניש, און דעם האָרי־זאָנט האָבן באַדעקט וואָלקנס פֿײַער און רויך. ערגעץ אונטער די כמאַרעס האָבן געהודעט שווערגעלאָדענע אַעראָפּלאַנען. לויטן געבערום האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז זיי דער־נעענטערן זיך אַהער. פֿון מאָל צו מאָל האָבן זיך דערהערט טעמפּע אָפּקלאַנגען פֿון אופֿגע־ריסענע באָמבעס און סנאַריאַדן.

„די מילכאָמע איז שוין נאָענט, און עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל אָפּשטעלן דעם סוינע״, — האָט צו זיך אַ זאָג געטאָן פיליפּ, און זעענדיק, ווי עס רוקט זיך אָן די נאַכט, שנעל אוועק אַראָפּ־באַרג.

ער איז זייער לאַנג געגאַנגען מיט די געפּלאָנטערטע סטעזשקעס צו זײַן שטוב, וואָס האָט זיך עפּעס ווי דערווײַטערט פֿון אים.

ענדלעך איז ער אַריבערגעטראָטן די שוועל. בערטע האָט זיך דערשראָקן פֿאַר זײַן אויסזען.

— וואָס איז מיט דיר געשען? פרידריך, ביסט קראַנק?

— מאַמע, ווער איז קראַנק? — איז אַרויסגעלאָפֿן פֿונעם צווייטן צימער די טאָכטער.

זי האָט צאַרט געגומען דעם פֿאָטער פֿאַר דער האַנט, אים באַזעצט באַם טיש, ווו עס האָט אָף אים געוואַרט די אָפּגעקילטע וועטשערע.

— מיר וואַרטן שוין, טאַטע, אַזוי לאַנג אַף דיר! ווו ביסטו געווען אַזאַ צײַט? איך האָב זיך שוין פֿאַרבענקט נאָך דיר.

ער האָט ניט געענטפֿערט. אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליוש, זיך צוגעזעצט צום טיש, אַ קוק געטאָן אַף די טעלער, נאָר עסן ניט געקאָנט.

פֿילנדיק אַף זיך דעם נײַגעריקן בליק פֿון דער פֿרוי, האָט ער גענומען דעם גאָפּל, גע־פּרוווט עפּעס עסן, נאָר דער ביסן איז ניט געקראָכן אין האַלדז אַרײַן. דעמלט האָט ער צוגע־רוקט די גלאָז קאַלט־געוואָרענע קאַווע און פֿאַמעלעך גענומען זופּן.

מאַרגאַריטע איז געזעסן באַם צווייטן עק טיש און אויך געזופּט פֿון איר גלאָז, נאָר אַפּילע ניט געפֿילט, אַז די קאַווע איז שוין לאַנג קאַלט און ניט געשמאַק. די גאַנצע צײַט האָט זי מיט אומרו געקוקט אַפֿן פֿאָטער און אומגעדולדיק געוואַרט, ער זאָל דערציילן, פֿאַרוואָס איז ער אַזוי צעטראָגן, וואָס איז זיך מיט אים פֿאַרלאָפֿן?

זי האָט אַלעמאָל געוואָרפֿן דעם בליק אַפֿן וואַנט־זייגער, ווי זי זאָל אַף עמעצן אַרויס־קוקן, זיך ערגעץ אײַלן.

פֿון מאָל צו מאָל האָט דער פֿאָטער פֿאַרזיכטיק, פֿון אונטער די ברעמען געקוקט אַפֿן מיידל און ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס איז מיט איר הײַנט, אַף וועמען וואַרט זי, אַף וועמען קוקט זי אַרויס? און נאָך האָט ער אינגאַנצן ניט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס זי האָט זיך הײַנט פֿאַרפּוצט אין איר נײַ קליידל. געוויינלעך טוט זי עס אָן בלויז אין גרויסע יאָמטויוויום.

דאָס כיינעוודיקע, צערטלעכע פּאָנעם האָט זיך ניט אופֿגעהערט מינען פֿון אומרו און אומגעדולד. אירע געדאַנקען זײַנען איצט געווען ווײַט פֿון דער שטוב, פֿון אים און אַפּילע פֿון אַלץ, וואָס עס טוט זיך איצט אַף דער וועלט.

מאַרגאַריטען האָט ער ליב געהאַט שטאַרקער פון זײַן אייגן לעבן. ער האָט געטאָן אַלץ, זי זאָל זיך אין גאָרנישט ניט נייטיקן. זי זאָל זיך גוט לערנען, זײַן אָנגעטאָן, ווי קינדער בא לײַטן. אַלע האָבן געהאַלטן פון איר באַשיידנקײַט, ערנסטקײַט. אין שול זײַנען פון איר געווען באַגײַסטערט די לערער, ניט ווייניק פון די שילער. ווײַזט אויס, אַז די גראַטעווע טאָכטער, פון וועלכער ער האָט געקליבן נאַכעס, איז געווען דער אייציקער לוין דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ניט געפילט אינגאַנצן גליקלעך אין זײַן פאַמיליען־לעבן מיט בערטען. צווישן זיי איז געשטאַנען טאַמאַס, וועלכער האָט אים אינגאַנצן ניט געהערט און ניט געאַכטעט, זיך אָפּגעשלאָגן פון די הענט.

בערטען האָט ער שטיל ליב געהאַט דעמלט, אין דאָרף, ווי זי איז געווען געטרײַ און איבערגעגעבן זײַן שטוב, זײַנע עלטערן. ווען ער איז אוועקגעטריבן געוואָרן אַף דער מיל־כאַמע, האָט ער נאָך לאַנג באַדויערט, וואָס ער האָט איר ניט געזאָגט, זי זאָל אַף אים וואַרטן, אַז זיי וועלן כאַסענע האָבן, אויב ער וועט בלײַבן לעבן. ער איז געווען גליקלעך, ווען זי האָט זיך אומדערוואַרט דערקליבן אהער דורך טויזנטער געפאַרן און סאַקאָנעס. אָבער שטענדיק האָט געבויערט דעם געדאַנק דער מאַמזער... פיליפ האָט געלאָזט בערטען לעבן זיך, נאָר ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן דאָס, וואָס מיט איר איז געשען. עמעס, אין עטלעכע יאָר אַרום, נאָך דעם, ווי זי האָט געבוירן מאַרגאַריטען, איז דער ווייטעק זײַנער לינדער געוואָרן, אָבער ניט אינגאַנצן...

יאָ, דאָס האַרץ האָט אונטערגעזאָגט פיליפן, אַז טאַמאַס וואַקסט דער רוצעך ווייסט וואָס, דאָך האָט ער זיך צו אים באַצויגן, ווי צו אַן אייגן קינד. ווער האָט אים געלערנט זיך האַלטן גרויס, זיך פײַנטלעך באַציִען צו די אַרומיקע קינדער, פונוואַנען האָט זיך גענומען זײַן שלעכטע באַציִונג צו די עלטערן, צו דער שוועסטער און צו די שכיינים? ער איז געוואַקסן, ווי ווילד־גראָז, און מע האָט זיך מיט אים ניט געקאָנט ספּראַווען. די לערער האָבן זיך שטענדיק געקלאָגט אַף אים. שטענדיק איז ער געקומען פון דער גאַס אַ צענעריקטער, ניט געקאָנט לעבן בעשאָלעם מיט די קינדער. ווען ער איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער זיך לאַנג ניט אײַנגעהאַלטן אַף איין אָרט ווי אַנדערע. ער האָט אויסגעפּרוווט ניט ווייניק מעלאָכעס. בערטע האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי ער מאַטערט די שוועסטער, און באַשלאָסן אים אוועקשיקן קיין לעמבערג, צו איינעם אַ באַלעבאָס פון אַ רעסטאָראַנדל. דאָ האָט זיך טאָמאַס דאַפקע פאַרהאַלטן, געאַרבעט און ניט אָפּט זיך אַראָפּגעכאַפּט אַף עטלעכע טעג אַהיים.

אין שטוב איז גלײַך נאָך טאַמאַסעס אָפּפאָרן געוואָרן שטיל, רויִק.

פיל צײַט איז שוין פון דעמלט אוועק. איצט זײַנען זיי געזעסן באַם טיש זאַלבעדריט — פיליפ, בערטע און מאַרגאַריטע — מע האָט געטרונקען קאַווע אָן כיישעק, און אין שטוב האָט געהערשט אַ מאָדנע אָנשטרענגונג. עס האָט געמאַטערט דעם פאָטערס אײַנגעאַקשנט שווײַגן. ענדלעך האָט דאָס מיידל זיך אופגעהויבן, פאַריכט די צעפּ, זיך אָפּגערופן צעשטריייט:

— אוי, אין שטוב איז אַזוי דושנע! איך וועל אַ ביסל אַרויסגיין אַף דער פרישער לופט. איך וועל באַלד קומען...

מאַרגאַריטע האָט זיך פאַרווייטלט. דאָס האָט זי צום ערשטן מאָל פאַר אירע קנאַפּע זעכצן יאָר געזאָגט די עלטערן אַ ליגן.

— וווּהין וועסטו גיין? — האָט דערשראָקן אַ זאָג געטאָן די מוטער. — עס איז שוין שפּעט. גיי בעסער שלאָפן.

— איך וועל גיך זיך אומקערן, מאַמע. עס איז נאָך ניט שפּעט, — און ניט וואַרטנדיק אַף דער האַסקאָמע פון דער מוטער, אַרויסגעגאַנגען אין סעדל.

מאַרגאַריטע איז געשטאַנען אַ רעגע באַ דער טיר מיט אַ קלאַפּנדיק, אומרויִק האַרץ, זיך אומגעקוקט צום פענצטער, צי שפּירט ניט נאָך די מוטער. איר האָט זיך געדאַכט, אַז די מאַמע האָט זיך אָנגעשטויסן, וווּהין זי קלײַבט זיך איצט און ווער עס וואַרט פון יענער זײַט קאַליטקע אונטערן קליאָן. דעריבער האָט זי זיך נאָך שטאַרקער פאַרווייטלט.

מאַרגאַריטע איז אַ פּאָר מינוט געשטאַנען אַ פאַרלוירענע, דערנאָך אוועקגעלאָפן מיט דער סטעזשקע צו דער אָפענער קאַליטקע.

פיליפ איז צוגעגאַנגען צום פענצטער אַ קוק טאָן, וווּהין עס אײַלט אַזוי די טאָכטערקע. ער האָט באַמערקט, ווי פון דער געדיכטעניש, פון צווישן די קוסטעס באַם טויער, איז אַרויסגעלאָפן אַ ייִנגל, צוגעגאַנגען צו מאַרגאַריטען, זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, זיך מיט איר אוועקגעזעצט אַף דער באַנק.

אַ שמייכל איז דורכגעלאָפן איבער זײַן פאַרוואַקסן צעקנייטשט פּאָנעם. ער האָט צוגערופן דאָס ווײַב און צו איר אַ זאָג געטאָן:

— זעסט, בערטע, פאַרוואָס ריטען איז דאָ הייס געוואָרן, פאַרוואָס זי איז אַרויסגעלאָפן כאַפּן פרישע לופט?

באַלויכטענע פון דער לעוואַנע־שײַן, האָבן זיך געזען צוויי קעפּ.

— ווער איז דאָס ייִנגל? — האָט פיליפּ פאַרזיכטיק געפרעגט.

— וואָס זשע, דערקענסט אים ניט? סטאַסיק, טאַראַס׳ זינדל. ער איז שוין דאָ היינט דאָס דריטע מאָל. אָט וועל איך אַרויסגיין און אים אַרײַנזאָגן, וועט ער פאַרגעסן דעם וועג אַהער.

— וואָס רעדסטו, בערטע! ניט גוט אַזוי, — האָט פרידריך זיך אַ בייזער געטאָן, — אַ כאָוועך געקומען צו אונדזער מאַרגאַריטען, וואָס זשע ווילסטו אים פאַרטרײַבן? מיט אונדז, זעסטו, איז איר אומעטיק. זאָל זי מיט אים אַ ביסל זיצן. מע לערנט דאָך צוזאַמען, עפּשער האָבן זיי זייערע איניאַנים, און דו...

— ער איז עפּעס צו אַ ליכטזיניקער. איך האַלט ניט פון אַזעלכע.

— ניט דיר, בערטע, דאַרף ער דאָך געפעלן. און ביכלאַל דאַרף מען זיך ניט אַרײַנמישן אין אַזעלכע זאַכן.

פיליפּ האָט ווידער אַ קוק געטאָן דורכן פענצטער און דערזען, ווי מאַרגאַריטע האָט דעם באַכער געשוויבערט די טשופּרינע. אַ טראַכט געטאָן:

„וואָדע, זיי איז גוט. זיי פילן אַפילע ניט, וואָס פּאָר אַ געפאַר עס רוקט זיך אָן אויף דער וועלט. זאָלן זיי זיך פרייען. ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגעדיקער טאָג וועט זיי ברענגען. זייער לעבן הייבט זיך ערשט אָן...”

מיט זײַן מידן גאַנג האָט פיליפּ זיך געלאָזט אין אַלקער, זיך דאָרט אויסגעטאָן און אַרונ־טערגעקראָכן אונטער דער קאָלדרע.

בערטע איז אַ פּאָר מינוט געזעסן פאַרדײַגעט, דערנאָך זיך געכומען איבערוואָשן דאָס געפעס. איר האָט זיך געדאַכט, אַז אַ סאַך צײַט איז שוין אַוועק, זינט מאַרגאַריטע איז אויף „אַ ווילע” אַרויסגעלאָפן פון שטוב. בערטע האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז די באַנק דאַרף מען פון דאָרט צונעמען, עפּשער וועט יענער ווייניקער לויפן אַהער. זי האָט ניט געוווּסט, צו וואָס מע נעמט זיך. זיצן אין שטוב לײַדיק איז זי ניט געווויינט געווען. זי האָט גענומען אירע צוויי גרויסע שפּיזלעך, דעם קנויל וואָלענע פאַדעם און שנעל און געניט אָנגעהויבן שטריקן דעם אָנגעהויבענעם זאָק.

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. עס האָט זיך בלויז געהערט, ווי עס טיקעט איינטאָניק דער וואַנט־זייגער. דאָס לעמפּעלע האָט עטוואָס געטשאַדעט, נאָר בערטע האָט עס ניט באַמערקט. זי האָט פּלוצעם דערהערט דעם מאַנס שטים פון צווייטן צימער:

— בערטע, פאַרוואָס גייסטו ניט שלאָפן?

— איך וועל צוּוואַרטן, ביז דאָס מיידל וועט אַרײַנגיין, איך זאָל קענען צושליסן די טיר.

— מיר דאַכט, — האָט נאָך אַ פּאַוזע געזאָגט דער מאַן, — אַז עס וועט לאַנג אויסקומען צו וואַרטן.

— אָט וועל איך אַרויסגיין און זי אַרײַנשלעפּן פאַרן צאָפּ.

— איך בעט דיך, דאָס זאָלסטו ניט טאָן, בערטע! זי וועט אַליין קומען. פאַרגעס ניט, אַז מע דאַרף זיך באַגיין איצט מיט ריטען פאַרזיכטיק. זי איז שוין אַרויסגעוואַקסן פון די פּעליעשקעס.

— איז עפּשער ווּעסטו, פרידריך, אַרויסגיין צו איר און איר געבן עטלעכע שיינע פּעטש? עס איז שוין גאַנץ שפּעט, און זי דאַרף אויפשטיין גאַנצפרי צו דער אַרבעט.

— צו וועלכער אַרבעט דאַרף זי גיין? — האָט איבערגעשלאָגן פיליפּ. — ווייסט דען ניט, אַז קיינער גייט שוין ניט צו דער אַרבעט? די רעגירער זײַנען זיך צעלאָפן, ווי די מײַז, זיי האָבן זיך דערשראָקן — די היטלערישע מערדער זײַנען שוין אין וואַרשע און רוקן זיך אַהער.

— וואָס רעדסטו! — האָט אַ דערשראָקענע זיך אופגעהויבן פון אָרט בערטע און אַרײַנ־געלאָפן אין צווייטן צימער, זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פון דעם מאַנס בעט. — וואַרשע איז דאָך ניט ווײַט פון לעמבערג. קאָנען זיי קומען אויך אַהין?

— געוויס. קיינער שטעלט זיי ניט אָפּ. די פּוילישע אַרמיי איז זיך צעפאַלן, און דער וועג פאַר די פאַשיסטישע כאַוואַלעס איז אָפן.

— מײַן גאָט! דאָרטן, אין לעמבערג, אַרבעט דאָך אונדזער טאַמאַס! וואָס וועט זײַן מיט טאַמאַסן?

— ווער קאָן וויסן? טאַמאַס איז אַזאַ טײַוול, אַז קיין טאַלק ווּעסטו באַ אים ניט דערגיין, וואָס ער טראַכט און וואָס ער מיינט, — ער הערט אונדז, ווי דעם פאַראַיאַריקן שניי. דאָרטן, אין רעסטאָראַן, האָט ער זיך אויסגעלערנט די ערגסטע מידעס, ער טרינקט, איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט. ווער ווייסט, צי וועט ער זיך אַרויסשלאָגן אַמאָל אויף אַ רעכטן וועג.

— איך האָב דיך דאָך ניט איין מאָל געבעטן, דו זאָלסט אים צונעמען אהיים, ער זאָל ארבעטן לעבן דיר, אין קוזניע, אָדער בא די נאפט־גריבער.

— שפעט זיך דערמאָנט, בערטע. ער האָט פארזוכט אין רעסטאָראן פון א גרינג לעבן, פון באקומען אומזיסט זלאָטעס, וועסטו אים שוין אין קוזניע מיט קיין שטריק ניט פארשלעפן. האָסט דען ניט באמערקט, ווען ער איז זומער געקומען אהיים, מיט וואָס פאר א ביטל ער האָט געקוקט אף אונדז און אף אונדזער אָרעמער שטוב? מער ווי צוויי טעג האָט ער זיך ניט געקאָנט פארהאלטן. עס איז אים דאָ, בא אונדז, אומעטיק און ניט באקוועם. ער האָט זיך אינגאנצן אָפגעשלאָגן פון די הענט. און איצט, מיין איך, איז שוין שפעט אים איבערלאנדערשן. דער רועך ווייסט עס, וואָס איז מיט אים און ווער איז שולדיק? עפשער זײַנען מיר מיט דיר שולדיק, וואָס ער איז אויסגעוואקסן ניט אזא, ווי אונדזער מארגאריטע — אן אָנגעבלאָזענער, א גרויסהאלטער, א ווינט אין פעלד. ער האָט אונדז קיינמאָל ניט געאכטעט.

בערטע האָט זיך אײַנגעהערט אין זײַנע רייד. איבער די באקן זײַנען געפלאָסן טרערן. אין יעדער וואָרט פונעם מאן איז געווען א ביטערער עמעס. זי האָט שוין פון לאנג געפילט, אז איר טאָמאס וואקסט אין סטויפּ ארײַן, און איצט האָט איר באנק געטאָן, לעמײַ זי האָט אים אָפּ־געלאָזט אין דער גרויסער שטאָט, און נאָך אף ארבעט, בא וועלכער ער האָט זיך אין גאָרניט ניט געבייטיקט, און זיך צוגעוווינט צום פלעשל.

טראכטנדיק וועגן איר אומגליק, האָט בערטע געוואָלט אויסגיסן דאָס ביטערע הארץ אף איר באשיידן מיידל, וואָס האָט זיך צו לאנג פארהאלטן מיט דעם סטאסיקן. זי איז ארויסגעגאן אף דער שוועל און אויסגעשריגן:

— מארגאריטע! שוין צײַט גיין שלאָפן! ווו ביסטו דאָרט ערגעץ?

— מאמוסיע, נאָך איין ווײַלע, איך קום גלײַך אהיים, — האָט זיך דערהערט מארגארי־טעס אומצופרידענע שטים, — עס איז נאָך ניט שפעט. אָט גלײַך קום איך. נאָך איין ווײַלע.

— עפּעס צו א לאנגע ווײַלע בא דיר! — האָט געזאָגט די מוטער. — גלײַך זאָלסטו גיין אין שטוב! צײַט שלאָפן! אָט וועל איך צושליסן די טיר, וועסטו דאָרטן פארבלײַבן. שנעלער, אהיים!

מארגאריטע האָט זיך געקרויטלט, לעמײַ די מאמע טרײַבט זי אין שטוב, ווי א קליין קינד. איר איז געווען א ביזאָיען פאר סטאסיקן. נו, געהערט אן אומגליק, — האָט דאָס מיידל זיך געטראכט, — וואָס קימערט עס זי, אז מע וועט זיצן נאָך א ביסל אף דער באנק? אזא שיינער אָוונט, א מעכײַעדיקער. מיט סטאסיקן איז איר הײַנט גוט. זי צעשויבערט אים די טשופרינע, רײַסט פון אים שטיקער, און אים פארדריסט עס ניט. ער דערציילט איר פריילעכע געשיכטעס וועגן זײַן מײַסטער, בא וועלכן ער לערנט זיך ארבעטן אפן נאפט־באצירק, און זי קײַכט מאַ־מעש פון געלעכטער.

זי וואָלט דעם באָכער נאָך לאנג געהערט, נאָר דער רועך ווייסט, וואָס ער האָט זיך פלוצעם דערלויבט! אינמיטנדערינען האָט סטאסיק זי ארומגעכאפּט, צוגעדריקט צו זיך און געוואָלט א קוש טאָן אין די ליפּן, זי האָט זיך אָבער אויסגעריסן פון זײַנע הענט און אים דערלאנגט אזא פּאטש אין באק, אז ער איז אָפּגעשפּרונגען ווי אן אָפּגעבריטער. איצט זיצט ער שוין אפן צווייטן עק באנק און האָט מוירע זיך צורוקן נעענטער. די באק פלאַמט בא אים גאנץ שיין. זאָל ער וויסן! נאָר ער שווײַגט. צוליבן פּאטש, וואָס ער האָט ארײַנגעכאַפּט, האָט ער שוין פארגעסן אינעם שיקערן מײַסטער און פלאפלט איצט דער רועך ווייסט וואָס, קעדיי זי זאָל ניט אנטלויפן אין שטוב. אויב ער וועט זיך אזוי פירן, וועט זי קיינמאָל ניט ארויסגיין צו אים. נאָר גיי רעד, אז דאָס דריטע מאָל האָט די מאמע זי שוין גערופן. מער גייט ניט אָפּ, זי זאָל צוגיין אהער און דערזען סטאסיקס רויטע באק.

לויפנדיק צו דער היגטערטיר מיט דער געדרייטער סטעזשקע, קעדיי אויסמײַדן די צע־בייזערטע מוטער, האָט מארגאריטע א פּאָר מאָל זיך אומגעקוקט אין יענער ריכטונג, וווהין עס איז אוועק סטאסיק. ער האָט הײַנט צעבויטעט אלע אירע געדאנקען. איר האָט פונדעסט־וועגן באנק געטאָן, וואָס ער האָט פון איר געקראָגן אזא פּסאק.

זי איז ארײַנגעלאָפן אין שטוב, פארלאָשן די שײַן, שנעל זיך אויסגעטאָן און ארונטער־געקראָכן אונטער דער קאָלדרע. זי האָט געפילט, אז אײַנשלאָפן וועט זי די נאכט שוין ניט קאָנען. זי וועט ליגן מיט אָפענע אויגן און טראכטן, וואָס איז דאָס אזוינס — עמעסע ליבע...

(סאָף קומט)



# צום 70־טן געבורטסטאָג פֿון מוישע טײַף

ארן װערגעליס

## דער דיכטער, װעמענס שאַפֿונג איז אַ בריק צװישן דורעס

דן עגן מוישע טײַפֿן זאָגט מען, אַז לויט דער צײַט־כראָנאָלאָגיע איז ער אין דער סאָװעטישער ייִדישער ליטעראַטור דער לעצטער פֿון אירע אָנהייבער. מע זאָגט אויך, אַז ער איז דער ערשטער צװישן די פֿאַרזעצער פֿון די נײַע װערטן, װעלכע ס׳האָבן איבערגעלאָזט די אָנהייבער.

טײַפֿס שאַפֿונג שײַנט מיר צו זײַן אַ בריק צװישן דעם פּעריאָד פֿון די צװאַנציקער יאָרן און דעם „סאָװעטיש היימלאַנד״־פּעריאָד, דער־בײַ אַזאַ מין בריק, װעמענס אָנהייב און סאָף זײַנען אַליין װעזנטלעכע טײלן פֿון די ערטער, אָדער פֿון די צײַטן, װעלכע ער פֿירט צונויף.

אונטער דער ליד, װאָס עפֿנט אויף דעם אָנפֿאַנגערישן ציקל „דיכטערישע קינדהײַט״ אין טײַפֿס בוך „לידער און פּאָעמעס״ (מינסק, 1933), איז פֿאַרצייכנט די צײַט, װען זי איז אָנגעשריבן געװאָרן: „ערשטע טעג פֿון יול 1920״. װײַטער גייט אַ ליד, װוּ די צײַט איז אָנגעװיזן גופֿא אינעם קעפּל: „עלפֿטער יול 1920״. און, לעסאָף, די ליד „מאַכט אַ װאָרע״, װעלכע איז באַװאָרנט מיט אַן אָנװײַזונג, אַז־זי איז געװען פֿאַרעפֿנט־לעכט אין דער צײַטונג „יונגער אַרבעטער״, 1923 יאָר, מינסק, אָרגאַן פֿונעם צ. ק. פֿון קאָמיוג״. אין דער ערשטער ליד — „װען װעט שוין קומען די רויטע אַרמיי?״ — װערט דער־ציילט, װי אַ מינסקער ייִדיש ייִנגל װאַרט, אַז די רויטע אַרמיי זאָל אַרײַן אין שטאָט און פֿאַר־טרײַבן די פּױלישע פּאַנעס. לויטן סטיל איז עס אַן אויסגעשפּראָכענער פֿאָלקס־מאָטיװ:

אַף אונדזער הויכן דאַך
זיץ איך און איך טראַכט:
— װיי איז מיר, װיי,
װען װעט שוין קומען די רויטע אַרמיי?
די זון ברענט, די זון באַקט,
איך הער, װי עס באַכעט
פֿון באַריסאָװער טראַקט,
די װײַסע פּאָוסטאַנצעס
גייען מיט האַזט,
די רויטע אַרמיי גייט אַריבער בעריאַזע.

דאָס ייִנגל שרײַט אויס מיט זעלטענער נאַ־טירלעכקײַט און קינדערשער נעשאָמעדיקײַט: „באַכעט, רויטע פּולעמיאָטן, באַכעט פֿון בעריאַ־זע־טײַכן! באַכעט, רויטע פּולעמיאָטן, באַכעט! אַ געזונט צו אײַך!״

אַזאַ איז מוישע טײַפֿס דיכטערישער אָנהייב אינעם יאָר 1920. דאָס קינד פֿון די מינסקער געסלעך האָט ניט פֿאַר זיך קיין פּראָבלעם פֿון „אָופּנעמען״ אָדער „ניט אָופּנעמען״ די רעװאָ־ליוציע. דער יונגער דיכטער דאַרף ניט „אַרויס־טרײַבן פֿון זיך דעם נעכטן״. אַליין שטעקט ער אינגאַנצן אין די טעג, אין װעלכע ער לעבט. אַרופֿגעקראָכן אַפֿן דאַך, הערט דאָס ייִנגל מייש־קע טײַף, װי אַפֿן באַריסאָװער טראַקט שלאָגט זיך די רויטע אַרמיי מיט די פּאַנעס. ער איז נאָך יונג אָװעקצוגיין צו בודיאָניז, שרײַט ער פֿונעם דאַך, קלאַפּנדיק מיט די באָרװעסע פֿיס אין אָנגעגליטן בלעך און אונטערװאַרפֿנדיק צום הימל דאָס היטל: „באַכעט, רויטע פּולעמיאָטן, באַכעט!..״.

דאַכט זיך, אַ היסטאָרישער אויגנבליק טיילט אָפּ טײַפֿס אָנהייב פֿון פֿינינבערגס אָדער האַל־קינס. דער אידייען־מעהאַלעך צװישן זיי איז אָבער אָפּט — אַ היסטאָרישע עפּאָכע. מע קאָן דאָס פֿאַרגלײַכן מיט אַזאַ לעבנס־בײַשפּיל: אַ מאַכנע מענטשן געפֿינט זיך בײַ אַ טײַך, אַלע בײַ דעם זעלבן טײַך; נאָר איינער פֿון דער מאַכנע איז צו די איבעריקע צוגעשטאַנען שוין אַפֿן צװייטן ברעג, ער איז אַפֿן ערשטן ניט געװען; די איבעריקע זײַנען עטװאָס פֿריִער צו דעם צװייטן ברעג אַריבערגעשװוּמען.

טײַף האָט ניט געהאַט קיין „געיאָרשנטע פֿענט״, װי פֿינינבערג, ער האָט ניט געשפּירט אין זיך מיט אומרו, אַז זײַן „זיידנס מיטװאָך דויערט נאָך און דויערט״. אין זעלבן 1923 יאָר, װען האַלקינס לירישער העלד — די מוטער — האָט זיך געקלאָגט אַף די קינדער: „אַװאַדע נאָך שװער איז מיט אונדזערע קינדער... זיי פֿרייען זיך צופֿיל — זיי פֿרייען זיך אָפֿן״, — האָט טײַף אָפֿן געמאָלדן: „װײַל עס שמייכלט הײַנט די

לופט, ווײַל עס קושט זיך הײַנט דאָס טײַכעלע מיט זון, ווײַל בוים האָט הײַנט צעשפּרייט די צווײַגן צו בליִענדיקער וועלט, — אראָפּ די מיסט־ליכט פון מײַנע העלע אויגן, און אָנציִען, א מונטערער, צו בייזער וועלט מײַן פײַל־און־בויגן"... טייף איז אופגעקומען און ער האָט זײַן גאַנץ שעפערישׂ לעבן אָפּגעלעבט אף דער סאָוועטישער זײַט פונעם שטורמישן עפּאָכעצעשיידנדיקן טײַך, וועלכער רופט זיך אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. אין דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור איז ער אַרײַן, לויפנדיק מיט דער פריידיקער קינדערשער כאָפּטע נאָכן ערשטן רויטאַרמייִשן ראַזוועדטשיק, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם זיג פון די „רויטע פאָנעס":

וי דער ערשטער ראַזוועדטשיק איז פון
פערד אַראָפּגעקראָכן,
האָבן אלע געוויינט פון פרייד;
וי דער ערשטער ראַזוועדטשיק האָט
געשטעלט א טראָט,
זײַנען אָנגעלאָפן קינד־און־קייט.

דאָ, צווישן „אָנגעלאָפענע קינד־און־קייט", באַם באַגעגענען דעם ערשטן רויטן ראַזוועדטשיק, — איז דאָס אָרט, ווו עס האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן דער פאָלקס־דיכטער מוישע טייף. ער איז געווען יונג, ער איז געווען רוי, ער איז געווען גאַסן־פרײַ און גאַסן־אָרעם. ער האָט אָנגעהויבן זײַן לעבן און זײַן ליד ווי א ייִדישער גאַוורויש:

איך האָב געזאָגט צו דער מאַמען:
— איך וויל נעמען א ביקס
און גיין מיט די רויטע פאָנעס,
האָט די מאַמע מיר געזאָגט:
— ביסט א קליינער,
גיי בעסער קלײַבן פּאַטראָנעס.
(„עלפטער יול 1920").

„גיי קלײַבן פּאַטראָנעס!" — אזא איז געווען דער מאַמעס אָנזאָג. די צײַט אָבער האָט געפאָדערט, אז די יונגע פּאַטראָנען־קלײַבער זאָלן אליין אויך שיסן אינעם סוינע. ס'איז געווען א צײַט פון צוואַנציקיאָריקע פאָלקנפירער, פון פאָלקס־קאָמיסאַרן, וואָס זייערע נאָך ניט אלטע טאַטע־מאַמעס האָבן ניט געגלייבט, אז די קינדער „דרייען מיט וועלטן". אין יענע יאָרן האָבן שרײַבער־אָנפאַנגער געמאַכט אַנטשיידנדיקע פאַר דער ליטעראַטור אַנטדעקונגען, אָנהייבנדיק א נײַע שעפערישע ערע. און ס'איז געווען נאַטירלעך, וואָס דער גאַוורויש אין דער ייִדישער ליטעראַטור־דרוזשינע האָט זיך צוזאַמען מיט די „אַלטע", די פינף־און־צוואַנציקיאָריקע, געשטעלט צו דער באַריקאַדע, און זײַן שטים האָט געקלונגען אזוי ווי זייערע שוין אויסגעפרוווטע שטימען: „קרעמל־בסורעס טראָגן מיר. מיר, דערוועקטע, קומען וועקן וועלטן צו א נײַעם טאָג!" און — „אף אלע גאַסן און אף אלע וועגן וועל איך טיילן שטיקלעך זון..." דאָס איז דעמלט געווען דער אַלגעמיינער מאָטיוו פון דער אופגעקומענער צוזאַמען מיט דער רעוואָליוציע סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור;

אַזעלכע — נײַע אין טאָך — שורעס האָט מען אין 1923 געקאָנט לייענען בא פיל דיכטער אין סאָוועטן־רוסלאַנד, און דאָך האָט בא טייפן זיך אַרויסגעזען די סאַמע נײַסטע פאַר יענער צײַט טעמע אין דער ייִדישער דיכטונג — דער לירישער העלד איז א פאַבריק־אַרבעטער, וועלכער שטייט שוין בא דער מאַכט אין לאַנד, און דערײַבער זינגט ער ניט וועגן נויט און פאַרקנעכטונג, נאָר וועגן פרייד: „באַלד קומט אָן פאַרטאָג, וועקט מיך אופעט דער הודאָק, און איך שטיי אָן אויסגערוטער בא מײַן פריילעכן סטאַנאָק"... „גרינג אזוי און פריילעך איז מיר הײַנט, איך וועל זיך אַרעמען מיט פרילינג און זינגען לידער די פאַרטאָגן אין פאַבריקן"...

טייף האָט געאַרבעט אף א מינסקער טאַפּעטןפאַבריק. אין דער ייִדישער דיכטונג איז, אזוי־אַרום, געקומען — גלײַך פונעם סטאַנאָק — אָן אָפּשטאַמיקער פון די אָרעמע סאָציִאַלע שיכטן, אליין א פאַבריק־אַרבעטער.

איינער פון די איבעראַשנדיקע פאַקטן פון מוישע טייפס דיכטערישן אָנהייב איז דאָס, וואָס די טעמע לענין האָט זיך באַם דיכטער־אָנפאַנגער באַוויזן נאָך בא לענינס לעבן. מע קאָן זאָגן, אז טייף איז שעפעריש געבוירן געוואָרן מיט לענינס נאָמען אף די ליפּן. אין צוזאַמענהאַנג מיטן 53־יאָריקן געבורטסטאָג פונעם געני פון דער רעוואָליוציע שרײַבט טייף זײַן ליד „22 אַפּרעל 1870", אין וועלכער עס אַנטפּלעקט זיך בוילעט די פּרוכטבאַרע האַשפּאָע פון דער רוסישער סאָוועטישער דיכטונג פון יענער צײַט, באַזונדערס די האַשפּאָע פון מאַיאַקאָווסקין, וועלכע האָט גליקלעך באַגלייט מוישע טייפס שעפערישן אַרופגאַנג אין משך פון זײַן גאַנץ לעבן. „מיר — דער לענין", — האָט פּראָקלאַמירט טייף, און אין דעם זעלבן 1923 שרײַבט ער אָן זײַן ליד „לענינען", וועלכע איז באַגלייט מיט א מאָטאָ „דער פירער פונעם אַרבעטער־קלאַס לענין איז קראַנק"...

וואָס האָט איר זיך צעשמייכלט,
אָ, גויסעסדיקע גאַסן
פון דער אַלטער וועלט?
איר סוידעט זיך? לענין?
א „מעזאָגט" האָט זיך צעקײַקלט
איבער שטאָט...

אָ, שטויביקער עקל פון צעגאַנגענע
נאַכט־שאָטנס,
אָ, טעמפּע קעפּ
פון גרויע גאַסן, —
לענין לעבט, ער לעבט!
איז דען לענין — לענין?
לענין איז א סימוואָל
פון דעם ליכטיקן פרימאָרגן...

ווען ס'וועט קומען די צײַט אַרויסצולאָזן א לענין־אַנטאָלאָגיע פון דער ייִדישער דיכטונג, וועט די דאָזיקע ליד, וואַרשײַנלעך, דאָרט שטיין אין אָנהייב.

מוישע טײַף האָט, אויסער די אַנגערופענע, נאָך א גאַנצע רײ וויכטיקע פאַרדינסטן — אידײיִשע און פּראָפעסיאָנעל־שעפערישע — פאַר דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. בײַ קײנעם פון אונדזערע פּאָעטן (עפּשער אַכוץ מאַרקישן אין „ניט געדײַגעט" און אין „דעם באַלעגופס טויט") איז ניט געווען אַזוי אויס־פּירלעך און בוילעט, ווי בײַ טײַפן, אַנגעצײכנט אין די 30־ער יאָרן די סאַטירישע ליניע באַם שילדערן דעם אָפּגײענדיקן לעבנסשטײגער אין דער ייִדישער סוויווע. טײַף איז געווען דער ריטער פון דעם באַלאַדע־זשאַנער, ער האָט א סאַך אויפגעטאָן אַף צו פאַרהיטן אים אין דער ייִדישער דיכטונג און אים אופהײבן צו דער הײך פון א זעלבשטענדיקן זשאַנער, צווײַגע־נענדיק אים די דערגרײכונגען פון דער טראַדי־ציאָנעלער באַלאַדע־קונסט אין דער וועלט־ליִ־טעראַטור. און אײנצײַטיק אַרײַנהויכנדיק אין אים די נײַע ריטמען, דעם ענערגישן אָטעם פון דער נײַער צײַט. טײַף איז, קאָן מען זאָגן, ביז נאָך דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע געווען אײנער פון די אַמטרײַסטע טרעגער פון דער מאַיאַקאָווסקי־טראַדיציע אין דער ייִדישער פּאָע־זיע, ער האָט געלאָזט קלינגען אַף ייִדיש דעם פּאָליטישן פּאַמפלעט, דעם פּלאַקאַט, די סאַטי־רישע ליד און דעם פעליעטאָן, דעם רוף און דעם לאָזונג. א מענטש, וואָס נעמט אוף דיכ־טונג ניט ווי א פאַרווײַלונג, נאָר ווי אַן אויס־דרוק פון די העכסטע לעבנס־אימפּולסן אין דער קולטור פון א פאָלק, וועט פאַרשטײן, ווי וויכ־טיק, ווי אויסערגעוויינלעך וויכטיק דאָס איז געווען און איז פאַרבליבן פאַר אונדזער ייִדי־שער דיכטונג. און, לעסאָף, טײַף איז געווען צווישן יענע גרויסע סאָוועטישע ייִדישע פּאָעטן, וועלכע האָבן געשאַפן די נײַע, די הײַנטצײַטיקע סאָוועטישע קאָנצעפּציע פונעם נאַציאָנאַלן מאָ־טיוו אין דער ייִדישער דיכטונג.

וועגן די דאָזיקע און וועגן אַנדערע פאַר־דינסטן טײַפס פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור וועט גײן א רײד ווײַטער.

ס'איז צו באַוווּנדערן, ווי אָפן און אָפּנהאַר־ציק, אָן בײַזקײַטן, נאָר אויך אָן קאָמפּראָמיסן, טײַף האָט געמאָלדן דעם אַלטן שטעטלדיקן דאָר, אַז דאָס סכום־לעבן איז פאַרענדיקט:

א ייִסגאַדאַל מײַן טאַטנס שאָלן,
פוילט אין טונקל אונטער בעט!
דאָס איז אונדזער עמעס, טאַטע,
לאָמיר גײן אין א געוועט.

א ייִסגאַדאַל מײַן טאַטנס שאָלן,
שימלט, הילפלאָזע געוויכט.
נאָר איך גײ אַף שליאַכן ברײטע,
איך — א קינד פון נײַעם שיכט.

וועגן זיך, וועגן זײַן דאָר, דעם „נײַעם שיכט", האָט טײַף געגעבן צו וויסן פונקט אַזוי אָפּנהאַר־ציק:

מאַמעס אונדז געבאָרן קלײנינקע גוראָטן,
ניט אַף פערענעס פּוכאָווע — אַף דער
מינסקער בלאָטע.
מיר ווײסן, ווער מיר זײַנען, — דאַרף מען
אונדז ניט לויבן;
מיר ווײסן, וואָס מיר ליבן, און אין וואָס
מיר גלויבן.

טײַפס דאָר האָט אויך געוווּסט, אין וואָס מע דאַרף ניט גלויבן, קעגן וואָס מע דאַרף אין דער נאָכאָקטיאַבערישער עפּאָכע קעמפן, ווי קעגן רעשטלעך פון דער באַזיגטער וועלט:

קומט אהײם, קומט אהײם, — ציטערן די
קרעמערלעך. —
אָפן גאַס אָפן גאַס יאַטן פון די קעמערלעך!..

די „קרעמערלעך" האָבן פאַרקערפּערט דעם „נעפּ", דעם געצוווּנגענעם טראָט צוריק, נאָך וועלכן דאָס יונגע סאָוועטנלאַנד וועט אוועק־שפּאַנען טראָט נאָך טראָט — צו די נײַע סאָציאַ־ליסטישע פאָרמאַציעס. מוישע טײַף האָט אין די דרײַסיקער יאָרן אָפּגעגעבן זײַער פּיל קינסט־לערישע ענערגיע אַף צו שילדערן דעם דאָזיקן היסטאָרישן פּראָצעס. ער האָט געשאַפן א גאַנ־צע סעריע הומאָרפולע, שאַרפזיניקע פּאָעמעס און לידער, אין וועלכע ס'איז צו זען, ווי קעגן „די קרעמערלעך" גײען ארויס מיט פײַל־און־בויגן „די יאַטן פון די קעמערלעך".

מיר קאָנען דאָ אָפּמערקן א כאַראַקטעריסטישן פאַר דער סאָוועטישער פּאָעזיע פאַקט, ווען דיכ־טער נעמען איבער אײנער באַם אַנדערן, ווי אַן עסטאַפעטע, די טעמע פון אַלגעמײן־געזעל־שאַפטלעכן דיאַפּאַזאָן, און ס'באַקומט זיך אַזוי, פונקט ווי צווײ אָדער מער פּאָעטן וואָלטן פאַ־נאַנדערגעאַרבעט אײן מאָטיוו, געשריבן קאָ־לעקטיוו אײן ליד. איך האָב דאָ אין זינען טאַ־קע דעם „קעמערל"־מאָטיוו באַ אַזעלכע פאַר־שײדענע דיכטער, ווי האַלקין און טײַף. אין 1924, אין דער פּאָעמע „זיבן", האָט האַלקין געפונען דעם קלאַסישן ריטם פון „לײגט אוועק די זעגעלעך, לײגט אוועק די האַק", אין וועלכן ער האָט אַרײַנגעפּאַסט די שורעס: „אוועקגע־לײגט די העמערלעך, אוועקגעלײגט די האַק — יעדערער אין קעמערל מיט אַרבעט איז גע־פּאַקט". האַלקין האָט אין אָט דער פּאָעמע אַנט־דעקט פאַר זיך דאָס דערשײַנען פונעם נײַעם סאָוועטישן יונגן דאָר און מיט באַגײַסטערונג אים באַגריסט. אין יאָרן ארום האָט טײַף, פּאָ־לעמיזירנדיק מיט די, וואָס טאָפּטשען זיך אַף אײן אָרט ארום פאַרעלטערטע קאַטעגאָריעס, אויפגעכאַפּט האַלקינס ליד און שוין אויסגעזונ־גען זי אַזוי:

גענוג צו זינגען „העמערל",
גענוג „געזאָלצט א יאַם",
איך דאַרף איצט גײן אין קעמערל —
א צווײַג פון נײַעם שטאַם.

ווי אַן אָנגעהעריקער צום נײַעם שטאַם, שאַפט פאַר זיך דער אַרבעטער־דיכטער לאַכלוטן נײַע עסטעטישע נאָרמעס און באַגריפן. „ס'גײט דער

קאָלעקטיוו!״ — רופט ער אויס אין דער ליד „מאכט א ווארע!״. און אין דער פאָעמע „א ראָמאנטישע נאכט״ ווערט ארויסגעזאָגט דער געדאנק, וואָס האגאם ער איז ניט נײַ, ווערט ער אין דער קאָנקרעטער סאָציאלער אומגעבונג אָנגעלאָדן מיט נײַעם באטײַט: „אף יעדן איינעם ווארט דער טויט, נאָר לעבן לעבט דער קאָלעקטיוו!״. אין דער זעלבער פאָעמע רעדט דער דיכטער וועגן דער פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר די וועלט־היסטאָרישע געשעענישן פון דער צײַט: „לאָמיר דערשפירן אין טראָט פון טאָג דעם ריזיקן גאנג פון עפאָכע; לאָמיר באפליגלען מיט ווארעמען הארץ אונדזערע שטורמישע וואָכן״... דער עסטעטישער געפיל פון לאנד און ראכוועס פארמאָגט ניט בא טייפן קיין אנטיפאָד, ווײַל ער, דער ייִדישער דיכטער פון דער נאָכאָקטיאבערישער צײַט, האָט אין זײַן באוווסטזיניק לעבן ניט געוווסט שוין פון טכום־ענגשאפט: „זאָל אומעט פאר עמעצן שפינען פון קרעפ און פון זאנגען א קראנץ, — פאר מיר איז מײַן לאנד א באגינען און ברייט ווי א דאָרפישער טאנץ״.

די דאָזיקע עסטעטישע פרינציפן גיבן צו א באזונדערע ענערגיע דעם קאמף, וועלכן טייף פירט אין זײַן דיכטונג קעגן דער נעפמאניש־עגאָיסטישער סוויווע. אין זײַנע ברייטע שילדערונגען „לעצטע מאָהיקאנער (מאדאם פערלמוטער)״, „א ראָמאנטישע נאכט״, „אן אינטערעסאנטער צופאל אף דער בויונג פון ראטן־פלאץ אין מאָסקווע״, „בענטשע־מייער שאוולזאָן און זײַן כאלאעס״ אא. טרעט טייף ארויס ווי איינער פון די באדײַטנדיקסטע סאטיריקער אין דער סאָוועטישער ייִדישער פאָעזיע. די טיפן, וועלכע ער פירט ארויס אין די דאָזיקע פאָעמעס, זײַנען טרעגער סײַ פון סאָציאלע, סײַ פון נאציאָנאלע פראָבלעמען. ניט אומזיסט זאָגט ער וועגן זיך אין „בענטשע־מייער שאוולזאָן און זײַן כאלאעס״: „א יעגער בין איך, מײַנע פרײַנט, אף סאָציאלע כײַעס״. און אין דער זעלבער פאָעמע לייענען מיר, לעמאָשל, אזא סאטירישן פאָרטרעט, וועלכער האָט אן אויסגעשפראָכענעם נאציאָנאלן מיין:

מאטעס שאוולזאָן איז געווען א צאדיק א פיירע,
און אונטערן דופט פון די אָדעסער אקאציעס
פלעגט ער לייענען פון רעכטס אף לינקס
פיירעק
און פון לינקס אף רעכטס די אקציעס.

וועגן דער מאדאם פערלמוטער וויצלט זיך דער דיכטער: „אין שטוב האָט געשפילט פיאנע, און זי האָט געטראָגן א ראָטאָנדע פון ווידרעס. א קלייניקײַט, — זאָגט זי, — שאָפן דער סאָסטאווויטעל פון קאָלנידרע״... די מאדאם פערלמוטער איז אין קאס אף די באָלשעוויקעס. ווען ניט זיי, וואָלט איר זון זשאָרזשיקל „געווען א דאָקטער מיט א וויִזד און מיט א דאטשע״, „און זשאָרזשיק וואָלט היילן מערידן בא דער הייליקער ייִדישער נאציע״...

וויניק צו זאָגן, אז טייף האָט פײַנט די שאוולזאָנס, די פערלמוטערס. ער מיִעסט זיך פון זיי. ער קוקט אף זיי, ווי אף נידעריקע באשעפענישן. אין פארגלײַך מיט זיי איז ער, דער ארבעטער־יונג, א מענטש פון גאָר אן אנדער וועלט: „מע זאָגט שוין ניט, אז איך בין מיד, אז איך בין בלאס, ווײַל ס׳האָט מיך זון געקושט, געשמאק געקושט אין גאס״. ער, דער ארבעטער־יונג, באטראכט די נאציאָנאלע פראגע, שטייענדיק אין פאבריק בא דער מאשין: „און עס לויפט די מאשין, און זי גייט א קאָמארינקע, — ווו זײַנען זיי, מוישעלעך, שלוימעלעך דארינקע? „גרינינקע בוימעלעך, נעזעלעך שמאָלינקע״, ייִדן, וואָס גייען שטיל און פאוואָלינקע... וואליקלעך מײַנע, גיכער, גיכער, — און ס׳פליִען די פאסן, א שטויב — א וויכער״...

טייף שיקט, אגעוו, סאטירישע שפיזן אין ציִעניזם, וואָס אין שפיגל פונעם הײַנטיקן טאָג איז עס באזונדערס וויכטיק. בענטשע־מייער שאוולזאָן האָט „אין זיבעצנטן... געהאלטן רעדעס און געזונגען „האטיקווע״. און אין דער זעלבער צײַט — בא דעניקינען „אין דער ווײַסגווארדייִשער ארמיי איז דער ציוני בענטשע שאוולזאָן געווען א גײַסטיקער לאקיי״. און ס׳איז קיין כידעש ניט, וואָס מוישע טייף, דער ארבעטער־דיכטער, שרײַט אויס (אין דער ליד „זינג, ווינט פון מידבער!״) מיט צאָרן: „איר — פון קיינעם געזאלבטע, איר — געסט ניט געבעטענע! וואָס האָט איר געגאזלט די בלוי־ווײַסע פארבן פון אונדזערע הערלעכע הימלען?״. און פאר די ייִדן, וואָס האָבן זיך געלאָזט כאפן אף דער ציִעניסטישער ווענטקע, זעט ער איצט איין אויסוועג: דאָרט, אין פאלעסטינע, אין דער „הייליקער היים, א שכיטע־שטאָט״, זאָלן זיי זיך פארייניקן מיט די רעוואָליוציאָנערע אראבישע מאסן: „ברידער, פארנארטע אין „הייליקן גאָלעס״, שטרעקט אויסעט די הענט צו די רײַטער, וואָס קומען פון מידבער אף קעמלען!״

סארא ווײַטזיכטיקײַט באם דיכטער!

צי קאָן מען זאָגן, אז טייף האָט געהאט גרייטע לייזונגען אף אלע פראגן, און דער גאנג איז בא אים געווען טאָמיד א מונטערער? אזוי מיינען וואָלט געווען א פארבלענדעניש. אין די ערשטע יאָרצענדליקער פונעם סאָוועטישן לעבן איז אָנגעגאנגען א העפטיקער קאמף ניט נאָר אפן פלאצדארם, ווו די קעגנער זײַנען געווען קלאסן, סאָציאלע שיכטן, ניט נאָר אין אזעלכע צווישנמענטשלעכע געביטן, ווי אידעאָלאָגיע, שטייגער־לעבן, נאָר גופע אין דער נעשאָמע, אינעם באוווסטזײַן, אין שטימונגס־געמיט בא יעדן מענטשן. באזונדערס האָט זיך עס אָנגעזען בא אזא פאָעט, ווי טייף, וועלכער איז געווען דער זינגער פון יענעם טייל טכום־באפעלקערונג, וואָס נעכטן האָט ער געהערט צו דער פאופעריזירטער אָרעמשאפט און הײַנט, נאָכן אָקטיאבער־זיג, האָט ער גענומען זיך פארפעסטיקן אינעם מאצעוו פון פאבריק־ארבעטער. אזא טאָכיקע איבערגעשטאלטונג קומט ניט פאָר איבערנאכט.

מיר געדענקען טייפס באַזונגענעם שמועס מיט זײַן מאַמען אין דער ראָמאַנטישער פריִער קינדהײַט, ווען זי, די מאַמע, האָט געשיקט איר קליין לײַבלעך ייִנגעלע אין שלאַכט ארײַן „קלײַבן פאַטראָנעס". אין דעם ציקל „פאַבריק־ליריק", ווען מוישע טייף איז שוין אַ מאַשיניסט אין אַ טאַפעטן־פאַבריק, לייענען מיר בא אים וועגן נאָך איין שמועס מיט דער מאַמען. איצט זשאַלעוועט זי אים: „זײַן גענוג דיר שרײַבן דײַנע לידער, מאָרגן דאַרפסטו אופשטיין אין באַגינען. פון דער אַרבעט קומסטו אַזאַ מידער און גייסט אַוועק אַ מידער צו מאַשינען. זון מײַנער, וואַרף אַוועק די לידער!". באַם דיכטער — באַם זעלבן, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געזוכט אומרו, — בא אים אַליין טוט אַמאָל זיך אַ באַווײַז די שוואַכקײַט: „נאָך דער אַרבעט ווילט זיך רויִק שלאָפן"... דאָס לעבן איז געוואָרן „פּראָזאיִש": „שטויב אין מויל און שטויב אין האַלדז, ס'איז הייס אין צעך, און שווייס דאָס פּאָנעם ברענט. איך קום אַהיים, געפין איך ברויט און זאַלץ..." ס'קומט אָן דער געפיל פון ייִעש: „שרויפן מײַנע, שרויפן קאַליקע, מיר איז עפּעס שווער געוואָרן הײַנט"... און „מאָרגן וועט דער פרילינג אָנגיסן די צווײַגן, נאָר בא מיר אין האַרצן שיט זיך אַש"... ווען עס שטאַרבט באַם דיכטער די מאַמע, שרײַבט ער אָן זײַן לידער־ציקל „רעקוויִעם". דער ווייטיק פונעם פּערזענלעכן פאַרלוסט („מײַן מאַמע ליגט אַף דר'ערד מיט צונויפגעלייגטע הענט"...) ווערט, דאַכט זיך, שוין אויסגאַנגסלאָז אַפן פּאָן פון דער האַרבער וואָכעדיקײַט („דער טאַטע וויינט, דאָס לעמפּל צאַנקט, און ס'קומט פון גאַס אַ שיקערער דער שאָכן"...), און עס רופט ניט אַרויס קיין כידעש באַם לייענער, ווען דער דיכטער איז זיך מודיע: „בין איך ניט ווילנדיק צו מײַן נאַהאַן דערקראָכן"...

מיר ווייסן איצט, אַז אין טייפן דעם קערנדיקן פאָלקס־מענטש און אין זײַן שטײַף־פאַרוואָרצלטער דיכטונג האָט די געזונטע נאַטור באַזיגט אָן באַזונדערער מי דעם ייִעש, די פאַרצווייפלונג. דער יונגער אַרבעטער־דיכטער האָט אַ זאָג געטאָן פּאָשעט: „שוואַרצע רו, איך בעט דיך, גיי אַוועק, דו שוואַרצע רו, פון מײַנע אויגן! איך גיי אַרויס אַנטקעגן דיר מיט אָנגעשאַרפטע העק, איך וועל פאַר דיר מײַן קאָפּ ניט בויגן, — שוואַרצע רו, בעסער גיי אַוועק!".

אין אַלגעמיין איז דער גאַנצער פאַרמילכאָמע־פּעריאָד פון טייפס שאַפונג אַ מאָנאָליטער, סײַ אין אידייִשן זין, סײַ לויט דעם פּראָפעסיאָנעלן ניוואָ. דער בוך „לידער און פּאָעמעס" וואָלט בא אַ שטרענגער רעדאַקטור (זײַן רעדאַקטאָר איז געווען ניט קיין פאַכמאַן אין פּאָעזיע — דער קריטיקער יאַשע בראָנשטיין) געקאָנט פאַרקירצט ווערן אַף העלפט, איבערהויפּט אַפן כעזשבן פון די צעצויגענע פּאָעמעס. עס פילט זיך אין דעם יונגן דיכטערס סטיל צעשויבערטקײַט, ערטערווײַז — מעליצע, געהעכערטע עמאָציאָנעלקײַט, — יענע אייגנשאַפטן, וועלכע מיר האַלטן איצט פאַרן „גוטן העזעק" פון יענער שטורמישער צײַט. אָפט ווײַזט טייף אַרויס אַ מין שקאָציִשקײַט, פאַרכושטקײַט („ס'איז קליין מײַן צימער — זאָגט איר, ניטאָ קיין אָרט? נישקאָשע, זעצט זיך, נעמט זיך צו דער אכילע. אָ, מיר וועלן זײַן אין פּאַריזש (אַף מײַן ערן וואָרט!) — כ'וועל צונעמען בא שאָלעם אַש די ווילע"... אָדער: „מיילע, אַף די „אַלטע" (געמיינט די „אַלטע" ליטעראַטור־קריטיקער. — א. וו.) איך האָב ניט קיין פאַרדראָס אַליין; בא אייניקע פאַלן שוין און בא אַנדערע האָט מען אויסגעהאַקט די ציין"... אָדער: „וועמען איך האָב פײַנט און וועמען איך וואָלט ליבן, וואָלט איך איצט ארײַנלאָזן אַ קאַלטן מעסער"...). אָבער איינצײַטיק דערמיט טרעפן מיר אינעם בוך „לידער און פּאָעמעס" דיכטערישע ווערק, וואָס זײַנען אַפן ניוואָ פון די בעסטע מוסטערן פון יענער צײַט און דער לייענער האָט זיי שוין פאַרעכנט אין באַשטענדיקן פאָנד פון דער ייִדישער פּאָעזיע — אַזעלכע ווערק, ווי די פּאָעמע „וויִאָלאָנטשעל" — אַ סימפאָניע פון געפילן, טרוימען, שטרעבונגען פון אַ סאָוועטישן מענטשן פון די דרײַסיקער יאָרן; ווי די געדיכט־פאַרקנאָטענע, ביז גאָר אייגנאַרטיקע אווטאָביִאָגראַפישע לידער „וועגן זיידן פון איהומען", „דער זיידע טאַנצט", „מאַמעס אונדז געבאָרן קליינינקע געראָטן", „וואָס דערציילט מײַן אַלטער מײַסטער", „מײַנע זעקס שוועסטער" אאַ. באַגלײַך מיט שפּראַכלעך מיסט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון באַריידעוודיקײַט (עס איז גענוג „אַ בלאָז טאָן" אַף דער סטראָפע, ווי זי וועט זיך באַפרײַען פון אָט דעם מיסט), — באַגלײַך מיט שפּורן פון אײַליקײַט אינעם לאָשן, טרעפן מיר אַזעלכע בײַשפּילן פון ווירטואָזקײַט, ווי, לעמאָשל, אין דער פּאָעמע „אָן אינטערעסאַנטער צופאַל אַף דער בויונג פון ראַטן־פּלאַץ אין מאָסקווע", וווּ עס ווערן געשילדערט קאָלערליי אַנטיגעזעלשאַפטלעכע טיפּן, איבערגעבליבענע פונעם נעכטן (מע קאָן ברענגען כאָטשבי די כאַראַקטעריסטיק פון אַ שיקער:

אײַ, טרינקט ער!
אײַ, נעצט ער!
אײַ, קערט ער!
אײַ, זשליאָקעט ער!
אײַ, זופט ער!
אײַ, כליאָבעט ער!
אײַ, שווענקט ער!
אײַ, כלעשטשעט ער!
אײַ, גיסט ער ארײַן אין לאָמפּ!).

אין די ווײַטערדיקע יאָרן, באַזונדערס אין דער צײַט פון טייפס מיטאַרבעט אין „סאָוועטיש היימלאַנד", איז זײַן באַציִונג צום וואָרט, צו דער קינסטלערישער דעטאַל געוואָרן אַן אַסקעטיש שטרענגע, און ער האָט טאַקע אין צווייטן פּעריאָד פון זײַן שאַפן, אָנהייבנדיק פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע ביזן סאָף פון זײַן לעבן, אויסגעדיכטעט די בעסטע, פון פּראָפעסיאָנעלן שטאַנדפּונקט, ווערק זײַנע.

פון דער מילכאָמע איז דער אַרטילערישער סטאַרשינאַ מוישע טייף געקומען מיט אַ גרויסן אויצער: לעבנדיק צווישן די פּאָשעטע סאָלדאַטן, האָט ער אונטערגעהערט און אָרגאַניש פאַרייגנט זייערע רייד, לידער, וויצן, ער האָט זיך צוגעקוקט צו זייער שטייגער, צו דער הערה־לעבער שיינקייט פון זייער קידעש־האַשעם־לעבן, — און דאָס אַלץ האָט ער טראַנספאָרמירט אין עכטער פּאָעזיע. דער טיפּישער העלד פון זײַן ליד און באַלאַדע אין די מילכאָמע־צײַטן איז דער ייִד דער סאָלדאַט, דער טראַנשיי־פראָנטאָוויק, וועמענס פרוי און קינד זײַנען פאַרבליבן אין געטאָ אָף דער אָקופּירטער טעריטאָריע („דאָ אין די וועלדער ליגן מיר פאַרטײַעטע, די קעפּ — אין שניי, די פיס — אין ליים. אַוווּ ביסטו, אַוווּ ביסטו, מײַן טײַערע? פון געטאָ שרײַט צו מיר מײַן קינד, מײַן היים”).

פאַר דער דראַמאַטישער סיטואַציע פונעם מילכאָמע־לעבן האָט, לויט טייפן, אַמבעסטן געפּאַסט דער באַלאַדע־זשאַנער, ווּ דער „לירישער וואָלקן”, די מאָטיוון פון בענקשאַפט, געטרײַשאַפט, די בילדער פון נאַטור און פון שלאַכט, — אָט די אַלע קאָמפּאָנענטן האַלטן זיך אָף דער אַקס פון סוזשעטישקײַט, פון „אַזוי איז געשען”. טייף שאַפט אַ גאַנצן ציקל גרויסאַרטיקע באַלאַדעס און קורצע באַלאַדעאַרטיקע פּאָעמעס. אין זײַן זאַמלונג „אויסדערווײלטס” (מאָסקווע, 1965) געפינען מיר אַזעלכע שעדעוורען, ווי „דעם קלעזמערס אייניקל”, „דאָס גאָלדענע עפּעלע” און אַנדערע דערציילערישדיכטערישע ווערק, פון וועלכע מיר דערוויסן זיך ניט נאָר וויאַזוי עס האָבן מילכאָמע געהאַלטן מענטשן, נאָר אויך, און דעריקער, וויאַזוי הערצער האָבן געקלאַפּט מיט לײַדנשאַפט, מיט פרייד און מיט סינע, אָפּגעבנדיק זיך דעם שוידער פון שלאַכט צוליב ראַטעווען דאָס היימלאַנד. אין דעם „קלעזמערס אייניקל” האָט טייף געשאַפן אַ מוסטער פון אויסבויען אַ סוזשעט מיט דער הילף פון דיִאַלאָג:

— מיילעך לעווין?
— איך הער, גענעראַל!
— צווייטער נומער?
— יאָ, גענעראַל!
— אַ מוזיקאַנט?
— יאָ, גענעראַל!
— שפּילסט אַף אַ פּויק?
— ניין, גענעראַל!
— נו, אַף אַ פלייט?
— ניין, גענעראַל!
— אַף אַ טרומייט?
— ניין, גענעראַל!
— אַף וואָס זשע שפּילסטו,
ענטפער, סאָלדאַט!
— אַף אַ האַרמאַט!
— און פאַר דער מילכאָמע?
— אַ... פידל געהאַט.

ס'איז אַ באַזונדערע טעמע — די ראָל פון מוזיק אין מוישע טייפס שאַפונג. דער קומענדיקער פאָרשער וועט, וואַרשײַנלעך, באַמערקן, אַז עס דאַרף גיין אַ רייד ניט בלויז וועגן מוזיק אַלס עלעמענט פון דעם סיפּער־האַמײַסע. בײַ טייפן, פּונקט ווי בײַ קולבאַקן, כאַריקן, „זינגט זיך” די שורע — דאָס בילד ווערט אָנגעמאָלט סײַ מיטן וואָרט, סײַ מיטן קלאַנג. אָט איז, לעמאָשל, דאָס בילד פון אַ מעטעליצע, אין וועלכן עס פילט זיך מאַמעש דער שנײַדנדיקער אָטעם פונעם שניי־ווינט:

דו הערסט, זי זינגט, די ווילדע קאַלע, די
מעטעליצע,
די האָר — צעשויבערטע... אין ווײַסן העמד
זי פליט, זי יאָגט...
זי בושעוועט, גלײַך ווי אַ וועלפּיכע,
וואָס וואַרפט זיך אַף אַ טעלעצע,
זי קלאַפּט אין די זעמליאַנקעס און זי קלאָגט.
היי, היי, — זי שרײַט, זי יאָגט מיר נאָך, זי
בושעוועט,
זע, ווי זי בייגט די סאָסנעס און זי שמײַסט...

און אין דער פּאָעמע „דאָס גאָלדענע עפּעלע” הערט מען דאָס קלאַפּן פון די אָפּצאַסן בײַ די טאַנצנדיקע סאָלדאַטן:

שפּיל, וואַסילי, הייסער! פריילעך זינג!
עך, דו יאַבלאָטשקאַ,
עפּל רוסישער,
דײַנע בעקעלעך
נאָר צעקושן זיי.
עך, דו יאַבלאָטשקאַ,
סאַמעט קעפּעלע,
קײַקל זיך אַף גאָרער וועלט,
גאָלדן עפּעלע...

מיר דערמאָנען זיך, וויאַזוי אין טייפס פּאָעמעס פון די דרײַסיקער יאָרן („אַ ראָמאַנטישע נאַכט”, „וויִאָלאָנטשעל”) האָט, ווי אין קישעף־מײַסעלעך, ניט אויפגעהערט צו שפּילן מוזיק, און מיר וואַרפן איבער אַ בריק צו דעם לידער־ציקל „ווּ איז דער שניי דער פאַראַיאָריקער”, וואָס איז דאַטירט מיט די יאָרן 1956 — 1957 און אין וועלכן טייף באַזינגט מיט אַזויפיל האַרץ זײַן ליבע צו דער ייִדישער זינגערן ראָזע פּלאָטקינע...

און נאָך איין מאָטיוו האָט טייפן דעם דיכטער באַגלייט אין מעשעך פון זײַן גאַנץ לעבן: דער מאָטיוו וועגן דיכטונג, וועגן איר באַרוף. אין איינעם פון זײַנע ערשטע לידער־ציקלען האָבן מיר געלייענט אַ טשיקאַווע ווענדונג צו א. קושניראָוון, דעם דעמלטיקן קומיר פון די יונגע ייִדישע סאָוועטישע פּאָעטן: „דײַן יעדער הערעלע פון אָנגעשטרענגטן בליק טריפט אַף מיר מיט אומרויִקער ווייכקײַט, און אַלע אינדערפרי באַגלייט מיך אין פאַבריק דײַן שטרענגער דיכטערישער צייכן”. שטייענדיק אַף פּראָלעטאַרישע פּאָזיציעס, פּאָלעמיזירט טייף מיט די דיכטער פונעם נעכטן:

זינגט, זינגט, אויסדערוויילטע און באַוווּסטע, —
ס׳קען זײַן, דער טאָג דער הײַנטיקער געהערט אומבאַוווּסטע,
נאָר מאָרגנדיקע טעג, וואָס שטייען
צו אײַך,
מיט זיי בין איך און מײַנע ברידער רײַך.
...דאָרע דיכטער מיט האָר צעשויבערטע,
איך בעט בײַ אײַך קיין צוקונפט ניט, קיין גליק.
שרײַט צו דער לעוואָנע פון אײַערע בוידעמער...

קימאַט שוין באַם סאָף פון זײַן לעבן שאַפט טייף דעם לידער־ציקל „האָט ליב די פּאָעטן“, אין וועלכן מיר געפינען זײַנע געדאַנקען וועגן מײַסטערשאַפט — וועגן די שעפער און זייערע ווערק. דער אַלטער דיכטער־מײַסטער דער־ציילט, ווי אַזוי ער הערט, „ווי די כוואַליע, וואָס פליט, קלאַפּט אויס אויף די פעלדזן אַ יאַמב“. ער טיילט זיך מיט זײַנע געדאַנקען — וואָס אַזוינס איז אַ גוטע ליד: „אַ גוטע ליד איז ווי אַ שטוב, אַווּ ס׳איז דאָ אַ דאַך און אַ פונדאַ־מענט, אַווּ ס׳איז דאָ אַ פענצטערל, וואָס ווײַזט העט־ווײַט אַ שליאַך אַ ברייט־געראַמען“. און, צולעצט, — אַ ליבע־געזאַנג דער קורצער ליד! אַ ליבע־געזאַנג דער קורצער ליד זינגט דער דיכטער, וועלכער האָט אַמאָל אין דער יוגנט געזינדיקט מיט לאַנגע פּאָעמעס און לידער... איצט איז ער געקומען צום גליקלעכן געדאַנק:

פאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט פאַרזיכטיק זײַן מיטן האַרצן.



אָפט קומט עס מיט זילבער פון האָר —
דאָס רײַפע וואָרט, דאָס געגאַרטע.

אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן איז מוישע טייף געוואָרן באַוווּסט און באַרימט בײַ די ליב־האָבער פון ייִדישער פּאָעזיע. די צײַט, ווען ער האָט זיך געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד“, איז געווען, אַזוי צו זאָגן, זײַן באָלדינער אָסיען. ס׳איז מאַמעש געווען צו באַוווּנדערן, וויאַזוי פון אונטער זײַן פען קומען אַרויס, איינע נאָך דער אַנדערער, לידער פון פונדאַמענטאַלער ווערט פאַר דער ליטעראַטור. „אויף גיטקע טײַ־בעלעס זאַוווּלעק“... „קיכעלעך און זעמעלעך“... „קאַלי לאַסקאַ“... „דער רויע ווײַנע נירע“... „אַנאַ פראַנק“... דער ציקל „אַ געזאַנג דיר, עסטערל“... און לעסאָף — די פּאָעמעס „דאָס גאָלדענע עפּעלע“ און „דאָס געזאַנג וועגן ברידער“, די איבערדיכטונג פון „שיר־השירים“...

מיט די דאָזיקע און מיט פיל אַנדערע ווערק פון טייפס לעצטע יאָרן איז אין דער ייִדישער ליטעראַטור דערשינען אַ גרויסער דיכטער מיט גרויסע לײַדנשאַפטן: ליבע צום סאָציאַליסטישן היימלאַנד, מיט וועלכן ס׳איז געשלאָסן אַ בונד דורך שווערסטע אויספּרוּוון; טרײַשאַפט דעם שטאַם, וועלכן בייזע קויכעס האָבן געפּרוּווט אויסרײַסן מיט די וואָרצלען, נאָר ער שטייט און וועט שטיין אין דוירעס; ליבע צו דער פרוי, צו עסטערלען, וואָס גיסט זיך צונויף מיטן אייביקן שיר־השירים.

## מ ו י ש ע   ט י י ף

# וויִאָלאָנטשעל

הערט איר, מײַנע פרײַנט,
די דריטע נאכט מיר כאָלעמט זיך —
עס שפילט בא מיר צוקאָפנס
א גאָלדענער וויִאָלאָנטשעל...
ווען ס'ווערט שוין שפעט,
אין האלבער נאכט,
איך קריך אראָפ פון בעט,
איך זעץ זיך אפן טיש
און הער, ווי ס'שפילט דער וויִאָלאָנטשעל.

איך ווער א פיצינקער, א קליינס,
איך זע אין כאָלעם,
ווי איך קריך ארײַן צו אים אין קײַלעכדיקער נעסט,
אין הייסן קלינגענדיקן כאָלאָל,
איך האלט דאָס דינע שטעקעלע
און איך באפעל ווי א מאעסטראָ:
פרעסטאָ! פרעסטאָ!

הערט איר, מײַנע פרײַנט,
מײַן מוטער איז געשטאָרבן
אין די ערשטע פרילינגדיקע טעג,
איז ווי א טרייסט א ווארעמע
פאר מוטערס פריִען טויט,
האָט מיר דער פרילינג אָנגעצייכנט אפן שוועל,
אז אלע נאכט
זאָל מיר צוקאָפנס שפילן א גאָלדענער
וויִאָלאָנטשעל...

נאָר איצט איז, דאכט זיך, שטיל בא מיר אין צימער,
די שויבן טונקעלע פאמעלעך וואשט די
מאָרגנדיקע שײַן,
דער ערשטער שטראל, ער רופט, ער ציט מיך:
— שטיי אוף! אין דרויסן גיי ארויס
און קוק זיך אײַן...

...צי דער האָלפשטראָם האָט זײַנע כוואליעס
צוגעײַלט,
צי דער צאָפן האָט פארקירצט די נאָרמע
קאלטע ווינטן,
נאָר מיטאמאָל —
דורך הארטע,
שווײַגנדיקע,
קאלטע שטיקער וואָלקנדיקע קנוילן
עס האָט די פרילינגדיקע זון געטאָן א פרעל!
און פון אלע זײַטן מאָסקווער פאָרשטעט
איז ווי א פריילעכער אָרקעסטער
ארײַן דער זוניקער, דער רוישיקער אפרעל...

אפרעל! אפרעל!
אין אָט דעם וואָרט אליין —
אזויפיל פרילינגדיקער כיין,
אזויפיל שײַן דערקענט מען,
אפרעל! ס'איז פרילינג אף דער גאס,
די פויגלען פאטשן מיט די פליגל רוישיקע
אפלאָדיסמענטן...

גוט־מאָרגן, זון!
כ'וועל זאָגן קורץ געפאסט:
דו — מײַן מאמע,
איך — דײַן זון.
דו הייבסט מיך אוף,
דו ציסט ארוף,
דו לײַטערסט אויס די אויגן מײַנע,
און ס'קלינגט מײַן הארץ, ווי ערשטער
פרילינגדיקער טאָג...

איז ווייסט איר, מײַנע פרײַנט, וואָס איך וואָלט טאָן,
ווען איך בין הויך, ווי הוליוּוער?
כ'וואָלט אָפרײַסן א שטיקל בלויען הימל —
דײַן פאָן דײַן ליכטיקע, אפרעל!

און דו, מײַן גוטער כאָלעם — מײַן
וויִאָלאָנטשעל,
הייב אָן דײַן פרילינגדיקע שפיל
פון ערשטע ריטשקעלעך, וואָס יאָגן, יאָגן,
פון ערשטע וואָלקנדלעך, וואָס קומען אָן...

אף פעלדער און וועלדער,
אף בערג און אף טאָלן,
א שנירעלע פּערל — א פּרי —
אף ביימערשע ריטער
א בלײַקער ציטער —
אפּרעל אין מײַן לאנד, אפּרעל!

זאָג, ווו ביסטו, איינציקע,
ווו ביסטו, טײַערע?
לאנג שוין איך זוך דיך, איך זוך...
זע, סאָרא בלימל —
א שטיקעלע הימל
איך טראָג אף די ליפּן:
פארזוכן!

דער ווײַאָלאַנטשעל האָט זיך א הייב געטאָן,
דער סמיק האָט אָנגעהויבן רייצן,
און ווי א קינד א שטיפעריש
ער בעט, איך זאָל אים נעמען אף מײַן
פּלייצע...

...און זי שטייט אנטקעגן מיר,
און מיר שווײַגן ביידע,
נאָר די אויגן אונדזערע
פּיבערדיקע ריידן.

און איך פּיל, די פינגער מײַנע
קלאַפּן אויס א טוש,
און אין לופטן איז געבליבן הענגען
אָן א קלאנג — א קוש...

...מײַן ווײַטע שטאָט.
א טײַכעלע.
מײַן היים — דער אלטער מארק.
אָט זע איך עס, דאָס בריקעלע,
דעם „גובערנאַטאָרס פּארק".

אין יענעם יאָר, אף גאסן פּוסטע,
פון סוינעס פּוס צעגליטע,
איך לויף (ווי פּונקט אָנן יענעם פילם...)
ראטעווען מײַן געליבטע...

אָט זיצט זי אפן גאנעקל,
יאָ, יאָ, איך הער איר קאָל:
„שפּאצירן זײַנען מיר געגאנגען
ארום דעם גאָראָדסקאָי שפּיטאָל..."

איך האָב זיך פלוצעם אלץ דערמאָנט,
איך האָב דאָס אלץ פארגעסן:
א טויערל,
א טײַכעלע.
זומערדיקע געסלעך...
און זי...
פון שלאָסגעסל מײַן מיידעלע,
מײַן פרילינג זעכציאָריקער...
— גוט־מאָרגן, טײַערע, וואָס טוסטו דאָ?
— כ'בין א סטודענטן פון דער מאָסקווער
קאָנסערוואַטאָריע...

(יאָ, יאָ! ס'איז טאקע ריכטיק,
ער קוקט אף מיר און קוועלט,
צוגעדריקט צום הארצן,
דער האלדז פון ווײַאָלאַנטשעל...)
— איך האָב באקומען גרוסן,
דו לעבסט אין מאָסקווע ניט ווײַל,
דו לעבסט פון אלעמען דערווײַטערט
און האלטסט פארמאכט דאָס מויל.
דו גייסט נאָך אלץ ארום פארכאַלעמט
און רעדסט מיט פייגעלעך און ביימער,
און קיין זאך האָסטו ניט אין לעבן
אכוץ א העפטעלע מיט טרוימען...
יאָ... כ'האָב אין מינסק באגעגנט דײַנע
שוועסטער,
זיי זאָגן:
צײַט אים טראכטן וועגן טאכלעס,
טאלאנט־שמאלאנט,
מע דארף דאָך אָבער אכלען...

מיר גייען ביידע,
גאס נאָך גאס,
זי רעדט,
און איך האָב אלץ געשוויגן...
איך קוק אף לינקס:
עס צאַפּלט זיך דער ווײַאָלאַנטשעל —
אָט־אָט זײַן העלדזעלע הייבט אָן א ניגן...

— ס'איז שפּעט אוודע, יאָ?
— פאר גוטע פרײַנט גייט גיך די צײַט
פארבײַ...
— נו, נעם קאָרשט מײַן באגאזש
און טראָג אים דורך א גאנצן אין טראַמוויי.
— יאָ, יאָ, ס'איז שווער געפינען
אָן אָרט אין מאָסקווער טראַמוויי...
איך און דו — איז צוויי,
דער ווײַאָלאַנטשעל — איז דרײַ!
(איך זע:
ער קוקט אף מיר, דער ווײַאָלאַנטשעל,
און ווי א קינד האָט ער זיך אָנגעהויבן בעטן
און וויגן זיך
צווישן אונדזערע ביידנס הערצער...)
נאָר דאָ איז אָנגעקומען דער טראַמוויי,
א פול געפּאַקטער „16",
אָט פאָרן ארבעטער פון „אמאָ",
מאשיניסטקעס פון איילינקע,
אלטע מײַסטער פון „דינאַמאָ"
און סטודענטן לוסטיק־פלינקע.

אָט פאָרט א יידענע פון סלוצק,
אָן אלטער ייד פון ראַהאטשאָוו,
און אין טומל, און אין ראַש דאָ,
פרעגט דער ייד „בעלאָשן ראשע" —
אָנשטאָט „קאַקאיאַ אָסטאַנאָווקאַ" —
„קאָנדוקטאָר, גדיע מי דערזשים, האַ?"
עס האָט א דאמע אים פארשטעלט —

קאָנדוקטער, גוואַלד, ווו האַלטן מיר אין דער וועלט?

ס'איז פול געפּאַקט,
ניטאָ קיין אָרט,
און יעדן יאָגט דער זייגער.
מע שרײַט, מע רעדט,
און יעדעס וואָרט
איז אײַנגעהילט אין שווערן רויך פון שטייגער.
און דאָ — אין לויף,
אין פלי,
אין יאָג,
דורך קרומע גאַסן, צווישן הײַזער,
האָט זיך אָנגעהויבן אומגעריכט
מײַן ראָמאַנטישע רײַזע...

— היי, בירגער! — שרײַ איך. — בירגער!
איך טראָג א וויִאָלאָנטשעל!
אויב איר גיט מיר ניט קיין אָרט,
איר מאַכט פון אים א טעל.

כ'הייב אויף אריבער קעפּ
דעם צאַרטן אינסטרומענט
און, ווי א קינד אן אייגנס,
איך טראָג אים אויף די הענט.

— נעמט זיך רעכטס,
נעמט זיך לינקס,
כ'וועל דורכגיין אין דער מיט,
ס'איז ניט קיין טויטער אינסטרומענט!
אײַער הארץ איך היט!

א וועג!
א וועג דעם אינסטרומענט!
פאַר אים אן אָרט א ברייט־געראַמען!
און ס'האָבן אופגעהויבן מידע הענט
די פּראָלעטאַריער פון „אמאַ".

ס'איז הײַנט א פרילינג־נאַכט. אפּרעל...
עס קומען אָן מיט ווינטן וואַרעמע די דאָרעם־צונגן,
און אלע בירגער האָבן אויסגעטאָן
די שווערע ווינטערדיקע אָנצוגן...
די קעפּ —
אַנטבלויזט,
געגנוג —
די היטלען פוטערנע...
און אלע קוקן אויף מײַן וויִאָלאָנטשעל,
וואָס שווימט פונקט ווי א שיפעלע
אין א וואָלקן א פּערלמוטערנעם...
דער וויִאָלאָנטשעל האָט אָנגעהויבן וואָרעמען,
דער וויִאָלאָנטשעל האָט אָנגעהויבן רייצן,

און דער שטייגער איז, ווי א שווערער זאַק,
אראָפּגעפאַלן פון יעדנס פּלייצע.

...עס איז געווען שוין טיפע נאַכט,
אויף ספּאַסקער טורעם האָט געשלאָגן דרײַ,
אויף רעלסן האָט זיך שטיל געשאַרט
דער ראָמאַנטישער טראַמווײַ.

מיט שײַן,
מיט ליכט,
מיט מענטשן אָנגעלאָדן
פון אלע אָנצאָליקע נאַציעס,
פּאַרויס גייט די לעוואָנע —
א קײַלעכדיקער פּאַקעל,
די שטערן אויף די שויבן —
א זילבערנע אילומינאַציע.

פון מויערן, פון טויערן,
פון מאָסקווער מוזייען
מיקעלאַנדזשעלאָס טאַלמידים
אונדז אנטקעגן גייען.

דער זאַקן סטראַדיוואַריוס
מיט זײַנע גרויע באָנים
דיריגירן מיט אן אָרקעסטער
פון שאַלנדיקע פּאַנען.

שאַלן מעשענע טרומייטן,
פײַפן די פײַפיאַלן,
מיט מײַן כאַוועריטע צוזאַמען
איך טאַנץ א קאַרמאַניאָלע.

מיט טרומייטן און מיט פּאַקלען,
אויף הויכע פערד מיט קופּער־לײַבער,
זינגען גאָלדגרעבער א ליד
פון אלדאַן און פון באָדײַבאָ...

עס גייט,
עס רוישט די דעמאָנסטראַציע,
דער הייסער ווירבל פון די פיס
דערמאָנט א מורמל פון א כוואַליע,
וואָס לויפט צו מיר און גריסט...

די כוואַליע לויפט פון ווײַטן דניעפּר,
זי פּאַלט אויף יענע הענט,
וואָס האָבן זי באַגעגנט הײַנט
מיט שטאָל און מיט צעמענט...

עס לויפט,
עס יאָגט א נײַע כוואַליע
פון קאָנצענטראַציע — קאַטאָרזשאַנישן בײַקאַל,
דאָס קלאַפּט —
געצווימט אין די טורבינעס —
פון אַנגאַרא דער וואַסערפאַל.

עס לויפט,
עס יאָגט א ניַיע כוואַליע
דורך בארג, דורך פעלדז און שטיין —
דאָס זינגען לידער וועגן איינהייט
די געסט פון טעמזע, סען און ריין...

פויקט, פויקן,
פויקן, פויקט,
שאַלט, מעשענע טרומייטן,
קינדער טאַנצן אַפן פלאַץ —
לעבעדיקע קווייטן.

און עס רוישן איבער קעפּ
ווינטן אַף די פאָנען,
און עס פירן א געשפּרעך
פויקן מיט טראָמבאָנען...

נאָר פאַמעלעך,
איינס נאָך איינס,
זע, די שטערן לעשן זיך...
און באַגינען ווערן שטיל
די טרומייטן מעשענע.

יאָ, באַגינען...
ס'איז שוין העל...
עס שוויַיגן די פיַיפאַלן,
מיַין פאַרמאַטערטער וויאָלאָנטשעל
ענדיקט שוין זיַין סאָלאָ...

און א שטים א שטילע וועקט מיך,
רופט מיך פון דער וויַיט:
— נו, מיר זיַינען שוין געקומען...
שלאָף ניט אין טראַמוויַי!

...און זי שטייט אנטקעגן מיר,
און מיר שוויַיגן ביידע,
נאָר די אויגן אונדזערע
פיבערדיקע ריידן...

און אינמיטן
צווישן אונדז,
צווישן ביידנס הערצער,
שפּילט דער וויאָלאָנטשעל
א פריילינגדיקע סקערצאָ...

וואָלקנדלעך אין הימל יאָגן,
ערשטע פויגלען שוועבן...
און עס ווילט זיך לידער זינגען,
און עס ווילט זיך לעבן.

1931

---

## בראָנק

### דאָ האָט געלעבט אלעקסאנדער פאַדייעוו

בא דער בירָאבידזשאנער טור־ריסטן־סטאנציע פאַר קינדער איז טעטיק א קריַיזל פון קאנטקענטע־ניש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט זאמ־לען מאַטעריאַלן וועגן דעם לעבן און שאַפונג פון ליטעראַרישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן גע־לעבט און זיַינען געווען שפּעריש פאַרבונדן מיטן וויַיטן מיזרעך.

אין משך פון די לעצטע פאָר יאָר האָבן די אָנטיילנעמער פונעם קריַיזל געזאמלט מאַטעריאַלן וועגן אַרקאַדי גייַדאַרן און עמאַנויִל קאַ־זאַקעוויטשן, וועגן דער טעטיקייַט פון דער געגנטלעכער ליטעראַרי־שער פאַרייניקונג. די יונגע פאָר־שער האָבן דורכגעמאַכט א ריַיזע אינעם דאָרף גוואָסיוגי, ווו עס איז געבוירן געוואָרן דער ער־שטער אודעגייער שריַיבער דזשאַנסי קימאָנקאָ, און האָבן אָנ־געשריבן אינטערעסאַנטע ריַיזע־נאָטיצן וועגן אים.

האַיאָר האָט א גרופּע מיטגלי־דער פון דעם קריַיז באַזוכט די ערטער, ווו עס האָט זיך געלערנט אלעקסאנדער פאַדייעוו. אינעם דאָרף טשוגויעווקע (פּרימאָריער קאַנט) שטייט נאָך ביז הייַנט דאָס הויז, ווו עס האָט אין 1908 גע־לעבט די מישפּאָכע פאַדייעוו. איצט איז דאָרט איַינגעאָרדנט א מוזיי. אין דעם דאָרף איז פאַראַן א שול אַף פאַדייעווס נאָמען.

אליק שאַפּיראָ, ליליע יאַצינא, מישע לעווין און אַנדערע מיטגלי־דער פון דעם קריַיז זיַינען איצט פאַרנומען מיט צונויפשטעלן אל־באָמען פון די צונויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן.

מאַרק ראַזומני

# נאָוועלעטן

## א מענטשלעך הארץ

ווען כ׳האָב דורכגעלייענט אן ארטיקל וועגן איינעם א בארימטן כירורג, וועלכער פירט דורך אָפּעראציעס נאָך דעם, ווי ער פארפרירט דעם מענטשנס קערפּער, האָב איך אָפּגעשיקט צו אים אזא בריוו:

„כּאָשעווער פּראָפעסאָר! געלייענט וועגן דעם, אז איר אָפּערירט אײַערע פּאציענטן, אָפּקילנדיק זייער קערפּער ביז צוועלף גראַד. וואָלט איך אײַך וועלן פרעגן, צי עס דראָעט ניט בא אָט דער אומנאָרמאלער טעמפּעראטור דעם מענטשן א סאקאָנע, אז זײַן הארץ זאָל פארפרוירן ווערן אף אייביק?״

אף דעם האָב איך באקומען אן ענטפער, אז אזא סאקאָנע איז ניט פאראן, ווײַל דאָס הארץ קאָן אריבערטראָגן די נידעריקסטע טעמפּעראטורן און דערבײַ ניט פארפרוירן ווערן.

און א צושריפט איז געווען אין דעם פּראָפעסאָרס בריוו:

„איז דען פאראן אף דער וועלט א זאך, וואָס קאָן נאָך אזוי קאלט זײַן, ווי א מענטשלעך הארץ?״

נאָכן באקומען דעם ענטפער האָב איך נאָכאמאָל אָנגעשריבן צום פּראָפעסאָר:

„איך דאנק פאר דער אופקלערונג, אָבער מיר ווילט זיך נאָך עפּעס וויסן: גוט, דאָס הארץ וועט טאקע אויסהאלטן די אָפּקילונג. וועט אָבער בא דער אומנאָרמאלער טעמפּעראטור דעם מענטשנס אָרגאניזם ניט פארפרוירן ווערן אף אייביק?״

דער ענטפער איז געווען:

„ניין, — דאָס הייסע הארץ וועט דערצו ניט דערלאָזן. צי שוין זשע איז אײַך אומבאקאנט, אז אין דער גאנצער וועלט איז ניטאָ נאָך א זאך, וואָס זאָל אזוי הייס זײַן, ווי א מענטשלעך הארץ?״

בין איך גאָר צעטומלט געוואָרן פון אָט דיביידע קעגנזעצלעכע באהויפּטונגען, און כ׳האָב באשלאָסן צום דריטן מאָל זיך ווענדן צום פּראָפעסאָר און הערן, וואָס אזא מעדיקער־פילאָסאָף וועט איצט ענטפערן.

„כּאָשעווער פּראָפעסאָר! — האָב איך זיך געווענדט צו אים. — ווי איז דאָס מעגלעך? אין איין בריוו שרײַבט איר, אז דאָס הארץ איז קאלט; אין צווייטן — אז עס איז הייס... פארשטייט זיך, וויבאלד אזא אָנגעזעענער ספּעציאליסט, ווי איר, זאָגט דאָס, גלייב איך. אָבער איך בעט אײַך מיר דערקלערן, ווי׳אזוי אין איין קליין מענטשלעך הארץ, וואָס זײַן גאנצע וואָג באטרעפט דרײַ הונדערט גראם און איז גרויס ניט מער, ווי א פויסט, קאָנען זיך אײַנלעבן צוויי אזעלכע קאָנטראסטן, און ווי איז אונדזער אָרעם הארץ ביכלאל בעקויעך אויסצוהאלטן אזא שווערע אָנלאָדונג?״

דאָס מאָל איז דער ענטפער געווען אזא:

„אײַער באומרו׳קונג וועגן א צו שווערער לאסט פארן הארץ איז ניט באגרינדעט. ווײַל — איז דען אף דער גאָרער וועלט פאראן א שווערקײַט, וואָס א מענטשלעך הארץ זאָל ניט קאָנען אריבערטראָגן?״

## א פּאָשעט סטעארין־ליכטל

ווען די אָוונט־שאָטנס האָבן גענומען געדיכט זיך קנוילן איבער מײַן צימער, האָב איך מיט דער געוווינטער באוועגונג א דריק געטאָן דאָס עלעקטרישע קנעפּל. אָבער דאָס מאָל האָט איבער דער שטוב זיך ניט געטאָן קיין גאָס די שײַן — די עלעקטרע איז קאליע געוואָרן. דעמלט האָב איך אויסגעזוכט ערגעץ א פארוואלגערט סטעארין־ליכטל, עס אָנגעצונדן און בא דער פּינ־

טלענדיקער שײַן זיך געזעצט שרײַבן. נאָר אַזוי־ווי מײַנע אויגן זײַנען שוין אָפּגעווױנט געווען פון אַזאַ צאַנקענדיק פּלעמל, איז דאָס שרײַבן מיר געגאַנגען ניט לײַכט, איך בין גיך פאַר־מאַטערט געוואָרן. דעמלט האָב איך אָפּגעלייגט די פּען, צוגעמאַכט די מידע אויגן און זיך איבערגעגעבן טרויעריקע געדאַנקען וועגן דעם פאַרלאָרענעם אָוונט.

און דאָ האָט זיך עס אָנגעהויבן. גאָר אומ־דערוואַרט האָב איך דערהערט אַ שטילע שטים, וואָס איז געקומען פון דער זײַט פונעם לײַכ־טער, ווו דאָס פּלעמל האָט געצאַנקט און אונ־טערגעשפּרונגען.

„עפּעס געפעלסטו מיר ניט...— האָט זיך דער־טראָגן פון דאָרטן אַ שעפּטשען, וואָס איז קע־סיידער איבערגעשלאָגן געוואָרן פון אַ לײַכטער שיפּעניש,— מ׳זאָגט, אַ שרײַבער ביסטו, איז דאַרפסטו דאָך שרײַבן... און דאָ זע איך דיך גאָר זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. פאַרוואָס טוסטו ניט דײַן אַרבעט?"

„אָז דײַן שײַן איז אַזוי טונקל,— האָב איך זיך באַקלאָגט.— מיר טוען וויי די אויגן פון דײַן פּלעמל..."

„אַך אַזוי, דיר טוען וויי די אויגן?— האָט דאָס ליכטל מיך איבערגעקרימט.— לאַנג לעבן זאָל דער טערעץ! איז וועל איך דיר אָף דעם ענטפערן! הער זיך אָקאָרשט צו, עפּשער וועסטו דערפון עפּעס לערנען..."

איך האָב זיך צוגעהערט, אָבער צו מיר האָט זיך דערטראָגן נאָר אַ זשיפּען און אַ שיפּען, גלײַך ווי עמעץ וואָלט מיט זשעדנע ליפּן עפּעס אַרומגעלעקט. מער האָב איך גאָרנישט ניט גע־הערט.

„און דאָס איז אַלץ?— האָב איך געצוקט מיט די אַקסלען.— ניטאָ וואָס צו הערן?"

„ביין, ס׳איז יאָ דאָ!— האָט דאָס ליכטל גע־זאָגט מיט ביטערער באַטאָנונג און צוגעגעבן.— דאָס הערסטו, ווי דער פלאַם פרעסט מײַן לײַב, ווי ער לעקט מיך גיריק אַרום, און דו זעסט, ווי אונטער יעדן טויטלעכן לעק זײַנעם צאַנקט מײַן לעבן אַלץ מער. אָבער אויסגייענדיק, גיב איך פונדעסטוועגן שײַן! און איך בין דאָך ניט מער, ווי אַ פּאַשעט סטעאַרין־ליכטל..."

מער האָט דאָס ליכטל גאָרניט געזאָגט. אָבער איך האָב שוין מיט גרויס כאַרפּע זיך אַ ריס געטאָן צו דער פּען. ווו איז אַהינגעקומען מײַן מידקײַט, דער ווייטעק אין די אויגן, די שרעק פאַר דעם כוישעך? איך האָב ניט אַרויסגעלאָזט די פּען פון דער האַנט, און דאָס ליכטל האָט מיר געלויכטן און געלויכטן מיט זײַן צאַנקער־דיקער און פינטלענדיקער שײַן, ביז דער לעצ־טער אָטעם איז אים אויסגעגאַנגען.

אָט אַזוי האָט אין יענעם אָפּדערנאַכט אַ פּאַשעט סטעאַרין־ליכטל מיך געלערנט און אויסגעלערנט, ווי אַ לעבן דאַרף דורכגעלעבט ווערן.

## לײַדנשאַפטן

דער פראָסט איז נאָך אַלץ שאַרף און ברע־נענדיק, אָבער דער שטורעם, וואָס האָט געבו־שעוועט אין מעשעך פון עטלעכע טעג, האָט זיך שוין אײַנגעשטילט, און אויפן ברעג פונעם פאַר־פרוירן געוואָרענעם יאָם זײַנען אין ווילדער צע־שויבערטקײַט אָנגעוואַלגערט ריזיקע הרודעס אײַז, וואָס דער יאָם האָט אַרויסגעוואָרפן. זיי זעען אויס, די טאַראַסן, ווי פאַנטאַסטישע באַ־שעפעניש, באַ וועמען ס׳איז אָפּגענומען גע־וואָרן די בייזקײַט. און בייזקײַט האָבן זיי פאַר־מאָגט אַ סאַך, בייס זיי האָבן מיט צײַן־קריצע־ניש זיך געטראָגן איבערן צעשטורעמטן יאָם און געפּרוווט פאַרפרירן און פאַרקלעמען זײַנע צעברויזטע לײַדנשאַפטן. אָבער דער יאָם האָט זיך ניט געלאָזט, האָט מיט אימפּעט צעשטערט זייער רישעסדיקן ווילן, און צום סאָף האָבן זײַנע כוואַליעס זיי אַרויסגעשוווענקט און אַרויס־געשפּיגן אויפן ברעג.

אין דער זוניק־צעשײַנטער, פראָסטיק־צעזונ־גענער שטילקײַט שטײַג איך אַרויף אויף איינעם פון די פאַרגליווערטע ריזן און קוק אַראָפּ אויפן יאָם, וואָס שפּרייט זיך אין אומבאַוועגלעכער ברעגלאָזיקײַט, און כ׳דערמאָן זיך די טעג, ווען ער האָט געשטורעמט און געברויזט און אין צע־רודערטקײַט געוואָרפן פון זיך די קרײַעס, וואָס האָבן אים געוואָלט פאַרפּענטען. דעמלט האָט אויסגעזען, אַז ער וועט קיינמאָל זיך ניט אונ־טערגעבן. אָבער ס׳איז גענוג געווען בלויז איין שטילע נאַכט, אַ נאַכט אָן שטורעמווינט, אָן ברויזיקע כוואַליעס,— און ער איז שוין פאַר־פרארן און פאַרשטײַפט געוואָרן.

אָט אַזוי, ווי אַ האַרץ. קאַלזמאַן עס שטורעמט, איז ניטאָ קיין סאַקאָנע, אַז דער פראָסט וועט עס פאַרקאָווען. פאַרצויגן מיט אײַז און פאַרגלי־ווערט ווערט עס דעמלט, ווען דער ברויז און די לײַדנשאַפטן פאַרלאָזן עס.

## שפּעטער האַרבסט

אין איינעם אַ טאָג פון שפּעטן האַרבסט איז מיר אויסגעקומען דורכצוגיין דעם שטאָטישן פּאַרק. מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער, מיט טיף פאַרוקטע הענט אין די קעשענעס, האָב איך געשווינד געשפּאַנט איבער די איינזאַמע אַליי־ען, דער ווינט האָט געשמיסן אין פּאָנעם, גע־

ריסן בא די פּאַלעס, מײַנע טריט האָבן קאַלט און שטײַף אָפּגעהילכט אױף דער פאַרהאַרטעװעטער ערד, און אױפן האַרצן האָט האַמעטנע געדריקט אַן אומעט. דער אומעט איז אָבער אַרױסגערופן געװאָרן ניט דורך ראַכמאָנעס אױפן פּאַרקלעמטן, פאַריאָסעמטן פּאַרק — ס'איז דאָך קײן סאָד ניט, אַז די שװערע צײַט װעט פּאַר אים פאַרבײַגײן, און אײנעם קומענדיקן פרילינג װעט אופקװעלן אין אים אַ נײַע בליִונג און אַ נײַע פּרוכפּערדיקײַט — מיר איז ביטער געװען אױפן האַרצן דערפאַר, װײַל איך האָב געקלערט װעגן דער גרױסער אומגערעכטיקײַט, װאָס די נאַטור באַגײט לעגאַבע אונדז, מענטשן: אונדז איז דאָך ניט געגעבן די מעגלעכקײַט אין די טעג פון אונדזער שפּעטן האַרבסט צו טרױמען װעגן דעם אָנקום פון אַ נײַעם פרילינג און פון אַ נײַער בליִונג...

— גיט נאָר אַ קוק, װי פאַרכמורעט ער איז דאָס! — האָט אַן אומדערװאַרטער אױסרוף מיך אופגעװעקט פון מײַן פאַרטראַכטקײַט. — עפּעס גאָר װי אַ בײזער, שלעכט־אױסגעשלאָפענער שטיפּטאַטע!

דאָס איז מיר געקומען אַנטקעגן מײַנער אַ באַקאַנטער, אַ פרײלעכער, שטענדיק גוט־אופגעלײגטער מענטש.

— װי אַ בײזער שטיפּטאַטע, זאָגט איר? — האָב איך זיך אָנגערופן. — נײן, ניט איך בין דער בײזער שטיפּטאַטע, דאָס איז זי, די נאַטור אַרום אונדז, אַ בײזע שטיפּמאַמע!

און איך האָב אױסגעגאָסן פאַר אים מײַן ביטער האַרץ און אױסגעלײגט אַלע טענות צו דער נאַטור, װאָס באַאװלט אונדז אַזױ.

ער האָט מיך אױסגעהערט, אַ רעגעלע געװונצלט דעם שטערן, נאָכדעם געזאָגט:

— אין פּלוג זײַט איר טאַקע גערעכט מיט אײַערע טענות. פונדעסטװעגן אָבער איז די נאַטור דאָך ניט קײן שטיפּמאַמע. פאַרקערט — זי איז װי אַ מאַמע גוט און דערצו קלוג — אָ, װי קלוג! — און אונטערפינטלעכדיק, האָט ער צוגעגעבן, — זי האָט אונדז דאָך געשאָנקען אַזאַ מעגלעכקײַט, אַזאַ מעגלעכקײַט!

— װאָס פאַר אַ מעגלעכקײַט? — בין איך געװען אומגעדולדיק זיך צו דערװיסן.

— די מעגלעכקײַט פון טאָן און אופטאָן... ס'איז עפּשער טאַקע ניט גאָר פרײלעך פאַר אונדזערע מענטשן, װאָס שטײען שױן אין שפּעט־האַרבסטיקן עלטער. אָבער מיר דאַרפן צופרידן זײַן דערמיט, װאָס װיסנדיק, אַז פאַר אונדז איז שױן קײן באַנײַונג און קײן נײַע צעבליונג ניט געגעבן, אײַלן מיר זיך ניט צו פאַרזאַמען, צעבליִען זיך פאַרן אָפּבליִען און גיבן אַרױס װאָס מער רײַפע פּרוכטן. און אױף דעם האָט אונדז דאָך אַרופגעבראַכט די נאַטור! און איר זאָגט — אַ שטיפּמאַמע...

## ערלעכקײַט

קינדװײַז האָב איך שטאַרק ליב געהאַט מײַן פאָטערס האַרעפּאַשנע הענט. באַזונדערס דערפאַר, װאָס יעדעס מאָל, װען ער האָט אַרײַנגענומען צװישן זײַנע קרעפּטיקע, װאַרעמע פינגער מײַן הענטל, האָט זיך מיר אױסגעדאַכט, אַז איך אָטעם אײַן דעם זעטיקן רײעך פון פרישן קאָרן ברױט. איך האָב ניט געקאָנט באַנעמען דעם סאָד דערפון, און אױף מײַן פראַגע, פונװאַנען ער קומט, אָט דער רײעך, האָט דער פאָטער נאָר געצװקט מיט די אַקסלען.

— גײ, גײ, דו טראַכסט דאָס אױס, — האָט ער געזאָגט און מיט אַ טרױעריקן שמײכל צוגעגעבן, — און פונװאַנען קומט צו מיר ברױט? יאָ, ברױט איז בא אונדז אין שטוב ניט געװען קײן צו אָפטער גאַסט. דעריבער איז מיר נאָך אומפאַרשטענדלעכער געװען דער דאָזיקער רײעך, װעלכער איז מיט דער צײַט געװאָרן אַזױ מאַמאָשעסדיק, אַז אין מינוטן פון שטאַרקן הונגער האָב איך נאָר געדאַרפט אײַנװרען דאָס פּאָנעם אײנעם טאַטנס הענט — און מיר האָט זיך שױן געדאַכט, אַז איך װער זאַט.

װען איך האָב בא מײַן מאַמען געפרעגט, װאָס דאָס באַטײַט, האָט זי זיך אָפּגעקערט און מיט אַ ציטערדיקער שטים אַרױסגעבראַכט:

— איז דען אַ װוּנדער, אַז דער רײעך פון ברױט גײט נאָך דעם הונגעריקן קינד אױף יעדן טראָט?

און אַזױ האָב איך אין מײַן קינדהײַט ניט געקאָנט דערגײן דעם דאָזיקן סאָד. איצט װײס איך, װאָס דער רײעך פון ברױט באַטײַט: דאָס איז דער רײעך פון ערלעכקײַט. איך װײס, אַז ס'איז ניטאָ קײן זאַך, װאָס זאָל זײַן ערלעכער פון פּאַשעטן, פון זעטיקן און באַשײדענעם ברױט. פון ברױט — און פון די ערלעכע פּאָלקסמענטשן, װאָס פאַרזאָרגן די װעלט מיט ברױט דורך זײער שװערער, אײדעלער מי.

## אַז מ'װישט אַראָפּ דעם שטױב

דער שטױבזױגער האָט געאַרבעט אױף אַלע קײלים: איך האָב זיך פאַרנומען מיטן אױסזױגן דעם שטױב פון מײַנע ביכער, און מײַן פרױ, װעלכע האָט מיר געהאָלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט, האָט, איבערשרײַענדיק די זשומערײַ פונעם אַפּאַראַט, געזאָגט מיט פאַרװורף:

— אַ היפּש ביסל שטױב ליגט אױף דײַנע ספאָרים!

— אָבער ניט אױף אַלע, — האָב איך איר געענטפערט אַ ביסל אַ באַלײדיקטער, — האָסט ניט באַמערקט, אַז ניט אַלע ביכער זײַנען אין

דער גלײַכער מאָס פֿאַרשטויבט? א געדיכטע־
רער שיכט לייגט זיך נאָר אַף די, וועלכע איך
נעם זעלטענער אין דער האַנט. און אַזעלכע
זײַנען פֿאַראַן ניט קיין סך. דערפֿאַר אָבער
וועסטו קיין שפּרענקעלע ניט געפֿינען אַף די
ביכער, וועלכע זײַנען מיר אינטערעסאַנט און
כ'באַנוץ אָפֿט!

— וויבאַלד אַזוי, — האָט מײַן פֿרוי מיר גע־
שטעלט א קלאַפּ־קאַשע, — איז זאָג מיר
אָקאַרשט, פֿאַרוואָס זשע האַלטסטו צווישן דײַנע
אינטערעסאַנטע און נוצלעכע ביכער אויך
אַזעלכע וואָס נוצן ניט און זײַנען דיר ניט אינ־
טערעסאַנט? נאָר קעדיי אָנצוקלײַבן שטויב?

— דײַן טײַנע איז טאַקע א לאָגישע, — האָב
איך איר נאָכגעגעבן, — אָבער די לאָגיק איז
בלויז אַן איינזײַטיקע. ווי זעלטן איך זאָל דעם
בוך ניט באַנוצן, וועט קומען א טאָג, ווען איך
וועל אים, עפּשער צופֿעליק, אַרײַננעמען אין דער
האַנט, אַן עפֿן טאָן, און ס'וועט מיטאַמאָל זיך
אַנטפּלעקן פֿאַר מיר עפּעס נײַס און שיינס, וואָס
איך האָב ביז דעמלט ניט געזען! און אין דער־
וואַרטונג פֿון אָט דעם גליקלעכן טאָג האַלט איך
אים, אָט דעם, פֿון ערשטן בליק, ניט נייטיקן
בוך. זאָל ער שטיין אַף דער פּאָליצע.

מיטאַמאָל האָט דער טעלעפֿאָן זיך צעקלונ־
גען. איך האָב אָפּגעהויבן דאָס טרײַבל און בין
טייקעף אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין א לאַנגן,
פּוסטן שמועס, וועלכן איך האָב אונטערגעהאַלטן
בלויז אויס העפֿלעכקײַט, און לײַכטער אָפּגע־
אָטעמט, ווען דער מענטש אַף יענער זײַט דראָט
האָט מיך ענדלעך אָפּגעלאָזט.

— איך האָב געזען, — האָט מײַן פֿרוי געזאָגט
נאָך מײַן „באַפֿרײַונג”, — אַז דו ביסט ניט
שטאַרק באַגײַסטערט געווען פֿון דעם געשפּרעך.
איז וואָס לאָזסטו זיך אַרײַן אין לאַנגע שמו־
עסן מיט קאַלערליי נודניקעס? קנאַפּ אינטערע־
סאַנטע באַקאַנטע האָסטו?

— דײַן טײַנע איז א גערעכטע, — האָב איך
געענטפֿערט, — אָבער דאָ קומט ווידעראַמאָל
אוף דאָס אייגענע, וואָס מיר האָבן אָקאַרשט
גערעדט אין שײַכעס מיט ביכער. אַף יעדן
מענטש, פּונקט ווי אַף יעדן בוך, קומט זײַן צײַט!
איז דען פֿאַראַן כאָטש איין מענטש, וואָס זאָל
ניט פֿאַרמאָגן אין זיך עפּעס אינטערעסאַנטס?
און אויב איך געפֿין דאָס אין אים באַלד ניט
אַרויס — איז דאָס מײַן שולד, מיסטאָמע האָב
איך ניט פֿאַרשטאַנען, ווי צוצוגיין צו אים. עס
וועט אָבער קומען א טאָג, און איך וועל — עפּ־
שער צופֿעליק — אים א בלעטער טאָן, אָט ווי
יענעם בוך, וואָס שטויבט זיך ערגעץ אַף א
פּאָליצע, און מיטאַמאָל וועל איך דערזען דעם
זעלביקן מענטש אין גאָר א נײַ, ביז איצט ניט
געזעענער ליכט! און אין דערוואַרטונג פֿון דעם
טאָג האַלט איך זיך אין יעדן מענטשן, ווי נודנע
און ווי פֿאַרשטויבט ער זאָל ניט זײַן. איך וואַרט
געדולדיק אַף יענעם טאָג, ווען ס'וועט פֿון אים
אַראָפּגעווישט ווערן דער שטויב. און אַזאַ טאָג
וועט קומען!

## קאָנטאַקט

ער האָט זיך באַקלאָגט אַף דעם, ווי שווער עס
איז אָנצובינדן מיט מענטשן א האַרציקן קאָנ־
טאַקט.

— אַז זיי זײַנען אַזעלכע פֿאַרשלאָסענע, די
מענטשן, אַזעלכע עגאָאיסטן! — האָט ער געהאַלטן
אין איין טײַנען. — טונקען קיין פֿינגער אין
קאַלטער וואַסער ניט אײַן, קעדיי זיך צו דער־
נעענטערן.

— און איר, וואָס טוט צוליב דעם? — האָט
עמעץ אים א פֿרעג געטאָן. — וויאַזוי גייט איר
צו צו די מענטשן, מיט וועמען איר ווילט זיך
דערנעענטערן און פֿאַרשטענדיקן? טוט איר
עפּעס, קעדיי אײַנצושטעלן דעם קאָנטאַקט, נאָך
וועלכן איר לעכצט אַזוי?

— איך?! — האָט ער זיך געכידעשט. — פֿאַר־
וואָס עפּעס דאַרפֿקע איך?

אָנשטאָט אַן ענטפֿער האָט יענער אים גע־
שטעלט א פֿראַגע:

— אײַך זײַנען באַקאַנט די טערמינען „סטאַ־
לאַקטיט” און „סטאַלאַגמיט”?

— דעם עמעס געזאָגט, — האָט דער מיזאַנ־
טראָפּ נאָכגעגעבן, — שוין א ביסל פֿאַרגעסן.
דאַכט זיך, דאָס איז עפּעס פֿון געאָלאָגיע?

— יאָ, פֿון געאָלאָגיע. און וויבאַלד איר האָט
פֿאַרגעסן, וועל איך אײַך בעקיצער דערמאָנען.
סטאַלאַקטיט הייסט דער צאַפּן, וואָס הענגט
אַראָפּ פֿון דער סטעליע פֿון א הייל, פֿון אָט
דעם הענגענדיקן צאַפּן טריפֿן אַראָפּ טראָפּנס
קאַלך, די טראָפּנס ווערן פֿאַרקילט, זאַמלען זיך
אָן איינער אַפֿן אַנדערן, צעוואַקסן זיך אין א
בערגעלע, און אָט די אונטערשטע אָנזאַמלונג,
וואָס וואַקסט אויס פּונקט אַנטקעגן דעם סטאַ־
לאַקטיט, טראָגט דעם נאָמען סטאַלאַגמיט...

— א יאַשער־קויעך אײַך, — האָט יענער איר־
ראָניש באַדאַנקט, — פֿאַרן אָפּפֿרישן אין מײַן
זיקאָרן א קאַפּיטל געאָלאָגיע. אָבער איך באַ־
גרײַף ניט, וואָס פֿאַר א שײַכעס דאָס האָט.

— וואַרט, וואַרט, איך האָב נאָך ניט דער־
זאָגט, — האָט דער „געאָלאָג” אים איבערגע־
שלאָגן, — הערט ווײַטער: אויפֿכאַפּנדיק די
טראָפּנס, וואָס פֿאַלן אַף אים אַראָפּ פֿון דעם
סטאַלאַקטיט, צעוואַקסט זיך דער סטאַלאַגמיט
אַלץ העכער, קומט אַלץ נעענטער צום סטאַ־
לאַקטיט, און אַזוי־אַ, באַרײַכערנדיק איינער דעם
אַנדערן, פֿאַרייניקן זיי זיך צום סאָף און עס
אַנטשטייט צווישן זיי א קאָנטאַקט... און, — האָט
ער פֿאַרענדיקט, — אויב איר ווילט אײַנשטעלן

א קאָנטאַקט מיט א מענטשן, דאַרפט איר זיך אויך אויסלערנען וואַקסן אים אנטקעגן, ווי דער סטאַלאַגמיט, אָבער אויך געבן אים נערונג, ווי דער סטאַלאַקטיט!

## ער איז אַלט, אָבער ער איז ניט פאַרעלטערט

עפּשער איז דאָס טאַקע געווען א כאָלעם, — אָבער איך האָב דאָך דעם מענטשן געזען קלאָר און דײַטלעך, ווי אָף דער וואָר. געזען זײַן ברייטביינערדיק געזעצט געשטאַלט, געזען זײַנע אויגן פון אן אנטיקער סקולפּטור אָן שווארצאַפּלען, געזען זײַן באָרד, וואָס האָט געסטאַרטשעט איבער זײַן ברוסט פאַרשטיינערט און געקרײַזלט... איבער איין אַקסל זײַנעם איז אריבערגעוואָרפן געווען א ווײַסער כיטאָן, וואָס איז געפאַלן אין שווערע פאַלדן ביז איבער זײַנע באַרוועסע פלאַטפיס פון א פילאָסאָף, דער אנדער אַקסל איז געווען אנטבלויזט און האָט געבלענדט מיט מירמלשטיינערנער גלאַטקײַט... גערעדט האָט ער צו מיר אָף אַלט־גריכיש, א שפּראַך, אין וועלכער איך בין, דעם עמעס גערעדט, ניט שטאַרק באַהאַווונט, פונדעסטוועגן האָב איך פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט.

— דערקענסט מיך? — האָט ער געפרעגט און באַלד, א שמייכל טוענדיק, זיך פאַרכאַפּט. — אָבער פונוואַנען, אייגנטלעך, זאָלסטו מיך קענען, וויבאַלד איך האָב געלעבט מיט א וואַסערע צוויי טויזנט פיר הונדערט יאָר פאַר דיר? איז לאָמיר זײַן באַקאַנט, — און ער האָט ווירדיק אופגעהויבן זײַן שווערן קאָפּ. — מײַן נאָמען איז עמפּעדאָקל!

— עמ־פּע־דאָקל?! — בין איך נישטומעם געוואָרן. — עמפּעדאָקל פון די פיר עלעמענטן אין דער נאַטור?! איז קען איך אײַך דאָך!

— טאַקע קענסט מיך? — האָט ער מיט האַנאָע א גלעט געטאָן זיך די געקרײַזלטע באָרד. — הייסט עס, מ'האָט מיך ניט אינגאַנצן פאַרגעסן? אָבי איך האָב געמיינט... און וויבאַלד אַזוי, וועסטו מיר עפּשער זאָגן, וואָס ווייסטו וועגן דעם אַלטן עמפּעדאָקלס לער?

נו, איך האָב שוין אין מײַן לעבן דורכגעלאָזט קאָלערליי עקזאַמענאַטאָרס, אָבער אָף דעם, אַז דער באַרימטער אַלטער עמפּעדאָקל וועט זיך מאַטריַיען זײַן און אראָפּקומען מיך עקזאַמענירן, האָב איך זיך ניט געריכט! האָט מיך טאַקע ארומגעכאַפּט א שרעק, איך האָב געגומען נײַשטערן אין זיקאָרן און אָנגעהויבן שטאַמלענדיק אופזאָגן אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געקאָנט דערמאָנען זיך וועגן די פיר יעסוידעס — פײַער, וואַסער, ערד און לופט, — פון וועלכע עס באַשטייט לויט עמפּעדאָקלס פילאָסאָפיע דער גאַנצער וועלט־באַשאַף. נאָכדעם, זעענדיק, ווי ער שאָקלט צופרידן מיטן קאָפּ — א סימען, אַז איך בין ניט דורכגעפאַלן, — בין איך שוין געוואָרן דרייסטער און אַרײַנגעלאָזט זיך אין א כקירע וועגן דעם אַלטנס ארויסזאָגונג, אַז אונטער דער צוזיַענדיקער ווירקונג פון פרײַנטשאַפט פאַרייניקן זיך די דאָזיקע פיר עלעמענטן, אָבער זיי טיילן זיך פאַנאַנדער אונטער דעם אָפּשטויסנדיקן דרוק פון פײַנטשאַפט, און אַז די אנטוויקלונג פון לעבן אין דעם גאַנצן קאָסמאָס איז אָפּהענגיק פון דעם, אָף וויפל עס זיגט דער קויעך פון צוציִונג אָדער דער קויעך פון אָפּשטויסונג — פון פרײַנטשאַפט צי פון פײַנטשאַפט...

דער פילאָסאָף האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון מײַנע יעדיִעס.

— איך זע, — האָט ער געזאָגט, — אַז דו געדענקסט! געדענקען אָבער אנדערע אויך די לער פון דעם אַלטן עמפּעדאָקל? איז זיי טאַקע ניט פּויל אָף דער פּען און דערמאָן זיי! זאָלן זיי זען, ווי מיר, די אַלטע גריכן, האָבן געקוקט אָף דער וועלט און אָפן לעבן.

— דערמאָנען... וועגן אײַערע פיר עלעמענטן? — האָב איך איבערגעפרעגט. — יאָ, איך בין גרייט דאָס צו טאָן. אָבער...

ער האָט געזען, אַז איך קווענקל זיך, און האָט מיט אן אומעטיקן שמייכל זיך אָנגערופן:

— איך ווייס, וואָס דו מיינסט מיט דעם „אָבער”, — ער האָט ארופגעלייגט זײַן שווערע אנטיקע האַנט אָף מײַן הײַנטצײַטיקן אַקסל, — ווילסט זאָגן, אַז מײַן פילאָסאָפיע איז פאַרעלטערט, ניט צוגעפּאַסט צו דער עפּאָכע, אַז מ'דאַרף זי ניט מער... יאָ, איך ווייס, אַז נאָך מיר זײַנען שוין אויסגעפונען געוואָרן א סאַך נײַע קוּכעס, וואָס ווירקן אָף דער אנטוויקלונג פון לעבן, אָבער, — האָט ער פײַערלעך אופגעהויבן זײַן שטים, — זאָג זיי, אַז די פיר עלעמענטן און די קוּכעס פון פרײַנטשאַפט און סינע, וואָס איך, עמפּעדאָקל פון אַגריגענט, האָב דערזען אין דער וועלט, זײַנען אָף אַלע צײַטן געבליבן דער יעסאָד פון אַלץ! די פּעריאָדן פון פרײַנטשאַפט און פײַנטשאַפט בײַטן זיך, פײַנטשאַפט האַלט אָפּטמאָל אָפּ ניצכוינעס איבער פרײַנטשאַפט, דורך דעם ווערן די עלעמענטן פאַנאַנדערגעטיילט, צעמישט, צווישן מענטשן טרעט אַרײַן אָפּגעזונדערטקײַט, אָפּגעפרעמדעטקײַט. אָבער סאָפּקאָלסאָף באַזיגט דער קויעך פון צוציִונג דעם פינצטערן קויעך פון אָפּשטויסונג, דעמלט פאַרייניקן זיך די עלעמענטן, און מענטשן הייבן אָן זיך קעגנזײַטיק צו פאַרשטיין... אָט טאַקע דאָס, וואָס קומט איצט פאָר אָף דער וועלט!

און מיך אָנקוקנדיק מיט א גוטמוטיק־מאַמזערישן בלישטשען פון די מירמלשטיינערנע אויגנווײַסלעך, האָט ער פאַרענדיקט:

— איצט זעסטו, אז דער אלטער עמפעדאָקל איז נאָך ווײַט ניט פאַרעלטערט. ווײַט ניט פאַרעלטערט! יעדער טאָג באַווײַזט, אז איך האָב געהאַט רעכט! דערמאָן טאַקע די מענטשן אין דעם.

און מיט די ווערטער איז ער פאַרשוואונדן.

...איך ווייס ניט, צי דאָס איז געווען א כאַלעם, צי דאָס איז טאַקע געשען אף דער וואָר. איך גיב נאָר איבער וואָרט אין וואָרט דאָס, וואָס דער אלטער, אָבער ניט פאַרעלטערטער עמפעדאָקל האָט מיר געזאָגט.

## קאשאלאָטן שטארבן אף א זאמדיקן ברעג

צוזאמען מיט איינעם א באקאנטן, א דיכטער, זײַנען מיר געזעסן אין קינאָ און געזען א פילם וועגן לעבן פון די קאשאלאָטן. צום סאָף פון דעם פילם איז באַוויזן געוואָרן, ווי א גרויסע מאכנע פון די דאָזיקע וואלפיש ליגט אף א זאמדיקן יאם־ברעג און צאַפּלט זיך אין גסיסע־ווײַען. דערבײַ האָט דער דיקטאָר דערציילט, אז אָפט ווערט באמערקט, ווי קאשאלאָטן שווימען דורך א מעהאַלעך פון טויזנטער קילאָמעטער, וואַרפן זיך ארויס אף א ווײַטן, פרעמדן ברעג און הויכן דאָ אויס זייער לעצטן אָטעם. און אז די דאָזיקע מערקווירדיקע דערשײַנונג איז פאַר דער וויסנשאַפט ביז הײַנטיקן טאָג אומדערקלערלעך.

ארויסגייענדיק פון קינאָ, האָב איך געזאָגט צו מײַן באקאנטן:

— איך ווייס ניט, וואָס פאַר א דערקלערונג די געלערנטע וועלן סאָפּקאָלסאָף געפינען פאַר אָט דעם פענאָמען. איך אָבער מיט מײַן ניט־וויסנשאַפטלעכן סייכל וועל דאָס פּרווון דערקלערן אף מײַן שטייגער.

— טשיקאַווע צו הערן, ווי ועסטו דאָס אויסטײַטשן?

— איך מיין, אז ווען די קאשאלאָטן דערפילן דעם אָנקום פון זייער סאָף, נעמען זיי זיך צונויף אין מאכנעס און זוכן דערשווימען צו א ברעג, ווײַל אין יאם שטארבן ווילט זיך זיי ניט. און בעעמעס — קאָנען דען אָט די אייביקע יאם־וואָגלער און יאם־געוועלטיקער אײַנגיין אף דעם, אז די פּיטשעמאָנטשינקע פישעלעך, וואָס האָבן פאַר זיי אלעמאָל געדינט נאָר אלס שפּײַז, זאָלן דערלעבן אין זיי א נעקאָמע, זעענדיק, ווי די באַוועגלעכע, ריזיקע בערג קערן זיך אָנמעכטיק איבער מיט די בײַכער ארויף? און קעדיי דאָס אויסצומײַדן, קלײַבן די קאשאלאָטן אויס דעם שווערן טויט אפן זאמדיקן ברעג, ווײַל נאָר דעמלט וועלן זיי דאָך בלײַבן לעבן אין זיקאָרן פון די אלע פיגמייעלעך, ווי די מעכטיקע, אומשטערבלעכע באהערשער פון די יאַמיקע אָפּגרונטן...

דער דיכטער האָט זיך פאַרטראכט.

— און איך, זעסטו, — האָט ער צום סאָף געזאָגט, — האָב אן אנדער מיינונג וועגן דעם טויט פון די קאשאלאָטן. ביסט א באלן צו הערן?

און ניט וואַרטנדיק אף מײַן ענטפער, האָט ער אָנגעהויבן אימפּראָוויזירן:

— עפּעס קומט מיר פאָר, ווי איך וואָלט הערן די קאשאלאָטן אף זייערע עלטערע יאָרן זאָגן: „גענוג צו שטורעמען און אײַנצורײַסן וועלטן! מיר זײַנען שוין מיד פון טראָגן זיך א לעבן לאַנג איבער צעברויזטע כוואַליעס! און די קויכעס זײַנען שוין ניט מער די — צײַט אײַנמאָל פאַר אלעמאָל זיך אָפּרוען!" און אזוי ווי זיי האָבן פון זייערע זקיינים געהערט, אז ערגעץ איז פאַראַן א ברעג אָן כוואַליעס און אָן שטורעמס, נעמט זיך צונויף א מאכנע און שווימט דורך דעם מעהאַלעך פון טויזנטער מײַלן צום אויסגעטרוימטן רויִקן ברעג. אָנגעקומען נאָך א סאַך מי און מאַטער — ציִען זיי זיך אויס אפן זאמד און גרייטן זיך אזוי אָפּלעבן זייער רעשט ביסל יאָרן... אָבער עס גייט אוועק א קורצע צײַט — און די קאשאלאָטן ווערט אומעטיק. ווײַל קאָן דען דער יעניקער, וואָס האָט א לעבן לאַנג אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם העפטיקן שטורעם און ברויז פון יאם און איז פאַרשיקערט פון דעם לײַדנשאַפטלעכן אָטעם פונעם טהאָם, זיך איבערגעבן לאַנגווײַליקער רו אף א פלאַכן, זאמדיקן ברעג? און דעמלט הייבט זיי אָן אומראַכמאָנעסדיק נאָגן די כאַראָטע אפן פאַרלאָזן זייער צעשטורעמטע היים, די צעכוואַליעטע ראַכוועסן, ווו זיי האָבן זיך געפילט אזוי פרײַ און מונטער, און זיי פּרווון זיך א הייב טאָן, קעדיי צוריק זיך וואַרפן אין וואַסער און אוועקשווימען. אָבער דער זאמד האָט זיי שוין אײַנגעזויגן און לאָזט ניט אָפּ... און דאָ דערפילן זיי מיט ווײַ און שאַנד, אז זייער גאַנצע מעכטיקײַט, מיט וועלכער זיי זײַנען בײַגעקומען די שטורמישע כוואַליעס, קלעקט ניט אף אָפּצורײַסן זיך פון דעם שטילן, גלאַטן, אלץ אײַנזויגנדיקן זאמד.

— און די קאשאלאָטן, — פאַרענדיקט דער דיכטער זײַן אימפּראָוויזאַציע, — וועלכע האָבן אזוי אומבארעכנט פאַרלאָזט זייער ברעגלאָזע היים און קאָנען זיך צו איר מער ניט אומקערן, שטארבן דעמלט אפן זאמד פון ברעג מיט א געמאַטערטן טויט. מיט דעם שווערן, ביטערן טויט פון בענקשאַפט.

## לאַנגע יאָרן — קורצע יאָרן

נאָכן דורכפירן א רײ עקספּערימענטן און פאַרשונגען איז איינער אן אמעריקאַנער וויסנשאַפטלער געקומען צום אויספיר, אז די בעסטע

סגולע אַף אָפּצולעבן אַ לאַנג לעבן — איז שלאָף, און ווי אַ באַווײַז צו דעם האָט ער געבראַכט די פלעדערמויז, וואָס אַדאַנק איר אַרײַנפאַלן אין די ווינטער־כאַדאָשים אין אַנאַביאָז, לעבט זי צוואַנציק מאָל לענגער פון אַנדערע באַלעכאַיִם, וועלכע זײַנען ניט אונטערגעוואָרפן דעם ווינטער־שלאָף.

„און ווען דער מענטש, — מאַכט דער כאָשעווער געלערנטער אַ כעזשבן, — פאַרמאָגט די אייגנשאַפט פון אַ פלעדערמויז און שלאָפט אויך אָפּ די ווינטער־כאַדאָשים, וואָלט ער אָנשטאָט די אים צוגעשניטענע זיבעציק יאָר געלעבט צוואַנציק מאָל אַזויפיל, דאָס הייסט — גאַנצע טויזנט פיר הונדערט יאָר!”

...פאַרשטייט זיך, אַז פון אַזאַ מין בסורע איז מיר שטאַרק פריילעך געוואָרן אַפן האַרצן. עפּעס אַ קליינִיקײַט — מיר שטייט פאָר אַזאַ שלאַל מיט יאָרן! מע דאַרף דאָך נאָר אַ קליינִיקײַט — שלאָפן... און מיט אַ בלײַער אין דער האַנט האָב איך טייקעף גענומען מאַכן כעזשבוינעס און פּלענער, וואָס איך וועל אַלץ באַווײַזן אין מעשעך פון אַזאַ לעבן! אָבער וואָס מער איך האָב גערעכנט, האָב איך זיך אַלץ מער אַנטוישט, ווײַל דער כעזשבן האָט קלאָר באַוויזן, אַז קיין גרויס נאַכעס פון די אַזוי ברייטהאַרציק צוגעזאָגטע טויזנט פיר הונדערט יאָר וועל איך ניט האָבן, און אַז די לאַנגע יאָרן וועלן פאַר מיר, צום באַדויערן, גאָר זײַן קורצע...

איר גלייבט ניט אין דעם פּאַראַדאָקס? איז נאַט אײַך שוואַרץ אַף ווײַס:

ערשטנס — וויבאַלד איך וועל אָפּשלאָפן די ווינטער־כאַדאָשים, איז פאַלט דאָך שוין אַפן אָרט אַראָפּ אַ העלפט פון מײַנע פלעדערמויז־יאָרן. הייסט עס, מיר בלײַבט שוין איבער ניט מער, ווי זיבן הונדערט יאָר.

צווייטנס. פון די זיבן הונדערט יאָר דאַרף אַראָפּגערעכנט ווערן די צײַט פון צוגרייטן זיך צום שלאָף, ווען די אויגן קלעפּן זיך צו, כאַלעשן זיך פאַרמאַכן, און מע דרייט זיך אַרום אַ פאַרשיקערטער... ווײַטער מוז אַראָפּגערעכנט ווערן די צײַט, ווען מע שטייט אויף פון שלאָף, מע טשוכעט זיך, מ׳גענעצט, און מע ווייסט גלאַט ניט, אַף וואָסער וועלט מ׳איז... נו, פרעג איך אײַך, קאָן מען דען אין אַזאַ צושטאַנד אויפטאָן עפּעס רעכטס? איז גייען ווידער פאַרלאָרן יאָרעלעך, און וועדליק אַלע כעזשבוינעס, וועלן אָט די איבערגאַנג־צײַטן אַראָפּמעקן פון מײַן לעבן אַוועלכע פופציק יאָר. איז בלײַבן מיר שוין איבער בלויז זעקס הונדערט מיט פופציק.

איצט לאָמיר נעמען ווײַטער. באַם הײַנטיקן טאָג, ווען איך ווייס, אַז איך דאַרף בויען אַף אַ לעבן פון זיבעציק יאָר, איז מיר יעדער טאָג טײַער, איך זוך אים ניט צו פאַרלירן און איך פּרוּוו יעדן טאָג אויפטאָן עפּעס. אָבער ווי מיינט איר, ווען איך וועל וויסן, אַז איך האָב נאָך אין מײַן פאַרמעגן אַ קײַמעלאָן פון זעקס הונדערט מיט פופציק יאָר, איז וועל איך זיך אײַלן? „עט, — וועל איך דעמלט טראַכטן, — וואָס איז דאָ אַזאַ כאַפּעניש און יאָגעניש?” און כ׳וועל אַלץ אָפּשטופּן און אָפּלייגן פון איין טאָג אַפן אַנדערן, פון איין יאָר אַפן אַנדערן, פון איין יאָרצענדליק אַפן אַנדערן, און באַ מיר איז רעכט — פון איין יאָרהונדערט אַפן אַנדערן... און די יאָרעלעך וועלן דערווײַל לויפן, און אָט דאָס קעסיידערדיקע אָפּשטופּן און אָפּלייגן וועט מיר אויך, לויט מײַן כעזשבן, אָפּקאָסטן אַ מאַטמען מיט יאָרן און וועט פאַרקירצן מײַן לעבן אַף נאָך אַוועלכע צוויי הונדערט יאָר.

אַזויאַרום וועלן מיר שוין איבערבלײַבן סאַכאַקל אַוועלכע פיר הונדערט מיט פופציק יאָר. און רעכנט מען פון דעם אַראָפּ די זיבעציק, וואָס קומען מיר אַלפּי־דין — האָב איך שוין אייגענע ניט מער, ווי דרײַ הונדערט מיט אַכציק געשענקטע יאָרן. איז זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווער מאַכט דאָס מיט געשענקטע יאָרן גרויסע מאַכזאָקעס? מע וואַרפט זיך מיט זיי אַרום אָן אײַנזעעניש, מע פאַרשווענדט און צעטרענצלט זיי... און איך — בין איך דען אַנדערש פון אַלעמען? — וועל אויך אין מעשעך פון דעם „געשענקטן” פּעריאָד אָפּטאָן אַזויפיל ניט באַרעכנטע זאַכן, וועל באַגיין אַזויפיל שטורסים און טאַקטלאָזיקײַטן און דער רועך ווייסט וואָס... אַז מע שמועסט — געשענקטע! וועלן מיר דערבײַ אויך צעריבן ווערן צווישן די פינגער אַ פּאָר הונדערט יאָרעלעך. און אַזוי צעריבן, אַז כ׳וועל אַפילע ניט וויסן, ווו זיי זײַנען מיר אַהינגעקומען!

בלײַבן מיר שוין איבער, הייסט עס, אַוועלכע הונדערט מיט אַכציק יאָר אינגאַנצן! און ווען איך האָב גענומען ווײַטער כעזשבענען, קעדיי אונטערצופירן די אונטערשטע שורע, איז מיר מיטאַמאָל געוואָרן פינצטער אין די אויגן, ווײַל איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ קליינִיקײַט: מ׳האָט מיר דאָך צוגעזאָגט אַ לאַנג לעבן נאָר מיטן באַדינג, אַז איך זאָל צוגעגליכן ווערן צו אַ פלעדערמויז!

איז אויב אַזוי, ווייל איך דעם גאַנצן אייסעק ניט, און איך טרייסל זיך אָפּ פון אָט דער נעבעכדיקער מאַטאָנע! אַף וואָס טויג מיר לעבן אַזויפיל און אַזויפיל יאָרן ווי אַ פלעדערמויז? איך וויל בעסער לעבן דאָס קליינע ביסעלע יאָרן, וואָס איז מיר באַשערט — אָבער זיי אויסלעבן ווי אַ מענטש!

## באַגעגעניש מיטן יאַם

— הײַנט וועלן מיר אַרויספאָרן צום יאַם, — האָט מײַן פאָטער אין איינעם אַ שיינעם זומערפרימאָרגן געזאָגט צו מיר, — זיך באָדן...

וואָס דאָס הייסט „באָדן זיך אין יאַם", האָב איך ניט געוווּסט. איך האָב קיין יאַם קיינמאָל ניט געזען. אין דעם שטויביקן פֿאַרשטאָט־געסל, וווּ איך בין געוואַקסן, איז אַזוינס קיינמאָל ניט געווען. פֿאַרשטייט זיך, אַז מײַן פֿאָטערס פֿאָר־שלאָג אַרויסצופֿאָרן אַהין האָט מיך שטאַרק פֿאַרינטערעסירט, געוועקט מײַן נײַגער.

— און ווי זעט ער אויס, אָט דער יאַם? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— ווי איך זאָל ניט זאָגן, — האָט דער פֿאָ־טער געענטפֿערט, — וועט דיר דאָס אַלץ דעם יאַם ניט אויסמאָלן! אָט וועסט שוין אַליין זען.

און כ'האָב אים דערזען, דעם יאַם. און געווען איז ער גאָר־גאָר אַנדערש פֿון אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט געזען און געקענט. מײַן וועלטל — די שטוב, דער הויף, די גאַס — איז דאָך געווען פֿון אַלע זײַטן אַרומגעצוימט מיט האַלב־אײַנגע־פֿאַלענע הײַזקעס, מיט כאַרעוועס פּאַרקאַנס, מיט בערג אָפּפֿאַל. און דאָ האָט פֿאַר מײַנע אויגן מיטאַמאָל זיך אַנטפּלעקט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גאָר קיין סאָף ניט! קוק, וויפֿל דו ווילסט און ווי ווײַט דו ווילסט, און קיין זאַך שטעלט זיך דיר ניט אין וועג! איך בין געווען אײַנגאַנצן פֿאַרשיכּורט פֿון אָט דער נײַער איבערלעבונג.

אַנגעקוויקט זיך מיט דעם בילד, וואָס האָט זיך געשפּרייט פֿאַר אונדזערע אויגן, און אָפּגעע־פּרישט די שטאָטיש־פֿאַרשטויבטע לונגען, האָבן מיר נאָכדעם זיך אויסגעטאָן, אַוועק ביז צום סאַמע ראַנד יאַם און אונטערגעשטעלט די באָר־וועסע פֿיס דעם גלעט פֿונעם וואַסער.

— וואָס מורמלט ער אַזוי, דער יאַם? — האָב איך געפֿרעגט. — עפּעס רעדט ער און רעדט...

— דאָס זאָגט ער אונדז, — האָט דער פֿאָטער דערקלערט, — אַז מיר זײַנען אָנגעלייגטע געסט בא אים... איז לאָמיר זיך טאַקע ניט לאָזן בעטן!

מיט די ווערטער האָט ער מיך אָנגענומען פֿאַר אַ הענטל, און מיר האָבן געשטעלט די ער־שטע טריט דעם יאַם אַנטקעגן. אין אָנהייב האָב איך זיך אַ ביסל געשראָקן, געכאַפּט אַ דרינ־זשיק, אָבער באַלד זיך צוגעוווינט, און ס'האָט זיך אַפֿילו פֿאַרוואָלט אַרויסווײַזן בערייעשקײַט: כ'האָב אָפּגעלאָזט דעם פֿאָטערס האַנט, און אײי־דער ער האָט נאָך באַוויזן מיך אָפּצוהאַלטן, האָב איך געשווינד זיך אַ לאָז געטאָן אַהין, וווּ די כוואַליעס האָבן זיך געקוילערט און געשטיפּט און מיך אָנגעלאָקט מיט אויפֿשפּריצנדיקער צאַרט־ווײַסער מאָליעניש. איך האָב געשפּרײַזט האַסטיק און דרייסט, ווײַל דער יאַם איז מיר דערגאַנגען ביז צו די קנעכלעך, — אָבער גאָר אומדערוואַרט זײַנען מײַנע פֿיס אַראָפּגעזונקען אין אַ ניט־געזעענער גרוב, און אַן אײַזיקע קעלט האָט אַרומגעכאַפּט מײַנע קני. איך האָב זיך אויסגעגליטשט, אַ געשריי געטאָן, און דער פֿאָטער איז אַפּגיך צוגעלאָפֿן און מיך אונטער־געכאַפּט.

— נו־נו, שרעק זיך ניט, — האָט ער מיך באַ־רויִקט, — דאַרפֿסט נאָר שטעלן נאָך אַ פּאָר טריט, און וועסט זיך ווידער אופֿהייבן איבערן וואַסער!

איך האָב אים געפֿאָלגט, און טאַקע — דער יאַם איז מיר ווידער דערגאַנגען נאָר ביז צו די קנעכלעך! אָבער לאַנג האָט די שׂימחה ניט אָנ־געהאַלטן, באַלד האָב איך ווײַטער זיך אַראָפּ־געלאָזט אין אַ גרוב, נאָכדעם פֿונדאָסנײַ זיך אופֿגעהויבן... איך בין גאָר צעטומלט געוואָרן.

— סאַראַ מאָדנער יאַם דאָס איז! — האָב איך פֿאַרווּנדערט געצוקט מיט די שמאָלינקע פּלייצ־קעלעך, — אַמאָל איז אים אין ווייניקער וואַסער, אַמאָל מער... פֿאַרוואָס איז דאָס אַזוי?

דער פֿאָטער האָט מיר דערקלערט, אַז אונ־טערן וואַסער זײַנען פֿאַראַן זאַמדבענק. אַז דאָרטן, וווּ אונטערן פֿוס פֿילט זיך אַ פֿלאַך אָרט, — איז אַ זאַמדבאַנק, און דאָרטן, וווּ די שיפּועדיקע זאַמדבאַנק ענדיקט זיך, — ווערט טיפֿער. דערבײַ האָט ער צוגעגעבן:

— ווען דו ווילסט שוין אָפּריִער וויסן, וווּ עס איז טיף און וווּ עס איז פֿלאַך, דאַרפֿסטו זיך נאָר צוקוקן, אין וועלכן אָרט די כוואַליעס שוימען און שפּריצן מיט מאָליעניש, און וווּ עס איז שטיל...

— אַהאַ, איך פֿאַרשטיי שוין! — בין איך מיט קינדישער אומגעדולד אים אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד. — אין יענע ערטער, וווּ עס שוימט און עס שפּריצט, איז טיף, און דאָרטן, וווּ ס'איז שטיל, — איז פֿלאַך?

— ניין, מײַן זון, האָסט ניט געטראָפֿן, — האָט דער פֿאָטער ערנסט געזאָגט, — זאָלסט וויסן, אַז דאַפֿקע איבער אַ פֿלאַך אָרט רוישט און שוימט און שפּריצט מיט מאָליעניש. טיף איז דאָרטן, וווּ ס'איז שטיל.



די נעמען פון די פיר דיכטער, וועמענס לידער מיר דרוקן הײַנט, זײַנען דעם לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ קימאַט ניט באַקאַנט. מיר זאָגן „קימאַט“, ווײַל יעדערער פון אָט די דיכטער איז ניט קיין פּאָנעם־כאַדאָשעס אין דער ייִדישער ליטעראַטור. נאָך פאַר דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע האָבן באָריס מאָגילנער, כאַיִם גורעוויטש, ליפּע העלער, עליע ביידער זיך געדרוקט אין דער פּערי?אָדישער פּרעסע, אייניקע פון זיי זײַנען געווען פאָרגעשטעלט אין זאַמלביכער און אַפילע מיט א באַזונדערן לידער־בוך, ווי, לעמאָשל, ליפּע העלער.

דער היפּשער איבעררײַס אין דער שאַפונג איז בא די דאָזיקע דיכטער ניט געווען אַרויסגערופן פון אויסערלעכע סיבעס. די ליטעראַטור־געשיכטע ווייסט פון זייער פיל ענלעכע בײַשפּילן, און אַלע מאָל איז דער אָפּשטעל אָדער, שפּעטער, די ווידער־אופוואַכונג פון דער שעפערישער ענערגיע א רעזולטאַט פון פערזענלעכע אייגנשאַפטן אָדער נייגונגען.

איצט זײַנען פאַראַן באַווײַזן, אַז די אָנגערופענע פיר דיכטער ווערן ווידער שעפעריש אַקטיוו, און דאָס איז באַזונדערס אָנגענעם צו מעלדן דעם לייענער פון אונדזער זשורנאַל, וועלכער ווײַזט אַרויס אַן אינטערעס צו יעדן שעפער פון דער ליטעראַטור.

פאָרשטעלנדיק די דיכטער ב. מאָגילנער, כ. גורעוויטש, ל. העלער, ע. ביידער, האָפן מיר, אַז אויב זיי וועלן מיט דער געהעריקער אַכרײַעס און אײַנגעשפּאַרטקײַט ווײַטער אַרבעטן, וועלן זיי אָן סאָפּעק דערגרייכן נײַע דערפאָלגן אין זייער שאַפונג און באַרײַכערן די ליטעראַטור מיט קינסטלערישע ווערק.

---

## באָריס מאָגילנער



זײַנע ערשטע פּרוּוון אין דער דיכטונג זײַנען אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין דער זאַמלונג „קינדער־שאַפונג“, וועלכע איז דערשינען אין כאַרקאָוו אין 1935, שפּעטער דרוקט ער לידער אין די צײַטונגען „זײַ גרייט“, „יונגע גווארדיע“, אין זשורנאַל „פּאַרמעסט“ (קיִעוו). איצט אַרבעט ער אַלס פּעדאַגאָג אין באַלאַשאָווער (סאַראַטאָווער געגנט) פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט.

### צו מײַנע זין

ניט גרינג דאָס גיין, — נאָר גייט געשווינד!
אויב ס׳טרעפט אין וועג א טײַך,
שווימט אים אַריבער, מײַנע זין!
מיר זאָל זײַן פאַר אײַך.

א קרומער וועג אײַך נאַרט צו זיך —
ניין! שפּאַנט אַף שטיינער — גלײַך!
היט דאָס געוויסן, ניט די שיך.
מיר זאָל זײַן פאַר אײַך.

גייט טאָמיד מיט דער היים באַנאַנד —
כאָטש ס׳איז צומאָל ניט לײַכט.
פאַרגעסן וועט איר דאָס — א שאַנד
מיר וועט זײַן פאַר אײַך.

### אינדרײַען

מײַן זון און איך — מיר נעמען די רוקזאַקן,
אַף וועגן פון מײַן יוגנט מירן גיין.
די מאַמע דאַרף אונדז קיין געבעקס ניט באַקן,
מיר ווילן אויך קיין זיסקײַטן ניט — ניין!

א לעבל ברויט און זאַלץ, א קעסל.
א האַנטעך, שוועבעלעך און פּליאַזשקעס צוויי,
א שטיקל זייף, כאָלילע, ניט פאַרגעסן,
און העמדלעך ריינע — אין דער ערשטער ריי.

מיר נעמען ניט קיין קישעלעך קיין ווייכע —
ס׳איז ווייך דאָס גראָז אונדז. און אין קאָן אַרײַן
א שוטעף נאָך — א באַנד שאָלעם־אַלייכעמס:
אינדרײַען וועט אונדז איינמאָל פריילעך זײַן!

## באַקומט, וואָס איר זוכט

באַווּסט איז פון לאַנג,
אַז געצווּונגען ניט זײַן וועסטו מילד —
א ליבע מיט גוואַלד
האָט נאָך קיינער דערווײַל ניט פאַרהאַלטן.
אויב אייניקע האָבן זיך
אָפּגעפּרעמדט, פּלוצעם צעבילט,
טאָ זאָלן זיי פּויזען צוריק
אין דער וועלט פונעם שימל דעם אַלטן.

זיי ווילן — מאַכטייסע,
ס'איז קיינעם פאַרבאָטן דער וועג,
זאָלן זיי לויפן
און טרייסלען די אונטערגעהויבענע פּאָלעס.
ס'איז גרינג פונדערווײַטנס
זיך אויסמאָלן גאָלדענע בערג
און מיינען, אַז שוין —
זיך אויסגעלייזט, ענדלעך, פון גאָלעס...

מײַן שאָכן — ער כאַלעשט,
ער רײַסט זיך מיט אימפּעט אַהין:
דאָס עמעסע אָרט
איז געוויס פאַר אים דאָרט, מײַן איד, טאַקע.
נאָר אַנדערע לויפן —
כאַלילע, אַראָפּ פון דעם זין?
ווײַזט אויס, ס'איז א קלעפּיקע קרענק —
א ביטערע מאַקע.

עס טרעפט:
אויך געוועזענע פרײַנט מײַנע בײַטן די פּעל,
און ס'איז מיר א כאַרפּע —
ס'טוט וויי. נאָר איך ווער ניט ניספּאָעל.
פאַרביטערט איך קאָן זיי נאָר זאָגן:
אָט איז זי, די שוועל.
נו, כאַפּט בא דער פּאָלע
דאָס גליק, וואָס איר רופט עס — יִסראָעל...

## נו, פּאָרט...

אַרויסטראָגן פון שטוב די שמוץ
איז עפּשער ניט באַקוועם,
נאָר ברענגען וועט עס אויכעט נוץ,
באָרעכהאַשעם.

ווען ניט מײַן נאַר וואָלט דאָס געווען,
כ'וואָלט אויך פון אים געלאַכט.
נאָר דאָס, וואָס ס'איז מיט אים געשען,
אויך מיר האָט שאַנד געבראַכט.

אין מײַן מישפּאָכע — כ'ווייס אַליין —
איז עפּעס גאָר ניט גלאַט:
אָף איר נעשאָמע ליגט א שטיין
פון עמעצנס פאַראַט.

אָף ציכטיקס שטאַרקער ברענט דער פלעק,
ס'איז אונדזער שולד ניטאָ.
נו, מיילע, עמעץ פּאָרט אַוועק —
מיר אַלע בלײַבן דאָ!

אַרויסטראָגן פון שטוב די שמוץ
איז זייער ניט באַקוועם,
נאָר עפּשער ברענגען וועט עס נוץ —
איך קלער, באָרעכהאַשעם.

## מײַן טאַליסמאַן

דו פרעגסט, וואָס האָט געמאַכט מיך האַרט
אין פײַער, אומוועטערס און פּײַנען?
געדענקען כ'פלעג די טפילע דײַנע:
„איך גלייב, איך ליב, איך וואַרט".

יאָ, דאָפּלט טײַער איז און צאַרט
דײַן קאָל — דאָס קאָל פון היים פון מײַנער.
מיך רוסלאַנד שטיצט מיט מויל מיט דײַנעם:
„איך גלייב, איך ליב, איך וואַרט".

מיט גרויען אַש פאַרדעקט, פאַרשאַרט
איצט איז דער זשאַר פון אונדזער שײַטער,
נאָר דײַנע אויגן שמייכלען ווײַטער:
„איך גלייב, איך ליב, איך וואַרט"...

■ ■ ■

# כאַים גורעוויטש



פונקט ווי ב. מאַגילנער, איז ער איינער פון די אווטאָרן פון דער כאַרקאָווער זאַמלונג „קינדער־שאַפונג". אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיך געדרוקט אין „ביראָבידזשאַנער שטערן", ווי אויך אין די צענטראַלע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן. וווינט איצט אין נאָוואָסיבירסק.

## צוועלף מיניאַטורן

### צאַרטקייט

געקומען איז דער מיי ווי א געשאַנק,
נאָך צאַרטער פון א קנאָספּ, באַשפּריצט מיט רעגן, —

און גלויבן ווילט זיך מיר,
אַז אַנאַ פראַנק
האָט היינט מיט איר געליבטן זיך באַגעגנט.

### דער מוילעד

דער הימל — א וויגל,
דער מוילעד — אַן אייפּל,
ווינטן אים וויגן
אױף איידעלן אויפן;
ס'פאַרדעקן אים כמאַרעס
(דעם שלאָף נאָר ניט שטערן!) —
זיין זאָל אים וואַרעם
אין קעלט פון די שטערן...

### וואַלד און הימל

דער וואַלד לעם טייך אױף טויזנט האַרפּעס
אָן אוראַלטע סימפאָניע פּילט אויס,
און דער רייכער הימל הערט ניט אויף צו וואַרפן
זילבערנע מאַטבייעס אין זיין שויס.

### קליגער פון אַלעמען איז די פּרוי

ווי קלוג דער פוקס אין לעבן ניט געווען איז,
האָט אים א יעגער אָפּגענאַרט, און אַלץ...
אַצינד ער ליגט שוין אױפן האַלדז בא יענער,
וואָס אויך דער יעגער פאַלט איר אױפן האַלדז.

### א דונער

גלייך נאָך די בליצן, מיט קאַליברען קלײנע,
האָט מיטאַמאָל א דונער אָנגעהויבן שלאָגן,
פונקט ווי אַן אָבאָז מיט שטיינער
איבער א הרעבליע וואָלט זיך טראָגן.

### ליבע

אין בלויער הייך זיך קושן טויבן צוויי —
מיר דוכט: דאָס זײַנען שטייפע קנײלכלעך שניי...
ס'איז ניט געבוירן נאָך די זון אָט יענע,
וואָס זי צעשמעלצן וואָלט זיי קענען.

### היץ זיך ניט

דו היץ זיך ניט: מע דאַרף ניט ראַשן,
דערנאָך וועסט זאָגן: ס'איז א שאָד.
ווייל צוליב וואָס זיך איילן וואַשן,
קאַלזמאַן עס הייצט זיך נאָך די באָד...

### די בושלען

עס האָט זיי, קאָנטיק, שטאַרק אהער געצויגן,
אַזאַ מין איבערפלי איז ניט קיין שפּאַס.
יאָ, ניט אומזיסט דער ערשטער רעגנבויגן
געעפנט האָט פאַר זיי א גרינע גאַס.

## נאָך דעם געוויטער

ס'האָט אַף מיליאַרדן טראָפּנס זיך די זון
צעשאָטן

און אופגעהאַנגען גאָלד אַף אַלע בלעטער,
שוין זיצן שוועלבעלעך אַף נאַסע דראָטן:
דער בעסטער סימען פון אַ גוטן וועטער.
און דאָרטן, וווּ ס'האָט זיך צעבראָכן
דער רעגנבויגן לעם אַ יונגן קליאָן,
האָט זיך געדאַכט: אַ שלאַנקער באָכער
זײַן גאַרטל דעם פּילפּאַרביקן טוט אָן.

## פּריִער האַרבסט

איין צווײַגעלע פון דעמב איז געל געוואָרן,
פּרווו זײַ אַ בעריִע און דערגייִ דעם איקער:
צי ס'האָט אַ וועוועריקע דעם עק פאַרלאָרן,
צי ס'פּרווט דער האַרבסט אַן אויסשפּירער שוין
שיקן.

## באַוווּנדערונג

פון אַ ווײַסן וואָלקנדל אַ בריקל געלע זון
זיך אויסגעפּיקט האָט, ווי אַ הינדל פון אַן איי.
הינטער דער שטאָל, פון פרייד, האָט באַ דער הון
זיך אַרויסגעריסן פלוצלינג אַ געשריי.

## דער פרישער געדאַנק

דער פרישער געדאַנק, דער פרישער געדאַנק:
די בעסטע רעפּוּע, דער בעסטער געטראַנק.
אַ שלינגעלע ברויט אין צײַט פונעם הונגער,
אַ בריקעלע לופט פאַר פאַרווונדעטע לונגען,
אַ טראָפּנדל טוי פאַר אַ דאָרשטיקן זאַנג.
מענטשן! היט אָפּ דעם פרישן געדאַנק.





## עליע בײַדער

די ערשטע לידער געדרוקט האַרט פאַר דער מילכאָמע אין איינער פון די צײַטונגען פון מײַרעוו-אוקראַינע. אין 1947, נאָך אַ מיליטערמאַו, אָנטיילגענומען אין דער אַלוקראַיִנישער באַראַטונג פון יונגע דיכטער. איצט וווינט ער אין דער שטאָט גאָרקי, אַרבעט אַלס אינזשעניער אין אַ וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישן אינסטיטוט.

## דער פראָסט

ווען פראָסט איז נאָך אַ פּרעסטל
געוועזן, אין יענע טעג,
האָט ער מיט גלאָז פאַרקעסטלט
די בלאָטעס אַפן וועג.

ווען שטאַרק ער איז געוואָרן —
מיט קרומען און מיט גלײַכן
ער האָט די בריקן בלויע
געבויט איבער די טײַכן.

געשפּאַנט אַף הויכע גאַסן
האָט דער קאַטאָוועס-טרײַבער:
אין פּעלצן קריכן מענער,
אין פּעלצן קריכן ווײַבער.

געקומען צו די מיידלעך,
פון קיינעם ניט געגוויט,
ערשט דאָ געוואָרן אײדעלער:
געמאַכט די בעקלעך ר.יט...

## אַ מיניאַטור

אין טיפן הימל טונקל-בלוילעכן —
אַ ציגײַער-שטערנדל, דער לעוואָנעס צונג.
דערמאָן איך זיך — איך דאַרף פאַרויכערן,
אַנטלײַ מיר, שטערנדל, דײַן רויטן פונק!





# ליפּע העלער

די ערשטע לידער געדרוקט אין דער צייטונג „אָקטיאַבער" און אינעם זשור־נאַל „שטערן" (מינסק). אין 1934 איז אין מינסק דערשינען זיין לידער־זאַמלונג „געבורט". אַרבעט איצט אַלס לערער אין סמאָלענסק

## א כאַלעם

דורך די גערטענער און פעלדער,
דורך די בלאָטעס און דורך וועלדער
גייט א פייער, גייט א בראַנד —
האַלט איך פעסט די ביקס אין האַנט,
ציל זיך אין די סאָנים — זאָלן
זיי פאַר אַלץ, פאַר אַלץ באַצאָלן!
נאָר איך פיל — איך בין פאַרמאַטערט,
און דאָס האַרץ פון שווידער פלאַטערט,
און די ווונדן טוען וויי —
אָט־אָט פאַל איך שוין אין שניי...
. . . . . . .
גוט, וואָס אַלץ איז דאָס א כאַלעם,
וואָס פאַרגאַן איז דאָס פון לאַנג,
וואָס אַרום ניט קוילן פאַלן,
וואָס די זון מיט אירע שטראַלן
האָט באַשיינט די גאַנצע ערד.
היט דעם שאָלעם —
און אַפילע ניט אין כאַלעם
זען אַזוינס זאָל זיין באַשערט!

## וואָלקנס שוואַרצע

וואָלקנס שוואַרצע, שוואַרצע וואָלקנס —
ווילדע פערד מיט לאַנגע עקן,
וואָס זשע יאָגט איר, וואָס זשע פליט איר?
צי דאָס ווילט איר קינדער שרעקן?
פליען בליצן — לאַנגע בייטשן,
און זיי סווישטשען אינעם הימל,
און זיי ווייזן זיך פונווייטן —
און פאַרשווינדן אין געווימל.
וואָלקנס שוואַרצע, שוואַרצע וואָלקנס,
ווילדע פערד מיט לאַנגע עקן —
ניין, איר וועט די קינדער מיינע
קיינמאָל, קיינמאָל ניט דערשרעקן!



כאַים ביידער

# קיין אָדעס, צו מענדעלען

ס׳וואָלט זיך עפּשער ניט געוואָלט אָנהייבן מײַן רעפּאָרטאַזש פון פערזענלעכע זיכרוינעס, נאָר ווי קאָן איך טאָן אַנדערש, אַז קומענדיק קיין אָדעס אין מײַן שליכעס פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“, אין אָנהייב יון 1974, האָב איך זיך באַלד אוועקגעלאָזט צו דער געוועזענער דעכטיאַרנע־גאַס, ווו פּונקט מיט פערציק יאָר צוריק האָב איך צום ערשטן מאָל אין לעבן זיך געטראָפן, אַזוי צו זאָגן, מיט מענדעלע מויכער־ספאָרימען... איך האָב זיך איצט פאָרגעשטעלט, ווי איך גיי גלײַך צו אפן ראָג פון דעכטיאַרנע און ספּירידאָנאָווע, צו דער געבײַדע פון דער אָדעסער טאַלמעטוירע, צו מענדעלען. אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן האָט זיך דאָ א שטיק צײַט געפונען דער ייִדישער פּעדאַגאָגישער טעכניקום און דערנאָך דער ייִדישער אָפּטייל פונעם אָדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט.

און נאָך האָב איך זיך פאָרגעשטעלט: גוט וואָלט געווען, ווען איך טרעף דאָ אָן אף מײַן געוועזענעם לערער, דעם ליטעראַטור־פאָרשער ארן וואָראָבייטשיק, וועלכער איז געווען דער היטער פונעם מענדעלע־אַרכיוו, דער היטער פון דער גרויסער יעהושע, וואָס דער זיידע האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך, — קיין בעסערן וועגווײַזער און באַגלייטער קאָן איך זיך ניט פאָרשטעלן.

ארן וואָראָבייטשיק וואָלט מיך געבראַכט צו פירן דורך דעם פאַראַדנעם ארײַנגאַנג גלײַך אין הויף ארײַן — צו די אײַזערנע טרעפּ, וועלכע פירן אפן דריטן שטאָק פון דער געבײַדע.

אָט הייבן מיר זיך ארוף, גייען דורך א קאָרידאָר, דערנאָך נאָך איינעקע צימערן, ביז מיר קומען ארײַן אין א זאַל מיט זיבן גרויסע פענצטער, וועלכע קוקן ארויס אף דער דעכטיאַרנע.

— שאַ! — וואָרנט מיך מײַן באַגלייטער און שטעלט צו צוויי פינגער צו די ליפּן, דאָס הייסט, אַז איך דאַרף שווײַגן, אײַנהאַלטן אפילע דעם אָטעם, ווײַל אָט דאָ פלעגט זומער־צײַט, בייס די שילער זײַנען געווען אף קאַניקולן, ארבעטן מענדעלע, פּונקט ווי אינדערעמעסן וואָלט געווען מעגלעך באַלד זיך טרעפן מיט אים.

און וויבאַלד אַזוי, דאַרף מען שוין ניט זייער שטאַרק אָנשטרענגען דעם קויעך־האַדימיען, קעדיי טאַקע דערזען דעם זיידן בא דער ארבעט: זײַן גרײַז־גרויער קאָפּ איז נידעריק אָנגעבויגן איבערן טיש, די שפּאַקולן ארופגערוקט אפן שטערן, דאָס העמד צעכראַסטעט, און די פעדער וואַרפט אָן אף א קליין בייגעלע פּאַפּיר א שורע נאָך א שורע...

— נאַ, טו א קוק, — שטרעקט מיר וואָראָבייטשיק אויס דאָס דאָזיקע בייגעלע פּאַפּיר, ווי ער וואָלט עס ערשט נאָרוואָס גענומען אָפּדערעמעסן בא מענדעלען אַליין, — אַזאַ פּערלדיקער קסאַוו, אַזאַ ציכטיקײַט, שוין אָפּגערעדט פון כאָכמע און פון טיפן געדאַנק — אף אײַך אַלעמען, די הײַנטיקע סטודענטן, געזאָגט געוואָרן...

אָבער פּלוצעם הייבן אָן די ווענט פונעם גרויסן זאַל זיך דערווײַטערן פון אונדז, און איך באַווײַז ניט ווי געהעריק צו באַנעמען, וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט, ווי עס פאַרשווינדט אײַנגאַנצן ניט בלויז דאָס דרײַגאָרנדיקע הויז מיט אַלע זײַנע פּילצאָליקע צימערן, נאָר אויך אַליין די דעכטיאַרנע, און מיר שטייען שוין אין סאַמע מיטן פון א גאַס, וואָס אף איין זײַט פון איר האָבן זיך צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן נידעריקע איינשטאָקיקע הײַזלעך און לענגויס דער צווייטער ציִען זיך כורוועס און גריבער, פאַרוואַקסענע דאָסראָוו מיט מאָגערן שטויביקן גראָז.

— סטאַראָפּאָרטאָפראַנקאָווסקע, — זאָגט וואָראָבייטשיק, — אַהער פלעגט מענדעלע, ווען עס זײַנען אים דערעסן געוואָרן פּאַלע־ראָיאַל, דעריבאַסאָווסקע און אַנדערע צוגעפּוצטע גאַסן און פּאַרקן, קומען צו די מענטשן פון דער „טאָרבע“ — קאַפּצאָנים, דאַלפאָנים, בעטלער...

איך וויל דערווידערן מײַן באַגלייטער. אָט זעט איר: די כורוועס און גריבער און איינשטאָקיקע הײַזלעך זײַנען דאָך אין די סאָוועטישע יאָרן פאַרביטן געוואָרן מיט צוויי רייען פּילגאָרנדיקע מויערן, און צווישן זיי שטייט דער פּעדאַגאָגישער אינסטיטוט, ווו ער אַליין, ארן וואָראָבייטשיק, קומט אַלע טאָג אונדז לייענען לעקציעס. אָבער גלײַך פאַרכאַפּ איך זיך: אָן אומזיסטע טירכע; וועגן אים גייט א שעם, אַז ער איז אָן אײַנגעשפּאַרטער מענטש, און בעסער ניט פאַרפירן מיט אים קיין סיכסעך.

— אוואַדע, בעמעס אָן אײַנגעשפּאַרטער מענטש, — שלאָגט מיר איבער די מאַכשאָוועס איינער פון מײַנע אָדעסער פרײַנט, וועלכער האָט צום לעצטן מאָל געזען דעם לאַנגיאָריקן היטער פונעם מענדעלע־אַרכיוו אין אָנהייב יול 1941... אף אָדעס האָבן זיך שוין דערמלט גע־

שאָטן פֿאַשיסטישע באָמבעס, און אַרן וואָראַ־
בייטשיק, שוין אַ באַיאָרטער מאַנצבל, האָט אָנ־
געטאָן אַ מיליטערישע אוניפֿאָרם. איידער
אוועקגיין אויפֿן פֿראָנט, האָט ער ניט פֿאַרקערע־
וועט צו זיך אַהיים, נאָר אויף דעכטיאַרנע, 14,
און איינגעבונדן אַ היפּשן פּאַק מענדעלעס יערו־
שע־קסאַווים, די טײַערסטע, אַפֿאָנעם, פֿונעם
זיידנס קסאַוויאַדן, קעדיי זיי באַשטאַטן ערגעץ
אין אַ זיכער אָרט, — פּונקט ווי ער זאָל האָבן
געוווּסט, אַז אין אַ מעסלעס אַרום וועט פֿון דעם
דאָזיקן הויז, צו וועלכן ער פֿלעגט קומען טאָג
נאָך טאָג אין מעשעך פֿון לאַנגע יאָרן, בלײַבן
בלויז אַ הויפֿן שטיינער און שטויב...

אָט אַזוי, מיטן פּאַק קסאַווים פֿונעם מענדע־
לע־מוזיי אונטערן אָרעם, איז אוועק אין דער
אייביקייט מײַן שטרענגער לערער, דער סאָוועט־
טישער יידישער ליטעראַטור־פֿאָרשער, קריטי־
קער און קינדער־דיכטער אַרן וואָראַבייטשיק.

איצט, אין עטלעכע צענדליק יאָר אַרום נאָך
דער דאָזיקער געשעעניש, האָב איך, קומענדיק
ווידער קיין אָדעס, זיך דערמאָנט, ווי אַזוי ס׳האָט
זיך אָנגעהויבן איינס פֿון אַרן וואָראַבייטשיקס
אַרטיקלען וועגן דעם מענדעלע־אַרכיוו.

„מיט עטלעכע יאָר צוריק, — האָט ער גע־
שריבן האַרט ערעוו דער מילכאָמע, — האָבן
מענדעלעס טעכטער איבערגעגעבן זייער פֿאָ־
טערס אַרכיוו דעם אַלוקראַיִנישן מוזיי פֿאַר יידי־
שער קולטור אויפֿן נאָמען פֿון מענדעלע מויכער־
ספֿאָרים אין אָדעס. אַ טייל מאַטעריאַלן פֿון
מענדעלעס אַרכיוו האָט שוין אָבער צו יענער
צײַט [בײַ די טעכטער] געפֿעלט. ווי גרויס איז
דער טייל פֿון מענדעלעס אַרכיוו, וואָס איז פֿאַר־
לאָרן געוואָרן, איז איצט אוממעגלעך צו זאָגן,
אָבער קיין גאָר קליינער איז ער זיכער ניט גע־
ווען... אינמיטן פֿון די 80־ער יאָרן שרײַבט מענ־
דעלע צו פֿראַפּ. בעזסאָנאָוו וועגן אַ היפּשער
צאָל בריוו פֿון פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטלעכע
טוער צו אים — מענדעלען, — וואָס געפֿינען זיך
אין זײַן אַרכיוו... מענדעלע האָט זיי זאָרגעוודיק
אָפּגעהיט. פֿאַרן טויט האָט ער אָנגעזאָגט זײַנע
יאָרשים, זיי זאָלן היטן יעדעס פּאַפּירל זײַנס,
יעדע שורע! אָבער פֿון די אַלע פֿריִער אויסגע־
רעכנטע מאַטעריאַלן פֿאַרמאָגן מיר איצט קיין
איין בלעטל ניט!"

וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט מיט אָט די מאַ־
טעריאַלן, האָט וואָראַבייטשיק ניט געשריבן. און
עפּשער וואָלטן מיר אויך אויף ווײַטער געווען אין
דער פֿאַרלעגנהייט, מאַכנדיק קאַלערליי האַשאָ־
רעס, ווען ניט אַנע וולאַדימיראָוונע אַבראַמאָ־
וויטש, מענדעלעס אייניקל, נאַדעזשדע אַבראַ־
מאָוויטשעס טאָכטער, מיט וועלכער מיר האָבן
זיך באַגעגנט, קומענדיק קיין אָדעס אין דער
שליכעס פֿון דער רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש
היימלאַנד".

דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך אַ וואָרף געטאָן
אין די אויגן, ווען מיר האָבן זיך געטראָפֿן מיט
דער דאָזיקער זיבעציקיאָריקער פֿרוי, איז
געווען: די שטריכן פֿון אָט דעם פּאָנעם, שוין

שטאַרק פֿאַרענדערטע, האָבן מיר ערגעץ
געזען...

מיר עפּנען אויף דאָס „מענדעלע־בוך",
אַרויסגעגעבן פֿונעם ניו־יאָרקער „איקוף", און
אויפֿן 401־טן זײַטל איז רעפּראָדוצירט אַ מיש־
פּאָכע־בילד „מענדעלע, זײַן פֿרוי, קינדער און
אייניקלעך". אַנע וולאַדימיראָוונע באַשטעטיקט:

— נו, יאָ, דאָס מיידעלע, וואָס זיצט פֿון
פֿאָרנט אויף אַ פֿוס־בענקעלע און איר רעכטע
האַנט ליגט אין מענדעלעס הענט אויף זײַנע קני,
בין איך טאַקע!

ווער פֿון אונדז האָט ניט געהאַט די מעגלעכ־
קײַט זיך איבערצײַגן, אַז די וועלט איז בעפּיי־
רעש „ענג", און זי טראָגט אונדז אָפֿט אונטער
אַ סורפּריז — געוויינלעך, ווען מיר וואַרטן ניט
אויף אים? אַזאַ געפֿיל האָבן מיר געהאַט, ווען
מיר האָבן געדריקט די האַנט פֿון דער זיבעציק־
יאָריקער אַנע וולאַדימיראָוונע אַבראַמאָוויטש,
וועלכע האָט אין מעשעך פֿון דרײַצן יאָר געהאַט
די זכיִע טאָג און נאַכט, אין אַלע אומשטענדן,
זען און הערן איר גרויסן זיידן, און ביז הײַנט
פֿילט זי נאָך די וואַרעמקײַט פֿון זײַנע הענט...

אָט פֿון איר טאַקע, פֿון אַנע וולאַדימיראָוונען,
האָבן מיר זיך דערוווּסט די טרויעריקע געשיכ־
טע וועגן דעם גוירל פֿון מענדעלעס בריוו־אַר־
כיוו.

— גרויסע זעק, אָנגעפּאַקעוועטע מיט פֿאַר־
שיידענע פּאַפּירן, — דערציילט זי, — זײַנען בײַ
אונדז געלעגן אין די צימערן פֿון דער געוועזע־
נער טאַלמעטוירע. אַפֿאָנעם, עס האָט זיי נאָך
געפּאַקעוועט דער זיידע. קיינער האָט זיך צו זיי
ניט צוגערירט, די האַזשגאָכע איבער זיי האָט
געהאַט די באָבע. זי איז געשטאָרבן אין 1920,
אָבער נאָכן זיידנס טויט האָט זי לאַנג גע־
קרענקט, און אין יענע טעג, ווי באַוווּסט,
האָבן אין אָדעס געווילדעוועט ניט ווייניק
באַנדעס...

אַנע וולאַדימיראָוונע האָט אינעם הויז אויף
דעכטיאַרנע, 14, געלעבט מיט איר מאַמען, מיט
נאַדעזשדע סאָלאָמאָנאָוונען, ביז אָן ערעך דעם
1924 אָדער 1925. זי געדענקט, ווי אין דער
צײַט פֿון בירגערקריג האָט אַ באָמבע געטראָפֿן
אין שכיינישן הויז און האָט אויך עטוואָס צע־
שעדיקט די געבײַדע פֿון דער געוועזענער טאַל־
מעטוירע.

— דערמלט, — זאָגט זי, — האָט פּאַשעט אַ נעס
געראַטעוועט דעם זיידנס הויז, אָבער בײַס דער
צווייטער וועלט־מילכאָמע איז שוין קיין נעס
ניט געשען...

מענדעלען האָט, ווי מע זאָגט עס, בעפּיירעש
ניט געגליקט נאָכן טויט. און ניט בלויז מיט
דעם אַרכיוו זײַנעם, וועלכער איז אַזוי טרויעריק
אומגעקומען. אויך ניט בלויז מיט דעם הויז אין
אָדעס, וואָס איז אָפּגעווישט געוואָרן פֿון דער
ערד דורך אַ פֿאַשיסטישער באָמבע, אַז מע זאָל
ניט האָבן איצט ווו צופּעסטיקן אַ מעמאָריאַל־
טאָוול. נאָכן באַפֿרײַען אָדעס פֿון די פֿאַשיסטי־
שע ראָצכים האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך



1



2



3

1. מענדעלע מויכער־ספֿרימס אורייניקל וולאַדימיר וויקטאָראָוויטש אַבראַמאָוויטש מיט זײַן פֿרוי ווערע צעלינסקאַיאַ (לינקס) און מיטן טעכטערל אַליאָנע

2. דאָס דאָזיקע מישפּחה־בילד איז איבער־געדרוקט פֿונעם „מענדעלע־בוך", וווּ דער אונטערשריפֿט לייענט זיך: „מענדעלע, זײַן פֿרוי, קינדער און אייניקלעך". מענדעלעס אייניקל אַנע וולאַדימיראָווונע האָט בײַסן שמועס מיט די ייִדישע שרײַבער פֿון מאָסק־ווע און קיִעוו אָנגעוויזן גענוי די נעמען פֿון אַלע מישפּחה־מיטגלידער אָפֿן בילד. עס שטייען (פֿון לינקס אויף רעכטס): מענדעלעס טעכטער אַלעקסאַנדרע און נאַדיעזשדע און נאַדיעזשדעס עלטערער זון אַלעקסאַנדער. אין צענטער: פֿאַלינע (פּעסיע) אַבראַמאָוויטש און מענדעלע. אין דער פֿאָדערשטער ריי זיצן: פֿון לינקס — נאַדיעזשדעס זון וויקטאָר, פֿון רעכטס — איר טעכטערל אַנע

3. מענדעלעס אייניקל אַנע וולאַדימיראָווונע אַבראַמאָוויטש



1

פֿאָטאָ — באַריס און איגאַר וועטמאַן.




1. בא מענדעלעס קייווער דעם 7 יון 1974 אפֿן צווייטן אינטערנאַציאָנאַלן בעסוילעם אין אָדעס

2. בלומען־קרענץ אף מענדעלעס קייווער



2

דער דענקמאָל אף מענדעלעס קיִווער, וועלכן דער אָדעסער שטאָט־סאָוועט האָט אוועקגע־שטעלט אין 1927, צום צענטן יאָרצײַט פונעם קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, האָבן די פאַשיסטן כאָרעוו געמאַכט.

צו מענדעלעס דרײַסיקסטן יאָרצײַט האָט דער אָדעסער שטאָט־סאָוועט אופגעשטעלט זײַן דענ־קמאָל מיט דעם זעלבן טעקסט, אויסגעקריצט אין ייִדיש און אוקראַיִניש:

„דעם זיידן פון דער ייִדישער ליטעראַטור
מענדעלע מויכער־ספאָרים (ש.־י. אבראַמאָ־
וויטש).
געבוירן דעם 20/XII 1836 יאָר, געשטאָרבן
דעם 8/XII 1917 יאָר. אין נאָמען פון די
אָדעסער ארבעטנדיקע:
אָדעסער קרײַז־אויספּירקאָם
אָדעסער שטאָט־סאָוועט".

איצט איז מענדעלעס קיִווער מיטן דענקמאָל אריבערגעטראָגן געוואָרן אפן אינטערנאַציאָנאַלן בעסוילעם — אף א בעקאָוועדיק אָרט, אין דער צענטראַלער אַליי, באַנאַנד מיט אַנדערע כאָ־שעווע מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט א טיפן שפּור אין דער געשיכטע פון דער שטאָט, אין דער געשיכטע פון אונדזער לאַנד.

...7 יון 1974. א גרויסע צאָל שרײַבער, סטו־דענטן, לייענער זײַנען געקומען צו מענדעלעס קיִווער, קעדיי נאָכאַמאָל אָפּגעבן קאָוועד דעם קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. בלו־מען און קרענץ זײַנען אוועקגעלייגט געוואָרן צום דענקמאָל אין נאָמען פון דעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוקראַיִנע, פון די אָדעסער שרײַ־בער, פון דער רעדאַקציע און רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד". אין די רעדעס, וואָס עס האַלטן דער רוסישער דיכטער איגאָר נעווערעאָוו, דער ייִדישער פּראָזאַיִקער הערשל פּאָליאַנקער, דער הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אַרן ווערגעליס, ווערט, צווישן אַנדערס, אָנגערופן א וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור: פּונקט מיט הונדערט צען יאָר צוריק האָט אין דער אָדעסער צײַטונג „קאָל מעוואַסער" זיך אָנגע־הויבן דרוקן מענדעלעס ערשט קינסטלעריש ווערק — „דאָס קליינע מענטשעלע". ביז דעמלט האָבן די לייענער געוווּסט בלויז דעם מעכאַבער שאָלעם־יאַנקעוו אבראַמאָוויטש, און אָנהייבנדיק פונעם „קליינעם מענטשעלע" — מענדעלע מוי־כער־ספאָרימען.

שטייענדיק לעבן מענדעלעס קיִווער צווישן דעם פאַרזאַמלטן אוילעם, האָב איך פאַרפאַסט מײַן ליד:

אין דער שטאָט בא דעם יאַם דעם שוואַרצן,
וואָס איז רייצנדיק, מאָלע־כיין,
איז אונדז אײַנגעבאַקן אין האַרצן
יעדער שטעגעלע, יעדער שטיין.

די פּאָטיאָמקין־טרעפּ און פאָנטאַנען,
מאָלדאַוואַנקע און דעריבאַס,
און צעפּאַטלטע גרינע פּלאַטאַנען
אף דער שטילער דעכטיאַרנע־גאַס.

ס'האָט די גאַס שוין אַן אַנדער נאָמען,
און א באָמבע דאָס הויז האָט פאַרמעקט,
נאָר אַלייען ביז איצט דערמאָנען
אָט דעם אויסגעטראָטענעם וועג.

און דורך שטורעמדיק־הייסע יאָרן,
וואָס ניט אומקערן זיי שוין מיין,
האַלט דעכטיאַרנע אין איר זיקאָרן,
ווי דער זיידע אָט דאָ פלעגט גיין.

— אָמאַר מענדעלע! — אונדז פאַרבעט ער
מיט א שמייכל פון יעדן הויז,
און דורך שורשענדיק־קלוגע בלעטער
קומט דער גאָען צו אונדז אַרויס.

יאָ, ער איז איצט ווידער געקומען
און געטאָן אונדז אין ווײַט א רוף,
און ביניאָמין מיט פישקע דעם קרומען
שטייען טכיִאַס־האַמייסים אוף.

מיט א מאָשל, און אָן א מאָשל,
אַמאָל אָפן, אַמאָל פאַרשטעלט —
אף א וועלכן איר ווילט נאָר לאָשן
רעדט הײַנט מענדעלע צו דער וועלט.

און פאַר קיינעם איז ניט קיין כידעש,
וואָס פאַרשריבן אָט דאָ מע האָט
אף אוקראַיִניש און אף ייִדיש
אף זײַן דענקמאָל אינמיטן שטאָט.

ווײַל פון וואָרצל פון איינעם ביידע
שטאַמט דאָס וואָרט, וואָס איז ברייט באַוווּסט:
אָט דאָס ייִדישע היימלעכע — „זיידע"
און אוקראַינישע — „דידוס"...

און דערנאָך — א נאַטירלעכער איבערגאַנג צו דער שפּראַך פון טאַראַס שעווטשענקאָ, וועלכע מענדעלע געברויכט ניט איין מאָל אין זײַנע ווערק:

Бо у скарбі у словниковім
Із коріння одного — ручусь:
По-єврейському «Зейде» — мовим,
Українською кажем — «Дідусь».

І вже знають не лиш в Одесі,
Де творив і боровся він,
Що крокують з героями Лесі
Його Фішка і Веньямін.

Вже немає отого горя,
І Одеси старої нема,
Над просторами Чорномор'я
Сонце світло нове здійма.

Та здається: крізь ту безхмарну
Голубінь, що в'ється ввись,
Знов на вулицю тиху Дехтярну
Вийде Менделе, як колись.

Усміхнеться чудовому ранку,
І побачить Одеса вся,
Як Пересип і Молдаванка
Зустрічатимуть дідуся...

אנע וולאַדימיראָווגע אבראַמאָוויטש, מענדעלעס אייניקל, איז, פאַרשטייט זיך, אויך געווען אפן בעסוילעם בא דער צערעמאָניע פון לייגן די קרענץ. מיר האָבן מיט איר זיך שפּעטער נאָכאַמאָל באַגעגנט בא איר אין דער היים, אף טשײַקאָווסקי־גאַס, ניט ווײַט פונעם וועלט־באַרימטן אָדעסער אָפּערע־טעאַטער, ווו זי האָט פיר און דרײַסיק יאָר אָפּגעאַרבעט אלס קאָנצערטמייסטער. די ליבע צו מוזיק איז בא איר געבוירן געוואָרן נאָך אין דער קינדהײַט, און ניט איין מאָל האָט זי געשפּילט פאַרן זיידן.

אנע וולאַדימיראָווגע געדענקט פיל אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט מענדעלען — מיט זײַן טאָגטעגלעכן שטייגער. ווען אין 1936 האָט מען אָפּגעמערקט דעם הונדערטסטן געבורטסטאָג פון מענדעלע מויכער־ספאָרים, איז זי צוזאַמען מיט איר מוטער נאַדיעזשדע סאָלאָמאָנאָווגע בײַגעווען אפן פײַערלעכן אָוונט אין מאָסקווע.

און נאָך א באַגעגעניש — מיט מענדעלעס אוריייניקל וולאַדימיר אבראַמאָוויטש, דעם זון פון אנע וולאַדימיראָווגעס ברודער וויקטאָר, וועלכער איז געשטאָרבן מיט צוויי כאַדאָשים צוריק, ערעוו אונדזער באַזוך אין אָדעס. צוזאַמען מיט זײַן פרוי און מיט זייער צוועלפיאָריק טעכטערל איז ער אויך בײַגעווען, בייס די אָדעסער געזעלשאַפטלעכקײַט איז געקומען אף קייווער־אָוועס צו זײַן אורזיידן. וולאַדימיר איז אן אינזשעניער. ער און זײַן פרוי ווערע אַרבעטן אין א וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט.

מיר זיצן באַם ברעג פונעם שווארצן יאַם אף דער 16־טער ליניע פונעם גרויסן פאָנטאַן. וולאַדימיר דערמאָנט זיך:

— מײַן טאַטע פלעגט דערציילן, ווי דער זיידע האָט ליב געהאַט דאָ שפּאַצירן אין דער באַגלייטונג פון זײַנע פרײַנט...

און אליאָנקע, וולאַדימירס טעכטערל, באַטראַכטנדיק די פאָטאָגראַפיע פון איר אור־אור־זיידע, זאָגט:

— אז איך וועל אויסוואַקסן, וועל איך איבערלייענען אלץ, וואָס דער זיידע פון מײַן זיידן האָט אָנגעשריבן. שאָלעם־אַלייכעמס קינדער־דערציילונגען ווייס איך שוין. און מענדעלע מויכער־ספאָרים האָט אויך געשריבן פאַר קינדער?

...מיר זיצן באַם ברעג פונעם שווארצן יאַם און שטעלן זיך פאָר, ווי מיט יאָרצענדליקער צוריק פלעגט דאָ אַרומגיין א הויכער זאָקן, אײַנקוקנדיק זיך אין יעדן גרעזעלע, אין יעדער לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס פליט, האָוועט, שפּרינגט — אין אלץ, וואָס ער האָט מיט אזא ליבשאַפט און קינסטלערישער קראַפט באַשריבן. אָדעס געדענקט אים. אָדעס האָט אים ניט פאַרגעסן.

■ ■ ■

אונדזער רעפליק

# א ווענדטלעכער צוגאָב צו איינעם א בריוו=אויסטויש

אין דער איצטיקער עפּאָכע כידעשט זיך קיי־נער ניט, און קיינעם פאַלט ניט איין צו דער־ווידערן, ווען, לעמאָשל, מע פירט אריבער אָף א נייַ אָרט א גאַנצן באַפעלקערטן יישעוו, אָדער ווען מע בייַט איבער די „בעט" פון א טייַך. אַזוינע און ענלעכע ארבעטן, — בייס ווע לכע עס ווערט, צוליב אויספּאַרמירן עפּעס נייַס, דעפאָר־מירט דאָס אַלטע, — דאַרפן דורכגעפירט ווערן אָן שאָדן פאַר וועמען־ניט־איז.

עמעס, ניט שטענדיק קאָן מען אופּנעמען אַזוי אויסגערעכנט, מיט א קאַלטן געמיט, די ארויס־גערופענע פונעם לעבן ענדערונגען. א באַשײַמ־פּערלעכער באַווייַז איז דאָס אריבערפירן פון איין אָרט אָף א צווייטן א בעסוילעם. פאַרשטייט זיך, אַז מע טוט עס, ווען דאָס איז אַבסאָליוט נויטווענדיק, ווען קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ. און דאָך... דאָך גיט א פּרעג באַ די מענטשן, וועמענס אייגענע און נאָענטע עס ליגן אָף אָט דעם בעסוילעם, און זיי וועלן אייַך זאָגן, אַז ס׳איז זיי ניט שטאַרק צום האַרצן, וואָס מע וועט באַאומרויִקן די ביינער פון די פאַרשטאָרבענע...

אַזוי איז עס טאַקע, אָבער באַ דעם וווּקס פון די הײַנט־צײַטיקע שטעט און אין רעזול־טאַט פון אַנדערע איבערגע־שטאַלטונגען און אַנטוויקלונ־גען איז דאָס אריבערטראָגן א בעסוילעם אָף א נייַ פאַרפּלאַ־נירט אָרט — א געוויינלעך מאָסמיטל אין דער קאָמונאַלער פּראַקטיק.

ניט לאַנג צוריק איז אַזא געשעעניש פּאַרגעקומען אין אָדעס, און ס׳איז א צווייפל, צי מע וואָלט באַדאַרפט מיטיילן וועגן דעם די לייענער פון אַנ־דערע שטעט און געגנטן, ווען ניט דער פאַקט, אַז אָפן בעסוי־לעם, וועלכן די אָדעסער שטאָט־אַדמיניסטראַציע האָט אריבערגעפירט אָף אַן אַנדער אָרט, — דער בעסוילעם איז א יידישער, — זײַנען געווען אייניקע קוואָרים, וועלכע ווערן אָפּגעהיט פון דער ליטעראַרי־שער געזעלשאַפטלעכקײַט, צווישן זיי — דער קייוועד פון מענדעלע מויכער־ספאָרים. דער אָדעסער שטאָט־סאָוועט האָט וועגן דעם מיטגעטיילט דער רעדאַקציע פון „סאָוועט־טיש היימלאַנד", און די רעדאַקציע, פון איר זײַט, האָט געבעטן, אַז דער שטאָט־סאָוועט פון אָדעס זאָל אויך אָף ווײַטער זי אינפאָרמירן וועגן דעם, וואָס עס ווערט געטאָן, אַז די עקסהומאַציע זאָל דורכגיין מיט ווירדע.

שפּעטער, ווען די נײַע באַערדיקונג איז שוין דורכגעפירט געוואָרן, און באַ אונדז, סאָוועטישע יידישע שרײַבער, איז ניט געווען קיין סיבע צו באַאומרויִקן זיך, האָבן אָנגעהויבן זיך באַווײַזן אין דער אויסלענדישער יידישער פּרעסע מיי־טיילונגען פונעם דעזינפאָרמאַציע־קוואַל, וועלכע זײַנען געווען געצילט צו שאַפן א סענסאַציאָ־נעלע אַטמאָספער אַרום דעם בייס־האַקוואָרעס אין אָדעס. צווישן אַנדערס איז פאָרגעקומען א בריוו־אויסטויש, וועגן וועלכן עס לוינט צו דערציילן. די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימ־לאַנד" האָט באַקומען א בריוו פונעם הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער טעל־אוויווער צײַטונג „לעצטע נײַעס" מאָרדכע צאַנין. אָט איז דער בריוו:

M. TSANIN

מ. צאנין

פריינד א. ווערגעליס
רעד. פון סאוועטיש היימלאנד
מאסקווע

השובער פריינד ווערגעליס,

זאל אייך נישט וווּנדערן וואָס איך שרייב צו אייך אין דעם ווייטערדיקן ענין. איר זענט פאר מיר דער איינציקער אדרעס אין מאָסקווע פאר אזא ווענדונג. עס גייט אין אָט וואס: עס איז צו מיר דערגאנגען, אז אין אָדעס ווערט ליקווידירט דער אלטער יידישער בית-הקברות וווּ עס געפינען זיך די קברים פון מענדעלע און פון שמעון פרוג. די אָדעסער שטאָט-פארוואלטונג זאל האָבן געמאָלדן נאך מיט חדשים פריער, אז פאָר אינטערעסירטע פאמיליעס, וואס זייערע קרובים זענען געווען באערדיקט אויף דעם בית-הקברות, וועלן זיך קענען ווענדן וועגן איבערפירן די ביינער פון די קרובים אויף פלעצער וואָס זיי וועלן אָנווייזן. די ווענדונגען האָבן געדארפט געמאכט ווערן ביז דעם חודש דעצעמבער 1973. איז דער ענין אזא: אויף וויפל איך ווייס זענען איצט נישטאָ אין ראטנפארבאנד קיין קרובים פון מענדעלע און פרוג, במילא האָט זיך מסתמא קיינער נישט פארנומען מיט דעם ענין פון עקסהומאציע פון די ביינער פון די צוויי שרייבער, וואָס זענען פונדאמענט-זיילן פון אנדזער ליטעראטור. וועט איר מסתמא פרעגן וואס איך וויל פון אייך? איז דער ענטפער: איר זענט דער איינציקער פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראטור אין ראטנפארבאנד וואָס קען עפּעס טון כדי צו פארזיכערן, אז די ביינער פון אונזער אלעמענס זיידע - מענדעלע און פון שמעון פרוג זאָלן אפּגעפירט ווערן אופן א בכבודיקן פלאץ אויף אן אנדער בית-הקברות. גלויבט מיר, פריינד ווערגעליס, אז ווי א יידישן שרייבער ליגט מיר די זאך שווער אויפן הארץ. לעבעדיקע דורות מוזן דאָך האָבן אן אָנהאלט אויך אין מאָנומענטן, וואס זענען עדות פון המשכדיקייט. וואָלט איך אייך זייער שטארק געבעטן, אויב עס איז מעגלעך, זיך פאראינטערעסירן מיט דער זאך און אינטערוועניר, אז די קברים פון מענדעלע און שמעון פרוג זאל איבערגעפירט ווערן אויף א בכבודיקן פלאץ. און אפשר איז עס געטון געוואָרן און עס איז צו דער עכנטלעכקייט נישט דערגאנגען?

איך וועל אייך באר שטארק דאנקבאר זיין פאר א שנעל ענטפער.

מיט פריינדלעכע גרוסן

מ. צאנין

תל-אביב, 21טער יאנואר 1973

**דעם רעדאַקטאָר פון דער טעל־אוויווער צײַטונג „לעצטע נײַס" איז געגעבן געוואָרן אַן ענטפער, וועלכן מיר ברענגען דאָ געקירצט:**

„...דאָס, וואָס איר פרעגט זיך אָן בא אונדז, צי מענדעלעס און פרוגס קוואָרים זײַנען אין אָדעס איבערגעטראָגן געוואָרן אף א נײַעם בעקוועדיקן פלאַץ, גופע דאָס, וואָס איר בעט, מיר זאָלן אײַך אינפאָרמירן וועגן דעם, האָט אָנגעשטויסן צו אָנמאָלן אַן אידיליע פון א מערקבארן וואַנד אין דער יִסראָעל־זשורנאַליסטיק. מע כאַפּט זיך שוין ניט צו פאַרעפנטלעכן אַן אַנטיסאָוועטישע סענסאַציע... פריִער קאָנטראָלירט מען דורך די קלאַנגען וועגן עפּעס אַן אוולע אין אָדעס, און ערשט שפּעטער טונקט מען אײַן די פען אף צו שרײַבן וועגן דעם...

מיר שיקן אײַך דאָ א פּאָר פאָטאָ־קאָפּיעס פון אָפיציעלע בריוו, וועלכע מיר האָבן באַקומען פונעם אָדעסער שטאָט־ראַט. וועגן דעם איניען פון די אַריבערגעטראָגענע קוואָרים ווילן מיר אײַך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז אין די באַדינגונגען פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד זײַנען אינטערנאַציאָנאַלע בעסאַלמענס דאָס סאַמע בעקוועדיקסטע, וואָס מע קאָן פאַרלאַנגען. פאַרשטייט זיך, גופע דער פאַקט פון ליקווידירן א בעסאַלמען אין די גרענעצן פון א שטאָט קאָן געבן שטאָף פאַר רעכילעסטרײַבער, פאַר אומפרײַנט און גלאַט פאַר לאַנגע צינגער און פּוסטע קיילעס. אָבער דאָס לעבן רעכנט זיך ניט מיט דעם, וואָס עמעצער וועט אף דעם זאָגן. ס'וואָלט אוואַדע געווען בעסער, ווען דער זיידע, זײַנע ביינער, רוען אַזוי ווי געווען. אין געגעבענעם פאַל איז אָבער געגאַנגען א רייד, וויִאַזוי אפן ווירדיקסטן אויפן אַריבערטראָגן דעם קייווער, און דאָס איז געטאָן געוואָרן.

לאָמיר גלייבן, אַז אף ווײַטער וועלן צווישן אונדז אויפקומען אויך טעמעס וועגן דער לעבעדיקער ליטעראַטור, וועגן די שעפערישע קאָנטאַקטן צווישן די שרײַבער פון אונדזערע לענדער, און אונדזערע צווישנבאַציִונגען וועלן מער ניט זײַן באַגלייט מיט דעם אומגעלומפּערטן אַנטיסאָוועטיזם, וואָס סאַמט אָפּ די אַטמאָספער אויך אין דער ליטעראַרישער סוויווע, אין דער זשורנאַליסטיק".

**ווײַטער ברענגען מיר די פאָטאָ־קאָפּיעס פון די צוויי בריוו פונעם אָדעסער שטאָט־סאָוועט, וועלכע „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אָפּגעשיקט דער רעדאַקציע פון די „לעצטע נײַס".**



УССР
ОДЕССКИЙ ГОРОДСКОЙ СОВЕТ ДЕПУТАТОВ ТРУДЯЩИХСЯ
ИСПОЛНИТЕЛЬНЫЙ КОМИТЕТ
г. Одесса, пл. Коммуны, № 1 Телефон № 25-00-39
309/4-30 23/XI 73 г.

РЕДАКЦИИ ЖУРНАЛА
"СОВЕТСКАЯ РОДИНА"
г.Москва,центр,ул.Кирова,17

Исполком Одесского Городского Совета депутатов трудящихся сообщает, что в связи с пожеланиями общественных организаций города и с целью увековечения памяти писателей еврейской литературы МЕНДЕЛЕ МОЙХЕР СФОРИМА /Ш.АБРАМОВИЧ/ и Л.КАРМЕНА, произведено перезахоронение их останков со II-го еврейского кладбища на II-е интернациональное кладбище.

На их могилах установлены надгробные памятники.

ЗАМ.ПРЕДСЕДАТЕЛЯ ИСПОЛКОМА
ОДЕССКОГО ГОРОДСКОГО СОВЕТА
ДЕПУТАТОВ ТРУДЯЩИХСЯ Т.ОВЧАРЕНКО

**עס דאַרף אָפּגעמערקט ווערן, אַז די צײַטונג „לעצטע נײַס" האָט אונטערן דרוק פון די פאַקטן פאַרעפנטלעכט אַן אָביעקטיווע, אין אַלגעמיין, אינפאָרמאַציע. אָט איז די נאָטיץ אין אָט דער צײַטונג, איבערגעדרוקט מיט דער סאָוועטיש־יִדישער אָרטאָגראַפיע:**

„אין שײַכעס מיט די ידיִעס, אַז צוליב אורבאַניסטישע סיבעס ווערט ליקווידירט דער יִדישער בעסוילעם אין א פאָרשטאָט פון אָדעס, וווּ עס געפינען זיך די קוואָרים פון מענדעלע מויכער־ספאָרים, ש. פרוג און אַנדערע יִדישע שרײַבער, האָט זיך דער רעדאַקטאָר פון די „לעצטע נײַס" געווענדעט צו א געוויסער אָפיציעלער פערזענלעכקײַט אין ראַטנפאַרבאַנד, אויסצוגעפינען וועגן דעם גוירל פון די ביינער פון די דערמאָנטע שרײַבער. אין דעם ענטפער, וואָס דער רעדאַקטאָר מ. צאַנין האָט איצט באַקומען, באַגלייט מיט פאָטאָסטאַטן פון צוויי בריוו פון דעם שטאָטישן סאָוועט אין אָדעס, ווערט געזאָגט, אַז די ביינער פון מענדעלע מויכער־ספאָרים (ש. אַבראַמאָוויטש), ל. קאַרמען און שמעון פרוג זײַנען בא דער אָנוועזנהײַט פון מישפּאָכע־מיטגלידער און באַקאַנטע איבערבאַערדיקט געוואָרן אף אַנדערע בעסאַלמענס אין אָדעס און אף זייערע קוואָרים זײַנען אויפגעשטעלט געוואָרן מאַצייוועס.

אין דעם ערשטן בריוו פונעם אויספיר־קאָמיטעט פון דעם שטאָטישן סאָוועט אין אָדעס, דאַטירט דעם 23 נאָיאַבער 1973, אינפאָרמירט דער פאָרטרעטער פונעם פאָרזיצער פון דעם



ОДЕСЬКА МІСЬКА РАДА
ДЕПУТАТІВ ТРУДЯЩИХ
ВИКОНАВЧИЙ КОМІТЕТ
4. марта 74 г.
№ 53/4-30
м. Одеса, пл. Комуни, № 1
Телеф. АТС 2-25-43

Москва-центр, ул.Кирова,17

Главному редактору журнала "Советская Родина"
тов.ВЕРГЕЛИС

На № б/н от 13/II-1974 г.

Исполком Одесского городского Совета депутатов трудящихся рассмотрел Ваше письмо и сообщает, что в ноябре 1973 г. в присутствии родственников и близких произведено перезахоронение останков писателей Менделе Мойхер Сфорим /Ш.Абрамовича/ и Л.О.Кармена на 2-е городское кладбище. Останки писателя С.Фруга в марте 1974г перенесены родственниками на 3-е городское кладбище.

ЗАМ.ПРЕДСЕДАТЕЛЯ ИСПОЛКОМА
ОДЕССКОГО ГОРОДСКОГО СОВЕТА
ДЕПУТАТОВ ТРУДЯЩИХСЯ Т.ОВЧАРЕНКО

## ביינער פון מענדעלע מוכר ספרים אריבערגעפיר״ט אויפן אינטערנאציאנאלן בית־הקברות אין אדעס

### די ביינער פון ש. פרוג — אויפן יידישן בית־עלמין


ИСПОЛНИТЕЛЬНЫЙ КОМИТЕТ

אָדעסער שטאָטישן סאָוועט ט. אָוטשאַרענקאָ א שרײַבערישע אינסטיטוציע אין מאָסקווע, אז: „דער אָדעסער שטאָטישער סאָוועט טיילט מיט, אז אין צוזאמענהאנג מיטן ווונטש פון עפנטלעכע אָרגאַניזאציעס פון דער שטאָט צו פארייביקן דעם אָנדענק פון די שרײַבער פון דער ייִדישער ליטעראַטור מענדעלע מויכער־ספאָרים (ש. אבראַמאָוויטש) און ל. קארמען איז אויסגעפירט געוואָרן די באערדיקונג פון זייערע רעשטלעך פון דעם צווייטן ייִדישן בעסאלמען — אפן צווייטן אינטערנאַציאָנאַלן בעסאלמען. אף זייערע קוואָרים זײַנען אוועקגעשטעלט געוואָרן מאַצייוועס.

דער דאָזיקער בריוו איז געשיקט געוואָרן צו דער מאָסקווער אינסטיטוציע נאָך איידער מ. צאנין האָט זיך בריוולעך געווענדעט וועגן דער פראַגע, דעם 21 יאנוואר 1974. אָבער אין דעם אויבנציטירטן בריוו געפינט זיך ניט דער נאָמען פון שימען פרוג. די פערזענלעכקײַט, צו וועלכער מ. צאנין האָט געשריבן, האָט זיך דעריבער נאָכאמאָל געווענדעט צום שטאָטישן סאָוועט אין אָדעס, און אין א צווייטן בריוו, דאטירט דעם 4 מײַ ה. י., שרײַבט דער זעלבער פארטרעטער פון דעם פאָרזיצער פונעם אָדעסער שטאָטישן סאָוועט ט. אָוטשארענקאָ:

„דער אויספיר־קאָמיטעט פונעם אָדעסער שטאָטישן ראַט פון ארבעטער־דעפּוטאטן האָט באהאנדלט אײַער בריוו און טיילט מיט, אז אין נאָיאבער 1973 איז אין דער אָנוועזנהײַט פון מישפּאָכע־מיטגלידער און נאָענטע אויסגעפירט געוואָרן די איבערבאערדיקונג פון די רעשטלעך פון די שרײַבער מענדעלע מויכער־ספאָרים (ש. אבראמאָוויטש) און ל. קארמען אפן צווייטן שטאָטישן בעסאלמען. די רעשטלעך פונעם שרײַבער ש. פרוג זײַנען אין מארט 1974 אריבערגעטראָגן געוואָרן דורך די קרויווים אפן דריטן שטאָטישן בעסאלמען“. (דער דריטער שטאָטישער בעסאלמען איז א ייִדישער, און ער געפינט זיך ווײַט אויסער דער שטאָט — רעד. „לעצטע נײַס“).

**פארשטייט זיך, דער אופמערקזאמער לייענער וועט אָן באזונדערע אָנשטרענגונגען זען, ווי, אייגנטלעך, עס סטארטשען ארויס פון דער רעדאקציאָנעלער נאָטיץ אין די „לעצטע נײַס“ די אויערן פון דער אנטיסאָוועטישער טענדענץ, דאָס ניט וועלן פראָסט און פּאָשעט דערציילן דעם גאנצן עמעס וועגן דעם בריוו־אויסטויש צווישן די רעדאקציעס פון א סאָוועטישן ייִדישן זשורנאל און א ייִסראָעלדיקער ייִדישער צײַטונג, דערציילן אזוי, ווי ס'איז געווען אין דערווירקלעכקײַט. און ס'איז פארשטענדלעך, אז דערצו זײַנען פאראן געוויסע סיבעס. איינעם קליינעם לענדעלע ייִסראָעל וועט ארויסרופן פיל פארוווּנדערונג, וואָס די פארוואלטונג פון א ריזיקער שטאָט, דערצו נאָך אין אזא מעכטיק און גרויס לאנד, ווי דער סאָוועטנפארבאנד, רעכנט זיך אזוי מיט דעם ייִדישן לייענער, אז זי אינפאָרמירט אים, אָן ביוראָקראטיזם, מיטן גרעסטן רעספּעקט, און ניט איין מאָל, וועגן אן איניען, וואָס דארף דעם לייענער אינטערעסירן. דער ייִדישער לייענער פון די „לעצטע נײַס“ קאָן אין ייִדישן לאנד אף אזוינס ניט פּרעטענדירן. ס'איז, לעמאָשל, א ראכמאָנעס צו זען, וויאזוי אין מעשעך פון פיל יאָרן טרעטן ארויס אף די זײַטן פון די „לעצטע נײַס“ הונדערטער ייִסראָעלדיקע לייענער מיט הארצרײַסנדיקע געבעטן און געשרייען, אדרעסירט דער פארוואלטונג פון דער ייִסראָעלדיקער טעלעוויזיע, וועגן דעם, אז פאר א דריטל פון דער באפעלקערונג פון דער מעדינע, פאר די ייִדן, וואָס ריידן אף ייִדיש, וואָלט געווען א יוישער טראנסלירן ייִדישע פראָגראמען, און — ווי ארבעס אין וואנט. די פארוואלטונג פון דער ייִסראָעלדיקער טעלעוויזיע וויל אפילע ניט ריידן ניט מיט דער טעל־אוויוער ייִדישער צײַטונג „לעצטע נײַס“, ניט מיט די ייִדישע לייענער און טעלעוויזיע־צושויער פונעם לאנד.**

**דער לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד“ קוקט מיט א שמייכל אף דעם, וויאזוי די רעדאקציע פון די „לעצטע נײַס“ ווענדעט אָן א יאם מיט כיטרעקײַט אף צו אונטערטראָגן ווי איר לוינט די געוויינלעכע אינפאָרמאציע וועגן איר בריוו־אויסטויש מיט דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד“. אף דעם פּאָטאָסטאט פון דער נאָטיץ אין די „לעצטע נײַס“ איז צו זען, וויאזוי פון די בריוו פון דער אָדעסער שטאָטפארוואלטונג האָט מען אין דער טעל־אוויווער רעדאקציע באזײַטיקט די אָנווײַזונגען, אז זיי זײַנען אדרעסירט דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד“. עס לוינט דען די אנטיסאָוועטישע זשורנאליסטן, אז די לייענער זאָלן דערפון וויסן? אויב אורטיילן לויטן טעקסט פון דער נאָטיץ, האָט זיך דער רעדאקטאָר פון די „לעצטע נײַס“ געווענדעט „צו א געוויסער אָפיציעלער פערזענלעכקײַט אין ראטנפארבאנד“... (איינדערעמעסן — צום רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד“), און דער פארטרעטער פונעם**

פאָרזיצער פון דעם אָדעסער שטאָטישן סאָוועט ט. אָווטשארענקאָ האָט אינפאָרמירט „א שרײַבערישע אינסטיטוציע אין מאָסקווע"... (אינדערעמעסן האָט דער כ׳ אָווטשארענקאָ אינפאָרמירט די רעדאקציע פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד"). קורץ, ס׳גלוסט זיך טאקע אויסזען אָנשטענדיק, נאָר מע קאָן, נעבעך, ניט...

איז טאקע קיין כידעש ניט, וואָס מיר האָבן איצט באשטימט פארענדיקן דעם בריוו־אויסטויש מיט די „לעצטע נײַס" וועגן אָט דער פראגע עפנטלעך, אנדערש קאָן נאָך די ייִסראָעלדיקע צײַטונג ארויסוואַרפן א נײַע קונץ־שטיק, וואָס איז ניט ווינטשנסווערט.

אלזאָ, מיר ווילן, אז די לייענער זאָלן וויסן אויך אזא דעטאל פונעם איניען, וועלכן מיר באהאנדלען דאָ. ווען די ארבעט אף צו רעסטאווירן פולשטענדיק דעם דענקמאָל אף מענדעלע מויכער־ספאָרימס איבערגעטראָגענעם קייווער איז פארענדיקט געוואָרן, זײַנען קיין אָדעס ספעציעל ארויסגעפאָרן — פון מאָסקווע דער הויפט־רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד" ארן ווערגעליס און דער רעדקאָלעגיע־מיטגליד, פארוואלטער פון אן אָפטייל פון דער רעדאקציע כאִיםביידער, פון קיִעוו — דער מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע הערשל פאָליאנקער; אין אָדעס האָט זיך צו זיי פארייניקט דער מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע נאָטע לוריע. בעשאס דער אָפיציעלער צערעמאָניע, אין דער אָנוועזנהײַט פון מענדעלע מויכער־ספאָרימס קרויווים און פון די ברייטע קרײַזן פון דער אָדעסער שטאָטישער געזעלשאפטלעכקײַט, זײַנען צו דעם דענקמאָל פונעם ייִדישן ליטעראטור־קלאסיקער געלייגט געוואָרן בלומען־קרענץ פון דער פארוואלטונג פונעם שרײַבער־פארײַן פון דער אוקראִינישער סאָוועטן־רעפובליק, פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" און פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, פון דער אָדעסער שרײַבער־אָרגאניזאציע. ארום דעם דענקמאָל האָבן זיך פארזאמלט ליטעראטן פון דער שטאָט — ייִדישע, רוסישע, אוקראִינישע, — צוזאמען מיט פילצאָליקע לייענער. ס׳איז פאָרגעקומען א מיטינג פון סאָוועטישער פעלקער־פרײַנטשאפט.

מיר ווילן אָפמערקן, אז דער גאנצער איניען, וועלכן מיר האָבן דאָ באשריבן, ניט זשאלעוועדיק קיין אָרט, טראָגט אין זיך, אויסער דער נוצלעכער אינפאָרמאציע וועגן אריבערטראָגן דעם קייווער פון אונדזער גרויסן פאָלקס־שרײַבער, א באלערעוודיקן בײַשפיל פאר דער בירגערלעכער ייִדישער פרעסע און פאר די ייִדישע זשורנאליסטן פון כוץ־לעאָרעץ. ס׳איז שוין צײַט אײַנצושטעלן אן אטמאָספער פון אָביעקטיווקײַט אין די ייִדישע צײַטונגען און זשורנאלן פון דער בירגערלעכער זײַט. מיר ווענדן זיך צו די קאָלעגן־זשורנאליסטן און שריפטשטעלער אין אנדערע ייִדישע ייִשווים פון דער וועלט: ווען איר שרײַבט וועגן סאָוועטנפארבאנד, וועגן די סאָוועטישע ייִדן, — זײַט אופמערקזאם צו די ווירקלעכע פאקטן, ווײַל אין די לאנגע יאָרן פונעם קאלטן קריג איז צופיל אָפגעטאָן געוואָרן אין איינער לענדער אף צו פארקריפלען דעם עמעס; קעדיי זיך ניט פארוואנדלען אין א טאָרמאָז פאר די נײַע אנטוויקלונגען, מוז די ייִדישע פרעסע זיך באפרײַען פון די אָפגעלעבטע זיטן און צוגעווינען זיך צו רעדן מיט דערעכערעץ וועגן דער וועלט פון סאָציאליזם, אומאָפהענגיק, צי עס באציט זיך צו איר מיט סימפאטיע דער אָדער יענער זשורנאליסט, די אָדער יענע צײַטונג.

און צום שלוס דערלויבן מיר זיך, בא דער געלעגנהײַט, בארירן א וועזנטלעכע פראגע, מיט וועלכער מיר ווענדן זיך, פון אונדזער זײַט, דירעקט צו דער טעל־אוויווער ייִדישער צײַטונג „לעצטע נײַס".

געוויס איז גערעכט דער כאָשעווער רעדאקטאָר מ. צאנין, ווען ער שרײַבט אין זײַן בריוו צו „סאָוועטיש היימלאנד", אז „לעבעדיקע דוירעס מוזן דאָך האָבן אן אָנהאלט אויך אין מאָנומענטן, וואָס זענען איידעס פון העמשעכדיקײַט". צוליב אונטערהאלטן ריכטיקע אקצענטן, וואָלטן מיר אין אָט דער פראזע אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „אויך". אויך מאָנומענטן. אָבער אָנהאלטן העמשעכדיקײַט איז פאר די לעבעדיקע דוירעס מעגלעך דעריקער באם באדינג, אויב עס ווערן ארויסגעגעבן די ווערק פון די גרויסע פאָרגייער, וועמען מיר שטעלן מאָנומענטן, און עס ווערט פארייגנט און פאָרגעזעצט די שעפערישע טראדיציע זייערע.

מיר נעמען זיך ניט אונטער צו זאָגן, אז מיר אין סאָוועטנפארבאנד האָבן שוין אָפגעטאָן אין דעם פראט, בענעגייע מענדעלעס יערושע, אלץ, וואָס מעגלעך און נייטיק. און דאָך איז קעדײַ צו דערמאָנען דעם ברייטן לייענער, אז ניט לאנג צוריק האָט „סאָוועטיש היימלאנד" געווידמעט א גאנץ יאָר דער מענדעלע־פאָרשונג, דאָס הייסט, ס׳איז געווען געמאָלדן אין אונדזער ליטעראטור א „מענדעלע־יאָר". אויך ביז און נאָך דעם דאָזיקן יאָר גייט די מענדעלע־טעמע ניט אראָפ פון די זײַטן פון אונדזער זשורנאל. פאר די לעצטע יאָרן זײַנען אין מאָסקווע ארויסגעגעבן געוואָרן נײַע אויסגאבעס פון מענדעלעס ווערק: אף ייִדיש — „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי" און „פישקע דער קרומער" (טיראזש — 30 טויזנט עקז.), אף רוסיש — „דאָס קליינע מענטשעלע", „מאסאָעס ביניאָמין־האשלישי", „פישקע דער קרומער" (טיראזש — 100 000 עקז.). מיר כאזערן איבער — ס׳איז נאָך דאָ גענוג וואָס צו טאָן בא אונדז אף דעם דאָזיקן געביט.

מיר ווילן אָבער פרעגן — עפשער זײַנען מיר ניט גענוי אינפאָרמירט, — ווי קומט עס, אז אין ייִסראָעל פארגעסט מען ביכלאל ארויסצוגעבן די קלאסישע ייִדישע שאפונג — אין אָריגינאל, פאר דעם ייִדישן לייענער — פונעם גרונטלייגער פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראטור מענדעלע מויכער־ספאָרים? צי וועט זײַן ריכטיק צו זאָגן, אז דאָס, וואָס זײַן נאָמען

האָט זיך איצט באַוויזן אין די צײַטונגען פון דער מעדינע, אַרײַנגערעכנט די אף ייִדיש געדרוקטע צײַטונגען, — איז בלויז פאַרבונדן מיטן אַריבערטראָגן זײַן קייווער אין אָדעס פון איין בעסוילעם אף א צווייטן, — די סענסאַציאָנעלע זשורנאַליסטן האָבן געהאַפּט אָפּלעקן אן אנטיסאָוועטיש ביינדל...

עפּשער זײַנען מיר ניט גענוי אינפאָרמירט, — דאַן בעטן מיר, עס זאָל מיטגעטיילט ווערן וועגן מענדעלעס ייִדישע ביכער, וועלכע זײַנען פאַר די לעצטע יאָרן אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ייִסראָעל.

מיר שטעלן, אַזויאַרום, איבער דעם אַקצענט — פון דער פראַגע (אָן און פאַר זיך א געזעצלעכע און וויכטיקע) וועגן אופּהאַלטן מענדעלעס קייווער — אף דער פראַגע וועגן אופּהאַלטן און פאַרזעצן מענדעלעס ליטעראַרישע טראַדיציע.

---

# כראָניק

## ביראָבידזשאַנער נײַס

### צענטויזנטיקער נומער פון „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ"

ס'איז דערשינען דער צענטויזנטיקער נומער פון דער צײַטונג „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ". אַלע מאַטעריאַלן פונעם יובילייִנומער זײַנען געווידמעט דער באַגײַסטערטער מי פון די שעפער פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אָט איז איינער פון זיי — יאַקאָוו קריוויטש. ער איז געקומען קיין ביראָבידזשאַן נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן. אף אן אַלטער פאָטאָגראַפיע זעען מיר קריוויטשן צווישן א גרופּע בויער, וואָס האָבן געלייגט די ציגל אינעם קאָרפּוס פונעם געגנטלעכן שפּיטאָל. און אָט איז א צווייטע פאָטאָ, שוין פון אונדזערע טעג, — יאַקאָוו קריוויטש מיט זײַן זון באָריס. אין דער ביראָבידזשאַנער רעמאָנטבוי־פאַרוואַלטונג אַרבעט איצט א גאַנצע דינאַסטיע פון די קריוויטשעס — דער פאָטער מיט זײַנע צוויי זין.

דער יובילייִ־נומער דערציילט וועגן דעם גרויסן פאַרנעם פון די בוי־אַרבעטן אף די אונטערנעמונגען, אין די קאָלווירטן און סאָווירטן פון דער געגנט.

וועגן דעם פאַרדינסטפולן דאָקטער פון רספּסר דאַוויד אַבראַמסאָן פונעם ייִשעוו סמידאָוויטש דערציילט דער עלטסטער אַרבקאָר פון דער צײַטונג וו. דאַניִלאָוו.

„שטאַרקע פליגל" — אַזוי האָט אָנגערופן די פאַרצייכענונג וועגן זײַנע כאַווײרים דער שלאָסער פונעם טונגוסקער געהילף־באַאַרבעטנדיקן קאָמבינאַט מ. איקאָניקאָוו. „גרויס איז דאָס גליק, — שרײַבט ער, — צו זײַן אין די רייען פונעם סאָוועטישן אַרבעטערקלאַס. אונדזער היימלאַנד, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָבן אונדז געגעבן שטאַרקע פליגל און א הויכן ציל אין לעבן".

די צײַטונג דרוקט נאָטיצן, פאָטאָ־אינפאָרמאַציעס, מיטיילונגען וועגן די דערפאָלגן פון די אַרבעטער פונעם ביראָבידזשאַנער טראַנספאָרמאַטאָר־זאַוואָד, פון די טעפּלאָאָזיאָרסקער צעמענטלער, יעדיִעס פון די פעלדער און פערמעס...

אַזוי זעצט פאָר „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ" אין איר צענטויזנטיקן נומער די כראָניק פון רומפולע אופּטועגן פון די האָרעפּאַשניקעס אין דער צוויי מאָל אָרדענטרעגערישער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

די רעדאַקציע און די רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן דעם קאָלעקטיוו פון דער צײַטונג „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ" מיטן יובילייִ־נומער און ווינטשן אים נײַע שעפערישע דערפאָלגן.

### א קינסטלערישע אויסשטעלונג אינעם קולטור־פּאַלאַץ

אין די זאַלן פון ביראָבידזשאַנער קולטור־פּאַלאַץ איז באַוויזן געוואָרן אן אויסשטעלונג פון מאָלערישע און גראַפישע שאַפונגען פון באַוווּסטע סאָוועטישע קינסטלער.

די אופמערקזאַמקײַט פון די באַזוכער האָט צוגעצויגן דאָס בילד פונעם קינסטלער א. זשאַבסקי „איבער בערג און איבער טאָלן" — א פּאַנאָראַם־לײַוונט, וואָס שילדערט דעם פּעריִאָד פון באַפרײַען דעם קאַנט פון די אינטערווענטן און ווײַסגוואַרדייער.

עס פאַרגעדענקט זיך דאָס בילד „דער ליקבעז" פונעם קיִעווער מאָלער מ. וואַנשטיין און וו. אַזאָלס אַרבעט „א פּאָרטרעט פון א קאָלווירטניק".

■

## זיכרוינעס

# הירש בלאָשטיין

# איך וויל אײַך דערציילן

**מ**יט א שטיקל צײַט צוריק האָט מיר מײַנער א לאַנדסמאַן, א געזעלשאַפטלעכער טוער אין אורוגווײַ, געשריבן:

„דער הײַליקער דרײַעק בלײַבט ביז איצט דער סימוואָל פונעם לעבן אין אונדזער לאַנד און אין דער מערהײַט לאַטײַן־אמעריקאַנער לענדער".

לאָמיר פאַנאַנדערשיפּרירן די פּאָר שורעס. „דער הײַליקער דרײַעק" — אזוי האָב איך אָנגערופן מײַנע א פאַרצייכענונג, וועלכע איך האָב אָנגעשריבן קימאַט מיט א האַלבן יאָרהונדערט צוריק. גלײַך נאָך מײַן קומען קיין אַרגענטינע האָב איך באַזוכט מאָנטעווידעאָ — די הויפּטשטאָט פון אורוגווײַ, — געקומען לייענען א לעקציע וועגן ליטעראַטור אין פּראָגרעסיוון קלוב אָפּן נאָמען פון כאַיִם זשיטלאָווסקי. די פאַרצייכענונג האָב איך פאַרעפנטלעכט אין מאָסקווער „עמעס", און זי איז געווען איבערגעדרוקט אין א ריי צײַטונגען.

איך וועל דאָ איינקורצן דערציילן די געשיכטע פון דער דאָזיקער פאַרצייכענונג און דעם איקער פון איר אינהאַלט. מיט א פּאָר זײַטלעך שפּעטער וועט דער לייענער דערזען, אז דאָס איז מיר נייטיק פאַר א באַשטימטער פּאַראַלעלמיינערונג, אזוי אז איך לייג ניט אָן קיין איבעריקן וועג און מאַך ניט קיין אומזיסטע קרײַזן...

...שפּעט אין אָוונט אינעם „זשיטלאָווסקי־קולטור־צענטער" האָב איך געפרעגט בא די כאַווײַרים, וואָס אזוינס אינטערעסאַנטס און באַלערעוודיקס קאָן איך זען נאָך איצט, אין דער שפּעטלעכער שאָ. איינער פון די כאַווײַרים האָט מיט א געהיימניספולן שמייכעלע א פרעג געטאָן בא די אַנדערע:

— עפּשער וועט דעם כאַווער בלאָשטיין אינטערעסירן אונדזער „זשערבאַל־רעסינטאָ"? דאָרטן איז דאָ וואָס צו זען.

— אוואַדע, ביסט גערעכט, — האָט זיך אָפּגערופן א לערער פון דער דאָרטיקער פּראָגרעסיווער יידישער פאָלקס־שול. — נאָר ווער וועט פאַרן דאָס אים ווײַזן?

— עפּשער דו?

— איך?! — האָט זיך אָפּגערופן מיט פאַרוווּנדערונג דער לערער. — איך? באַנאַכט אין דעם ראַיאָן!.. שפּאַצירן?.. פאַרשטייסט דאָך, אז דאָס איז ניט פאַר מיר... מאָרגן וועלן אונדזערע „גוטע פרײַנט" פאַרשפּרייטן די „נײַעס" אומעטום, אז איך, און — דעריקער — כאַווער בלאָשטיין זײַנען באַנאַכט געווען אין „זשערבאַל־רעסינטאָ".

איך האָב אָט דעם גאַנצן שמועס ניט פאַרשטאַנען. געמיינט האָב איך, אז דאָרטן קאָן מען אונדז באַפאַלן און באַרויבן. איז פאַרן באַרויבן האָבן מיר דאָך קיין מוירע ניט... און איך האָב געענטפערט:

— פאַר מיר זאָרגט זיך ניט, כאַווײַרים. אויב אײַך קאָן עפּעס שאַטן, דאַרף מען ניט גיין מיט מיר... וואָס איז דאָס פאַר א ראַיאָן?

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7, 8.

איינער פון די כאַווייִרים האָט געענטפערט:

— וועגן דעם ראַיאָן איז ניט שײַער צו דערציילן — מע דאַרף אים זען, און דאַפקע באַנאַכט.

סאַפקאַלסאַף האָט זיך געפונען איינער א דרייסטער, וואָס האָט זיך ארויסגערופן מיך צו באַגלייטן. נאָך אין טראַמוויַ האָב איך זיך אָנגעשטויסן, וואָס „זשערבאַל־רעסינטאַ" באַ־טײַט — לויט דעם, וואָס די מענער האָבן גערעדט צו הויך און שיקערלעך; לויט דעם, וואָס מיטן דערנענטערן זיך צום ראַיאָן זײַנען קיין פרויען אין וואַגאָן קימאַט ניט געבליבן, און ארויס פון וואַגאָן זײַנען זיי שנעל, מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן.

און אָט זײַנען מיר אָף דער הויפּט־גאַס פונעם ראַיאָן. א סאַך ליכט. פון ביידע זײַטן — הויכע הײַזער. פון די פענצטער טראָגט זיך מוזיק — פריילעכע, שוין צופיל פריילעכע, מיט הילכיקע, קימאַט קוויטשענדיקע טאַנץ־ און מאַרש־טאַקטן. און אָף דער גאַס —

די גאַס איז דורכויס פאַרפּאַקט מיט שפּאַצירנדיקע מאַכנעס מענער. א סאַך שיקערע. פון די דאָזיקע שפּאַצירער קאָן מען דערוואַרטן אַלץ — קריגערײַען, זידלערײַען, געשלעגן און אַפילע מעסער־שטעך. ניט אומזיסט איז דאָ פול מיט פּאָליציי, אַפילע רײַטער־פּאָליציי באַ־וויַזט זיך אַמאָל. גאַר ווי בײַ א דעמאָנסטראַציע...

פון צײַט צו צײַט פאַרשווינדן מענער אין די טירן פון די ארומיקע הײַזער. די הײַזער פון ביידע זײַטן גאַס זײַנען שאַנדהײַזער. אין יעדן הויז — א סאַך פרויען, א גרויסער אויס־וואַל... מיט פרײַזן פאַרשיידענע, נאָר נישט קיין גאָר ביליקע. דער האַנדל איז דאָ „גוט" אַוועקגעשטעלט. ביליקע זײַנען א ביסל ווײַטער פון דער הויפּט־גאַס. אויך אַהין האָבן מיר אַרײַנגעקוקט. דאָרט זײַנען די הײַזער אָפּגעלאָזטע, זיי פאָדערן שוין לאַנג רעמאָנט, נאָר די באַלעבאַטים לוינט ניט אַרײַנצולייגן אין זיי געלט.

„זשערבאַל־רעסינטאַ" זײַנען צווי גאַסן, וואָס בילדן א דרײַעק, קימאַט א פאַרשלאָסענעם. און אָט וואָס עס געפינט זיך אָף די דרײַ ווינקל־עקן זײַנע: אָף איין עק — א פּאָליציי־באַצירק, אָפן צווייטן — דער אַמעריקאַנער באַוווּסטער סיטי־באַנק, און אָפן דריטן — א גרויסער קאַ־טוילישער קלויסטער.

אין דאָס ניט קיין אויסגעשפּראָכענער סימבאָל פון דער ביטערער פאַרשקלאַפונג און עקספּלואַטאַציע פון די דאָרעם־ און צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער: דער אימפּעריאַליזם פון די פאַרייניקטע שטאַטן, דער „פרומער" קלויסטער, וואָס שטיצט אים, און די פּאָליציי — די מאַכט, וואָס היט זיי ביידן?..

דער כאַווער, וועלכער האָט מיך באַגלייט, האָט נאָך איין דערקלערונג מיר געגעבן:

— מע זאָגט, און ס'איז מיסטאַמע עמעס, אַז דעריקער באַזוכער פון דעם קלויסטער, וועל־כע זײַנען אויך גאָר א גרויסער פּראָצענט פון די סיטי־באַנק־קליענטן, זײַנען די אייגנטימער פון די שאַנדהײַזער. די פּאָליציי־לײַט האָבן זייער ליב דעם „הייליקן דרײַעק", ווײַל אויך זיי לעקן דאָ אָפּ א ביינדל...

מײַן אורוגווײַער לאַנדסמאַן, דער געזעלשאַפטלעכער טוער, איז גערעכט: דער „הייליקער דרײַעק" בושעוועט איך הײַנט אין איינציקע לאַטײַן־אַמעריקאַנער לענדער, פונקט אַזוי, און נאָך בלוטיקער, ווי מיט א האַלבן יאָרהונדערט צוריק. די שכיטע און די מוירעדיקע רעציכעס אין טשיליע; די וויסטע אָרעמקייט און די פּאָגראָמען אָף דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג אין פּאַראַגווײַ, האַיטי, ניקאַראַגואַ, בראַזיליע און טאַקע אין אורוגווײַ...

און אין דער זעלבער צײַט הייבט זיך אוף, ווי א לײַכט־טורעם, איבערן לאַטײַן־אַמעריַ־קאַנישן קאָנטינענט קובאַ, און איר ליכט פאַרשפּרייט זיך ווײַט און ברייט... דאָס לאָזט ניט רויִק שלאָפן די באַלעבאַטים פונעם „דרײַעק"... אויך אין אַרגענטינע.

בוענאָס־אײַרעס, די הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע, האָט ניט קיין „זשערבאַל־רעסינטאַ" אין פּאַשעטן זין פונעם וואָרט, דאָס הייסט קיין ספּעציעלן קוואַרטאַל מיט שאַנדהײַזער האָט זי ניט. אָבער דער „הייליקער דרײַעק" אין פּאָליטישן און מאָראַלישן באַטײַט האָט אין יענע יאָרן, וועגן וועלכע איך דערצייל דאָ, אָפן און הערשעריש געבאַלעבאַטעוועט אינעם לאַנד. די הויפּט־רײַכקײַטן פונעם לאַנד האָט עקספּלואַטירט דער אימפּעריאַליזם פון די פאַרייניקטע שטאַטן. און די דאָזיקע פּאַקטישע אינטערווענץ האַלט נאָך אָן ביז הײַנטיקן טאָג. אַמאָל מיט קלוימערשט פרידלעכע מיטלען, און, אַז ס'ווערט ענגלעך, אַז די אַרבעטנדיקע מאַסן הייבן זיך אוף, די קאָמוניסטישע באַוועגונג וואַקסט, דערשטיקט מען מיט געוועער. אין האַרבסט 1930 האָט דער „הייליקער דרײַעק" ארויסגערופן די פאַשיסטישע איבערקערעניש פונעם גע־נעראַל אוריבורי.

די הויפּט־רײַכקײַטן פונעם לאַנד זײַנען פלייש און ווייץ. זיי ווערן עקספּאָרטירט אין גרויסע מאָסן. די גרעסטע פלייש־אונטערנעמונגען געפינען זיך אין בעריסאָ, אַ שטעטל ניט ווײַט פון בוענאָס־אײַרעס. דאָס זײַנען די פריגאָריפיקאָס[1]. אין מײַן צײַט — און ביז איצטער — געהערן זיי צו די אַמעריקאַנער. די אַמעריקאַנער באַלעבאַטעווען אויך אין די ברויט־קאָנ־טאָרן — אין די גרויסע און שטאַרקע קאָמפּאַניעס, וואָס עקספּאָרטירן ווייץ. מיט זיי קאָאָפּערירן זיך די לאַטיפונדיסטן — די אייגנטימער פון אומגעהייער־גרויסע שטאַקים ערד, די יאָרשים פון די אַמאָליקע קאָנקיסטאַדאָרן. אגעוו, די לאַטיפונדיסטן, בעשוטפעס מיט די אַמעריקאַנער מיליאָנערן, מאַכן גאָלד אויך באַם וואָל־עקספּאָרט: זיי האָבן גענוג ערד אונטער פּאַשע־לאָנקעס פאַר מיליאָניקע טשערעדעס שאָף.

און, גלײַך ווי אין אורוגווײַ און אין אַנדערע לענדער פון לאַטײַן־אַמעריקע, ווערן דאָ די אַמעריקאַנער און, פאַרשטייט זיך, אויך זייערע אָרטיקע שותפים צו דער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטנדיקע געשיצט און געהיט דורכן קלויסטער און דורך דער מאַכט.

...ווי אויבן געזאָגט, האָט קיין „זשערבאַל־רעסינטאַ", אין פּאַשעטן זין פון וואָרט, בוע־נאָס־אײַרעס אין די צוואַנציקער יאָרן שוין ניט געהאַט. דעם „פּאַרדינבסט" דערפון דאַרף מען פאַרשרײַבן אַפן „אַקטיוו" פון די סאָציאַליסטן.

באַלד וועט דער לייענער זיך איבערצײַגן, אַז די ווערטער „פּאַרדינסט" און „אַקטיוו" נעם איך ניט אומזיסט אין גענדזנפיסלעך.

אין יענע יאָרן האָט דאָס פּרעכטיקע לאַנד אַרגענטינע, און באַזונדערס איר הויפּטשטאָט, געהאַט אַ שלעכטן שעם אַף דער וועלט, ווי אַ מאַרק פון „לעבעדיקער סכוירע", פון ברייט־פאַרשפּרייטער פּראָסטיטוציע. מ'האָט אַ סאַך וועגן דעם געשריבן. אַן אָפּקלאַנג דערפון האָט זיך אויך דערהערט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ווער פון אונדז האָט ניט געלייענט שאָ־לעם־אַליכעמס „אַ מענטש פון בוענאָס־אײַרעס"? אויך די בראָשורן פון די ייִדישע עמיגראַ־ציע־געזעלשאַפטן האָבן געוואָרנט וועגן אָט דער געפאַר.

די סאָציאַליסטן האָבן מיט דער הילף פון דער בוענאָס־אײַרעסער שטאָט־פּאַרוואַלטונג רעפאָרמירט די פּראָסטיטוציע. ניט פאַרבאָטן דעם פּרויען־האַנדל, ניט אָנגענומען מיטלען אים אויסצוואָרצלען, נאָר דורכגעפירט אַ רעפאָרם, דערבײַ אַ נישטיקע, אַ לעכערלעכע, ניט גע־קוקט אַפן טיפן טראַגיזם פון דער לאַגע; כאָטש אַרום דער „רעפאָרם" האָבן זיי אופגעהויבן אַ גרויסן טומל.

די סאָציאַליסטן האָבן ניט געזוכט די וואָרצלען פון דער דאָזיקער שווידערלעכער דער־שײַנונג, די סאָציאַלע סיבעס, וועלכע זיצן טיף אינעם קאַפּיטאַליזם, באַזונדערס אין די לענ־דער פון אימיגראַציע, וווהין ס'קומען דעריקער מענער, אײַנזאַמע יונגע מאַנצבלען; זיי קומען אַליין — צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווײַל ס'איז קיין געלט ניטאָ פאַר דער גאַנצער פאַמי־ליע, שיפקאַרטעס קאָסטן טײַער, און מ'נעמט קוים צונויף אַף הויצאָעס פאַרן הויפּט פון דער פאַמיליע; צווייטנס, אין אַזאַ לאַנד, ווי אַרגענטינע, ווויל מען פריער אַ קוק טאָן, צי מע קאָן זיך דאָרט אײַנאָרדענען ביכלאַל.

מע האָט געדאַרפט קעמפן מיט דער נויט אין די לענדער פון עמיגראַציע. מע האָט גע־דאַרפט טאָן עפּעס קעגן דער עלנט און שלעכטער אַרבעט־אײַנאָרדענונג אין די לענדער פון אימיגראַציע. דאָס האָבן געטאָן די קאָמוניסטן. די „רעפאָרם" פון די סאָציאַליסטן האָט געהאַט אַ פּאָנעם פון כויזעק.

ביז דער „רעפאָרם" זײַנען געווען גרויסע שאַנדהײַזער מיט אַ סאַך פרויען אין יעדן הויז. די נײַע מוניציפּאַלע פאַראָרדענונג האָט אײַנגעשטעלט, אַז אין איין „הויז" קאָן זײַן נאָר איין פרוי, דערבײַ דאַרף דאָס זײַן אין אַ באַזונדערן אַפּאַרטאַמענט (דירע), און אַף דער אַרײַנגאַנג־טיר דאַרף זײַן אַ מין שילד: אַ טויבער פאַרהאַנג, פון איין קאָליר, אָן „רישעליע"־האַפט, אָן דורכלויכטן. די קאָלירן האָבן געקאָנט זײַן פאַרשיידענע: לויט זיי האָט מען געדאַרפט פאַר־שטיין די פּרײַז...

און נאָך האָט די רעפאָרם אײַנגעשטעלט: אַף איין קוואַרטאַל קאָן זײַן נאָר איין „אונ־טערנעמונג" אַזאַ. דערבײַ האָט זי ניט געטאָרט זײַן אין אַ קוואַרטאַל, וווּ עס געפינט זיך אַ קלויסטער, אַ סינאַגאָגע, אַ שול, וווּ מע לערנט קינדער. אָבער... —

קוואַרטאַלן אין בוענאָס־אײַרעס זײַנען אין די טויזנטער! ווײַט ניט אין יעדן קוואַרטאַל איז געווען אַזאַ מין „מעזוזע", ווי אַ שול, אַ קלויסטער. אין רעזולטאַט פון דער „רעפאָרם" איז די פּעסט און די שאַנד צעשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער שטאָט!

---

[1] בויִנעס און אײַז־קעלטערס.

דער „בונד" האָט אַף אַן אַנדער אופן „געקעמפט" קעגן דעם פּרויען־האַנדל: גרופּעס בונדיסטן זײַנען געגאַנגען איבער די „הײַזלעך" און... גראַמירט! געבראָכן דאָס מעבל און געשלאָגן די פרויען! אַנשטאָט צו קעמפן מיט דער נויט און עלנט האָבן זיי גראַמירט די, אין גרעסטן טייל, קאָרבאָנעס פון נויט, פּײַן און עלנט!

די יידישע געמיינדע פון בוענאָס־אײַרעס האָט ארומגעכאַפּט פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן: אַרבעטער, באַלמעלאָכעס, קליינהענדלער, גאַסנהענדלער, רײַכערע און גאָר רײַכע קרעמער, סאַכרים, פאַבריקאַנטן, זאַוואָדטשיקעס, בירזשעוויקעס אאַוו.

די געמיינדע האָט געהאַט אַ היפּשע צאָל אַנשטאַלטן — שפּיטאָלן, קלובן, טאַלמעטוירעס, בעדער, אַן אײַגענעם בעסוילעם — און גרויסע געלט־מיטלען. מע פלעגט די געמיינדע רופן אויך מיט אַ צווייטן נאָמען: „כעוורע קאַדישע", דה. אַ כעוורע, וואָס ברענגט צו קוורע...

געוויינלעך האָט מיט אָט דער קערפּערשאַפט אָנגעפירט דער רײַכסטער ייִד. אין מײַן צײַט איז דאָס געווען דאַוויד קאַזשעס — אַ פאַבריקאַנט פון פּנעוומאַטיקעס און פון אַנדערע טיילן צו אויטאָמאָבילן. מיר איז אויסגעקומען איינמאָל זיך מיט אים צו טרעפן — טאַקע בײַ אים, אין זײַן רײַכער היים. איך וואָלט וועגן דעם עפּשער ניט דערציילט, ווען דער וויזיט וואָלט ניט געהאַט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן אינטערעסירן דעם לייענער, אים אַ ווײַז טאָן כאָטש איין זײַט פון דער בירגערלעכער ייִדישער פּרעסע אין אַרגענטינע אין יענער צײַט. איך בין זיכער, אַז פּונקט אַזאַ איז זי אויך איצט — אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער און אין אַלע שפּראַכן דאָרטן.

איך בין געווען דעמלט — באַלד נאָך מײַן קומען אין לאַנד — אַן אַקטיווער טוער אינעם שרײַבער־פאַריין. מיטן שטראָם ייִדישע עמיגראַנטן זײַנען געקומען אויך שרײַבער. צווישן זיי — דער יונגער ייִדישער שרײַבער פון פּוילן גראַניטשטיין. מע האָט געדאַרפט אים העלפן, געפינען אַ פּאַסיקע אַרבעט פאַר אים אַף „כאָטש ניט שטאַרבן פון הונגער". און מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז דאַוויד קאַזשעס וויל זײַן זון — נאָך אַ קליין ייִנגל — לערנען ייִדיש. בין איך צו אים געגאַנגען רעקאָמענדירן אַ לערער פאַרן זון — גראַניטשטיינען.

איך וועל דאָ זיך לענגער ניט פאַרהאַלטן מיטן באַשרײַבן אָט דעם וויזיט. אַגעוו, איך האָב שוין פאַרגעסן, ווי ס'האָט אויסגעזען סײַ דאָס הויז פונעם רײַכן ייִדן, סײַ ער אַליין. ער האָט אײַנגעשטימט מיט דער קאַנדידאַטור פונעם לערער פאַר זײַן זון.

מיר זײַנען נאָך געזעסן און געשמועסט, דעריקער וועגן דער אַלטער היים. ס'האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. קאַזשעס האָט גענומען דאָס טרײַבל, דערהערט די ערשטע ווערטער — און באַלד געוואָרן שטאַרק רויט. די הענט האָבן אים אַזש גענומען ציטערן פאַר אויפרעגונג. איידער ער האָט מיט אַ קלאַפּ אַ וואָרף געטאָן דאָס טעלעפאָן־טרײַבל צוריק אַפן אַפּאַראַט, איז ער דאָך מאַסקים געווען מיט עפּעס: „נו, שיקט צו מאָרגן אינדערפרי... אײַערן אַ שאַנטאַזשיסט"...

און ער האָט מיר דערציילט:

— נו, ווי געפעלט אײַך, אַזעלכע אויסוורפן?.. איך מיין דאָס בולוואַר־זשורנאַלכל „פּע־נעמער און פּענעמלעך"... שוין אַ שטיקל צײַט, ווי זיי לאָזן מיך ניט צורו, איך זאָל זיי געבן אַן „אוויסאָ" (אַ רעקלאַמע), און דאַפקע אַ גרויסע... אָבער סטאַם געלט אַרויסוואַרפן וויל איך ניט... און ווייסט איר, וואָס דער רעדאַקטאָר זייערער, שפּרינגבערג, דוכט זיך, הייסט ער, האָט מיר איצט געזאָגט? „איר ווילט ניט געבן, — האָט ער געזאָגט, — איז ניט. וועלן מיר אַליין געבן... אין נאָענטסטן נומער אײַער פּאָרטרעט מיט אַ פּאָר גרויסע הערנער אַפן קאָפּ און מיט אַ „גוטער" אונטערשריפט"...

— און וואָס וועט איר טאָן?

— איך וועל זען דורכצוקומען מיט גוטן...

אין דעם געשיכטעלע מיט די „פּענעמער און פּענעמלעך" האָט זיך דײַטלעך אָפּגעשפּיגלט דאָס פּאָנעם פון דער גאַנצער בירגערלעכער פּרעסע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

דער אימיגראַנטן־שטראָם פון אייראָפּע איז געוואָרן אַלץ ברייטער און רווישקער. דער אימיגראַנטן־„האָטעל" אין פּאָרט איז געווען שטענדיק איבערפולט. איך האָב דעם הויכן נאָמען האָטעל גענומען אין גענדזנפיסלעך, ווײַל אינדערעמעסן איז אָט די גרויסע קאַסטן־ענלעכע געבײַדע, וואָס האָט אָפיציעל געטראָגן אַזאַ טיטל, זייער שטאַרק דערמאָנט מיט איר שטייגער און „סערוויס" דעם אַמאָליקן שטעטלשן „העקדעש", נאָר אין אַ קאָלאָסאַל פאַרגרע־סערטן פאַרנעם. דאָ האָבן די אימיגראַנטן זיך געקאָנט אָפּהאַלטן אַ פּאָר וואָכן און אויך באַקומען אומזיסט אַ טעלער קוקורוזענע קאַשע, זופּ, אַ קליין ברויטל דערצו.

איבערן דאָזיקן אויסטערלישן ריזיקן קאַסטן זײַנען געשטאַנען לענדער און געשאַטן אַהער און אַהער טראַנספּאָרטן מיט מענטשן, טראַנספּאָרטן פֿון פֿײַן און הונגער. שפּאַנישע אַנער־דיקע פּויערים זײַנען געקומען אַפּשפּאָרן פֿון באַטראַקישער אַרבעט בײַ אַ גוטבאַזיצער אַ ביסל געלט אַף צו קויפֿן אין שפּאַניע אַ ברעקל ערד; איטאַליענער אָרעמעלײַט האָבן געוואָרעמט אַ טרוים צו שטופּן אַ וועגעלע גרינוואַרג (ניט קיין אייגנס, פֿאַרשטייט זיך) איבער בוענאָס־אײַרעסער גאַסן און מיט אַ גלעקל אָדער מיט אַ מאַנאָטאָנעם רוף אײַנלאַדן באַלעבאָסטעס פֿון די אַרומיקע הײַזער צו זייער קלייטל אַף רעדלעך; עס זײַנען דאָ געווען פּוילישע, רומעניש־בעסאַראַבישע, גאַליציאַנער, ליטווישע, מײַרעװ־װײַסרוסישע, מײַרעװ־אוקראַיִנישע אַרבעטס־לאָזע, שוואַרצאַרבעטער, — ס'איז נאָך געווען דאָס יאָר 1925, אַ טייל סאָוועטישע ערדן האָבן זיך נאָך געפֿונען אין פֿרעמדע הענט און געוואַרט אַף זייער באַפֿרײַונג.

ווער פֿון אונדז געדענקט ניט מאַטוויי לאָזינסקין — דעם הויפּט־העלד פֿון וולאַדימיר קאָראָלענקאָס „אָן לאָשן"? דער גרויסער שרײַבער־הומאַניסט האָט מיט אַ ביטערן שמייכל דערציילט וועגן דעם אימיגראַנט, וואָס מאַכמעס זײַן ניט קענען די שפּראַך פֿונעם לאַנד, וווהין די נויט האָט אים פֿאַרטריבן, פֿאַלט ער אַרײַן אין גאַנץ טראַגישע סיטואַציעס. דאָס ווערק איז געשריבן געוואָרן אין 1895. מיט דרײַסיק יאָר שפּעטער — אין דער צײַט, וועגן וועלכער איך דערצייל דאָ, — האָט די שפּראַך, דאָס ניט קענען זי, געשפּילט די זעלבע טרויע־ריקע ראָליע אינעם לעבן און אײַנאָרדענען זיך פֿונעם אימיגראַנט. און אַזוי וועט אויך ווײַ־טער זײַן. אַ מענטש ווערט פֿלוצעם טויב, שטום, בלינד. ער קען ניט לייענען, פֿאַרשטייט ניט, וואָס מע רעדט צו אים, קען ניט ענטפֿערן, זעט שילדן, צײַטונגען, מעלדונגען — און איז בלינד פֿאַר זיי! צו זײַן אַהיים־בענקעניש, צו זײַן נאָסטאַלגיע, איז דאָס ניט קענען די שפּראַך אַ ווונד אָף אַ מאַקע...

פֿרעגט בײַ מענטשן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פֿון יִסראָעל, וועלן זיי אומבאַדינגט אין דעם לאַנגן צעטל צאָרעס, וואָס זיי האָבן דאָרטן געהאַט, אַרײַנשטעלן — און ניט אַפֿן לעצטן אָרט! — דאָס ניט קענען איוורית, דאָס רוידפֿן יִדיש...

אין מײַן צײַט אין אַרגענטינע האָבן זיך שטענדיק געגוצט מיט דער „שטומקײַט" פֿונעם אימיגראַנט פֿאַרשיידענע קאָמפּאַניעס, ברויט־פֿירמעס — און זיי האָבן דעם נײַ־געקומענעם אומגליקלעכן אָרעמפּויער און באַטראַק נאָך אומגליקלעכער געמאַכט.

די דאָזיקע פֿירמעס האָבן געהאַט זייערע פֿאַרמאַסקירטע ווערביר־פּונקטן באַם אימיג־ראַנטן־האָטעל. אין דעם מוטנעם העקדעש־וואַסער האָבן זיי פֿאַרוואָרפֿן זייערע ווענטקעס — און דאָס פֿאַרנאַר־„נאַשערײַ" איז געווען דאָס לאָשן.

דער ווערבירער האָט גערעדט מיטן אימיגראַנט אַף מאַמע־לאָשן און האָט אים פֿאַרגע־לייגט אַרבעט טיפֿער אין לאַנד, בײַ זייער אַ „גוטן" עסטאַנסיעראָ (גוטבאַזיצער) פֿאַר גוט געצאָלטס. (אינעם ווערט פֿונעם געלט האָט זיך נאָך דער אימיגראַנט ניט פֿאַנאַנדערגעקליבן). דער אימיגראַנט שרײַבט אונטער דעם קאָנטראַקט, וואָס איז געשריבן אַף שפּאַניש און וואָס דער „פֿרײַנט" זעצט אים דאָ איבער. אַלע פּונקטן זײַנען גוטע. אַפֿילע דער לעצטער פּונקט אויך: פֿאַרן אוועקגיין פֿונעם גוטבאַזיצער דאַרף ער אים אָפּצאָלן דעם כּיוו. אוודאי, וואָס דען? אַ כּיוו דאַרף מען אָפּצאָלן, נאָך מיט אַ דאַנק!

שפּעטער ערשט האָט דער „גליקלעכער" אימיגראַנט פֿאַרשטאַנען, אַז אוועקגיין פֿונעם באַ־לעבאָס קאָן ער ניט. סײַדן אַנטלויפֿן און זיך היטן, די פּאָליציי זאָל אים ניט כאַפּן.



## פון דעם שרײַבערס נאָטיץ־ביכל

### יִיסראָעל סערעבריאַני

# וויזיט=קאַרטלעך

### א בלאט יידישע ליטעראטור־געשיכטע

מינסק — מײַן פרייד און מינסק — מײַן טרויער,
מינסק — דו רויטער גרענעץ־פּאַס...

איזי כאַריק

קיין מינסק בין איך געקומען אינמיטן זו־מער, בעשאַס די קאַניקולן. פאַרפאָרן בין איך אין דער צוזאמענווינונג פונעם היגן יִידישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום, ווי א נאָענטער קאָרעוו, לויט דער רעקאָמענדאציע פונעם דיכ־טער־סטודענט כאַיִם לעווין. אליין א געוועזענער סטודענט פונעם האָמליער יִידפּעדטעכניקום, איז ער שוין אויך דאָ געווען א טוישעוו. אהער, אין צוזאמענווינונג, פלעגן דעמלט אויך ארײַנקומען יונגע אקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך געלערנט אין מאָסקווע (אשטייגער, דער קומענדיקער רעזשי־סער גאַלאָווטשינער און אנד.). דאָ פלעגן זיך באַגעגענען אייניקע היגע יונגע ליטעראַטן, מיט וועלכע כאַיִם לעווין איז שוין געווען אויסגע־בונדן. ער איז די ערשטע טעג געווען מײַן וועג־ווײַזער, מיך באַקאַנט מיט דער שטאָט און מיט אירע מערקווירדיקײַטן. איך, פון מײַן זײַט, האָב אים פאַרטרויט מײַנע פּלענער.

פריִער פון אלץ האָט מען באַדאַרפט זיך אײַנאָרדענען אַף אַרבעט. דאָס איז מיר אָנגע־קומען לײַכט. אַף קוואַליפיצירטע יִידישע זעצער (קיין לינאָטיפּן זײַנען נאָך דאַן בא אונדז ניט געווען) איז אומעטום געווען א גרויסער נאָכ־פרעג.

אין יענער צײַט איז אין מינסק געשאַפן גע־וואָרן די סטענאָגראַפיע אַף יִידיש, און דערפונדן האָט זי אונדזערער א זעצער, ניסל שאצקי, איינער פון די מעטראַנפּאַזשן פון דער צײַטונג „אָקטיאַבער".

איך געדענק, ווי אָנהייב סענטיאַבער 1926 זײַנען אין דער צײַטונג „אָקטיאַבער" גלײַכצײַ־טיק געווען אָפּגעדרוקט א מיטיילונג וועגן דעם, אז אין לאָקאַל פון דעם יִידישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום וועט פאָרקומען א באַראַטונג, אַף וועלכער דער כאַווער ניסל שאצקי וועט האַלטן א פאָרטראָג וועגן א פּראָיעקט פון יִידישער סטענאָגראַפיע, און א נאָטיץ, אין וועלכער ס'איז מיטגעטיילט געוואָרן, אז „דער כ' שאצקי פאַר־שרײַבט שוין בא 114 ווערטער אין א מינוט". וועגן דעם, וואָס עס האָט אים געשטויסן זיך פאַרנעמען מיט יִידישער סטענאָגראַפיע, האָט שאצקי דערציילט:

„איינמאָל בין איך בײַגעווען אַף אַן אלווײַס־רוסלענדישן צוזאמענפאָר פון דרוקער. עס זײַ־נען ארויסגעטראָטן א סאַך רעדנער, און סטע־נאָגראַפיסטקעס פלעגן פאַרשרײַבן זייערע רע־דעס. אייניקע כאַווירים האָבן גערעדט אַף יִידיש, אָבער זייערע רעדעס האָט מען ניט סטענאָגראַפירט. פאַרוואָס?

— ניטאָ דערווײַל קיין יִידישע סטענאָגראַ־פיע, — האָט מיר איינער א סטענאָגראַפיסט געענטפערט".

פון דעמלט אָן האָט ניסל שאצקי אָנגעווירן די רו. ער שרײַבט אויס לערנביכער וועגן סטע־נאָגראַפיע, זאַמלט אויף די פאַרשפּרייטסטע יִידי־שע וואָקאַלן, קלאַנגען, זוכט, פאָרשט, און דערשלאָגט זיך זײַנס...

פאַכלײַט האָבן אנערקענט, אז שאצקיס פּראָ־יעקט פון יִידישער סטענאָגראַפיע פאַרדינט אופ־מערקזאַמקײַט.

דער אינסטיטוט פון ווײַסרוסישער קולטור דעלעגירט שאצקין קיין מאָסקווע. זײַן פּראָיעקט איז באַהאַנדלט געוואָרן אין דער מאָסקווער וויסנשאַפטלעכער סטענאָגראַפישער געזעלשאַפט און איז אנערקענט געוואָרן אלס א טעאָרעטיש־ריכטיקער און פּראַקטיש־צוועקמעסיקער.

אינגיכן האָט שאצקיס סיסטעם פון סטענאָ־גראַפיע געקראָגן א ברייטע אָנווענדונג.

אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן זײַנען אין מינסק געווען א היפּשע צאָל אָנפאַנגער — שרײַבער, זשורנאַליסטן, דראַמאַטורגן, פּעליע־טאָניסטן, אַרבקאָרן אאַוו. זיי פלעגן דערווײַל נאָך דרוקן גאַנץ פּרימיטיווע שאַפונגען, אָבער אין דער זעלבער צײַט איז שוין געגאַנגען אַן ערנסטע צוגרייטונג פון טאַלאַנטירטע קאַדרען פאַר דער נײַער סאָוועטישער קולטור און לי־טעראַטור.

---

אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 5, 1973.

מינסק איז אַלץ מער און מער געוואָרן אַ קולטורעלער און ליטעראַרישער צענטער.

אַזאַ האָב איך געטראָפן מינסק, ווּהין איך בין געקומען מיט דער קאוואנע אנצוקומען אין דעם היגן אוניווערסיטעט. עס זײַנען אָבער געווען אַ רײַ שוועריקײַטן. מײַנע קענטענישן, אפילע אין מאטעמאטיק, פיזיק און כימיע, האָב איך באקומען אין דעם יידישן פּעדאגאָגישן טעכניקום. און איצט האָב איך עס אַלץ געדארפט „איבערפירן" אין זיקאָרן אַף רוסיש, קעדיי זיך צוגרייטן און אָפּגעבן די נייטיקע עקזאמענעס.

אין מעשעך פון אַ פּאָר כאדאָשים האָבן מײַנע לערער — דאָס זײַנען געווען באקאנטע סטודענטן, וועלכע האָבן שטודירט מאטעמאטיק און פיזיק, — מיט מיר געקנעלט, און עס איז אוועק אַ גאנג.

די געזעלשאפטלעכע דיסציפּלינען האָבן מיך ניט געשראָקן. דאָ האָב איך זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואסער, געווען רויִק און זיכער.

און אָט איז געקומען דער טאָג, ווען איך בין געוואָרן אַ סטודענט פונעם מעלוכע־אוניווערסיטעט!

באַ אונדז אין זעצער־צעך האָבן זיך קימאט אַלע געלערנט. עס זײַנען געווען צווישן אונדז פארשיידענע „זעלבסטעטיקע" טאלאנטן. איך האָב שוין דערמאָנט ניסל שאצקין. דער זעצער יעהודקין, וועלכער האָט געשטאמט פון אַ קלעזמערישער מישפּאָכע פון מאָזיר, אַכט קילאָמעטער פון מײַן געבורט־שטעטל קאלינקאָוויטש, האָט געהאט היפּשע פײַיִקײַטן צו מוזיק. נאָך אַ טאָג ארבעט אין דרוקערײַ פלעגט ער אָנפירן מיט ארבעטער־אָרקעסטערס פון סטרונע־אינסטרומענטן. דער ארבעטער שולמאן האָט גוט געוווּסט די „שווארצע פינטעלעך", איז געווען אָנגעלייענט סײַ אין יידיש און סײַ אין העברעיִש, געווען באהאוונט אין פראגן פון וועלט־פּאָליטיק, וועגן אַלץ געהאט אַן אייגענע מיינונג. שפּעטער איז ער ארײַנגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּארטיי, זיך געלערנט אין אַן עקאָנאָמיש־פינאנציִעלן אינסטיטוט. נאָך דער באפרײַונג פון די מײַרעוו־געגנטן איז ער געוואָרן דער רעדאקטאָר פונעם „ביאליסטאָקער שטערן" און איז אומגעקומען אין די ערשטע טעג פון דער פאשיסטישער אָקופּאציע. אייניקע ארבעטער האָבן געפּרוּווט די פּען, אָנטיילגענומען אין דעם ליטעראַרישן קרײַז אַף דער אונטערנעמונג, זיך געדרוקט אין דער פּילטיראזשקע און אויך אין דער צײַטונג „אָקטיאבער".

איך האָב פאָרגעזעצט ארבעטן אין דרוקערײַ און גלײַכצײַטיק זיך לערנען אין אוניווערסיטעט, אַף דער ליטעראַריש־לינגוויסטישער אָפּטיילונג פונעם פּעדאגאָגישן פאקולטעט. די לעקטאָרן זײַנען באַ אונדז געווען הויך־קוואליפיצירטע, די מערהײַט — נאָך פון דער אלטער אקאדעמישער אינטעליגענץ. מיר האָבן זיי געהערט מיט גרויס אינטערעס און זיך געסטאראעט ניט דורכלאָזן זייערע לעקציעס. די נײַע סאָוועטישע סטודענטן, דאָסראָוו פון אָרעמע מישפּאָכעס פון שטאָט און דאָרף, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען ניט ווייניק אָנטיילנעמער פון בירגערקריג, פּארטייִישע און קאָמיוגישע טוער, זײַנען געווען דורשטיק צו קענטענישן, וואָס זײַנען ביז איצט געווען פאר זיי פארכאסמעט אַף טויזנטער שלעסער. אין דעם זין איז צו זיי ניט געווען קיין גלײַכן ניט אין דער פריִערדיקער און אויך ניט אין דער שפּעטערדיקער צײַט, ווען דאָס אַלץ איז געוואָרן, ווי מע זאָגט, אַ „וואָכעדיקע זאַך"...

איך וויל דאָ דערציילן וועגן איינעם אַן עפּיזאָד, וואָס שפּיגלט אָפּ די אטמאָספער און די צווישנבאציִונגען צווישן די סטודענטן און אייניקע פּראָפעסאָרן פונעם אלטן שניט.

באַ אונדז איז געווען אַ פאקולטאטיווע דיסציפּלין — געשיכטע פון קונסט. מיט דעם סעמינאר האָט אָנגעפירט דער פּראָפעסאָר סירקין. דאָס איז געווען שוין אַן עלטערער מענטש, קימאט אינגאנצן אַ בלינדער. פלעגן מיר, אַ גרופּע סטודענטן, קומען צו אים אהיים. דער סעמינאר פלעגט באַ אונדז דורכגיין אַף אַן אָריגינעלן אופן. אַף וויפל אונדזער לעקטאָר האָט גאָרנישט ניט געזען, פלעגט ער אונדז בלויז אָנרופן די נעמען פון די אלבאָמען איבער דער געשיכטע פון קונסט, וועלכע זײַנען שוין געלעגן צוגעגרייט אַפן טיש. מיר פלעגן מישן די בלעטער פון די אלבאָמען, אשטייגער דעם אלבאָם פון דער אוראלטער גריכישער ארכיטעקטור און סקולפּטור, און ער פלעגט אונדז דערקלערן די אלגעמיינע פּרינציפּן, אָנרופן פארשיידענע דעטאלן פון דענקמעלער אָדער קאָנסטרוקציעס. אַזוי זײַט נאָך זײַט, וועלכע ער האָט געוווּסט אַף אויסווייניק. מיר, די זעענדיקע, פלעגן אָפט בלאָנדזשען, און ער, דער בלינדער, פלעגט אונדז באלד ארופירן אַפן ריכטיקן וועג. אָט אַזוי האָבן מיר שטודירט אויך די מאָלערײַ פון פאר־שיידענע עפּאָכעס.

אין יענער צײַט איז דערשינען דעם פּראָפעסאָרס אַ ביכעלע איבער דער געשיכטע פון קונסט, און ער האָט עס אונדז געגעבן איבערלייענען. ער האָט ניט אויסבאהאלטן זײַן אגמעסנעפּעש, וואָס מע האָט פון דער דאָזיקער ארבעט געמאכט אַזאַ טאכלעס, איבערגעלאָזט מאמעש געציילטע זײַטן...

מיר האָבן דאָס דאָזיקע ביכעלע איבערגעלייענט זייער אופמערקזאם. די אלגעמיינע קאָנצעפּציע פון דער ארבעט איז, ווי עס גדענקט זיך, געווען אַזאַ: אין דער קונסט זײַנען אַלע ריכטונגען בארעכטיקט. יעדע עפּאָכע האָט אירע פאָדערונגען צו דער קונסט און אירע פאָרשטעלונגען וועגן שיינקײַט. אַזוי אַן ערעך.

די פּאָליטישע אָנשוּוּנגען פון אונדזער פּראָפעסאָר האָבן מיר גוט געוווּסט. ער האָט זיי אפילע ניט אויסבאהאלטן פון אונדז. באַ אים אין שטוב, אַף די ווענט, זײַנען געהאנגען פאָטאָגראפיעס פון הויכגעשטעלטע צארישע טשינאָווניקעס, מיט די בלישטשענדיקע קנעפּ און פּאָגאָנעס.

איינמאָל, ווען מיר זײַנען געקומען צום פּראָפעסאָר אַף אַן אָרדנטלעכן לימעד, האָט אים מוישע טייף, וועלכער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דעם סעמינאַר, א פּרעג געטאָן: פּאַרוואָס, אייגנטלעך, איז דער פּראָפעסאָר אין זײַן טאָגטעגלעכן לעבן ניט מאַסקים מיט די מאַרקסיסטישע אָנשוירונגען, דעמלט, ווען, לויט זײַן, טייפּס, מיינונג, איז די אַרבעט זײַנע אַן עכט־מאַרקסיסטישע?..

דער פּראָפעסאָר האָט פון אומדערוואַרטקײַט זיך א ביסל פאַרלוירן, א פינטל געטאָן מיט זײַנע בלינדע אויגן און זיך אָנגערופן:

— אייגנטלעך, בין איך טאַקע א מאַרקסיסט, נאָר ס'איז מיר ניט גאָר באַקוועם פאַר מײַנע קאָלעגן...

אין אָט דעם ענטפער האָט געשטעקט א געוויסער עמעס. אייניקע פון דער אַלטער אַקאַדעמישער אינטעליגענץ האָבן זיך די ערשטע צײַט „געשעמט" צו אָנערקענען דעם מאַרקסיזם אַפילע דעמלט, ווען זיי האָבן שוין אַף אַן עמעס זיך איבערצײַגט אין דער ריכטיקײַט פון דער מאַרקסיסטישער לערע.

אָבער די מערהײַט פון אונדזערע פּראָפעסאָרן, אַפילע פון די אַלטע, זײַנען געווען פּראָגרעסיווע, פּאָרגעשריטענע פּערזענלעכקײַטן. ס'איז גענוג צו דערמאָנען דעם רעקטאָר פון אונדזער אוניווערסיטעט, דעם באַוווּסטן פּראָפעסאָר־היסטאָריקער פּיטשעטאַ, וועלכער האָט געלייענט א קורס געשיכטע פון דער פּוילישער קולטור און איז דערנאָך, אין מאָסקווע, געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע אַקאַדעמיקער־היסטאָריקער; דעם פּראָפעסאָר ליאַסקאָווסקי, וועלכער האָט באַ אונדז געלייענט געשיכטע פונעם 20־טן יאָרהונדערט; דעם פּראָפעסאָר ניקאָלסקי — א גרויסן קענער פון דער געשיכטע פון די מיזרעך־פעלקער, שפּעטער, שוין זײַענדיק אַן אַקאַדעמיקער, איז ער געשטאַנען בעראָש פונעם היסטאָרישן אינסטיטוט פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע; און נאָך א רײ אַלטע פּראָפעסאָרן, אַזעלכע ווי זאַמאָטין, וואָזנעסענסקי, סאָסיס און אַנדערע, וועלכע האָבן געטרײַ געאַרבעט אין אונדזערע הויכשולן, פּובליקירט ווערטפולע אַרבעטן אין די סאָוועטישע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס, געגרייט יונגע קאַדרען אַספּיראַנטן אאַוו.

צוליב פאַרשיידענע אומשטענדן האָט זיך מײַן לערן פאַרצויגן נאָך אַף א יאָר. נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט בין איך פאַרעכנט געוואָרן פאַר אַן אַספּיראַנט — צוערשט טאַקע באַ דעם אוניווערסיטעט, דערנאָך — באַ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

אין דער אַספּיראַנטור האָט מיך דעמלט רעקאָמענדירט דער באַוווּסטער ליגנוויסט־דיאַלעקטאָלאָג, פּראָפ. ווײַנגער. דערנאָך האָט מיר געגעבן „סמיכעס" דער ליטעראַטור־פאָרשער מאַקס עריק, וועלכער איז געקומען פון פּוילן און געלייענט א קורס יידישע ליטעראַטור.

מײַן דיפּלאָם־אַרבעט איז געווען אַף דער טעמע „מענדעלעס עוואָלוציע אין די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן".

די גאַנצע צײַט, וואָס כ'האָב זיך געלערנט, און אויך שפּעטער, האָב איך אָנגעפירט מיטן ליטעראַרישן קרײַז פון די דרוקער־אַרבעטער. פּריזער — איך אַליין, דערנאָך זײַנען צוגעקומען מאַקס עריק און מוישע קולבאַק. דער קרײַז האָט אַפילע אַרויסגעלאָזט א קליינע זאַמלונג לידער און דערציילונגען, וואָס האָט געהייסן „שלאָגלערישע טריט", אונטער דער רעדאַקציע פון מאַקס עריק און י. סערעבריאַני, מיט מײַנעם אַן אַרײַנפיר־וואָרט וועגן די אויטאָרן פון דער זאַמלונג.

ערשט אין 1930, נאָכן אָנקומען אין דער אַספּיראַנטור, האָב איך פאַרלאָזט די דרוקערײַ און זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער ווײַטערדיקער לער, אָנטיילגענומען אין דער אַרבעט פונעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, אָפּגעדרוקט דאָרטן אין א „מעטאָדאָלאָגישן זאַמלבוך" אַן אַספּיראַנטישע אַרבעט וועגן דעם „קיעווער פעריאָד" פון דער יידישער נאָכאָקטיאַבערישער פּאָעזיע, פון צײַט צו צײַט זיך אויך געדרוקט אין די אָרטיקע רעפּובליקאַנישע און צענטראַלע יידישע, ווײַסרוסישע און רוסישע צײַטונגען און זשורנאַלן. די אַספּיראַנטור האָב איך פאַרענדיקט אין מאָסקווע, אין פּעדינסטיטוט, וואָס טראָגט איצט לענינס נאָמען. דערנאָך זיך אומגעקערט קיין מינסק און ביז דער מילכאָמע, מיט א קליינעם איבעררײַס, געאַרבעט אין דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, צוערשט אַלס א יינגערער און דערנאָך אַלס עלטערער וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער אין היסטאָרישן אינסטיטוט פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. די טעמע פון מײַן קאַנדידאַט־דיסערטאַציע, וועלכע כ'האָב פאַרטיידיקט אין מאָסקווע, איז געווען „שאָלעם־אַלייכעם און פאָלקלאָר". מײַנע אָפּאָנענטן זײַנען געווען י. נוסינאָוו, י. דאָברושין און א. גורשטיין (דער לעצטער — ניט אָפיציעל). אין היסטאָרישן אינסטיטוט האָב איך טאַקע געאַרבעט אין דער פאָלקלאָר־סעקציע אונטער דער אָנפירונג פונעם אַקאַדעמיקער ניקאָלסקי, זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע פאָלקלאָר־עקספּעדיציעס אין ווײַסרוסלאַנד. מײַן אופגאַבע איז דעריקער געווען — זאַמלען יידישן פאָלקלאָר.

מײַן בוך „שאָלעם־אַלייכעם און פאָלקלאָר" איז אַרויס פון דרוק צו שאָלעם־אַלייכעמס 80־טן געבורטסטאָג.

די לעצטע פאַר יאָר פאַר דער מילכאָמע האָב איך פאַרוואַלטעט מיט דעם יידישן סעקטאָר באַם אינסטיטוט פון ליטעראַטור און שפּראַך פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

צום באַדויערן, האָב איך קיין סאַך ניט באַוויזן אופּצוטאָן. איין זאַך האָב איך יאָ באַוויזן — אָפּשיקן גורשטיינען אַף רעדאַקציע מײַן איבערזעצונג פון שאָלעם־אַלייכעמס רוסישע בריוו צו זײַן ערשטן איבערזעצער פינוסן, וועלכע איך האָב דעמלט געהאַט צוגעגרייט צום דרוק, ווי

אויך די אָריגינאַלן פון די דאָזיקע בריוו. ווי איך האָב שוין וועגן דעם געשריבן, האָט אדאנק דעם זיך פארהיט די דאָזיקע אוניקאלע קאָלעקציע. אייניקע בריוו זײַנען נאָך פאר דער מילכאָמע געווען פובליקירט אין דעם מינסקער זשורנאל „שטערן", די גרעסטע טייל — א סאך שפעטער, אין זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד". די מילכאָמע האָט אלץ איבערגעריסן...

...צום סאָף פון די דרײַסיקער יאָרן איז אין מינסק שוין געווען טעטיק א היפשע גרופע פראָזאִיקער, דיכטער, קריטיקער און ליטעראַטור־קענער.

אין צענטער פון דער יידישער פאָעזיע אין ווײַסרוסלאנד זײַנען דעמלט געשטאנען אזעלכע דיכטער פונעם ערשטן נאָכאָקטיאבערישן דאָר, ווי איזי כאריק, זעליק אקסעלראָד און שפעטער מוישע קולבאק, אן אָנגעזעען אָרט האָט שוין אויך פארנומען מוישע טייף.

וועגן כאריקן און קולבאקן איז מיר שוין אויסגעקומען צו ריידן און שרײַבן. איך האָב אָבער קימאט ניט געשריבן וועגן אקסעלראָדן. וויל איך זיך דאָ דערלויבן צו זאָגן וועגן אים עטוואָס גענויער, ביפראט נאָך, אז די לעצטע פאָר יאָר פון זײַן לעבן זײַנען מיר געווען גאנץ נאָענט.

זעליק אקסעלראָד איז געווען א דיכטער־ליריקער, אָדער ווי מע זאָגט, א דיכטער פון „אינטימער ליריק".

וואָס זשע איז עס אזוינס „אינטימע ליריק"? מיר דוכט, אז בעסער פון אלעמען האָט אף דעם געענטפערט אנא אכמאטאָווא, וועלכע איז אליין איינע פון די מערקווירדיקע פאָרשטייער פונעם דאָזיקן דיכטערישן זשאנער. אינטימע ליריק איז, לויט אכמאטאָוואן, לידער, וועלכע דערגרייכן „א באזונדערס ענגן קאָנטאקט מיטן לייענער".

אקסעלראָדן האָבן זיך בעסער פון אלץ אײַנגעגעבן אָט אזעלכע לידער. קולבאק האָט אמאָל געזאָגט, אז אקסעלראָד איז א דיכטער מיט א „קורצן אָטעם". ס'איז פאראן אין דעם א געוויסער עמעס, ווײַל א לירישע ליד איז דאָך טאקע א מין „קארדיאָגראמע", וואָס גיט איבער דעם דיכטערס פולס, זײַן ריטם, זײַן אָטעם.

אקסעלראָד האָט זיך ניט אויסגעטיילט מיט הויכער דיכטערישער פראָדוקטיווקײַט, און דערפאר איז אים אָפט אויסגעקומען אויסצוהערן ניט ווייניק טײַנעס פון אייניקע, מישטיינסגעזאָגט, קריטיקער, וועלכע האָבן געאורטיילט וועגן דיכטער לויט דער צאָל אָנגעשריבענע לידער. אקסעלראָד פלעגט זיך „פארטיידיקן", אמאָל פאָלעמיזירן מיט די דאָזיקע קריטיקער־סטאטיסטיקער, און דעמלט איז ער שוין גראָד ניט געווען „קארג אפן וואָרט", ניט געווען קיין „שטילער ליריקער".

אקסעלראָדס „אינטימע ליריק" איז געווען אַן אייגנארטיקע.

אָט שרײַבט ער אָן ניט קיין גרויסע לירישע ליד „שאָך" (אגעוו, דעם דיכטערס באליבטע שפיל) און, אזוי ווי פארבײַגייענדיק, גייט דאָרט אוועק א רייד וועגן מארסעל קאשענס ארויסטרעטונג אין פראנצויזישן פארלאמענט און וועגן דעם, „וואָס עס הערט זיך אף דער וועלט", און דאָס אלץ איז אָרגאניש אײַנגעוועבט אין דער „אינטימער" ליד וועגן שאָך. די ליד פארמאָגט א פילבאדײַטנדיקן סאָף. דער לירישער העלד ווענדט זיך, נאָך דער שפיל, צו זײַן „סוינע" און „פרײַנט", מיט וועמען ער האָט זיך אָקאָרשט געראנגלט, אז „עס טוט (אים) זייער באנק פאר זײַן ערשטן שלעכטן גאנג"...

אקסעלראָדס ליריק פארמאָגט אין זיך באריר־פונקטן מיט די בעסטע ליריקער פון אונדזער צײַט — מיט יעסענינען און סוועטלאָוון. מיט יעסענינען מאכט אים נאָענט זײַן פארבאָרגענער דראמאטיזם, טרויער און עלעגישקײַט, און מיט סוועטלאָוון — די הומאָריסטישע, איראָנישע (אָפט איבער זיך אליין) אינטאָנאציע און אויך די מוירע פארן הויכן וואָרט, פאר רעטאָריק („עפשער זינג איך ניט, — איך שרײַ, איז מײַן שטים דען פעסטער ניט געוואָרן?"). די „פעסטקײַט" פון דער שטים ווערט בא אים אויסגעפרווט דורך איר שטילקײַט. און פונקט ווי סוועטלאָוו, דאָסראָוו אומדערווארט פארן לייענער, רײַסט ער אָפט אליין אראָפ זײַנע „הויכע" ווערטער מיט וואָכעדיקע שטייגערישע „קלייניקײַטן". אזוי פאָרט צונויף אקסעלראָד גרויסע געשעענישן מיט שטייגערישע וואָכעדיקע דערשײַנונגען. דאָס איז צו זען אפילע אין זײַנע מיליטערישע לידער און באזונדערס אין די לידער אף אקטועלע פאָליטישע טעמעס.

נעמט, אשטייגער, אזעלכע שורעס:

מיר טראָגן א מאסע אף אונדזערע אקסלען,
פון אונדז קוקט דער ערנסט ארויס,
אין ארבעט ארײַן
און מיט ארבעט פארוואקסן,
און ס'גארן נאָך שמייכלען
די ווענט פונעם הויז...
פון אָנשטרענגונג גרויסער,
פון שטענדיקן וואכן.
לאָמיר אביסעלע שמייכלען!
לאָמיר אביסעלע לאכן!

צי אזעלכע „אינטים־לירישע" שורעס:

אזוי־אָ — ווי איר קוקט מיך אָן,
צי ווען איך וויין, צי ווען איך שמייכל,
ווײַל איך, דער הארץ מײַנס זאָל זײַן די פאָן
אי פון מײַן וואָרט, אי פון מײַן סייכל.

צי דארף מען נאָך עפעס צוגעבן צו אזוינע שורעס? אָט די פאָשעטע הארציקע ווערטער זײַנען כאראקטעריסטיש פאר אקסעלראָדן דעם ליריקער. סײַ ווען ער בארירט די סאמע אינטימע, פערזענלעכע טעמע, סײַ ווען די טעמע איז, דוכט זיך, א ריין פובליציסטישע — אומעטום איז זײַן הארץ „די פאָן אי פון (זײַן) וואָרט, אי פון (זײַן) סייכל". דערפאר דערגייען זײַנע לידער צו יעדן איינציקן און פארבלײַבן שוין אף שטענדיק אין זיקאָרן.

מיט אַקסעלראָדן דעם דיכטער און מענטש
זײַנען בא מיר פאַרבונדן אַ סאַך דערינערונגען,
באַזונדערס פון די לעצטע עטלעכע פאַרמיל־
כאָמע־יאָר.

אין יענער צײַט האָט אַף אַקסעלראָדן, דעם
„אינטימען ליריקער", מיטאַמאָל זיך אַרופגע־
וואַלגערט אַ גרויסע אַרבעט: ער איז געווען
דער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר און פאַק־
טיש געוואָרן אויך דער רעדאַקטאָר פונעם
מינסקער זשורנאַל „שטערן". די אַרבעט איז
דאַן געווען זייער אַ קאָמפּליצירטע און פאַ־
ראַנטוואָרטלעכע.

ס'איז אָקאָרשט פאָרגעקומען די באַפרײַונג
פון די מײַרעוו־געגנטן, און עס איז צוגעקומען
אַ גרויסע גרופּע שרײַבער. מע האָט געדאַרפט
פריִער פון אַלץ שאַפן פאַר זיי די נייטיקע
שטייגערישע באַדינגונגען און מעגלעכקײַטן
פאַר ליטעראַרישער טעטיקײַט.

מיר איז אויסגעקומען אײַנײנעם מיט אַקסעל־
ראָדן און מיט אַנדערע ייִדישע און ווײַסרוסישע
שרײַבער באַזוכן די שטעט פון מײַרעוו־ווײַס־
רוסלאַנד. צוערשט זײַנען מיר געקומען קיין
ביאַליסטאָק. דאָרט האָט אָנגעהויבן דערשײַנען
אַ נײַע צײַטונג „דער ביאַליסטאָקער שטערן".
דער רעדאַקטאָר האָט זיך זייער דערפרייט מיט
אונדז, טייקעף באַשטעלט עטלעכע אַרטיקלען
אַף ליטעראַרישע טעמעס. פון ביאַליסטאָק זײַ־
נען אַקסעלראָד און עליע קאַהאַן אוועקגעפאָרן
קיין ווילנע און קאָוונע, וווּהין די דאָרטיקע
שרײַבער־אָרגאַניזאַציע און דער רעדאַקטאָר
פונעם „ווילנער עמעס" דאַוויד אומרו (אומגע־
קומען בייס דער היטלערישער אָקופּאַציע) האָבן
זיי אײַנגעלאַדן. זעליק אַקסעלראָד איז דאָרט
אַרויסגעטראָטן מיט אַ לײַדנשאַפטלעכער אינ־
טערעסאַנטער רעדע וועגן דער ייִדישער ליטע־
ראַטור אין סאָוועטנפאַרבאַנד...

די ליטעראַרישע גרופּע „יונגער אַרבעטער"
האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1925. אין דער ער־
שטער ביוראָ פון דער גרופּע זײַנען אַרײַן
מוישע טייף, יאַשע גאָלדמאַן און דער שרײַבער
פון די שורעס. איך בין געווען סעקרעטאַר פון
דער גרופּע. די פּראָטאָקאָלן פון אונדזערע זי־
צונגען מיט אייניקע פאָטאָגראַפיעס האָב איך
שפּעטער איבערגעשיקט קיין קיִעוו דעם שרײַ־
בער אווראָם אַבטשוק פאַר זײַנער אַן אַרבעט
וועגן דער ליטעראַטור־באַוועגונג אין סאָוועטנ־
פאַרבאַנד. דערשינען איז בלויז די ערשטע טייל
פון זײַן אַרבעט: „עטיודן און מאַטעריאַלן צו
דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור־
באַוועגונג אין פססר. ערשטער בוך: 1917 —
1927" (כאַרקאָוו 1934).

דער אַקטיווסטער אין דער גרופּע איז געווען
מוישע טייף, וועלכער האָט דאַן געאַרבעט אין
דער מינסקער טאַפּעטן־פאַבריק און האָט גע־
שריבן ניט בלויז לידער, נאָר אויך דערציילונ־
גען און פאַרצייכענונגען. איינע פון זײַנע ער־
שטע לידער־דעקלאַראַציעס „גענוג צו זינגען
„העמערל" האָט מיט באַגײַסטערונג אופגענו־
מען מוישע ליטוואַקאָוו — דער רעדאַקטאָר פון
דער צײַטונג „דער עמעס".

מיטגלידער פון דער גרופּע בא אירע ער־
שטע טריט זײַנען אויך געווען: נאָטע לוריע,
ריווקע רובין, מענדל ליפשיץ, שמואל העלמאַנד,
בוזי אָליעווסקי.

גאָר אײַנגיכן איז די ליטעראַרישע גרופּע „יונ־
גער אַרבעטער" געוואָרן פּאָפּולער. אירע מיט־
גלידער זײַנען אָפּט אַרויסגעטראָטן אין די אַר־
בעטער־קלובן און זײַנען גוט אופגענומען גע־
וואָרן. עס האָבן זיך מיט איר פאַרינטערעסירט
די ייִדישע שרײַבער פון מאָסקווע און אוקראַי־
נע. ווען קיין מינסק זײַנען געקומען די רוסישע
קאָמיוגישע דיכטער אַלעקסאַנדער זשאַראָוו,
יאָסיף אוטקין, מיכאַיִל גאָלאָדני, ווען ס'איז גע־
קומען וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי, האָבן זיי זיך
פאַרינטערעסירט מיט דער דאָזיקער גרופּע. פון
צײַט צו צײַט פלעגן אונדז באַזוכן די מאָסקווער
ייִדישע שרײַבער, אָפּטער פון אַנדערע — קושני־
ראָוו, גאָדינער, אָרשאַנסקי. שפּעטער האָבן אָר־
שאַנסקי און בראָנשטיין דירעקט אָנגעפירט מיט
דער גרופּע.

אין יענער צײַט זײַנען קיין מינסק אַריבער־
געפאָרן אויסלענדער מיט זײַן פרוי, דער דיכ־
טערן מירע כענקין, דאַניִעל (מייעראָוויטש),
כאַיִם לאַסקער, מאָטל גרוביאַן, און, פאַרקערט,
אַנדערע שרײַבער — נאָטע לוריע, בוזי אָליעוו־
סקי, כאַיִם לעווין, מאָטל הארצמאַן — זײַנען
אוועקגעפאָרן פון מינסק.

ווי געזאָגט, האָט מוישע טייף אין אָנהייב פון
די דרײַסיקער יאָרן זיך שוין פעסט געשטעלט
אַף די פיס אלס אַ פּאָעט מיט אַן אייגענעם גאַנג
אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. וועגן
אים ווילט זיך דאָ זאָגן עטלעכע ווערטער.

מוישע טייף איז אין זײַן שאַפונג געווען אָפּ־
טימיסטיש, אָנגרײַפעריש. ער האָט קיינמאָל ניט
פאַרגעסן די פאַלקסמענטשן פון זײַן פאַבריק
און ניט איין מאָל וועגן זיי געשריבן. עס האָבן
אים פאַרכאַפּט די העלדישע געשיכטעס, וועלכע
ער האָט געהערט פון די עלטערע רעוואָלוציאָ־
נערע אַרבעטער, פון זײַן מײַסטער, וועלכער
האָט אַ סאַך געזען און איבערגעלעבט. דער
דיכטער האָט עס אַלץ אײַנגעזאַפּט אין זיך מיט
דער גאַנצער קראַפט פון זײַן באַפליגלטער פאַנ־
טאַזיע.

טייף איז געווען אַן עמאַציאָנעלער קינסטלער
מיט אַ גרויסן פאַנטאַסטישן שווונג, און דאָס
איז עפשער דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פאַר
אים.

די פאַנטאַסטיק בא טייפן איז ניט בלויז אַ
רעזולטאַט פון ליטעראַרישע אײַנפלוסן, נאָר
גיכער „אַ געבאָרענע זאַך". ער האָט געקענט
אַרויסרופן זעונגען און בילדער, מיט וועלכע ער
האָט זיך געפילט ווי מיט לעבעדיקע וועזנס.
זײַנע פּאָעמעס, באַלאַדעס דריקן אויס די אייגנ־
אַרטיקײַט פון אַ דיכטערישער וועלט — פול
מיט לײַדנשאַפטן, ליבע און האַס, מיט פאַרבאָר־
גענע שטרעבונגען און טרוימען. ער האָט אַליין
שפּעטער קלאָר פאָרמולירט זײַן דיכטערישן אַני־

מײַמין: „די עפּאָכאַלע טעמע פֿון דיכטונג מוז שטענדיק פֿאַרהיטן איר ראָמאַנטישע דערהויבנקייט, ווײַל אָן דעם בלײַבט די נײַע טעמע ווי א טערמאָמעטער אָן קוועקזילבער".

וועגן טײַפּס דיכטערישן וועג ווערט מען נאָך א סאך שרײַבן. דאָס איז, ווי בא אלע עכטע שרײַבער, אן אינטערעסאנטער, באלערנדיקער און שעפֿעריש־אָריגינעלער וועג, כאָטש, צום באדויערן, ניט קיין פֿאַרענדיקטער, ווײַל דער וויכטיקסטער עטאַפּ פֿון טײַפּס שאַפֿן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן.

ווען מיר נעמען זײַן לעצטע זאמלונג אויסדערווײלטע לידער, וואָס ער האָט אליין אָפּגעקליבן, זעען מיר, ווי אומבערעכמאָנעסדיק ער איז זיך באגאנגען מיט זײַנע אייניקע פּרײַקע שאַפֿונגען. אייניקע ווערק האָט ער אינגאנצן ניט אײַנגעשלאָסן אין אָט דער זאמלונג. אפילו זײַן אינטערעסאנטע, עכט־דיכטערישע פּאָעמע „וויָאלאָנטשעל" האָט ער גרינטלעך איבערגעארבעט, געקירצט, אין העסקעם מיט זײַן נײַעם קוק אף ליטעראטור־דערשײַנונגען, אף זײַן אייגענער שאַפֿונג.

ער האָט א סאך געארבעט, אבסאָליוט פֿאַרגעסן אין זײַן געזונט־צושטאנד. זיך אלץ געגרייט צו עפּעס א נײַעם שעפֿערישן אופֿטו, צו א פֿאַרווירקלעכונג פֿון נײַע פּלענער.

אין דער ליטגרופּע „יונגער ארבעטער" האָבן זיך אויך פֿאָרמירט אלס שרײַבער מענדל ליפֿשיץ, הערשל קאמענעצקי (ער איז געקומען שפּעטער, און זײַן אנטוויקלונג איז שוין פֿאַרבונדן ניט אזוי מיט דער ליטגרופּע, ווי מיט דער אלגעמיינער שרײַבער־אָרגאניזאציע פֿון ווײַסרוסלאנד).

עס האָבן זיך דערנאָך באוויזן אייניקע ייִנגערע שרײַבער — מאָטיע דעכטיאר, רוווע רייזין, עליע קאהאן, לייזער קאצאָוויטש, ש. איזראעליט, ל. פּלאָטקין, איטשע באָרוכאָוויטש, הענעך שוועדיק, מאָטל טאלאלײַ, הירש רעלעס, א. ירדלסאָן, אײַזיק קאהאן. דאָס זײַנען געווען דאָסראָוו באגאבטע שרײַבער. עס האָט זיי, עמעס, דעמלט נאָך אויסגעפֿעלט לעבנס־דערפֿארונג, זיי האָבן נאָך ווייניק געזען און נאָך ווייניקער איבערגעלעבט. דאָס האָט א שײַכעס קימאַט צו אלע יונגע, אויסער קאמענעצקין, וועלכער איז אָקאָרשט געקומען פֿון דער טשאַפּײַעוו־דיוויזיע, האָט געשריבן וועגן בירגערקריג, און עליע קאהאנען, וועלכער האָט גענוי געוווּסט דעם נײַעם סאָוועטישן שטייגער. א באדײַטנדיק אָרט האָבן דאן אָנגעהויבן פֿאַרנעמען בא די יונגע שרײַבער נײַע מאָטיוון, ווי בירַאָבידזשאן — בא שוועדיקן, די בויונגס־טעמע — בא דעכטיארן און רוווע רייזינען, די רויטע ארמיי — בא טאַלאלײַען.

אין מינסק איז געווען טעטיק א גרופּע עלטערע שרײַבער. אייניקע פֿון זיי האָבן נאָך געשריבן פֿאַר דער רעוואָליוציע און זײַנען איצט געווען באזונדערס אקטיוו — בער אָרשאנסקי, צאָדעק דאָלגאָפּאָלסקי, דאניִעל מארשאק, ראָכל בראָכעס, יאקנעהאָז און אנד.

עס פֿלעגט זיך אויך דרוקן פֿון צײַט צו צײַט דער דיכטער נויעך גאָרעליק, דער פּראָזאיִקער העריס (מײַזעל), דער ארבעטער־שרײַבער נ. גאָרדאָן, די דיכטערן סאָרע קאהאן. אלס זשורנאליסט, דיכטער און דראמאטורג איז ארויסגעטראָטן עליע סאוויקאָווסקי. שעפֿעריש אקטיוו איז געווען דער געקומענער פֿון אמעריקע אײַזיק פּלאטנער. ביז דער מילכאָמע האָט אין מינסק א געוויסע צײַט געלעבט און געשאַפֿן דער נאָרוואָס געקומענער פֿון אויסלאנד פּראָזאיִקער און דראמאטורג זיסקינד לעוו, ער האָט דאָ ארויסגעלאָזט זײַן אווטאָביִאָגראפֿישן בוך „פֿיר מענטשן זוכן די רעוואָליוציע".

אזא איז אין אלגעמיינע שטריכן די בלאט געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראטור אין סאָוועטן־ווײַסרוסלאנד פֿון יענע יאָרן.

(סאָף קומט)



יעווסיי פּייסאַך

# קרימטשאַקעס*

## שפּראַך און פֿאָלקלאָר

די קרימטשאַקעס רעדן אַף אַ שפּראַך, וואָס איז נאָך ביז איצט ניט דערלערנט. אַ סאַך ווערטער אין אָט דער שפּראַך קלינגען ווי טאָטערישע, אַזערבײַדזשאַנישע, קאַראַטשײַעוואָ־באַלקאַרישע, קומיקישע. די אַרכאַיִזמען אין איר לעקסיק באַווײַזן, אַז זי איז אַנטשטאַנען נאָך ביז דעם טאָטערישן פּעריאָד אין דער געשיכטע פֿון קרים. אין משך פֿון דער דאָזיקער צײַט (אַן ערך 500 יאָר) האָבן די קרימטשאַקעס איבערגענומען אַ סאַך טאָטערישע באַגריפֿן, אָבער ס׳זײַנען פֿאַרבליבן ניט ווייניק ווערטער פֿון זייער פֿריִערדיק לאָשן. אַזוי, אַשטייגער, זײַנען די נעמען פֿון דער מערהײַט קרימטשאַקישע מײַכאָלים אינגאַנצן אָריגינעלע. אַ רײ ווערטער זײַנען איבערגענומען פֿון פּערסיש, אַראַביש און העברעיִש.

קיין שריפֿט איז בײַ די קרימטשאַקעס ניט געווען. ביז דער רעוואָליוציע האָבן זיי אין פֿאַרשיידענע צײַטן געברויכט אַראַמעיִשע (העברעיִשע), אַראַבישע, לאַטײַנישע, רוסישע שריפֿטן. אין 1936 זײַנען זיי, ווי די מערהײַט טיורקיש רעדנדיקע פֿעלקער פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, אַריבערגעגאַנגען אַפֿן רוסישן אַלעפֿבייס.

די קרימטשאַקישע ליטעראַטור אַנטהאַלט אַ גרויסע צאָל אינטערעסאַנטע היסטאָרישע דאָקומענטן, אוראַלטע קסאַוויאַדן, כאַנישע יאַרליקן אאַז״וו. פֿיל רײַזנדער און געלערנטע, וועלכע האָבן באַזוכט קרים אין פֿאַריקן יאָרהונדערט, האָבן געשריבן, אַז די קרימטשאַקעס פֿאַרמאָגן סידורים, געשאַפֿענע מיט 1200 יאָר צוריק. ס׳איז באַוווּסט, אַז אין 1839 האָט אַ. פֿירקאָוויטש אַרויסגעפֿירט פֿיל אַלטערטימלעכע קרימטשאַקישע קסאַוויאַדן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין די גניזעס פֿון קאַראַסובאַזאַר און פֿעאָדאָסיע, און זיי איבערגעגעבן אַלס קאַראַיִמישע אין דער פּעטערבורגער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק. פֿירקאָוויטש גופֿא שרײַבט וועגן דעם אין זײַן בוך „זיקאָרוין סיווניי" („זיקאָרן־שטיינער", אַף העברעיִש — ווילנע, 1872): „איך בין געקומען צו פֿאָרן קיין קאַראַסובאַזאַר און אײַנדערפֿרי אַוועק אין דער סינאַגאָגע. די קרימטשאַקעס האָבן מיך באַגריסט מיט מײַן אָנקום. כ׳האָב זיי באַוויזן דעם בריוו פֿון דער נאַטשאַלסטווע מיט אַ ביטע מיר דערלויבן דורכקוקן זייערע אַלטערטימלעכע קסאַוויאַדן. די פֿאָרשטייער פֿון דער געמיינדע האָבן מיר געענטפֿערט, אַז געבן אַזאַ דערלויבעניש קאָנען זיי ניט, ווײַל ס׳איז אַ כילעל־האַשעם אַפֿילע זיך צורירן צו דעם, וואָס ליגט אין דער באַהעלטעניש. דערזען, אַז ס׳וועט מיר גאָרנישט ניט העלפֿן, בין איך געצוווּנגען געווען זיך ווענדן צו דער הילף פֿון פּאָליציי. ווען דער פּריסטאַוו האָט דערזען דאָס פּאַפּיר פֿונעם גענעראַל־גובערנאַטאָר גראַף וואָראָנצאָוו, האָט ער גענומען צוויי טאָטערן־גאָראָדאָוואָיען, און מיר זײַנען אַוועק אין דער קרימטשאַקישער סינאַגאָגע... איך האָב אַליין גענומען אַ רידל, אָנגעהויבן גראָבן די וואַנט פֿון דער באַהעלטעניש און שוין דורכגעגראָבן אַ לאָך די גרייס פֿון אַ פֿענצטער... און וואָס האָב איך דערזען? די באַהעלטעניש איז איבערגעפֿולט מיט ביכער און קסאַוויאַדן, וועלכע ס׳וועט אויסקומען אָנלאָדן אַף עטלעכע וועגענער! מיט דער הילף פֿון מײַנע שטאַמברידער (דה. קאַראַיִמער. — יע. פּ.) האָב איך אויסגעליידיקט די באַהעלטעניש, נעמענדיק אַלדאָס שאַצבאַרע... אײַנגעפּאַקט אין זעק, פֿאַרכאַסמעט און אַרויסגעפֿירט קיין סימפֿעראָפּאָל".

אין פֿירקאָוויטשעס זאַמלונג דאַרפֿן זײַן זייער וויכטיקע יעדיִעס וועגן די קרימטשאַקעס אין VI—VIII און אַפֿילע, ווי מע מיינט, אין IV יאָרהונדערט פֿון אונדזער טקופֿע.

צווישן די גרעסטע קרימטשאַקישע לאַמדאָנים דאַרף מען קוידעמקאָל אָנרופֿן מוישע האַגוילע (XV יאָרהונדערט), וועמענס ווערק זײַנען דערגאַנגען צו אונדז. די קרימער טאָטערן האָבן בײַס זייער אָנפֿאַל אַף קיִעוו גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט און אַוועקגעפֿירט קיין קרים זײַנע זין. אין אַ צײַט אַרום איז ער געקומען אַהין זיי אויסלייזן. צוערשט האָט ער געוווינט אין סאָלכאַט (אַלטער קרים), דערנאָך אין קאַפֿאַ (פֿעאָדאָסיע). די קרימטשאַקעס האָבן אים אויסגע־

סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7.



ספר

נעימות בימין נצ"ח

הן הנה בקשות ושירי תהלה הנהוגים
בין אחי העברים, תושבי מדינת קרים
המכנים קרימצאקים הי"ו

חלק ג'

שירים שונים בשמחות וגיל

העתקו לשפת מאטארית המדברת בינינו
להועלת בני עמי, מאתי צעיר אנכי נסים
הלוי המכנה צחציר הי"ו, הקטן בתו"ח
ארמו"ר הצדיק הגאון המפורסם חכם באשי
בעה"ק חברון תובב"א

נדפס
בעיר עוז לנו ירושלם תובב"א
בש' אלה מסעי נסים בן מרדכי (נ"ע) לפ"ג
(התרס"ב עם ל"ה ימי שני חיי ת"ל)

בדפוס הרי"ד פרומקין הי"ו

די הילע פונעם בוך „ספר נעימות בימין נצ"ח" (באַקאַשעס און רעליגיעזע לויבגעזאַנגען, איבערגעזעצט אַף קרימטשאַקיש), 1902. זיַין מעכאַבער איז דער קרימטשאַק ניסים לעווי טשאַכטשיר

ווײַלט אַלס ראָוו, און ער פלעגט זיַין דער פאַרמיטלער צווישן די אָפּשטאַמיקע פון קאַלעראַליי געמיינדעס — אַשקענאַזישע, באָוולשע און רוימישע ייִדן, פאַרפאַסנדיק פאַר זיי אַ געמיינזאַמען מאַכזער צו דאַוונען. אין דער לענינגראַדער עפנטלעכער ביבליאָטעק אַף סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען געפינען זיך זיַינע ווערק „שווישאַן איידעס" („די איידעס פון דער רויז"), „סייפער יעצירע" („דאָס בוך פון שאַפונג"), „אויצאַר נעכאַמאַד" („דער טיַיערער אויצער") און אַנד., וועלכע האָבן אַ היפּשע ווערט פאַר דער אויספאָרשונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די קרימטשאַקעס אין XV—XVI יאָרהונדערט.

אינטערעסאַנטע ידיעות וועגן דער געשיכטע פון די קרימטשאַקעס געפינען מיר אין די ווערק פון דאָוויד לעכנאָ, וועלכער האָט געלעבט אין קאַראַסובאַזאַר אין סאָף XVII — ערשטער העלפט XVIII יאָרהונדערט: „מאַכזער מינהאַג קאַפאַ" (1723—1725), „סייפער מאַשקאַן דאָוויד" (1731) און אַנד. לויט זיַין „דוואַר ספּאָסאַים" („מינדלעכע דערציילונגען") קאָן מען זיך באַקאַנען מיט דער געשיכטע פון קרים אין מעשעך פון פופציק יאָר (פון 1681 ביז 1730) און מיט די צווישנבאַציִונגען פון דער קרימער כאַנשאַפט מיט רוסלאַנד, פוילן און אַנדערע מעלוכעס.



כאַכאַם כאַים כיזקיִיאַהו מעדיני (אין צענטער) מיט זיַין מישפּאָכע. די פאָטאָ איז געמאַכט סאָף XIX יאָרהונדערט






קרימטשאקיש געפעס און צירונג (פון דער קאָלעק־
ציע אין לענינגראַדער מוזיי פון עטנאָגראַפיע)

אינעם גײַסטיקן לעבן פון די קרימטשאַקעס האָט א באַדײַטנדיקע ראָל געשפּילט דער כאַכאַם כאַיִם כיזקיײַאַהו מעדיני, אַן אָפּשטאַמיקער פון פּאַלעסטינע, וועלכער האָט אין 1866 זיך באַזעצט אין קאַראַסובאַ־זאַר, וווּהין מע האָט אים אײַנגעלאַדן אַף ראַבאָנעס און ווו ער האָט אין מעשעך פון 33 יאָר זיך פאַרנו־מען מיט פאַרשפּרייטן בילדונג. אים געהערן אַזעלכע ווערק, ווי „איור לי״ („די שײַן פאַר מיר״), „סעדיי כעמעד״ („פעלדער פּרעכטיקע״), א ריי לערנביכער אַף העברעיִש און קרימטשאַקיש, וואָס גיבן א פאַר־שטעלונג וועגן דעם לעבן און שטייגער פון די קרימ־טשאַקעס אין דער צווייטער העלפט פונעם XIX יאָר־הונדערט.

צווישן די נײַסטע ווערק, וועלכע וואַרפן א שײַן אַף דער געשיכטע פון די קרימטשאַקעס, ווי אויך פון א

ריי אַנדערע אַלטע קעהילעס, דאַרף מען אָפּמערקן דעם בוך „נידכיי יִסראָעל״ פון יִיצכאַק בען־צווי, וואָס איז דערשינען אין 1962 אין ניו־יאָרק.

אין לענינגראַדער מוזיי פון עטנאָגראַפיע געפינט זיך א רײַכע קאָלעקציע פון געפעס, קליידער, צי־רונג, וועלכע די קרימטשאַקעס האָבן גענוצט אין מעשעך פון לאַנגע יאָרהונדערטן. דאָס איז די איינ־ציקע זאַמלונג פון דעם מין אין דער וועלט. ס׳איז פּאַשעט צו באַוווּנדערן די קונסט פון די פאָלקס־מײַסטערס, וועלכע האָבן געשאַפן אַזעלכע ווערק.

א באַזונדערן אינטערעס רופן אַרויס די פּרויען־גאַרטלען מיט זילבערנע און באַגילדעטע ספּראָנטשי־קעס. די עלטערן פלעגן אַזעלכע גאַרטלען שענקען זייערע טעכטער צו דער כאַסענע.

אין אונדזער רעשוס געפינט זיך א קסובע פון א קרימטשאַקישער כאַסענע, אין וועלכער ס׳ווערט גע־זאָגט:

„דאָנערשטיק, אין 15־טן טאָג פון כוידעש עלעל, אין יאָר 5677 פון וועלט־באַשאַפונג, האָט דער האַר מעיִר, דער זון פונעם האַר יאַקאָ לאָמבראָזאָ, גע־זאָגט דער בסולע ראַכעל, דער טאָכטער פון דעם האַר יעשוואָ מיזראַכי: „זײַ מײַן פּרוי, און איך וועל פאַר דיר אַרבעטן, דיך שאַצן, האָדעווען און אויס־האַלטן, און געבן וועל איך דיר 200 זוז, און שפּײַז, און קליידער לויט די באַדערפענישן דײַנע, און איך וועל לעבן מיט דיר, ווי עס פּירט זיך אַף דער וועלט״. און געגעבן האָט די בסולע ראַכעל איר האַס־קאָמע צו ווערן זײַן פּרוי. און דעם נאַדן, וועלכן זי האָט געבראַכט פון איר פאָטערס הויז, סײַ אין זיל־בער, סײַ אין גאָלד, צירונג, קליידער, שטוב־זאַכן און גרעט — סאַכאַקל אַף 100 זעקוק אין ריינעם זיל־בער, — האָט גענומען דער האַר מעיִר, דער כאָסן, און האָט געזאָגט: „די זאָרג פאַר דעם נאַדן און פאַרן צוגאָב נעם איך אַף זיך און אַף מײַנע יאָרשים, קעדיי מע זאָל קאָנען אופמאָנען זיי פון מײַן פעסטן פאַר־מעגן און פון דעם אייגנטום מײַנעם, וואָס איך פאַר־מאָג, און אויך דאָס, וואָס איך וועל אײַנשאַפן שפּע־טער, זאָל דאָס זײַן א באַוועגלעך אָדער אַן אומבאַ־וועגלעך פאַרמעגן. דאָס אַלץ פאַרזיכערט דעם נאַדן און דעם צוגאָב, ניט אויסגעשלאָסן אַפילע די מאַל־בושים, וועלכע איך טראָג ווי לאַנג איך לעב און נאָך מײַן טויט — פון הײַנט און אַף שטענדיק״. און די אַכרײַעס פאַר אָט דעם נאַדן און פאַר אָט דעם צוגאָב האָט גענומען אַף זיך דער האַר מעיִר בען יאַקאָ לאָמבראָזאָ. און זיך אונטערגעכאַסמעט אונטער דעם אויבן פאַרשריבענעם און דערקלערטן האָט מעיִר, דער זון פון יאַקאָ לאָמבראָזאָ, דער כאָסן, לעטוויוועס דער האַרנטע ראַכעל, דער טאָכטער פון יעשוואָ מיזראַכי דער בסולע...״

דער פאָלקלאָר פון די קרימטשאַקעס איז קימאַט ניט אויסגעפאָרשט. און דאָס איז בעפּיירעש אַן אומ־לע, ווײַל הײַנט־צו־טאָג זײַנען פאַרבליבן געציילטע מענטשן, וועלכע געדענקען די פּרעכטיקע מעלאָדיעס און דעם טעקסט פון הונדערטער לידער, וועלכע פלעגן איבערגעגעבן ווערן פון דאָר צו דאָר. די מערהײַט אַלטע לידער האָבן א רעליגיעזן אינהאַלט און פאַלן צונויף מיט די לידער און טפילעס פון אַנדערע יידן, אָבער לויטן ניגון שיידן זיי זיך אונ־

טער פון די ספּאַרדישע, ראָמאַנישע, ווי אויך פון די קאַראַימישע. די קרימטשאַקישע ניגונים זײַנען נענטער צו אינדישע, אַראַבישע, פּערסישע.

פּריִער זײַנען אין פיל קרימטשאַקישע מישפּאָכעס געווען זאַמלונגען, געשריבן פון דער האַנט, אַזוינגערופענע דזשאָנקעס — מײַסעס, לעגענדעס, לידער, רעטענישן, שפּריכווערטער. אייניקע דזשאָנקעס האָבן לויט דעם אינהאַלט און פאַרשיידנאַרטיקן פאָלקלאָר־מאַטעריאַל געהאַט א שעם איבערן גאַנצן קרימער האַלב־אינדזל. אַזוי, לעמאָשל, זײַנען באַוווּסט די דזשאָנקעס פון סאַרע און כאַיִם פּורים (פעאָדאָסיע), פון באָכאַר טשאַפּיטשאַ (סימפעראָפּאָל), ק. מיזראַכי און ז. זענגין (קאַראַסובאַזאַר) און אַנד. אונדז זײַנען באַוווּסט בלויז צוויי פאַלן, ווען אייניקע מוסטערן פונעם קרימטשאַקישן פאָלקלאָר זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן. אין 1881 האָט די רוסלענדישע וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע אַרויסגעלאָזט א קאַראַימישע זאַמלונג „מעדזשומע", וווּהין עס זײַנען אַלפּי־טאָעס אַרײַנגעשלאָסן, באַנאַנד מיט קאַראַימישע מײַסעס און לידער, אויך אייניקע קרימטשאַקישע. דאָס צווייטע מאָל האָט ס. מ. שאַפּשאַל אין זײַן פּאָרטראַג, געהאַלטן דעם 26 פעברואַר 1915 אויף א זיצונג פון דער מיזרעך־אָפּטיילונג פון דער אימפּעראַטאָרישער רוסישער אַרכעאָלאָגישער געזעלשאַפט אין פעטערבורג, געבראַכט א קרימטשאַקישע מײַסע „וועגן דעם פּאַדישאַכס טאָכטער", וועלכע ער האָט פאַרשריבן אין 1911 אין קאַראַסובאַזאַר פון דער באַוווּסטער דערציילערן (א קרימטשאַקישע פרוי) טשאַפּיר סמאַפּיי.

עמעס, צוויי מאָל זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אייניקע קרימטשאַקישע פאָלקלאָר־מאַטעריאַלן שוין אין סאָוועטישן פּעריאָד, אָבער דאָס איז בלויז א טראָפּן אין יאַם.

אָט זײַנען עטלעכע קרימטשאַקישע זינג־לידער (אין דער יידישער איבערזעצונג פון כ. ביידער).

## דער נאָגיד און דער קאַפּצן

ניט בעכיפּאָזן און אויך ניט פּאַמעלעך —
א מײַסע פון לעבן דערציילן אײַך וועל איך.
נאָר הערן מע דאַרף זי, פאַרשטייט זיך, מיט קאָפּ,
אויב נימעס וועט ווערן אײַך — שטעל איך זיך אָפּ...

אָרעם מיט רײַכן, אוי, אָרעם מיט רײַכן
זיך קאָנען — אײַך זאָגן — געוויס ניט פאַרגלײַכן.
א נאָגיד אוואַדע מיט פערד און מיט וואָגן
דורך באַרג־רוקן קען, ווי א פויגל, זיך טראָגן.
א קאַפּצן — אויף וועג אויף א גלאַטן, פאַרקערט,
פאַרטשעפּעט זיך אָפט אין א הרודקעלע ערד.

דעם נאָגיד — כאַלוואַ און א גילדענע יויך,
וואָס קריכט שוין צוריק פונעם טרייפענעם בויך.
באַם קאַפּצן איז ליידיק און טרוקן די שיסל,
כאָטש גיב אים צו זעט מאַמעליגע א ביסל.

דער נאָגיד די קליידער די בעסטע באַשטעלט
פון טײַערסטן צײַג, וואָס איז דאָ אויף דער וועלט.
דער קאַפּצן פאַרמאָגט ניט אַפילו קיין שמאַטע
צו לייגן אויף בעגעד אויף אַלטן א לאַטע.

און שטאַרבט ער, דער נאָגיד, מע שטעלט אויף זײַן קייווער
פון מירמלשטיין שענסטן א גרויסע מאַצייווע.
באַגראָבט מען דעם קאַפּצן — זײַן קייווער איז וויסט:
קיין שטעקלקע וואַקסט ניט אַפילו אומזיסט.
אוי, אָרעם מיט רײַכן, אוי, אָרעם מיט רײַכן
זיך קאָנען — אײַך זאָגן — געוויס ניט פאַרגלײַכן...

## כ'האָב אין סאָד א רויז אַראָפּגעריסן

כ'האָב אין סאָד א רויז אַראָפּגעריסן —
שענקען זי מײַן ליבער כ'האָב געמיינט.
האָט א פײַער־שטראָם גענומען גיסן,
ס'האָבן בלעטעלעך מיט בלוט געוויינט.

רעפרען:
ניט די אויגן מײַנע, נאָר, אַפּאָנעם, —
ס'האַרץ אין ברוסט געוואָרן איז פאַרשטיינט.
סאָנים האָבן מיר געלאַכט אין פּאָנעם,
פרײַנט האָבן פון צאַר מיט בלוט געוויינט.

כ'האָב מײַן פידל אין דער האַנט גענומען —
שפּילן פאַר מײַן ליבער כ'האָב געמיינט.
איז א פײַער פּלוצעם אָנגעקומען,
יעדע סטרונע האָט מיט בלוט געוויינט.

רעפרען.

כ'האָב דעם טינטער אין דער האַנט גענומען —
אָנשרײַבן מײַן ליבער כ'האָב געמיינט.
האָט א פײַער־פלאַם גענומען זשומען,
ס'האָט די פען מײַנע מיט בלוט געוויינט.

רעפרען.

## הייל מיך אויס!

אוי, א בראָך צו מײַנע יאָרן —
וואָס איז שוין פון מיר געוואָרן!
גאָט מײַנער, אַזאַ מין שטראָף,
ווען זשע נעמען ווערט א סאָף?

רעפרען:
גאָט אין הימל, ביסט דאָך גרויס —
קום זשע, קום און הייל מיך אויס!

צו דעם וואַסער גרינע צווײַגן
נייגן זיך אין שטומען שווײַגן.
נעם מיך, שיפלער, פיר אַוועק,
ס'האָט מײַן ווייטעק ניט קיין ברעג.

רעפרען.

מײַן געליבטע, ווי א פויגל,
איז פון מיר אַוועקגעפלויגן,
אָפּגעקערט זיך האָט מײַן גליק —
ווו זשע נעמט מען עס צוריק?

רעפרען.

ווען כ'דערמאָן זיך אירע אויגן,
ווערט מײַן האַרץ מיט ווי פאַרצויגן.
שטייט אײַנמיטן וועג א שטיין —
פאַל איך צו אים צו און וויין.

רעפרען.

אויסגיין וועל איך אלע וועגן —
ווי זשע זוכן? וועמען פרעגן?
אף מײַן הארץ איר ברייוול ליגט,
וואָס זי האָט מיר צוגעשיקט.

רעפרען.

פרעכע בליקן, כויזעק־ווערטער
שטעכן מיך מיט שפּאַט־געלעכטער.
זײַן איך וואָלט א פיש בא אײַך —
אויסגעמײַדט כ'וואָלט אײַער טײַך.

רעפרען.

דיך דערזען, איך וואָלט דיר זאָגן:
בינד מיך צו צו דײַנע לאָקן.
אויב געדענקסט מיך, צו מײַן שטיין
זעץ זיך צו און מיך באוויין.

רעפרען.

די לעוואָנע ווערט אלץ בלאַסער,
און אין טײַך עס זידט דאָס וואַסער.
שענק מיר כאָטש א לעצטן בליק —
מער ניט קומען כ'וועל צוריק.

רעפרען.

וועלקט א קנאָספּ — ער ווערט פאַרדאַרבן.
קוק, ווי ס'גייט אוועק דײַן קאָרבן,
הער, ווי רופן, שרײַען וועט
פונעם קייווער מײַן געבעט.

גאָט אין הימל, ביסט דאָך גרויס —
קום זשע, קום און הייל מיך אויס!

## פון איינס ביז הונדערט

דאָס קינד, וואָס ווערט געבוירן בא דעם קנעכט פון גאָט,
אין ענלעך אף א בלום, וואָס שפּראָצט ארויס אין סאָד.

ווען אלט עס ווערט א יאָר און מאכט די ערשטע טריט —
ס'איז ענלעך אף א צווײַג, צו וועלכער פויגלען ס'ציט.

צוויי יאָר דעם קינד — פון קאַשע ס'קערט זיך אָפּ,
דרײַ יאָר — ס'ווערט שלאַנק, און הויך פאַרהייבט דעם קאָפּ.

פיר יאָר — אלץ פלינקער ווערט זײַן יעדער קער,
פינף יאָר — צעבליט זיך, ווי א רויז, אלץ מער.

צו זעקס — בא אים שוין בײַטן זיך די ציין,
צו זיבן — וויל זײַן שטעטל שוין אליין באשטיין.

צו אכט — באווײַזט די קראַפט פון הענט און פיס,
צו נײַן — ווי א לעוואָנע פולע איז.

צו צען — צעעפנט זיך, פונקט ווי אין סאָד א רויז,
צו עלף — נאָך מער די בונטע רויז וואַקסט אויס.

צו צוועלף — דאָס לעבן ברויזט אין אים און בליט,
צו דרײַצן — זײַנע ברעמען, ווי א בויגן, ער פאַרציט.

צו פערצן — נאַכעס פון אים טאַטע־מאַמע קלײַבט,
צו פופצן — ווער אים זעט, פאַרגאַפט שוין בלײַבט.

צו זעכצן — ס'איז זײַן ברוסט, ווי בא א ריז,
צו זיבעצן — א שלאַנקער, ווי א קיפּאַריס.

צו אכצן — שפּילט און קאָכט אין אים דאָס בלוט,
צו נײַנצן — וואָס ער וויל און דאַרף, ער ווייסט שוין גוט.

צו צוואַנציק — זײַן באשערטע קלײַבט ער אויס,
פונקט ווי א לייב, ער איז אי שטאַרק, אי גרויס.

צו פינף און צוואַנציק — שווערער ווערט זײַן אָל,
צו דרײַסיק — רויקער, געצוימטער וואָס אמאָל.

צו פינף און דרײַסיק — א באַאַרטער מענטש,
וואָס איז מיט כאָכמע און מיט פרײַנט געבענטשט.

צו פערציק — טיפע וואָרצלען לאָזט ער אין דער ערד,
צו פינף און פערציק — מער דאָס ווײַב ער הערט.

צו פופציק — שלאָגט ער זיך אלכעט פאַר זײַנע זינד —
שוואַך, ווי א צווײַגל אפן בארג אנטקעגן ווינט.

צו פינף און פופציק — קיינער שוין אף אים ניט קוקט,
צו זעכציק — אין די קני א שטומער ווייטעק צוקט.

צו פינף און זעכציק — נעפּלדיק די אויגן און פאַרשמאַכט,
א פוילער בוים, אף וועלכן סאָוועס זעצן זיך באנאַכט.

צו זיבעציק — ער איז שוין גרוי און אלט,
צו פינף און זיבעציק — קוים הענט און פיס ער האַלט.

צו אכציק — ווי א כאָלעם, אלץ פאַר אים פאַרגייט —
א פעלד א פוסטס, וואָס איז מיט שטויב פאַרוויט.

צו פינף און אכציק — נאָענט אים שוין רוק־און־לענד,
צו נײַנציק — ניט קיין ציין, און ניט קיין פיס, און ניט קיין הענט.

צו פינף און נײַנציק — אלץ אין אים צעשאָטן ווערט,
צו הונדערט, ענדלעך, — גלײַכט ער אויס זיך מיט דער ערד.

## די ליד פון א סאָלדאַט

„מאַמע מײַנע!" — רוף איך, —
אין זי פון מיר ווײַט.
„טאַטע מײַנער!" — רוף איך, —
האָט ער ניט קיין צײַט.
אין קאַזאַרמע לעב איך,
א פאַרשפּאַרטער הונט,
קיינער טוט ניט פרעגן:
„ווי איז דײַן געזונט?"

כ'האָב געזאָגט דיר — „אלעף",
כ'האָב געזאָגט דיר — „בייס",
וואָס האָסטו געפונען
אין מײַן רײדן בייזס?
אויב פון אלע טײַכן
וואָלט געוואָרן טינט,

ניט געקלעקט באשרײַבן
פון מײַן פּײַן אצינד.
ס'האָט זיך אויסגעצויגן
מײַן „אלעף”, ווי א שפּיז,
פון די לײדן אלע
כ'פאַל שוין פון די פיס.
ווו זשע ביסטו, מאמע?
טאטע, קום צו גײן —
אף מײַן וויסטן קײווער
לײגט מען שוין א שטײן.

מ'האָט קײן סימפעראָפּאָל
פון קאראסובאזאר
מיך געבראכט א יונגן,
דינען כ'זאָל דעם צאר.
באכטשיסארײַער פעלדער
זײַנען פונקט ווי סדאָם,
איבער זײ מארשיר איך —
„גאליעוואָ קרוגאָם!”

## „קום זשע אהער צו מיר, טײַבעלע!”

א יאָמטעוו אזא טרעפט אײן מאָל אין א יאָר —
רוים אוף זשע די קיך, מײַן טײַבעלע!
א בעריע דו ביסט, א כאכאָמע ביז גאָר —
איז מאך דאָס אפגיך, מײַן ווײַבעלע!
רעפרען:

קום זשע אהער צו מיר, טײַבעלע,
לאָמיר זיך קושן, זיך פרײען.
א טענצל איז כאפן, מײַן ווײַבעלע,
אויך גוט, ווען מיר זײַנען אינצווײען!

פון העל־רויטן ציץ מײַן קאפטאן איז גענײט
און מיט זילבער באצירט, מײַן טײַבעלע!
שאדכאָנים באגעג'נען דארף מען מיט פרײד,
ווי בא לײַטן זיך פירט, מײַן ווײַבעלע!
רעפרען.

עס פילדערן פויגלען — זײ בויען א נעסט,
ס'צעגײט שוין דער שנײ, מײַן טײַבעלע!
אוי, עמעצער קלאפט שוין — דאָס קומען די געסט,
באגעגן זשע זײ, מײַן ווײַבעלע!
רעפרען.

שאָלעם־אַלײכעם — און נאט אײַך מײַן האנט!
שאדכאָנים דאָס זײַנען, מײַן טײַבעלע!
איז לאָמיר מיט אלעמען ווערן באקאנט —
צעגיס די ווײַנען, מײַן ווײַבעלע!
רעפרען.

דעם פויק כ'האָב מיט קווײטן באצירט און באשײַנט—
אף דער כאסענע שפּילן, מײַן טײַבעלע!
מיט אײַך זיך מעשאדעך זײַן, טײַערע פרײַנט,
פון לאנג שוין מיר ווילן, מײַן ווײַבעלע!
רעפרען.

כ'האָב נאדן געזאמלט — סײַ קלײדער, סײַ געלט,
ס'איז ניט אף געלעכטער, מײַן טײַבעלע!
מיר האָבן די בעסטע געוויס אף דער וועלט
גראָטענע טעכטער, מײַן ווײַבעלע!
רעפרען.

כ'האָב מירמל א סאך — וועל איך נעמען די זעג
צו בויען א הויז, מײַן טײַבעלע!
אוי, זע נאָר — די קאלעס, פארפּוצטע אין וועג,
מע פירט שוין ארויס, מײַן ווײַבעלע!

קום זשע אהער צו מיר, טײַבעלע,
לאָמיר זיך קושן, זיך פרײען.
א טענצל איז כאפן, מײַן ווײַבעלע,
אויך גוט, ווען מיר זײַנען אינצווײען!

## די ליד וועגן דעם, ווי מ'האָט דערמאָרדעט מײַן פאָלק

ווען געשריגן וואָלט איך נעכטן, מאָרגן, הײַנט,
ווען נאָך יעדן אײנעם כ'וואָלט געגאנגען, ווי א שאָטן,
ווען צעשײדונג קעגן דעם וואָלט אויסגעזען, ווי גליק, מײַן פרײַנט, —
ווײסטו, ווי מײַן פאָלק מ'האָט אויסגעראָטן?

אוי, מערדער, איר שפּײַט אונדז אין פּאָנעם
און ווארפט אף אונדז אָן א שרעק,
מיר ווײסן, פאשיסטן־טאליאָנים,
וווּהין ס'פירט דער בלוטיקער וועג.

פון די סימפעראָפּאָלער פעלדער
האָט געשריגן מײַן פאָלק — זײַן געשרײ
האָט צעטרײסלט די בײמער אין וועלדער
און די בערג האָט צעוואָרפן אין ווײ.

די קינדער אומגליקלעכע האָבן
געצאפּלט בא מוטערס אין שויס,
מע האָט זײ צוזאמען באגראָבן...
באגראָבן. פארפאלן. און אויס!

גראָבט טיפער און ברײטער די גריבער —
קײן רעטונג ניטאָ איז שוין מער,
נאָר א בלוטיקן זײכער לאָזט איבער,
ווען מ'עט קומען אונדז זוכן אהער.

די שטראָף וועט די מערדער דעריאָגן —
כאָטש וויפל דאָס בלוט ניט פארוואש!
מײַן פאָלק, וועסט נאָך קויעך פארמאָגן
אף אופשטײן פון פײַער און אש?

קײן טאטע, קײן שוועסטער, קײן ברידער,
קײן מאמע, קײן קינד און קײן רינד —
אלײן, ווי אן עלנטער שפּליטער
פון א פאָלק כ'בין געבליבן אצינד.

אין פעלד אין פארוויסטן אינמיטן
איך שרײַ פונעם קײווער — איר הערט?
פארגעסט ניט, ווי מ'האָט אונדז פארשניטן,
אוי, פארשניטן, פארווישט פון דער ערד...

## קרימטשאקישע ווערטלעך

א הארץ איז ניט קײן טישטעך — פאר יעדערן וועסטו עס ניט אויסשפּרײטן.

•

פארקויף ניט די פיש, וועלכע שווימען נאָך אין יאם.

•

א שלעכטער מענטש עלטערט זיך פאר דער צײַט.

*

א שטעקן קאָן אין זאַק ניט קריכן.

*

איידער א מיעסער שעם, איז בעסער א שיינער טויט.

*

א ליגנער גלייבט ניט קיינעם.

*

א פויגל טוט דאָס, וואָס ער זעט אין זײַן נעסט.

*

בלויז דאַן די שיינקייט איז שיין, ווען זי איז פאַרן האַרצן ליב.

## רעטעניש

*

באַם היפּטל קרויט איין זײַט פאַרנייט,
אַף בלעטער — מורעשקעס צעזייט.

(א בוך).

*

מער פון טויזנט ברידער — ערגעץ וויַט צי נאָענט —
אַף א ברעט געשטאַנען זײַנען מיר פון אָוונט.
אָבער ווען באַוויזן האָט זיך דער באַגינען,
זײַנען מיר פאַרשוווּנדן — זוכן האָט קיין זינען.

(שטערן).

*

האָב איך מיר א קינד אָן איין־און־איינציקס,
האָדעווען מע דאַרף עס ניט און וויגן,
נעם איך אַף די הענט דאָס קינד מײַנס — וויינט עס,
לייג איך עס אַוועק — עס ווערט אַנשוויגן.

(א פידל).

*

פונעם דאַך — ניט ברוין, ניט רויט —
קוקט אַראָפּ א האַלבער ברויט.

(די לעוואָנע).

---

## כראָניק

### ניַע ביכער פון סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער

אין מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" זײַנען לעצטנס דערשינען פיר ביכער פון סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, צווישן זיי:

אין ייִדיש

שירע גאָרשמאַנס „לעבן און ליכט" (430 זײַטן) — א זאַמלונג נאָוועלן און גרעסערע דערציילונגען, וואָס בילדן די ציקלען „הײַנט", „מילכאָמע", „נאָך דער מילכאָמע", „פּרויען", „קאָמאַרן".

דאָס בוך האָט קינסטלעריש אויסגעפורעמט דער גראַפיקער וויקטאָר עלקאָני.

שיפרע כאַלאַדענקאָס „דאָס וואָרט". זעקס טעמאַטישע ציקלען פון לידער און באַלאַדעס זײַנען באַטיטלט מיט די נעמען „אונדזער קראַפט", „אין ווײַטן צאָפן", „און שטענדיק אַנטקעגן דו גייסט", „מילכאָמע", „קאָסמישע דײַגעס", „יעדער טאָג א דאַטע".

דאָס בוך פון 164 זײַטן איז קינסטלעריש אויסגעפורעמט פר־נעם גראַפיקער וו. לעווינסאָן.

אין רוסיש

צוויי ביכער פון ייִדישע אויטאָרן זײַנען לעצטנס ארויסגעגעבן געוואָרן אין א רוסישער איבערזעצונג: טעוויע געַנס ראָמאַן „אונדזערע צײַטן" (אין דער רוסישער אויסגאַבע איז דער ראָמאַן אָנגערופן «Стальной ручей») און בוזי מילערס זאַמלונג דערציילונגען „לויטערקײַט" («Ясность») אין דער איבערזעצונג פון ליליע גען.

ביידע ראָמאַנען זײַנען דערשינען מיט א טיראַזש פון 30 טויזנט עקזעמפּליאַרן.

הערש רעמעניק

# א קלאַסיקער פון קינסטלערישער פּראָזע

## שטריכן פון רעאַליסטישן סטיל

דאָוויד בערגעלסאָן איז נאָך אין זײַן ביזאָקטיאַבערישן שאַפן געקומען מיט נײַעם אידייִשן מאַטעריאַל, מיט נײַעם פּערסאָנאַזש און מיט א נײַעם אויפן פון שילדערן מענטשן און מענטשלעכע פּסיכאָלאָגיע. דאָס האָט געמוזט ברענגען אויך נײַע שילדערונגס־מיטלען — שפּראַך־פאָרמען, סטיל. בערגעלסאָן איז איינער פון די סאַמע דרייסטע און אָריגינעלסטע סטיל־נאָוואַטאָרס אין דער ייִדישער פּראָזע.

זײַן וויכטיקער אופטו אין געביט פון סטיל באַשטייט אין דעם, וואָס ער שאַפט א שטימונגס־אַטמאָספער, אין וועלכער עס אַנטפּלעקט זיך דער כאַראַקטער פונעם פּערסאָנאַזש. פאַר בערגעלסאָנען איז די שטימונג און דער אײַנדרוק, אלס רעזולטאַט פון א געוויסער געשעעניש, וויכטיקער, איידער די געשעעניש גופא. דער סיפּער־האַמײַסע, דער פאַקט, דער עפּיזאָד, די פאַרבינדונג צווישן פאַרשיידענע געשעענישן, די סוזשעטישע און פאַבולייאַרישע קעסיידערדיקײַט פון זייער אַנטוויקלונג — דאָס אַלץ איז ניט דאָס סאַמע וויכטיקסטע. דער אָדער יענער עפּיזאָד קאָן קומען פריִער אָדער שפּעטער. וויכטיקער פון אַלץ איז די רעאַקציע פונעם פּערסאָנאַזש אָף דעם געשעענעם, זײַן פרייד אָדער טרויער, זײַן געמיט־צושטאַנד. די געשעעניש גופא (דער טויט פונעם העלד, די ליבע, דער שידעך, דער קאָנפליקט) ווערט געשילדערט פאַרבײַגייענדיק און איז אונטערגעוואָרפן דעם הויפּט־ציל — דער שילדערונג פון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע. בערגעלסאָן איז דער שעפער פונעם פּסיכאָלאָגישן זשאַנער אין דער ייִדישער רעאַליסטישער קינסטלערישער פּראָזע — פונעם פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן און פון דער פּסיכאָלאָגישער דערציילונג.

דערמיט איז פאַרבונדן אַן אַנדער אייגנשאַפט פון בערגעלסאָנס סטיל — די לירישע עמאָציאָנעלקײַט פון בילד און וואָרט, וואָס פאַרכאַפּט דעם לייענער און פירט אים נאָך זיך ביזן סאָף. בערגעלסאָנס בילד און וואָרט אַפּעלירן צו די סאַמע פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פונעם מענטשנס וועזן, זיי באַרירן די דינסטע סטרונעס פון זײַן נעשאָמע און רופן אַרויס ציטערנדיקע אָפּקלאַנגען און וויבראַציעס פון די דאָזיקע סטרונעס. בערגעלסאָנס פּראָזע איז דיכטעריש און מוזיקאַליש.

פונדאַנען דרינגט, ווײַטער, אַרויס בערגעלסאָנס נייגונג צו דער קינסטלערישער דעטאַל. און ווידעראַמאָל דאַרף געזאָגט ווערן, אַז עס גייט א רייד ניט אַזוי וועגן דער שטייגער־דעטאַל, ווי וועגן דער פּסיכאָלאָגישער דעטאַל, וואָס דאַרף אַנטפּלעקן דעם אינערלעכן צושטאַנד פונעם פּערסאָנאַזש. בערגעלסאָנס פּסיכאָלאָגישע ליריש־עמאָציאָנעלע דעטאַל איז פונקציאָנעל שטאַרק און באַדײַטנדיק. זי שאַפט דעם מאָלערישן קאָלאָריט, די פאַרביקע טאָנאַלקײַט פון דער שילדערונג.

גאָר באַדײַטנדיק איז בערגעלסאָנס אופטו אין געביט פון ליטעראַרישער שפּראַך. ס׳וועט ניט זײַן איבערגעטריבן, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז בערגעלסאָן האָט געשאַפן א נײַעם שפּראַך־סטיל. מענדעלע, שאָלעם־אַלייכעם, פּערעץ האָבן אַרײַנגעפירט אין דער ליטעראַטור די שפּראַך פון די פאָלקס־מאַסן, זייער פילבאַריידעוודיקײַט, זייערע אינטאָנאַציעס. און טאַקע דערפאַר שפּילט דאָס רעדן אַזאַ באַדײַטנדיקע ראָל אין אַלע קאָמפּאָנענטן פון זייערע ווערק. באַזונדערס וויכטיק איז די ראָל פון דער שפּראַך בא די קלאַסיקער אינעם שאַפן א געשטאַלט, אין אַנטפּלעקן די אייגנשאַפטן און שטריכן פון כאַראַקטער.

די פּערסאָנאַזשן פון מענדעלעס, שאָלעם־אַלייכעמס, פּערעצעס ווערק רעדן מיט גאָט, מיט דער נאַטור, מיט זיך אַליין. דער רייד־שטראָם אַנטוויקלט זיך אָן אָפּשטעל אין דער פאָרם פון מאָסן־רעפּליקעס, מאָנאָלאָגן, דיאַלאָגן, ווערטלעך, אַפאָריזמען, אידיאָמאַטישע און פראַזעאָלאָגישע אויסדרוקן.

און דאָ איז געקומען בערגעלסאָן מיט אינגאַנצן א נײַעם רייד־נוסעך. ער האָט לאַכלוטן און אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן די באַריידעוודיקײַט סײַ פון די פּער־

סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7.

סאַנאַזשן, סײַ פונעם דערציילער גופע און האָט געשאפן א שטרענג־לאקאָנישע ליטעראריש־קינסטלערישע שפראך, וואָס שטייט אפן ניוואָ פון די סאמע אנטוויקלטע הײַנטצײַטיקע קינסטלערישע ליטעראטור־שפראכן. ער האָט געשאפן א נײַעם זאץ און א נײַעם זאצבוי, א קלאָרע, קורצע און דיסציפּלינירטע גראַמאַטישע און סינטאַקסישע זאץ־קאָנסטרוקציע, וועלכע דערלאָזט ניט קיין פארפלאָנטערטן שפראך־סטיל. בערגעלסאָנס קינסטלעריש וואָרט אנטהאלט אין זיך שטענדיק א טיפן זין און אזא מין טיפן אינערלעכן מיין, וואָס איז פארבונדן מיט שטרענגער פונקציאָנעלער אכרײַעס פונעם דאָזיקן וואָרט אינעם גאנצן קינסטלערישן געוועב פונעם ווערק.

ענדלעך, וועגן דיאַלאָג. בערגעלסאָנס דיאַלאָג שטעלט פאָר א גרויסן אינטערעס, ווײַל דאָ קאָן מען פעסטשטעלן אייניקע טענדענצן פון בערגעלסאָנס שפראך ביז און נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

אין דער דערציילונג „דער טויבער" זאָגט מענדל, וואָווע ביקס זון:

„— הער נאָר, דו ווייסט, וואָס מאקס נאָרדוי זאָגט?"

דער שרײַבער גיט דערבײַ זײַן קאָמענטאַר צו אָט דער רעפּליק: „און געמיינט האָט ער דערמיט, ווי אלעמאָל, דו ווייסט, וויפל איז אין א רובל פאראן קאָפּעקעס?"

דאָ ווערט דורך איין פראגע אופגעדעקט דער גאנצער טאָך פונעם מיזעסן, פארגרעבטן אופקומענדיקן בורזשואַ, גראָד ווען ער רעדט וועגן קולטור — וועגן מאקס נאָרדוי, ליגט בא אים אין זינען בלויז דער גאָלדענער קאלב. אין אזעלכע דיאַלאָגן איז אין א גרויסער מאָס אויסגעדריקט בערגעלסאָנס רעאַליזם, זײַן קריטיש־רעאַליסטישע שילדערונג פונעם גוויר.

אין „נאָך אלעמען" טרעפן זיך אויך קורצע דיאַלאָגישע רעפּליקעס, וועלכע דעקן אוף וועזנטלעכע שטריכן פונעם פערסאָנאַזש און טראָגן א שארפן סאָציאַלן כאראקטער. יאנקעוו־יאָסל, מירעלעס מעכוטן, וואָס גיט בא יעדער געלעגנהײַט צו וויסן, אז ער איז באַלעבאָס, אָט „דער מונטערער מעכוטן יאנקעוו־יאָסל האָט געטרונקען אזויפיל, מיט אזא אַקשאָנעס, גלײַך ער וואָלט וועלן פארטרינקען דעם געדאנק, אז ער האָט א שידעך געטאָן מיט א קאפּצן, וואָס האָט ניט לאנג אָנגעזעצט און פארמאָגט שוין ניט א פרוטע. אלעמאָל האָט ער דאָרטן מיט זײַן קרעפטיקן פויסט אפן טיש געקלאפט, פלעשער זײַנען אומגעפאלן און זיך צעגאָסן, דער הענגלאָמפּ האָט זיך געזעצט, און ער האָט נאָך אלץ געקלאפט, זיך אפילע איין מאָל ניט אומגעקוקט צו ר' געדאליען און געשריִען צו אוורעמל דעם ראָוו:

— ר' אוורעמל ראָוו, איך הייס טרינקען, גלײַך מיט מיר הייס איך טרינקען..."

די פונקציע פון אָט דער רעפליקע איז טאקע אונטערצושטרײַכן, אז אוורעמל דער ראָוו, פונקט ווי אלע אנדערע, מוז טאָן דאָס, וואָס דער רײַכער מעכוטן הייסט. ניט אומזיסט איז שוין אין דער איינער קורצער רעפליק איבערגעכאזערט אָט דער באפעלמאָדוס „איך הייס".

דער טאָן פון א הערשער פילט זיך בענעגייע צו אלעמען, אפילע צו דער קאלע, דער קומענדיקער שנור מירל הורוויץ:

„מירל!!! כ'הייס צוגיין אהער, הייס איך, מירל!!!"

און בערגעלסאָן גיט צו: „אָן עקלדיקן פארדראָס האָט דאָס שרײַען אין איר ארויסגערופן".

אזא דיאַלאָג איז אָבער ניט כאראקטעריסטיש פארן ראָמאן „נאָך אלעמען", פאר בערגעלסאָנס ביזסאָוועטישער שאפונג ביכלאל. אין „נאָך אלעמען" האָט בערגעלסאָן זיך קלאָל ניט געשטעלט קיין אופגאבע צו שילדערן אזעלכע קאָנפליקטן. דאָרט שפּילט ניט דער דיאַלאָג קיין באדײַטנדיקע ראָל. דעריקער איז ניט דאָס ריידן, נאָר דאָס טראכטן פון די פערסאָנאַזשן. דורך דעם טראכטן אנטפּלעקט זיך דאָס געשטאלט, און ניט דורך רייד. דער לייענער פון „נאָך אלעמען" איז אָן איידעס דערפון, וויאזוי דער דיאַלאָג הייבט זיך אָן און לעשט זיך אויס, ניט ווערנדיק פארענדיקט. עס איז ניטאָ צוליב וואָס צו פירן א שמועס. אלץ איז שוין באוווּסט, און פון די רייד קאָן גאָרנישט ניט ארויסקומען:

„דער קאסיר האָט זיך פון בענקל אופגעהויבן, איר נאָכגעגאנגען ביזן קאָרידאָר און זי דאָרט אָפּגעשטעלט:

„יאָ, ער האָט זי געוואָלט פרעגן... האָט ער זי געוואָלט..."

און וואָס ער האָט זי געוואָלט פרעגן — זאָגט ער ניט.

עס גייען ארום מענטשן, נאָר ריידן איז ניטאָ מיט וועמען און ס'איז ניטאָ וועגן וואָס: „ער איז א מייוון אף דער פוסטקײַט, וואָס דאָ אין שטאָט האָט צו הערשן אָנגעהויבן? ס'איז פּאָשעט נישטאָ מיט וועמען א וואָרט אויסצורײדן".

און אזוי אלע פערסאָנאַזשן — די אונטערגייענדיקע גווירים, די אופקומענדיקע נעגידים, די אינטעליגענץ — אלע שווײַגן און טראכטן. רעדן רעדט קיינער ניט.

גאָר אַן אנדער דערשײַנונג האָבן מיר שוין אין בוך „באם דניעפּער". דאָ רעדן אלע, און דער דיאַלאָג שפּילט שיר ניט די זעלבע ראָל, ווי בא שאָלעם־אלייכעמען. אין „באם דניעפּער", ווו בערגעלסאָן האָט זיך שוין געשטעלט א ציל אופצודעקן דורכויס שטייגערישע און סאָציאַלע קאָנפליקטן און ווידערשפּרוכן, ווו ער וויל ווײַזן אנטאַגאָניזמען און קעגנזאצן, ווו עס זײַנען געגעבן אף אַן אנדער אויפן די פריערדיקע פערסאָנאַזשן און עס זײַנען ארײַנגעפירט נײַע, — די פאָלקס־מאסן, — אָט דאָ איז שוין געקומען דער פאנאנדערגעוויקלטער דיאַלאָג, וועלכער איז שטענדיק צילגעווענדעט און פארשארפט, גיט שארפע כאראקטעריסטיקעס, רײַסט אראָפּ מאסקעס.

דער דיאַלאָג אין „באם דניעפּער" איז זייער פארשיידנארטיק. ער איז געווענדעט אף אויספילן פארשיידענע אופגאבעס, וואָס דער שרײַבער האָט זיך געשטעלט. מיר האָבן דאָ א דיאַלאָג, וואָס שאפט באשטימטע כאראקטעריסטיקעס קימאט פון אלע פערסאָנאַזשן, גיט איבער מאסן־פּסיכאָלאָגיע און שטימונגען, דעקט אוף באשטימטע באציִונגען פון איין סאָציאַלן שיכט צום צווייטן, דעריקער די באציִונג פון די קיך־מענטשן צום „הויז" און די באציִונגען צום זעלבן „הויז" פון די הינטערגעסלעך. דורך דיאַלאָגן ווערט אופגעריסן דאָס „הויז".

אָט איז א דיאַלאָג, וואָס גיט א געוויסע כאראקטעריסטיק מיכאָעל לעווינען.

זײַן טאָכטער צירל קומט צו אים נאָכן טויט פון איר מאַן און בעט בא אים מאַטעריעלע שטיצע.

— „טאַטע, איך גיי אויס...

צירלס קאָל אין טרערן:

— טאַטע, כ'האָב ניט פון וואָס א טאָג איבערצוקומען...

דער פאָטער ענטפערט דאָרט אין אָפּגעזונדערטן צימער:

— איז וואָס זשע קאָן איך טאָן? מיינסט, געלט וואַלגערט זיך בא מיר?.. איך קאָן דיר געבן ניט מער ווי א דרײַערל אף שאַבעס, ווי איך גיב יעשיִע פריידעס...״

און אָט וויִאַזוי עס ווערט כאַראַקטעריזירט דורך א דיִאַלאָג דער ייִכעסדיקער איידעם לעווינס, בעריש, וואָס וועגן אים הערט פענעק, — זײַן ייִכעס דערגייט אַזש ביז דאָוויד האַמעלעך. שיינדל קלאָגט זיך, אַז די גוראַלניע איז

„— נומער ערגער...

— דאָס עמעסע געשעפט... אַלערליי גוראַלניעס זײַנען הײַנט אין דער ערד מיט די ביינער. שוועל־בעלעך אף די ביימער ווייסן עס; אין גוראַלניעס האָט מען געמאַכט גליקן אַמאָליקע יאָרן. קאָלזמאַן מע האָט געקענט גאַנווענען גראַדן. זינט מע האָט אַרײַנגעשטעלט די נײַע אַפּאַראַטן, קען בעריש גאָרנישט מאַכן, ער קאָן ניט גאַנווענען קיין גראַדן...

פענעק — פול מיט ווונדער:

— הער נאָר... בעריש — דאָוויד האַמעלעכס אייניקל...״

פענעקס ווונדער באַפרײַט פון קאָמענטירן דעם דאָזיקן דיִאַלאָג. אַזעלכע דיִאַלאָגן, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם אַריסטאָקראַטישן גוויר, די פאָרשטייער פון דער ייִכעסדיקער גווירישער פאַמיליע, זײַנען צעוואָרפן איבערן גאַנצן בוך.

א פאָר בײַשפּילן, וויִאַזוי די צווישנבאַציִונגען פון קעגנזעצלעכע סאָציִאַלע שיכטן ווערן אויפגעדעקט דורכן דיִאַלאָג.

ראַכמיִעל ווענדעט זיך צו פענעקן:

„— זאָג דעם עמעס...

— א ראָסלפלייש, פונדעסטוועגן, עסטו דאָרט? אַ?.. כאַפּסט אַרײַן, גוטער ברודער... אַלע טאָג... אַ?..

ער פאַרקוועטשט די ציין און כאָרכלט:

— גוט צו עסן אַלע טאָג א ראָסלפלייש, אַ?.. גוט צו עסן... גוט צו עסן...״

יעשיִע פריידעס זאָגט צו מיכאָעל לעווין:

„— וואָס־זשע, איך קען דיך ניט?.. ביסט א גוויר... דו עסט בעדײַ אַליין ניט, קעדיי זאָלסט זיך אײַנריידן, אַז סע איז א קליינִיקײַט, וואָס א קאַפּצן האָט ניט וואָס צו עסן... איך קאָן דיך ניט?..״

נאַכמענס ייִנגל באָרעך זאָגט צו פענעקן:

„— גווירים עסן מענטשן־מאַרך... זיי קויפן עס אין אַפּטייק... אין אַזעלכע פאַרפּעטשאַטעוועטע סלאָיִקלעך...״

בוני די קעכן זאָגט וועגן פענעקן:

„— זעסט צי ניין?.. דערווײַל איז דאָס נאָך נישקאָשע, סע האָט נאָך א האַרץ, וואָרעם ס'איז ערשט אַלט ניט מער ווי צען יאָר... סע וועט אויסוואַקסן, וועט עס זײַן פּונקט אַזאַ ווערעמדיקס, ווי אַלע אין „הויז״...״

אין קעגנזאַץ צו דער ביזסאָוועטישער שאַפונג זײַנער, איז איצט בא בערגעלסאָנען דער דיִאַלאָג איינער פון די וויכטיקסטע קינסטלערישע מיטלען.

פון דער צווייטער זײַט, איז בערגעלסאָנס דיִאַלאָג אין „באַם דניעפּער״, האָגאַם א פאַרשפּרייטער און ברייט פאַנאַנדערגעוויקלטער, אָבער דאָך א דיסציפּלינירטער און געפּרעסטער, באַגלייט מיט שטענדיק טרעפלעכע און שאַרפע רעמאַרקעס פונעם שרײַבער, וואָס פירט דעם דיִאַלאָג אין דער אָנגעמערקטער ריכטונג.

דער דיִאַלאָג קאָן שפּילן א באַדײַטנדיקע ראָליע אינעם קאָנסטרויִרן א געשטאַלט, אָבער דאָס איז אָפּהענגיק דערפון, וויִאַזוי דעם שרײַבער גיט זיך אײַן צו אינדיווידואַליזירן און דיפערענצירן די שפּראַך פון די פּערסאָנאַזשן, אַרײַנצולייגן זיי אין מויל אַזעלכע רייד, וואָס זאָלן אַמפּולסטן אַנטשפּרעכן דעם און ניט קיין אַנדערן פּערסאָנאַזש, די שפּראַך זאָל דערגאַנצן די סאָציִאַל־פּסיכאָלאָגישע, פּראָפעסיִאָנעלע, נאַציִאָנאַלע, שטייגערישע כאַראַקטעריסטיק פונעם געשילדערטן פּערסאָנאַזש.

בא בערגעלסאָנען איז עס א קאָמפּליצירטע פראַגע. וויִאַזוי קאָן זײַן דיפערענצירט די שפּראַך פון די פּערסאָנאַזשן אין „נאָך אַלעמען״, ווען די פּערסאָנאַזשן ריידן קימאַט ניט? מיר ווייסן אָבער, אַז ניט קיין אַנדערער ווי בערגעלסאָן איז געווען און איז א גאָר גרויסער מײַסטער פון שילדערן אינדיווידואַליזירטע כאַראַקטערן און געשטאַלטן, און גראָד אין זײַנע ווערק האָבן מיר א גאָר הויכע שטופע פון געשטאַלטן־אינדיווידואַליזאַציע.

אָט די דאָזיקע פראַגע שטעלט מיט זיך פאָר א באַדײַטנדיקן אינטערעס פאַר דער פאָרשונג פון בערגעלסאָנס שפּראַך־סטיל, ווײַל בערגעלסאָן דערלייזט זי אף זייער אַן אייגנאַרטיקן אויפן.

ניט געבנדיק זײַנע פּערסאָנאַזשן קיין רייד און, נאַטירלעך, ניט קענענדיק אויך אַזויאַרום דיפערענצירן זיי, — דערגרייכט בערגעלסאָן אין „נאָך אַלעמען״ די אינדיווידואַליזאַציע ניט פון ריידן, נאָר פון שווײַגן. בא בערגעלסאָנען ריידן טאַקע ניט די פּאַרשוינען, זיי שווײַגן טאַקע, נאָר דאָס שווײַגן גופע איז בא זיי ניט קיין אַלציין שווײַגן, נאָר שטאַרק דיפערענצירט און אינדיווידואַליזירט, בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן ריידן ניט, נאָר זיי שווײַגן יעדערער אף זײַן אויפן. ווײַל עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן דעם שווײַגן פון מירעלע הורוויץ און וואָווע בורנעס, פון געדאַליע הורוויץ און זײַדענאָווסקין אאַוו.

אַמערסטן דיפערענצירט בערגעלסאָן דאָס שווײַגן פון זײַנע צענטראַלע פּערסאָנאַזשן פון „נאָך אַלעמען״ — פון די אונטערגייענדיקע און אויפקומענדיקע גווירים. דאָס שווײַגן פון א מירעלע הורוויץ צי פון איר פאָטער געדאַליע הורוויץ איז שטענדיק פאַרבונדן מיט טיפע אינערלעכע איבערלעבונגען, מיט טראַגיזם פון אויסגאַנגלאָזיקײַט, מיט אומרויִקער בענקשאַפט נאָך עפּעס דערהויבנס, נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס שטייט העכער פונעם גאַנצן אַרום. מירעלע איז „שטיל״, „אומעטיק״, „אָוולדיק״ אאַוו. דאָס באַטײַט, אַז די דאָזיקע פּערסאָנאַזשן ריידן ניט, ווײַל זיי זײַנען פאַרטראַכט, ווײַל זיי טרוימען וועגן איידעלע און דערהויבענע זאַכן, אָדער, אַז זיי זײַנען

אומרויִק און טיף אַנטוישט, און דעריבער ווילן זיי ניט ריידן.

גאָר אַן אַנדער מין שווײַגן באַמערקן מיר בײַ די אופקומענדיקע נעגידים. די דאָזיקע פּערסאָנאַזשן וואָלטן דאַפקע געוואָלט ריידן, נאָר זיי קענען ניט ריידן. זיי זײַנען אומקולטורעל, און די בעסערע פון זיי, ווי, לעמאָשל, וואָווע בורנעס, שעמען זיך נאָך צו ריידן, און זיי נעמען דעריבער אָן אַ „שווײַגנדיק־לײַטישן" אויסזען, וואָס דאַרף פאַרשטעלן זייער אומקולטורעלקײַט. דעריבער וועלן מיר אין „נאָך אַלעמען" באַגעגענען אין דער כאַראַקטעריסטיק פון אָט די פּערסאָנאַזשן, אַז זיי האָבן „געשטאַמלט". און אויב בענעגייע וואָווע בורנעס טרעפן מיר נאָך אַזאַ כאַראַקטעריסטיק, ווי „שווײַגנדיק", איז אָבער שטענדיק די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק באַגלייט מיט אַ צווייטן עפּיטעט „לײַטיש", און עס באַקומט זיך שוין ניט פּאָשעט „שווײַגנדיק" אָדער „שווײַגנדיק־פאַרטראַכט", ווי בײַ מירעלע הורוויץ, נאָר „שווײַגנדיק־לײַטיש". אין דעם שטעקט שוין אַ געוויסע איראָניע בענעגייע דעם „אויסגעיידלטן אַמהאָרעץ", ווי עס ווערט כאַראַקטעריזירט פּיל מאָל וואָווע בורנעסעס פאָטער.

אַזוי‌אַרום, ווערט אין „נאָך אַלעמען" פאַרביטן דאָס דיפערענצירטע ריידן פון די פּערסאָנאַזשן אויף דיפערענצירט שווײַגן. דאָס באַטײַט, אַז בערגעלסאָן פאַרבײַט דעם דיִאַלאָג מיט דעם, וואָס מע קאָן אָנרופן אינערלעכער מאָנאָלאָג.

אַנדערש איז די לאַגע מיט דיפערענצירטע רייד אין „באַם דניעפּער". דאָ האָבן מיר שוין אַ פאַנאַנדערגעוויקלטן דיִאַלאָג און פאַנאַנדערגעוויקלטע רייד פון אַלע פּערסאָנאַזשן, און דעריבער זעען מיר טאַקע אַ שטאַרק דיפערענצירטע און אינדיווידואַליזירטע שפּראַך. די פּערסאָנאַזשן פון „באַם דניעפּער" אַנטפּלעקן זיך זייער אין אַ גרויסער מאָס דורכן וואָרט.

יעשׁיִע פריידעס זאָגט: — „וואָרעם, לעמאָשל, אויב דו, מיכאָעל לעווין, טוסט מיר — יעשׁיִען, גוטס, ביסטו איין צאַד, און איך בין אַ צווייטער צאַד. און מיר, יעשׁיִען, וואָס דאַרף דײַן גוטס־טאָן, איז אַלצייִנס, צי דו טוסט עס פונעם מויעך אָדער פון האַרצן... וואַרט, וואַרט, ביסט ניט פאַרטיק?.. דאָס האָסטו איינמאָל אָוועק, וועהאַשייִניס — איכ׳ל דיר עס באַלד ווײַזן שוואַרץ אויף ווײַס — דו, וואָס דו ביסט רײַך און טוסט גוטס, צי דו ווילסט גוטס טאָן צי ניין? ווער האָט דיך דען אין זינען? וועמען גייסטו אָן?.. וואַרט... וואַרט... ווייסטו גאָר וואָס? גיב אַהער דעם מעדרעש טאַנכומע".

אין די דאָזיקע רייד דערפילן מיר גלײַך די אינטאָנאַציע פון אַ לאַמדן, וואָס פירט אַ וויקועך. אינעם „וועהאַשייִניס" און אין דער גאַנצער פאַרפלאָנטערטער פּראָזע מיטן איבערהאַקן זיך אַליין די רייד הערט זיך דאָס געזאַנג פון לערנען טאַלמוד און אַ יעשיוועבאָכערישע שפּאַרעניש.

גאָר אַנדערש זעען אויס די רייד פון שיינדל דער לאַנגער („אַ מאַקע איז מיר, כ׳דאַרף לויפן, ס׳וואַרטן אויף מיר געסט"), צי די רייד פון דער ייִדענע, וואָס פילט זיך אַזוי אונטערטעניק צום גוויר, אַז זי אירצט אַפילע דעם קליינינקן פּענעקן („ווען זיי זײַנען געבאָרן געוואָרן", „זייער מאַמע זײַנען ניט געווען צופרידן" אאַו.), די רייד פון די באַלמעלאָכעס, וואָס טרײַבן פּענעקן און פּאָנפּען דערבײַ („טראָג זיך אָפּ פונדאַנען, אַניט כאַפּסטו אין דער פּאָטיליצע" אאַו. אַדגל.).

אינעם דיפערענצירן און אינדיווידואַליזירן די שפּראַך פון די פּערסאָנאַזשן איז אין בערגעלסאָנס סאָוועטישער שאַפונג פאַראַן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג, וואָס איז אויך אַ רעזולטאַט פון דער נײַער אידעאָלאָגישער אָריענטאַציע.

די זעלבע סיבעס, וואָס האָבן געווירקט דערצו, אַז אין בערגעלסאָנס ביזסאָוועטישער שאַפונג האָט קימאַט געפעלט דער דיִאַלאָג, האָבן אויך געבראַכט צו דעם, אַז עס האָט אין זײַנע ווערק פאַרנומען אַן אומבאַדײַטנדיק אָרט דער מאַסן־פאָלקלאָר. בערגעלסאָן האָט אינעם ביזסאָוועטישן פּעריִאָד פון זײַן שאַפונג ווייניק געשילדערט די מאַסן; דעריבער האָבן מיר אויך ניט אין זײַנע ווערק זייערע רייד, זייערע זאָגענישן, כאָכמעס, לידלעך. אין אייניקע ווערק ווערט געגעבן די שילדערונג פונעם האָרעפּאַשנעם קליינבירגערטום. און דאָרטן טאַקע טרעפן מיר אויך די אָדער יענע שפּראַך־ענדערונגען אין שפּראַך־סטיל. עס הייבט זיך אָן אַ דירעקטער דיִאַלאָג און עס באַווײַזט זיך אַ געוויסער אַרט פאָלקלאָריזם. אַזוינע פאָלקלאָריסטישע „אַנטפּלעקונגען" האָבן מיר אין דער דערציילונג „דרויב" און אין אַ ריי אַנדערע.

אינעם בוך „באַם דניעפּער" טרעפן מיר ווידעראַמאָל דעם זעלבן „פאָלקלאָריזם", וואָס טראָגט שוין אָבער אַ זעלבסט־אופרײַסערישן כאַראַקטער:

„ראַכמיִעלן פאַרגלוסט זיך, הייבט ער אָן צו לערנען מיטן אוילעם די טײַטש־ווערטלעך אין מאַכזער:
אמרו לאלוהים — רעדט צום לאָמפּ.
גנזי נסתרות — גענדזענע סטרונעס".

אין „באַם דניעפּער" טרעפן זיך אָפּט שאַרפע שלאָגעוודיקע ווערטער און ווערטלעך פון די פאָלקסמאַסן, געווענדעט קעגן רעליגיע, קעגן גווירים, קעגן גווירישער לײַטישקײַט. אין „נאָך אַלעמען" איז קיין שפּור ניטאָ פון פאָלקלאָר, דאָרטן זײַנען די מאַסן אינגאַנצן ניטאָ, און ס׳איז ניטאָ קיין פאָלקלאָר.

דערפאַר טרעפט זיך אין „נאָך אַלעמען" אַ געוויסער מין ראָמאַנטישער עטנאָגראַפיזם, וואָס איז געצילט צו אידעאַליזאַציע פון דער אַמאָליקער פּאַטריאַרכאַלער גוויריש־אַריסטאָקראַטישער קולטור. אין יענעם פּעריִאָד, ווען בערגעלסאָן האָט געשריבן „נאָך אַלעמען", האָט ער גוט געוווּסט, אַז די מישפּאָכע הורוויץ איז פאַרורטיילט אויף אונטערגאַנג, אַז די דאָזיקע מישפּאָכע שטאַמט, לויט מירעלעס איידעס זאָגן, פון אַן אַלטן גערמאַנישן שטאַם, וואָס האַלט איצט אין דעגענערירן. דאָך איז זי, די דאָזיקע מישפּאָכע, באַשיינט מיט גרויסע קולטור־טראַדיציעס פון דוירעס. מירעלע הורוויצעס „וועלט־שמערץ" הענגט איבערן גאַנצן בוך, און דאָס ווערט אויסגעדריקט אין אַ באַשטימטער „עטנאָגראַפישער" ראָמאַנטיק פון אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דער קולטור פון די הורוויצעס. דאָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין בערגעלסאָנס שפּראַך־סטיל פון „נאָך אַלעמען". און ווי דער שרײַבער זאָל פילן אויף זיך אַ כויוו פאַר זײַן פריִערדיקן ראָמאַנטישן „עטנאָגראַפיזם", קערט ער זיך אינעם בוך „באַם דניעפּער" אום און גיט די זעלבע „עטנאָגראַפיסטישע" סיטואַציע, אָבער שוין גאָר אַנדערש;

די דאָזיקע „עטנאָגראפיסטישע ראָמאנטיק” ווערט אינגאנצן אופגעריסן. אין דעם קאָן מען זיך איבערצײַגן, ווען מע פארגלײַכט די שילדערונג פון צוויי אלציינע סיטואציעס, אין „נאָך אלעמען” און „באם דניעפער”. עס גייט א רייד וועגן א בילד פון דאווענען אין שול.

„אין דער לופט, וואָס איבער די קעפ, איז געהאנגען די מידע מוסעפדיקע שטימונג, ס׳האָבן געשוויצט אין דער הייך די געמויערטע ווענט פון דער קלויז, ס׳האָבן פון מיזרעך מיט א הייליקער שאבעסדיקער מידקײַט אראָפגעקוקט דער פארהאנגענער אָרנקוידעש, און פון דער הייך האָט נאָך אלץ געשימערט דעם שאמעס׳ פאָנעם, און געקלאפט האָט ער פאר יעדער טפילע, קעדיי די שטילקײַט צו פארגרעסערן” („נאָך אלעמען”).

„אין בעסמעדרעש — אָן א שיר פלעמעלעך פון וואקסענע ליכט — האָט מען אין נעפלדיקן טשאד געזאָלט אָנהייבן „קאָלנידרע”. פון ערגעץ א זײַטיק ווינקל האָט אלטער מייטעס — ניט מיט זײַן קאָל — הייזעריק און ווילד אויסגעקרייעט א פלוצעם־פוסט־געוואָרענעם פאָסעק. מע האָט צעפראלט די טירן פון א שראנק, וואָס מע רופט „אָרנקוידעש”; אין טאלעס און אין קיטל האָט יעשיִע פריידעס — דער גרײַזגראָער, מיט צאָרעס באוואקסענער — ווי אומיסטן צו שטארק א צי געטאָן צו זיך דאָס שנירל פונעם צווייטן פאָרויכעס, פארצויגן און א קוק געגעבן ארום זיך מיט כוצפע, ווי נאָך פארהייבן בא א ייִדענע דאָס קליידל” („באם דניעפער”).

אין „נאָך אלעמען” איז דער מאָמענט פון דאווענען דערהויבן, פײַערלעך, אין דער צײַט, ווען אין „באם דניעפער” איז דער זעלבער מאָמענט אראָפגעזעצט, ארונטערגעריסן. אין „נאָך אלעמען” הענגט איבער די קעפ „די מידע מוסעפדיקע שטימונג”, אין דער צײַט, ווען אין „באם דניעפער” „האָט מען אין נעפלדיקן טשאד געזאָלט אָנהייבן „קאָלנידרע”, דאָרטן, אין „נאָך אלעמען”, „האָט פון מיזרעך מיט א הייליקער שאבעסדיקער מידקײַט אראָפגעקוקט דער פארהאנגענער אָרנקוידעש”, און דאָ, אין „באם דניעפער”, „האָט מען צעפראלט די טירן פון א שראנק, וואָס מע רופט „אָרנקוידעש”; דאָרטן האָט „פון דער אלמעמאר־הויך נאָך אלץ געשימערט דעם שאמעס׳ פאָנעם”. און דאָ האָט „פון ערגעץ א זײַטיק ווינקל אלטער מייטעס — ניט מיט זײַן קאָל — הייזעריק און ווילד אויסגעקרייעט א פלוצעם־פוסט־געוואָרענעם פאָסעק”. און צו דעם אלעמען ווי א מין שלוסאקאָרד פון אופרײַסערישקײַט און פארשוועכונג קומט אין „באם דניעפער” צו צום סאָף דאָס בילד וועגן דעם, וויִאזוי „יעשיִע פריידעס — דער גרײַזגראָער, מיט צאָרעס באוואקסענער — האָט ווי אומיסטן צו שטארק א צי געטאָן צו זיך דאָס שנירל פונעם צווייטן פאָרויכעס, פארצויגן און א קוק געגעבן ארום זיך מיט כוצפע, ווי נאָך פארהייבן בא א ייִדענע דאָס קליידל”.

בא בערגעלסאָנען אין זײַן ביזסאָוועטישן שאפן איז קימאט ניט פאראן קיין עלעמענטן פון פאָלקלאָריזם און עס איז צו באמערקן א געוויסער עלעמענט פון עטנאָגראפיזם. דער דאָזיקער עטנאָגראפיזם איז געווען צומאָל אָן „עקאָנאָמישער” און צומאָל א „קולטורעלער”. אין „ארום וואָקזאל” אנטפלעקט זיך דער „עקאָנאָמישער” עטנאָגראפיזם אין ביינעש רובינשטײַנס ניט קענען זיך צופאסן צו די נײַע עקאָנאָמישע פארהעלטענישן, אין זײַן נאָגנדיקער בענקעניש, אין זײַן באציִונג צו די אופגעקומענע גראָבע אמעראצישע גווירים. אין „נאָך אלעמען” האָבן מיר דעריקער א מין „קולטור־עטנאָגראפיזם”, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם גאנצן עלעגישן פאָן, אף וועלכן עס ווערט געשילדערט דער אונטערגאנג פון די הורוויצעס. אין בערגעלסאָנס סאָוועטישן שפראך־סטיל קאָן מען זען א פארקערטע דערשײַנונג. עס ווערט קימאט אינגאנצן פארשוווּנדן דער עטנאָגראפיזם. און דאָרט, ווו ער קומט, איז נאָר צוליב דעם, ער זאָל וואָס שטארקער אופגעריסן ווערן. אנשטאָט דעם עטנאָגראפיזם קומט דער מאסן־פאָלקלאָר פון די האָרעפאשנע שיכטן.

דער פאָלקלאָר אין „באם דניעפער” טראָגט א פארשיידענעם כאראקטער. איין מין פאָלקלאָר — דאָס איז ווערטלעך פון די האָרעפאשניקעס, פון די קיכלײַט, פון ארבעטנדיקע אין די הינטערגעסלעך, אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט די פײַנטלעכע באציִונג צו די גווירים, און זיי זײַנען מערסטנטייל אָנגעפילט מיט סארקאזם און סאטירע. זיי זײַנען שטענדיק סאָציִאל־פארשארפט. יאנקל דער פורמאן זאָגט, ווען מיכאָעל לעווין האלט באם שטארבן: „אייסעך, ס׳איז ווי מע זאָגט: סע שטארבט דער רעבע, נאָר דער סידער מיטן טײַטל בלײַבן”.

א צווייטער מין פאָלקלאָר — איז ווערטלעך פון די האָרעפאשנע שיכטן, וואָס שילדערן די שווערע באדינגונגען און די אָרעמשאפט פון די מאסן. אָט די דאָזיקע ווערטלעך זײַנען מערסטנטייל דורכגעדרונגען מיט איראָניע און פארבאהאלטענעם כויזעק איבער זיך אליין. די אָרעמע מאסן שפעטן פון זייער אייגענער אָרעמקײַט. ראכמיִעל דער שוסטער זאָגט: „אוי, וויי איז מיר, וויי איז מיר — דער זומער־טאָג איז אזוי לאנג און דער ראָסל־פלייש — אזוי קורץ”. דער זעלבער ראכמיִעל דער שוסטער: — „סע נאָך א גליק, וואָס דו קנײַפסט די בולקע און ניט די בולקע קנײַפט דיך”.

און לעצטנס, אן אנדער מין פאָלקלאָר — ווערטלעך, וואָס באווײַזן מערסטנטייל די אָפגעשטאנענקײַט פון די מאסן. און זיי זײַנען אינעם בוך פאראנען זייער פיל און עפשער אפילע שוין צופיל. דער שרײַבער האָט דאָ אָן דעם נייטיקן טאקט אײַנגעפירט זידלערײַען קימאט אומעטום, ווו ער גיט א וואָרט די האָרעפאשנע מאסן.

„— גאָט זאָל דיך באשענקען מיט צען קינדער און מיט איין העמד.

— מיט די געדערים פון דײַן קינד זאָל מען מעסטן דעם בעסוילעם.

— עס זאָלן דיר ארויספאלן אלע ציין און עס זאָל דיר בלײַבן איין צאָן אף צאָן־ווייטעק”.

ס׳איז באוווּסט, אז ניט יעדער מין פאָלקלאָריזם אין א קינסטלעריש ווערק איז פראָגרעסיוו. עס איז פאראן רעליגיִעז־כסידישער און שאָוויניסטישער „פאָלקלאָריזם”. בא בערגעלסאָנען אין זײַן שאפונג איז קיינמאָל ניט געווען אזא מין פאָלקלאָריזם. נאטירלעך, אזוינס איז אוודע ניטאָ אין „באם דניעפער”. בערגעלסאָנס פאָלקלאָריזם פון „באם דניע־

פער״ איז אין דער גרעסטער טייל זײַנער אזא, וואָס דריקט אויס דעם אופוואכנדיקן פראָטעסט פון די מאסן קעגן דעם מיִעסן פארשקלאפטן לעבן. דאָס איז דער פאָלקלאָר, וואָס דריקט אויס די אידעאלן און טרוימען פון די מאסן וועגן א לעבן אף יעסוידעס פון פרײַהײַט און סאָציאַלער גערעכטיקײַט.

אָט די שטריכן פון בערגעלסאָנס סטיל באקומען זייער פולע פארגאנצטקײַט אדאנק דעם אייגנארטיקן לירישן און פסיכאָלאָגישן פייזאזש, וואָס גיט צו דעם גאנצן בילד נאָך א מער אָנגעזעטיקטן קאָלאָריט פון פוסטקײַט, אונטערגאנג, אויסזיכטלאָזיקײַט. דער פסיכאָלאָגיזם און ליריזם פון די געשילדערטע נאטור־בילדער האָבן א צווייענדיקע פונקציע און א צווייענדיקע באַדײַטונג. דער פייזאזש פילט אויס די פונקציע פון סאָציאַלער סימבאָליזאציע. די וויינענדיקע מאָרעשכוירעדיקע נאטור, דער בעאלאכסנדיקער רעגן, וואָס שמײַסט אָן אופהער אין די שויבן, די אומעטיקע הארבסטיקע פארנאכטן מיט די אומהיימלעכע ווינטן — דאָס אַלץ האָט געדארפט מאכן נאָך געדיכטער די פינצטערקײַט פונעם סאָציאַלן ארום, פארשטארקן דעם עלעמענט פון סאָציאַלער קריטיק און פארורטיילן דאָס אלגעמיינע סאָציאַלע אומרעכט:

„געשטאנען זײַנען דעמלט קורצע און וויינענדיקע כעשוון־טעג.

נאריש פארמאָרעשכוירעטע הימלען האָבן געמאכט פיסקעס און געוויינט, אף דער נאסער און שווארצער ערד קוקנדיק, קאוואַיאָכל א גויסעס באקלאָגט:

„ווײ איז אונדז... וואָס איז פון דיר געוואָרן...״

אָדער אין אן אנדער אָרט:

„טאָג און נאכט האָט שוין נאָכדעם געגאָסן דער רעגן, געגאָסן א רעגלמעסיקער און סטאם פארקשנטער, גלײַך ווי עמעצער וואָלט אים בעטן, ער זאָל אופהערן, און ער וואָלט נישט פאָלגן און אפצעלאָכעס זיך כאזערן: „וויל איך אזוי... וויל איך אזוי... וויל איך אזוי...״

ברודיקע הארבסט־טרערן זײַנען גערונען איבער די נאסע פארבלאָזע שויבן, זיך געשלענגלט פאמעלעך און פויל און ענדלעך אײַנגעזונקען אין די אײַנגעהויקערטע און נאסע קיך־ווענט.

ווער האָט די טרערן באדארפט?״

אָט דער פייזאזש באקומט אן אויסגעשפּראָכן סאָציאַלן אינהאלט, ווײַל באנאנד דערמיט ווערט געגעבן אן ענלעך בילד וועגן דער לאגע פון די אונטערדריקטע ארבעטער פון וואָווע ביקס מיל, די ארבעטער, וועלכע זײַנען געוואָרן א מעכאנישער צוגאָב צו די מאשינען:

„און דאָרטן, אין איינזאמען טאָל, וואָס ארויס דער שטאָט, האָבן שוין באם ביק אין מיל א קײַלעכדיקן מעסלעס די עלעקטרישע לאמטערנס געברענט, זיך טאָג און נאכט געלויכטן אין טיפּעניש פונעם גרויען נעפּל און ווי אויסגעמאטערטע געלע אויגן געוווּנקען צו דער נאָענטער כעשוונדיק־געפאלענער שטאָט:

„מיר מאָלן מעל... מיר מאָלן מעל...״

בערגעלסאָנס פייזאזש איז א וויכטיקער באשטאנדטייל פון זײַן רעאליסטישן און קריטישן סטיל, א דערשײַנונג פון הויכער קינסטלערישער מײַסטערשאפט, פון עכטער גרויסער קונסט. דאָס זײַנען גלענצנדיקע אָביעקטיווע בילדער. און צוזאמען דערמיט איז דער דאָזיקער פייזאזש דורכויס סוביעקטיוו. דערין באשטייט זײַן צווייטע פונקציאָנעלע באדײַטונג. בערגעלסאָנס נאטור־בילדער אנטשפּרעכן פולשטענדיק דעם פסיכאָלאָגישן צושטאנד און די שטימונגען פון די פערסאָנאזשן. דער מענטש ווערט „נאטוראליזירט״, ער „גיסט זיך צונויף״ מיטן פייזאזש, ווערט א טייל פון דער נאטור. און, פארקערט, די נאטור הייבט אָן באקומען אייגנשאפטן פונעם מענטשן („נאריש פארמאָרעשכוירעטע הימלען האָבן געמאכט פיסקעס און געוויינט״). דאָס איז א מין אייגנארטיקער פאנטעיִזם, א קינסטלעריש־פילאָסאָפישער אויסדרוק פון בערגעלסאָנס קריטישרעאליסטישן און אימפּרעסיאָניסטישן סטיל. די אָביעקטיווע און סוביעקטיווע פונקציאָנעלקײַט פון בערגעלסאָנס פייזאזש איז אן אָרגאנישע איינהײַט, וואָס פארכאפּט דעם לייענער מיט איר שטארקער עמאָציאָנעלער אופווירקונגס־קראפט.

אין סאָוועטישן פעריאָד בײַט זיך בערגעלסאָנס פייזאזש, ניט אָנווערנדיק אָבער זײַן פונקציאָנעלקײַט. דער שרײַבער פארשארפט איצט נאָך מער דעם סאָציאַלן אקצענט און דעם אידייִשן אונטערטעקסט פון זײַן פייזאזש־מאָלערײַ, פובליציסטיש קאָמענטירנדיק די נאטור־בילדער און אָנזעטיקנדיק זיי מיט שארפע טענער פון צאָרנדיקן פראָטעסט קעגן סאָציאַלן בייז און מיט זיכערער איבערצײַגטקײַט אין דער נאָענטער שטראָף פאר דער אומגערעכטיקײַט; דאָס „ווײַסע הויז״, די אלטע וועלט איז פארורטיילט:

„דענסטמאָל האָט די פינצטער אין דרויסן אָנגעהויבן אָנציִען ארום „הויז״ אירע אָנצאָליקע שווארצע פאלדן, טונקען אירע ברעגעס אין גערויש פון די נאָענטע אלט־צעוואקסענע אקאציע־ביימער — ביימער, וואָס שאָקלען און בייגן זיך מער, ווי זיי קאָנען, שרײַען, ווי פאר א וועלט־אומקום (מײַן אונטערשטרײַכונג — ה. ר.), קלאפּן מיט די צווײַגן אָן לאָדן, אָן בלעכענעם דאך — אן אומענדלעכע פינצטער״.

און באנאנד דערמיט קומען ליכטיקע, לעבנסלוסטיקע פרעכטיקע פייזאזשן, פול מיט זונען־שײַן, מיט העלער לויטערקײַט און מיט אָפּטימיסטישער פרייד:

„פונעם טײַכל, פײַערדיק־רויט, גרויס און פריש אויסגעוואשן, איז אף האלב ארויסגעשוווּמען די זון, — זי, די וועלט־קימפּעטאָרן, וואָס האָט זיך אליין געבאָרן — זי שטראלט און שײַנט מיט רויטן לעבעדיקן גליק, זי, וואָס אלע ריידן וועגן איר:

— די זון גייט אוף״.

אזא מעכטיקן לויבגעזאנג דער זון, אזא טריִומפאלע פרייד אין א נאטור־בילד איז אין בערגעלסאָנס ביזסאָוועטישע ווערק ניט צו טרעפן.

אָט די אלע אייגנשאפטן פון בערגעלסאָנס סטיל באווײַזן, ווי ווײַט דער שרײַבער איז אוועק פאָרויס אין זײַן אידייִשער אנטוויקלונג, ווי ראדיקאל עס האָבן זיך געענדערט זײַנע פאָרשטעלונגען, זײַן וועלט־אָנשויונג און ווי זיכער ער האָט זיך פארפעסטיקט אף די פאָזיציעס פון סאָוועטישן באנעמען און קינסטלעריש שילדערן די ווירקלעכקײַט.

דאָוויד בערגעלסאָנס ווירקונג אַף דער יִדישער סאָוועטישער פּראָזע איז נאָך ניט אויסגעפאָרשט אין דער קריטיק. עס איז אָבער פעסטגעשטעלט, אז די סאמע באַדײַטנדיקע יִדישע פּראָזע־מײַסטערס זײַנען פארבונדן מיט דער בערגעלסאָן־טראַדיציע. דאָוויד בערגעלסאָן איז דער אנערקענטער לערער פון די בעסטע יִדישע סאָוועטישע פּראָזע־שעפער.

בערגעלסאָן האָט דער ערשטער באגריסט איציק קיפּניסעס קומען אין דער ליטעראטור און האָט פעסטגעשטעלט זײַן, קיפּניסעס, פארבינדונג מיט שאָלעם־אלייכעמס קלאסישער טראַדיציע. איך שטעל דאָ ניט די פראגע וועגן בערגעלסאָנס ווירקונג אַף קיפּניסן ווי א ליטעראטור־היסטאָרישע פּראָבלעם. איך וועל דאָ ברענגען בלויז אן ארויסזאָגונג פון שלוימע ביקל אין זײַן ארטיקל „איציק קיפּניס”. מיט אָט דעם ארטיקל בין איך ניט מאסקים, ווײַל דער אווטאָר האָט, לויט מײַן מיינונג, ניט ריכטיק אנאַליזירט און ניט ריכטיק אָפּגעשאצט די שאפונג פונעם סאָוועטישן שרײַבער. עס פארדינט אָבער אופמערקזאמקײַט זײַן געדאנק וועגן בערגעלסאָנען און קיפּניסן.

שלוימע ביקל שרײַבט:

„אויב אין „כאדאָשים און טעג” האָט מען נאָך מיט מער־ווייניקער בארעכטיקונג (מיט ווייניקער, ווי מיט מער) געקאָנט רעדן וועגן א שאָלעם־אלייכעמדיקער האשפּאָע אַף קיפּניסן, איז אין „אונטערוועגנס” בוילעט און קלאָר, אז דאָוויד בערגעלסאָן, דער מעכאבער פון „נאָך אלעמען” און פון „אָפּגאנג”, האָט שרײַבעריש נישט געהאט קיין נעענטערן און געטרײַערן טאלמיד, ווי איציק קיפּניס, דעם אווטאָר פון „אונטערוועגנס”. עס איז זייער געמאָלט, אז בערגעלסאָנס געזונטער קריטישער כוש האָט שוין דעמלט אופגעכאפּט אין קיפּניסעס אויפן שרײַבן דעם בערגעלסאָנישן אראָמאט, און קיפּניס איז אים דערפאר געווען אזוי צום הארצן און ער האָט אים נישט געזשאלעוועט קיין לויב.

עס איז אין קיפּניסעס „אונטערוועגנס” פאראן א שטיק פון יענעם לירישן טרויער, וואָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר בערגעלסאָנס ביזסאָוועטישע ווערק און וואָס האָט זיך אויך נישט אויסגעוועפּט אין זײַנס אזא פּאָלנעם סאָוועטישן בוך, ווי „פּענעק”[1].

אין דער אויסלענדישער יִדישער קריטיק איז אויך פעסטגעשטעלט א באשטימטע ווירקונג בערגעלסאָנס אַף מוישע אלטמאנס פּראָזע. קעגן דעם וועט קיינער ניט דערווידערן. ווער עס האָט געלייענט אלטמאנס „בלענדעניש”, „די ווינער קארעטע”, האָט באמערקט אין די געשטאלטן פון אָט די ווערק א געוויסע קרויווּשאפט מיט בערגעלסאָנס העלד פון „ארום וואָקזאל” ביינוש רובינשטיין. עס פילט זיך אין אלטמאנס ווערק אן איבערוף מיט בערגעלסאָנען אויך אין לירישן סקעפּסיס, וואָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר ביידע שרײַבער.

וועגן בערגעלסאָנס ווירקונג אַף הערשל אָרלאנדס „הרעבליעס” האָט מען געשריבן ניט ווייניק, ווען דאָס ווערק איז דערשינען (1929). י. בראָנשטיין און ס. זשוקאָווסקי האָבן אונטערגעשטראָכן די בולטע טענדענצן פון אימפּרעסיאָניזם אינעם ראָמאן „הרעבליעס”. אין סטיל פון יענער צײַט האָבן די קריטיקער שארף קריטיקירט אָרלאנדן פאר זײַן פּסיכאָלאָגיזם, פאר צופיל אָפּגעבן אויפמערקזאמקײַט דער דעטאל און דער נאטור־שילדערונג, און טאקע פאר בערגעלסאָנס ווירקונג אַפן סטיל. די ראפּישע קריטיק האָט געהאלטן בערגעלסאָנס סטיל פאר א פרעמדן בענעגייע דעם שעפערישן מעטאָד פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור. י. בראָנשטיין האָט אפילע אָוועקגעשטעלט א פּאָלעמיש קעפּל צו זײַן ארטיקל וועגן אָרלאנדן: „קעגן ליימענע פּיפּקעס, קעגן קראָן־קריגעלעך”...

דאָוויד בערגעלסאָנס ווירקונג פילט זיך אויך אין מייער אלבערטאָנס ווערק. נאָך אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן, ווען עס זײַנען דערשינען „ביראָבידזשאַן” (1929), „פיאָדאָר זובקאָוו” (1930), „שאכטעס” (1931) און אנדערע, האָט די קריטיק פעסטגעשטעלט, אז אין אלבערטאָנס שאפן לאָזן זיך פילן שאָלעם־אלייכעמס און בערגעלסאָנס אײַנפלוסן. שאָלעם־אלייכעמס ווירקונג איז געווען פארצייכנט דעריקער אינעם הומאָר, וואָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר אלבערטאָנס סטיל, באזונדערס אין „ביראָבידזשאַן” און „שאכטעס”; בערגעלסאָנס אײַנפלוס איז אָפּגעמערקט געוואָרן אין אלבערטאָנס נייגונג צו פּסיכאָלאָגישער שילדערונג און דעטאלן־מאָלערײַ. ביידע סטיל־טענדענצן — די שאָלעם־אלייכעמישע און די בערגעלסאָנישע — זײַנען אין דער קריטיק באטראכט געוואָרן ניט ווי אן עקלעקטישער געמיש פון סטילן, נאָר ווי אן אָרגאנישע נאָוואטאָרישע סינטעטישע פארבינדונג מיט דער ליטעראַרישער טראַדיציע.

ס'איז באוווסט, אז דאָוויד בערגעלסאָן האָט באגריסט דעם יונגן נאָטע לוריע. זײַן ראָמאן „דער סטעפּ רופט” האָט דער גרויסער מײַסטער אופגענומען ווי א וויכטיקע דערשײַנונג אין דער יִדישער ליטעראטור. בערגעלסאָנען האָט אוואדע אימפּאָנירט דער געזונטער רעאליזם פונעם יונגן נאָטע לוריע, זײַן ציכטיקע לויטערע שילדערונג פון מענטשן און קאָנפליקטן און דאָס געשטאלט פון עלקע רודנער, וואָס איז א מין קאָנטראסט, לאָמיר זאָגן, צו מירל הורוויץ און דורך דעם, אומדירעקט, ערגעץ מיט הינטנארומיקע ליניעס, טאקע דורך קאָנטראסטן און קעגנשטעלונגען, — פּאָרט פארבונדן מיט איר, מיט מירל הורוויץ. איך מיין אפילע, אז אין שעפּטל קאָבילעץ האָט דאָוויד בערגעלסאָן מיסטאמע געפונען עפּעס קרויווישעס מיט זײַנע אייגענע פּאָלקס־געשטאלטן.

איך שטעל זיך דאָ ניט קיין ציל אויסצופאָרשן בערגעלסאָנס ווירקונגען אין דער הײַנטצײַטיקער יִדישער פּראָזע. עס איז קיין סאָפעק ניט, אז די שאפונג פון אונדזערע בעסטע הײַנטצײַטיקע יִדישע שרײַבער איז מיט צענדליקער אָפענע און פארבאָרגענע פעדעם געקניפּט און געבונדן מיט דער פרוכטבארער בערגעלסאָן־טראַדיציע, וואָס איז אזוי שעפעריש באַדײַטנדיק, ווי די טראַדיציע פון די אָוועס מענדעלע, שאָלעם־אלייכעם, י.־ל. פּערעץ.

● ● ●

[1] שלוימע ביקל. שרײַבער פון מײַן דאָר. צווייטער באנד. טעל־אביב, 1965, ז. 344—345.

מ ו י ש ע  מ א ר ג א ל י ן

# דאָס שטילע דיכטערישע וואָרט

אין סאָף 1972, ערעוו זײַן פופציקסטן געבורטסטאָג, איז פון אונדז אוועק דער דיכטער איטשע באָרוכאָוויטש. ניט קיין סאך צײַט איז פון יענעם טרויעריקן טאָג פאַרגאנגען, דאָך גענוג, קעדיי צו באטראכטן די ליטעראַרישע ירושה, וואָס באָרוכאָוויטש האָט איבערגעלאָזט, און זיך באמיִען אָביעקטיוו זי אָפּצושאַצן.

אין דער ליטעראַטור־קריטיק איז פאַרשפּרייט די מיינונג וועגן באָרוכאָוויטשן אלס א פּאָעט פון פילאָסאָפישן געדאנק. אזא מיינונג איז אין א געוויסער מאָס באגרינדעט. אין באָרוכאָוויטשעס ווערק פאַר די לעצטע יאָרן און ביכלאל אין א גרויסן טייל פון זײַן שאפונג שלאָגט זיך דורך די טענדענץ צו פאַרטיפטער באַדאכטקײַט.

מע דאַרף אָבער אין באָרוכאָוויטשעס ווערק ניט לאַנג זוכן, קעדיי צו געפינען אינטימע ליריק:

איך וועל קומען צו דיר אומגעריכט, ניט גערופן—
ווי פלוצעם דאָס הארץ טוט א פאַל צו א ריפּ,
ווי פלוצעם א צווײַג זיך צעוויגט אינדערלופטן,
ווי ס׳טוט דורך א וואָלקן די זון זיך א זיפּ.

איך וועל קומען צו דיר אומגעריכט, ניט
פאַרבעטן,
די פּיס זיך צעשנײַדן אין שאַרף פון דײַן בליק,
און ווערן פאַרבלענדט פון דײַן טרער פון דײַן
שפּעטער,
און שוין ניט געפינען קיין וועג אָפּ צוריק.

("סאָוועטיש היימלאַנד", 1965, נומ. 12)

ניט נאָר דער מאָטיוו, נאָר די גאנצע פּאָעטישע שטימונג דערמאָנען די גוט־באַקאַנטע ליד פונעם רוסישן דיכטער פעט „כ׳בין געקומען צו דיר דיך באגריסן", — אָבער די באאַרבעטונג פונעם מאָטיוו און איר סוזשעטישע אנטוויקלונג זײַנען בא באָרוכאָוויטשן גאנץ אנדערש: אָנשטאָט פעטס באוווסטלאָזן אויפברויז פון יונגן, פילזאָגנדיקן גליק, געפינען מיר בא באָרוכאָוויטשן דאָס קאָנקרעטע, צילבאוווסטע און טאַקע דערפאַר, — מער רעאליסטישמאטעריאליזירטע און איבערצײַגנדיקע.

באָרוכאָוויטש איז ביכלאל אין זײַן אינטימער ליריק ניט געגאנגען מיט אויסגעטראָטענע וועגן. ער האָט געזוכט נײַע פאָרמען, ריטמען און אינטאָנאַציעס און האָט ארויסגעוויזן א באזונדערן אינטערעס צום דערהויבענעם בילד, אין וועלכן עס פיגורירן מעכטיקע קויכעס פון דער נאַטור, וואָס פאַרקערפּערן דאָס שטאַרקע אין מענטשלעכן כאראַקטער. אין דעם זין איז ער, קענטיק, געווען באאײַנפלוסט פון דער בילדער־סיסטעם, וועלכע עס האָבן געשאַפן די פאַרגעשריטענע ראָמאַנטיקער פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. פאַר א מוסטער פון אזעלכע זוכענישן קאָן דינען די ליד „מיט דיר זיך זעגענען איז שווערער" (דאָרטן, 1966, נומ. 8):

...פון דיר, פאַרמישפּעטער אַף וואַנדער,
אין פוסטקײַט גרויליקער איך טרעט.
און קיינער, קיינער קומט צוהילף מיר,
ווען איך רײַס אָפּ פון הארץ פון מײַנס —
פון שטומען הארץ — דײַן הארץ דײַן הילכיקס,
ווי בליץ פון דונער ערעוו מײַ.
און אויס מיט פרילינג,
מיט געוויטער,
א סאָף צום שטערנדיקן גוס,
און ווי א כאָלעם —
אָדאָמס ציטער
אַף כאוועס בענקענדיקער ברוסט...

אין פולן איינקלאנג מיט אָט דעם אייגנאַרטיקן, דערהויבענעם סטיל האָט באָרוכאָוויטש אָפּטמאָל געשטעלט זײַן לירישן העלד פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דער אייביקײַט:

נאָר איך, און דו, און פלאַמען־ציטער
פון זון אַף הימלדיקן ראַנד,
און „אייביקײַט", וואָס ווערט צעשפּליטערט
מיט יעדן צאַפּל פון דײַן האַנט.

(דאָרטן, 1961, נומ. 6)

דער אייביקײַט־מאָטיוו איז דאָ געשילדערט אָרגאַניש און איז א באַווײַז פונעם דיכטערס שטרעבונג צו קאָסמישע מאַסשטאַבן פון דעם פּאָעטישן געפילן־אויסדרוק. דאָס זעלבע געפינען מיר אין אַנדערע זײַנע לידער, און ניט נאָר אין אינטים־לירישע:

אין גוירלדיקער שפּיל פון לעבן
מ׳האָט דיך מיט שטאַרקע הענט געבענטשט
און גאָרניט אין די הענט געגעבן.
איז נעם מיט זיי ארום די ערד,
פאַרוואַרף זיי צו די ווײַטסטע שטערן
און גלייב: עס האָט דײַן זײַן א ווערט —
ס׳קאָן נאָך די צײַט דײַן ליד דערהערן...

(דאָרטן, 1965, נומ. 4)

באָרוכאָוויטשעס נעטיִע צום אוניווערסאַליזירטן בילד איז אנטשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער קלאַסישער ירושה, וועלכע האָט געהאָלפן דער פאָרמירונג פון זײַנע קינסטלערישע געשטאַלטן. ניט קיין קליינע ראָל אין זײַנע „קאָסמישע" טענער האָבן בעלי־סאָפעק געשפּילט די מוסטערן פון דעם סטיל, וועלכע מיר געפינען אין דער רוסישער דיכטונג, קודעמקאָל בא טיוטשעוון. באָרוכאָוויטש בלײַבט אָבער געטרײַ זײַן אייגענעם שעפערישן גאַנג. די אזויגערופענע אוניווערסאַלע „אייביקע מאָטיוון" דרינגען דורך זײַן שאַפונג בלויז ווי אַן אופרעגנדיקער עלעמענט, וועלכער שפּײַזט זײַן אייגענעם פּראָצעס פון געדאַנק און עמאָציע און זײַן

אייגענע בילדערישע אויספאָרמירונג. זייער דרייסט האָט געזאָגט וועגן דעם באָרוכאָוויטש אַליין:

מע דאַרף מיך מיט קיינעם ניט גלײַכן,
איך בין פון אַן אַנדערן שניט:
אין פרעמדע געשפּיגלט זיך טײַכן —
דעם אייגענעם אויסזען פאַרהיט.

(דאָרטן, 1965, נומ. 12)

די אינטים־לירישע ווערק, פרײַע פון יעדער טענדענץ צו פילאָסאָפישע פאַראַלגעמיינערונגען, שטעלן מיט זיך פאָר אַ מערקבאַרן שטראָם אין באָרוכאָוויטשעס דיכטונג. מער ווי פיל אַנדערע פּאָעטן איז באָרוכאָוויטש געניגט צום צוריקגעהאַלטענעם, באַשיידענעם וואָרט, אונטער וועלכן ס'איז צו שפּירן די וועלט פון זײַנע איבערלעבונגען. זײַן אויסרוף „וואָס האָבן פאַר אַ זין די ווערטער אין גרויסער שווײַגעניש פון נאַכט, כוץ יענע, שטילע, ניט דערהערטע, און די, וואָס ניט אַרויסגעבראַכט" נעמען מיר אויף ניט אַלס פּאָזע אָדער ליטעראַרישע מאַניר. פון דער לידער־ירושה, וואָס איטשע באָרוכאָוויטש האָט אונדז איבערגעלאָזט, ווייעט מיט אופריכטיקײַט.

פונדאַנען טאַקע נעמט זיך די צניעס, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר באָרוכאָוויטשעס ליבע־ליריק:

אוועלכן קישעף מוז איך רופן
צוהילף, אוועלכן ווידערקאָל?
אַף וועמענס נאָמען זיך פאַרופן,
די ווײַעס אופהייבן זי זאָל?
אין האַרבסט אין שפּעטן אַ פאַרשפּינטע,
זי זאָל אַ ווײַלע בלײַבן שטיין...
ס'וועט דאַן פאַרזאַמען זיך דער ווינטער,
און רעגן אופהערן וועט גיין...

(דאָרטן, 1963, נומ. 4)

באָרוכאָוויטשעס ליריק איז פרעמד פּרעטענציעזקײַט אָדער פאַלשע פּאַטעטיק. קימאַט אַלע זײַנע לירישע לידער שאַפן דעם אײַנדרוק פונעם אויטאָרס שמועסן מיט זיך אַליין. אין דעם פּראָט זעצט פאָר באָרוכאָוויטש דאָוויד האָפשטיינס טראַדיציע: די זעלבע האַלבטענער מיט זייער אונטערטעקסט, וואָס פאַרדעקן דעם אינערלעכן געפילן־שטורעם אונטערן לעוווש פון צניעס.

די נאַטירלעכקײַט פון וועלט־אופאַסונג און די פּאַשטעס אין אָפּשפּיגלען די ווירקלעכקײַט האָבן באַדינגט די פאַרשיידנאַרטיקײַט פונעם סוזשעט אין באָרוכאָוויטשעס שאַפונג. „צײַט צו ליבן און צײַט צו פײַנט האָבן, צײַט פאַר מילכאָמע און צײַט פאַר שאָלעם" — די דאָזיקע אַלטע עמעסן האָט באָרוכאָוויטש גרינטלעך פאַרשטאַנען, ביפראַט אַז ער איז אַליין געווען אַן אַקטיווער אָנטײַלנעמער אין דעם גוירלדיקן בײַט פון צײַטן. באַם אָנהייב פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע איז דער דיכטער אַלט געווען אַכצן יאָר. דאָס איז געווען דער זמאַן פון בליִענדיקער יוגנט און פון דעם אַלעמען, וואָס די יוגנט דיקטירט. נאָר באָרוכאָוויטש האָט דעמלט אַלס סאָלדאַט פאַרטיידיקט דאָס לאַנד קעגן די דײַטשיש־פאַשיסטישע כאַיאָלעס: „מיר האָבן דאָס לעבן צעטיילט אַף פּריוואַלן. ס'איז קיִעוו געפאַלן און כאַרקאָוו געפאַלן. אין סקירדעס, ווו רעגן פאַרבלײַבט אַף מעסלעסן, מיר האָבן אַלץ נײַע אַדרעסן פאַרגעסן(...) מיר זײַנען געגאַנגען, געגאַנגען, געגאַנגען, און, יונגע, מיר וואָלטן אין עלטער פאַרגאַנגען, ווען ניט אָט די קאַרגע, די קורצע פּריוואַלן" („אין אַ גוטער שאָ", 1947, ז. 11).

דער קריג האָט געגעבן דעם דיכטער זײַן טעמאַטיק, זײַנע געשטאַלטן און פאַרבן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אומיטלבאַרקײַט און פּראָסטקײַט פון רעאַליסטישן געמעל. אין אויסערלעכן אַרום פאַרכאַפּן אים גײַסטרײַכע אומרוען, און דאָ שעפּט ער די קינסטלערישע מיטלען פאַר זייער שילדערונג. ווי באַ סראָוו פראָנט־דיכטער, וואָס האָבן געשריבן אין אויסעראָרדנטלעכע באַדינגונגען — אין שוצגראָבן, ערעוו דער אַטאַקע אָדער אין קורצע מינוטן פון איר איבערײַס — איז אויך באַ באָרוכאָוויטשן ניט טאָמיד אָפּגעשליפן דער פערז, ניט שטענדיק שליימעסדיק פאַרפולקומט דאָס בילד. דערפאַר איז דערגרייכט דאָס איקערדיקע: דער אָקאָרשט אופגעבליצטער רוישעם פון גיך פאַרשווונדענעם מילכאָמע־עפּיזאָד איז ניט געגאַנגען לעיִבעד, ער איז פאַרפיקסירט און פאַרייביקט געוואָרן: „מיר זײַנען אין האַרבסט אַרײַנגעקומען, געגראָבן זיך אין ערד מיט פינגער דאַרע, די גראָבע וואָרצלען מיט די ציין געריסן, עס זאָל דער אַקסל טיפער זיך פאַרקלײַבן". און ווײַטער:

ס'האָט דער דאָן געאָטעמט הינטער פּלייצעס,
ער האָט פון דעק זײַנעם געוואָלט אוועקגיין;
צו ווײַסע קאַלך־גריבער, צו שטילע ווייצן
געריסן זיך נאָך אונדז פון זײַנע ברעגן.

(דאָרטן, ז. 9)

דער דיכטער האָט פאָרגעזעצט שילדערן די אָביעקטיווע אומשטענדן פון צעבושעוועטן מילכאָמעהוראַגאַן, אין אים האָט שוין אָנגעהויבן רײַפן די שטרעבונג אַרײַנצוטראַכטן זיך אין אייביקן סאָד פון זײַן, וועלכער איז בלויז די אַנדערע זײַט פון ליבע צום לעבן. מע קאָן מאַסקים זײַן מיטן געדאַנק, אַז די ליריש־טרויעריקע אַקאָרדן פון יענע יאָרן זײַנען אָנגעהויכט פון די רעאַלקײַטן פון דער קריגסצײַט. נאָר אָט איז געקומען אַ סאָף צו דער מילכאָמע, באָרוכאָוויטשעס שאַפונג האָט זיך אָנגעפילט מיט נײַעם אינהאַלט, און פון אונטער זײַן פּען דערשײַנט פון צײַט צו צײַט אַלץ דער זעלבער מאָטיוו פון אומצופרידנקײַט מיט די באַגרענעצטע ראַמען פון מענטשלעכן זײַן: „דאָס לעבן וועט דויערן, דויערן אַפילע ווען פאַלן איך וועל, און שטילקײַט מײַן האַרץ וועט פאַרמויערן אין מיט פון דער שטוינענדער וועלט". דערמיט זײַנען פאַרבונדן די מאָטיוון פון טרויער און באַזונדערס פון שטילקײַט, וואָס פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין באָרוכאָוויטשעס דיכטונג:

איך עפן טיר־און־טויער
פאַר מײַנע ליבע געסט.
דער ערשטער קומט דער טרויער
אין האַנט אַ בינטל בעז(...)
ביז טאָג צעצינדט די ליכטער,
דער אומעט מיך באַגלייט.

(„סאָוועטיש היימלאַנד", 1966, נומ. 8)

אַף וויפל די דאָזיקע שטימונג איז געווען אַקשאָנעסדיק־סטאַביל, איז צו זען פון אַ ליד, וואָס

איז אין פּראַט פון אינהאַלט מער פּאַראַלגעמיינערנ־דיק:

א ווינט א וואַגלער קערט מיר אום דאָס קאָל,
אַז קיינער זאָל מיך ניט דערהערן,
מײַן איינזאַמקייט — מײַן שטענדיק וואַכער אַל —
נאָר מיר אַליין וועט הײַנט געהערן.
דער הימל וויגט זײַן שטערנדיקע בריק:
„פאַרלאָז די אָפּגעניצטע וועגן,
דו, מענטש, דו, פרײַנט, מיט טרויעריקע בליקן, —
דער וועלט וועט ליכט זײַן דײַן אַוועקגיין".

(דאָרטן, 1966, נומ. 3)

ס׳וואָלט געווען ניט ריכטיק צו באַטראַכטן די דאַזיקע, עמעס אָפּט איבערגעכאַזערטע, מאָטיוון אַלס אויסדרוק פונעם דיכטערס וועלט־אַנשויונג, אַלס זײַן אַני־מאַמין. מינאָרישע אַקאָרדן מיט זייער אויסער־לעך־פּעסימיסטישער טאָנאַליטעט זײַנען גאָרניט אַזאַ זעלטנהײַט אין דער וועלט־פּאָעזיע, נאָר זייער אָב־יעקטיווער זין איז ווײַט ניט איינדײַטיק.

באַרוכאָוויטש איז אין סאַמע ברען פון זײַן ליט־עראַרישער טעטיקייט פּסיכאָלאָגיש גאָר ווײַט גע־ווען פון מאַכן סאַכאַקלען, איבער־הויפּט — פון אָפּ־פרעגן די ווערט פון לעבן און זײַן. אַפילו די באַ־דײַטונגספול־קלינגענדיקע דערקלערונג: „ס׳דערגנ־ענטערט זיך די שאָ פון אונטערשטן סאַכאַקל — און אונטער מיר די ערד זיך טוט א וואַקל", וועלכע מיר געפינען אין ציקל „סאַכאַקל" (דאָרטן, 1972, נומ. 7), איז ניט מער ווי א שפּילעוודיקער רעמעז אויף דעם גיך־אָנקומענדיקן 50־יאָריקן געבורטסטאָג פונעם דיכטער, און דער רעמעז באַווײַזט דאָפּקע דעם הייפעך — באַרוכאָוויטשעס פעסטע צוגעבונדנ־קייט צום לעבעדיקן לעבן, אין וועלכן ער האָט געגלייבט ביזן לעצטן אָטעם.

דאָס בילד פון דער מילכאָמע־צײַט וועגן דאָן, וואָס אָטעמט און רײַסט זיך צו שטילע ווײַטן, איז ניט געווען קיין אויסנאַם־טרוים אין אַן אויס־נאַם־צײַט. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט דער דיכטער געהערט „דאָס געזאַנג פון א ווינט, וואָס זיך שפּרייט אויף א זאַנג, דאָס געזאַנג פון א זאַנג, וואָס זיך בוקט אויף דער ערד, דאָס געזאַנג פון דער ערד, וואָס די הילך האָט דערהערט". ער האָט לײַדנשאַפטלעך באַהאַנדלט די פּראָבלעם פון צווישנבאַציִונגען צווישן נאַטור און מענטש:

דער פרי אין גלאָק פון שטילקייט שלאָגט.
און זון מיט בלוי זיך מישן אײַליק,
און ווידער באַ דער ערד מײַן שײַלע
איך פרעג:
וווּ ערבין איך דיר? נו, זאָג?

(דאָרטן, 1971, נומ. 4)

דער דיכטער האָט געשטעלט די פראַגע און טאַקע אַליין אויף איר געענטפערט: „איך בין א קינד דער ערדס, א בוים אין וואַלד אײַרס, אַן אָפּצווײַג פון א צווײַג, אַן אָפּוועג פון א וועג".

אין א ליד, וואָס דער דיכטער האָט געשריבן אין יאָר 1967, לייענען מיר: „וואַרט צו א ווײַלע — א ווײַל ניט, טאָג! (...) כ׳האָב נאָך מיט פרייד זיך ניט פאַרזאָרגט, אַזויפיל דײַגעס ניט דערדרײַגעט, אַזויפיל — ביזן לעצטן שווײַגן — דער וועלט נעוויִעס ניט דערזאָגט!". מיט דער זעלבער ליד האָט דער אויטאָר אויפגעעפנט זײַן בוך (אין דרו־סיש) „דרײַ הונדערט ליבע־דערקלערונגען", און אונ־טערשטרײַכנדיק אַזוי אַרום איר וויכטיק, פּרינציפּי־עלע באַדײַטונג.

דער דיכטער האָט זיך ניט געהאַלטן פאַרן נאָווי, וועלכער וועט דער פּאָעזיע נײַע לוכעס ברענגען. אַדראַבע, ער איז ניט מיד געווען איבערצוכאַזערן זײַן איבערצײַגונג אין דער באַשיידנקייט פון זײַן דיכטערישער שטימע. „צו די אומשטערבלעכע כ׳וועל ניט געהערן, ניט זײַן כ׳וועל צווישן אויסדערווײַלטע זיגער" („סאָוועטיש היימלאַנד", 1966, נומ. 8); „כ׳ווייס, ס׳וועט מײַן אומרו ניט וועקן די וועלט, מײַן קאָל — ניט צעבויטען דעם הימלס געצעלט" (דאָרטן, 1969, נומ. 10) — אַזעלכע דערקלערונגען האָבן מיר געהערט פון באַרוכאָוויטשן ניט זעלטן, און דאָס אַליין איז געווען א גענוגנדיקער באַווײַז, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַניוועס, מיט אַן אופריכ־טיקן געפיל פון שטענדיקער אומצופרידנקײַט מיט דער דערגרייכטער מאַדרייגע פון קינסטלערישער שאַפונג. דערצו זײַנען געווען אויך אייניקע אָביעק־טיווע סיבעס. דער פילבאַרער כוש פונעם דיכטער האָט אים געדאַרפט אונטערזאָגן, אַז זײַן נייגונג צום פילאָסאָפישן באַנעם פון נאַטור און וועלט גיסט זיך אויס וועגן־ניט־וועגן אין הויל־רעפלעקטיווע ראַיוינעס, וועלכע ברענגען אַמאָל צו איבערכאַזערונגען פון אייגענע, שוין באַקאַנטע מאָטיוון.

דעם דיכטערס אומצופרידנקײַט מיט זיך אַליין איז ניט אָפּגעווירקט געוואָרן פון אויסן, און דאָס איז געווען פאַר אים א סימען־בראָכע. זי האָט אים ניט געלאָזט זיך באַרויִקן און האָט סטימולירט זײַנע אומפּהערלעכע, פיבערהאַפטע זוכענישן פון נײַע אַנטפּלעקונגס־פאָרמען. זײַנע באַמיִונגען אין דער ריכ־טונג האָבן געדויערט א גאַנצע לעבנס־צײַט: גאָר ניט לאַנג — א יאָר מיט עפּעס — פאַר זײַן טויט האָט באַרוכאָוויטש זיך געקלאָגט: „דער דאָרשט איז ניט געשטילט, די ליפּן זײַנען טרוקן (...) עס פעלט מיר קאַלטע בלוי פון הימלשע געפעסן (...) עס פעלט מיר הויכע רו פון וואָלקנדיקע צוגן (...) דאָס גראָז די פלייצע קילט, דער הימל בלויט מעסוקן, דער דאָרשט — אַלץ ניט געשטילט, ווי פרי׳ר די ליפּן טרוקן" (דאָרטן, 1971, נומ. 11).

די אַנטדעקונג פון נײַע אויסדרוק־מיטלען איז געווען אָפּהענגיק פון א נײַ־דעראָבערטער אינער־לעכער באַרײַכערונג, פון א קוואַליטאַטיוו־אויסגע־ברייטערטן קוק אויף דער גרויסער וועלט. מיר ווייסן שוין, ווי באַרוכאָוויטש האָט גוט געהערט די נאַ־טור — באַ אים איז בעלי־סאָפעק געווען אַנטוויקלט דער קויער־האַשמיִע. ער האָט אָבער, ווי יעדער קינ־סטלער, זיך געגײַטיקט קוידעמקאָל אין א שאַרפער ריִע — דעם וויכטיקסטן פאַקטאָר באַם באַהערשן די קונסט פון צעוויקלטן פּייזאַזש־בילד און — אין א ברייטערן אַספּעקט — דעם אומבאַדינגלעכן טנײַ פון דער פייִקײַט צו זען אומיטלבאַר די אַרומיקע ווירק־לעכקײַט, דעם מענטשן, זײַנע קאָמפּליצירטע אויפגאַבן און הויכע צילן. די דאָזיקע פּראָבלעם פון אייגענער פּאָעטיק האָט באַרוכאָוויטש גוט פאַרשטאַנען און אַנערקענט אין איינער פון זײַנע פרי׳ע לידער, אין וועלכער מיר לייענען צווישן אַנדערן:

כ׳האָב געוואָלט, פאַר זיך דאָס האַרץ זאָל לעבן,
האָט זיך עס פאַרליבט, זיך אָפּגעגעבן.
שריַי איך צו דער וועלט: דו טוסט ניט ריכטיק!
ענטפערט מיר די וועלט: אָט דאָס איז דיכטונג.
(„אין א גוטער שאָ", ז. 59).

די „וועלט" אין געגעבענעם קאָנטעקסט איז בלויז א בילדערישער איַינפאַל, וועלכער סימבאָליזירט דעם אוטאָרס אינערלעך קאָל, זיַין געוויסן און דורך לעבנס־דערפאַרונג אויסגעקריסטאַליזירטע פאָרשטעלונג וועגן אָרט פון מענטש און געזעלשאַפט, זיַינע היסכיַיוועסן און זיַין אכריַיעס — אַלע יענע לעבעדיקע אינסטינקטן פון א דיכטער לויטן באַרוף, וועלכע פאַרוואַנדלען אים אין א „פאָלקס־טריבון" און דיקטירן אים ניט „פאַר זיך דאָס האַרץ זאָל לעבן", נאָר „זיך אָפּגעבן", טאָמיד און באַדינגונגסלאָז זיך אָפּגעבן. באָרוכאָוויטשעס ליטעראַרישע טעטיקיַיט, באַזונדערס אין לעצטן יאָרצענדליק, האָט דעמאָנסטרירט, ווי נאָענט דאָס דאָזיקע געפיל איז אים געוואָרן:

אָ, מענטשן, זיַיט גליקלעך, ניט ווייסט פון קיין לייד,
אַלץ, וואָס איַיך קומט, זאָל צו איַיך בלויז געהערן —
פון ליכטיקן גורל (פון פריִער פאַרגרייט!)
ביז גלייביקן אויסגוס פון ליכטיקע טרערן.

און וויל וועט מיר זיַין, אויב אין איַיער ארום,
אין קריַיז אין געבענטשטן פון פעלקער און לענדער,
מיַין בליק מיַין פאַרבענקטער ניט אויסזען וועט קרום,
מיַין וואָרט מיַין פאַריאָסעמטס ניט קלינגען וועט פרעמדלעך.
(„סאָוועטיש היימלאַנד", 1969, נומ. 3)

די געבראַכטע ליד געהערט ניט צו די בעסטע אין באָרוכאָוויטשעס דיכטונג. זי בילדעט אויך ניט קיין שאַרפן קער אין זיַין טעמאַטיק. זי דינט בלויז ווי א מין שליסל צו אייגענע ווערק, ווי א פאָרמולע פון אופריכטיקער האָפענונג, אַז די שאַפונג פונעם דיכטער, אַן אויסגעגאָסענע אין אַזעלכע פאַרבענקטע „פאַריאָסעמטע ווערטער", וועט ריכטיק אופגענומען און פאַרשטאַנען ווערן אַלס דיכטונג, וואָס האָט אָף איר שטייגער און מיט אירע ספּעציפישע קינסטלערישע מיטלען אויסגעדריקט דאָס דיכטעריש־מענטשלעכע און דורך דעם דאָס אַלמענטשלעכע געפיל פון א זון פון אונדזער דאָר.

מיט יאָרן איז די דאָזיקע שטרעבונג ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. זי האָט אַלץ מער געוועלטיקט איבער דער שטימונג, אריַינגעדרונגען אין שאַפונגס־פּראָצעס און געזוכט בא דער אייגענער מוזע א טרייסטנדיקע טשוווע, וואָס זאָל צעשטרייען אַלע ספייקעס:

צי שטענדיק טיכטיק איז געווען דיַין פליכט
פאַר ציַיט און מענטש?
צי האָט דיַין האַרץ געפלאַטערט,
ווען ס׳פלעגט זיך אויסגעבן א יאָר ניט־זאַטער,
א גזאַר, אַן אומגליק אין א וויסטן טאָג?
דאָס פרעג איך זיך אַליין — מיט בלוטן־שלאָג
אין שלייף, אין מאַרך, אין קאַרבן פונעם שטערן...
. . . . . . . . . . . . . . . . .
כ׳האָב שווער געלעבט —
דער וועלט זאָל גרינגער ווערן.
(דאָרטן, 1972, נומ. 7)

דאָס „שווערע לעבן" פונעם דיכטער איז, קענטיק, באַשטאַנען אין די „ליידן פון וואָרט". באָרוכאָוויטש האָט וועגן דעם דערציילט, ווען ער האָט געשריבן: „די ערשטע שורע טאָמיד קומט אָן שווער, דאָס ערשטע וואָרט איז, ווי א מילשטיין, וואָגיק: דו קיַיקלסט אים אין ליד, און ער זיך ווערט — און לייגט זיך פּאָפּערעק"... די אַלע יעסורים ווערן ריַיך באַלוינט, ווען סאָפקאָלסאָף „עפּעס שוין פּאַסירט":

די וועלט זיך טוט א טוליע צו מיַין אַקסל,
מיט לייד און פרייד דעם דימיען מיר צעגליט,
און יענץ, דאָס ערשטע וואָרט, דער דולער אַקשן,
אַליין זוכט אָפּ דעם אָנהייב פונעם ליד.
(דאָרטן, 1971, נומ. 4)

אָט דאָ געפינען מיר דעם פּראַקטישן „קאָמענטאַר" צו ביידע עלעמענטן — דעם דיכטערס „שווער לעבן" און די „וועלט", וואָס זוכט, ס׳זאָל איר דורכן דיכטערס וואָרט דאָס לעבן „גרינגער ווערן". דער דאָזיקער דרייסטער מאָטיוו איז בא באָרוכאָוויטשן ניט קיין ניַיס. דער דיכטער פון באַשיידענעם „שטילן וואָרט" האָט געגלייבט אין זיַין פּאָטענציִעלן קויעך, וואָס וואַרט נאָר אָפן „געטלעכן פונק", און האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן וועגן דעם אָפן צו דערקלערן: די ליד, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „איך ווייס: איך בין אַזאַ, ווי אַלע", פאַרענדיקט זיך אַזוי:

נאָר פּרווו זיך ווער מיט מיר פאַרגליַיכן,
ווען ליד ריַיסט אוף מיַין שטומקיַיט, ווען
די וויַיטן הייבן אָן זיך שליַיכן
בא מיַינע אויסגעשטרעקטע הענט; (...)
ווען גאָר די וועלט מיט זאָרגן אירע,
אין פרייד און ליידן אָנגעטאָן,
מיַין פּעסטן אַקסל טוט באַרירן
און גלויביק שפּאַרט אָף אים זיך אָן.
(דאָרטן, 1962, נומ. 5)

אָפן ערשטן בליק קאָן זיך שאַפן דער איַינדרוק פון אַן אויסגעשפּראָכענעם אַלאָגיזם; אָבער ווען מע לייענט זיך אופמערקזאַם אריַין אין די דערמאָנטע לידער, געפינט מען דעם שיַיכעס צווישן עקזיסטירנדיקן מאַצעוו און די הייכן, צו וועלכע דער דיכטער האָט אָן אופהער געזוכט דעם וועג און האָט אין זיי פעסט געגלייבט. דער דאָזיקער פעסטער, ניט־וואַקלענדיקער גלויבן איז געווען א גאַראַנטיע פאַר קינפטיקע שעפערישע מעגלעכקיַיטן, וועלכע האָבן זיך אָנגעמערקט שוין דאַן, ווען באָרוכאָוויטש, ווי מיר האָבן שוין אויבן געשריבן, האָט זיך אָנגעהויבן מער אריַינקוקן אין דעם רוישנדיקן ארום און זיך נעענטער, אומיטלבאַרער שטעלן צו דער ארומיקער וועלט.

דאָס „נעוויַישע וואָרט", וואָס באָרוכאָוויטש האָט, לויט זיַין דערקלערונג, „דער וועלט ניט דערזאָגט", איז, אַלזאָ, געווען ניט קיין קאָנקרעטער ציל, נאָר דער אידעאַל פון העכערער פאַרפולקומונג, וועלכע דער דיכטער האָט זיך פאַרמאָסטן צו דערגרייכן, דער אידעאַל, וועלכער זעלבסט, אַן און פאַר זיך, דינט אַלס קוואַל פון ניַיע פּאָעטישע אַנטדעקונגען.

דעם דיכטערס טרוימען איז אָבער ניט באַשערט געווען פאַרווירקלעכט צו ווערן. דער גוירל האָט ארויסגעטראָגן זיַין ביטערע גזיירע — און די פּען איז ארויסגעפאַלן פונעם פּאָעטס האַנט.

■

**יויסעף קריוועלעוו**

**דאָקטאָר פון פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן**

# עס פאַלן אַראָפּ די פײַגן־בלעטלעך

(וועגן איינער א נײַסטער אויסגאבע פון דער ביבל)

**די ביבל איז א קולטור־היסטאָרישער דענקמאָל, א ווערטפולער קוואַל פון טיפן אוראַלטערטום. צוזאמען דערמיט איז די ביבל דער גרונט־דאָקומענט פון די עמונעס פון צוויי הײַנטצײַטיקע רעליגיעס — יודאַיזם און קריסטנטום.**

**די ביבל־פריידיקער פארשטייען די שוואַכקײַט פון זייערע פּאָזיציעס אין די באַדינגונגען פון אונדזער צײַט, זיי זעען, ווי שווער עס איז אויסצובאַהאַלטן פונעם מענטשן פון דער צווייטער העלפט פון XX יאָרהונדערט דעם ארכאַיזם פון די לעגענדעס און לערעס, מיט וועלכע עס זײַנען פול די ביבל־טעקסטן. די יודאַישע און קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן געפונען אן אויסוועג אין דעם, וואָס זיי טײַטשן די ביבל־טעקסטן ניט דירעקט, נאָר בעדערעך־מאָשל, אין א סאגי־נאָהער־שפראַך.**

**מיט יעדן טאָג ווערט אָבער אַלץ קלאָרער, אז די קירך און די סינאגאָגע וועלן לאַנג ניט קאָנען האַלטן זיך בא אזא מעטאָדאָלאָגיע. עס באַווײַזן זיך שוין סימפּטאָמען, אז די אָנהענגער פון דער רעליגיע הייבן אָן צוריקטרעטן פון זייערע פריערדיקע פּאָזיציעס. איינער פון אזעלכע סימפּטאָמען איז די נײַע קאַטוילישע ביבל־אויסגאבע, וואָס איז דערשינען אין מאַדריד אין 1972 אױף דער שפּאַנישער שפּראַך, „אונטער דער צענזור פון דער קירך", ווי עס ווערט אָנגעוויזן אינעם שמוצטיטל, א באַזאָרגטע מיט קאָמענטאַרן.**

**א „אומגעהערטע אַפּיקאָרסעס" טראָגט זיך שוין פונעם ערשטן קאָמענטאַר, ווו עס ווערט געגעבן אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פונעם ערשטן בוך פון כומעש — בערײשיס. לאָמיר דערמאָנען, אז אין אָט דעם בוך ווערט דערציילט, ווי גאָט האָט פאַר זעקס טעג באַשאַפן די וועלט און אינעם זיבעטן טאָג — שאַבעס — האָט ער גערוט; ווי ער האָט באַשאַפן פון ליים דעם ערשטן מענטשן און פון א ריפּ פון אָט דעם מענטשן האָט ער באַשאַפן די ערשטע פרוי; ווײַטער ווערט דערציילט וועגן אַדאַמס קינדער און קינדסקינדער ביז אַווראָהאָמען, ייִצכאָקן און יאַנקעוון, וועגן נויעכן און וועגן דעם וועלט־מאַבל. צו דעם אַלעם, — באַהויפּטן איצט די שפּאַנישע קירכלעכע קאָמענטאַטאָרן פון דער ביבל, — דאַרף מען זיך ניט באַציִען ערנסט.**

**וואָס אָנבאַלאַנגט דער מײַסע, ווי עס איז באַשאַפן געוואָרן די וועלט, זאָגן די קאָמענטאַטאָרן, „וואָלט געווען ניט ריכטיק צו ריידן דאָ וועגן וויסנשאַפט, ווײַל אָט די אַלע מײַסעס שטאַמען פון די פאָלקסבאַגריפן פון דער עפּאָכע". מע שעמט זיך, אָבער מע איז זיך מודה, אז די דערציילונג פון דער ביבל איז אויסגעזויגן פון די פינגער, זי האָט ניט צו טאָן מיט דער ווירקלעכקײַט, זי גיט בלויז איבער די לעגענדעס, וועלכע זײַנען געווען פאַרשפּרייט צווישן די פעלקער פון אַלטערטום. דאָס געזאָגטע האָט א שײַכעס אויך צום זעקסטאָגיקן גראַפיק פון וועלט־באַשאַף, וועלכן גאָט האָט שטרענג אָפּגעהיט, און צו זײַן אָפּרו אינעם טאָג פון שאַבעס: דער אווטאָר האַלט זיך דאָ, „צוליב רעליגיעזע צילן, בא ליטורגישע מאָטיוון, ווײַל ער וויל אונטערפירן א באַזיס אונטער דער ייִדישער וואָך". און טאַקע דערפאַר ווערט גאָטס האָרעוואַניע „קינסטלעך גרופּירט לויט די זעקס טעג".**

**אין דער צווייטער פּאַרשע פונעם בוך בערײשיס איז פאַראַן, ווי באַוווּסט, א נײַער וואַריִאַנט פון דער לעגענדע וועגן דעם וועלט־באַשאַף — נאָכדעם, ווי אָט די באַשאַפונג איז שוין באַשריבן געוואָרן אין דער ערשטער פּאַרשע. אינעם צווייטן וואַריִאַנט זײַנען געגעבן פּראָטים וועגן דער באַשאַפונג פון די ערשטע מענטשן, דעריבער ווײַזט אַרויס דער קאָמענטאַטאָר בענעגייע די דאָזיקע טעקסטן א באַזונדערע אַקטיוויקײַט. אז דער מענטש איז אויסגעפורעמט געוואָרן פון ליים, — שרײַבט דער קאָמענטאַטאָר, — דאָס איז א פּרימיטיוויסטישע קאָנצעפּציע, א פאָלקלאָריסטיש־אַביִיעַנטאַלע (שטאַמט פונעם אײַנפלוס פון דער אַרומיקער סוויווע. — י. ק.), זי לייזט ניט פאַרויס די פּראָבלעם, אז אין דער אָפּשטאַמונג פונעם מענטשן האָט געקאָנט שפּילן א ראָליע די עוואָליוציע. און ביכלאַל גיט די גאַנצע צווייטע פּאַר־**

שע פונעם בוך בערײשיס א דערצײלונג װעגן דעם באשאף אין „א פאָלקלאָריסטישן סטיל, און אַנטראָפּאָמאָרפישן און פּאָעטישן".

מיט דער ביבלישער באַהױפּטונג, אַז די ערשטע פרױ איז באַשאַפן געװאָרן פון אָדאַמס ריפּ, איז אױך ניט אַלץ קעשורע. דאָס דאַרף מען, װײַזט זיך אַרױס, פאַרשטײן „אַלס א ליטעראַרישע דראַמאַטיזירונג, אַלס א פאַבל, א מאָשל", װאָס איז אױסן „צו באַטאָנען די װירדע פון דער פרױען־נאַטור, אירע גלײַכע רעכט מיטן מאַנצבל און אין דער זעלבער צײַט איר אונטערגעאָרדנטקײַט צום מאַנצבל". אױסער דעם, אין די לעגענדע װעגן דער ריפּ באַרופן צו „באַרעכטיקן דעם הײַראַט־אינסטיטוט אַלס א פּרינציפּ, װאָס גײט אַרײַן אין גאָטס פּלענער". װי קאָן מען אָבער פאַרן די „מאָראַל פון דיזער פאַבל" מיט איר סוזשעט?!

נאָך אײן לעגענדע — װעגן דער ערשטער זינד פון אָדאָם און כאַװע. די דאָזיקע זינד איז דערקלערט געװאָרן אַלס סיבע פונעם גאַנצן ביאָלאָגישן און סאָציאַלן בײז, װאָס עקזיסטירט אַף דער װעלט. אָט דער כעט, דערקלערט די רעליגיע, איז שולדיק ניט בלױז אין דעם, װאָס דער מענטש שטאַרבט, װאָס ער לײַדט פון פאַרשײדענע קרענק, װעלכע פאַרדרימערן אים דאָס לעבן, אָט דער כעט איז אױך די סיבע פון די געזעלשאַפטלעכע אומגליקן, װי די קלאַסן־צעטײלונג און די עקספּלואַטאַציע, די מילכאָמעס, קאַטאַסטראָפעס אאַז״װ. קריסטוס איז געקומען אַף דער װעלט טאַקע צוליב דעם, קעדײ מיט זײַנע לײדן און מיט זײַן טױט אױסקױפן דעם כעט, און אױב מיט זײַן קומען צום ערשטן מאָל האָט ער דאָס געטאָן, אַזױ צו זאָגן, בלױז פּרינציפּיעל און פאַרלױפיק, װעט מיט זײַן צװײטן אָנקום די אױסקױפונג רעאַליזירט װערן פּראַקטיש — דאָס בײז אַף דער ערד װעט װערן ליקװידירט. לאָמיר, דערעך־אַגעװ, באַמערקן, אַז די אידעאָלאָגן פון דער רעליגיע אָפּערירן פיל מאָל מיט דער לערע װעגן דער ערשטער זינד אין זײער פּראָפּאַגאַנדע קעגן קאָמוניזם און סאָציאַליזם, זײ זאָגן: דאָס אױסקױפן די ערשטע זינד װעט דאָך קײן ראַדיקאַלע ענדערונג צום בעסערן אינעם לעבן פון די מענטשן און פון דער געזעלשאַפט ניט ברענגען...

אין שײַן פון די נײַע קאָמענטאַרן בלײַבט הענגען אין דער לופט די גאַנצע מײַסע מיט דער ערשטער זינד. אױך דער אײץ־האַדאַאַס (דער בױם פון קענטעניש) איז, לאָזט זיך אױס, ניט קײן אײץ (בױם), נאָר א „סימבאָל פון דער ליניע, װעלכע גאָט האָט אָנגעצײכנט און װעלכע צעטײלט דעם צוטריט צו דעם, װאָס מע מעג, און צו דעם, װאָס מע טאָר ניט". װעגן דער גאַנצער מײַסע מיטן אײץ־האַדאַאַס, װידער, װערט געזאָגט אַזױ: „די דאָזיקע דערצײלונג גיט א דערקלערונג װעגן דעם אָפּשטאַם פונעם פּיזישן און מאָראַלישן בײז און װי צו לײזן די דאָזיקע פראַגע פון טעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. דאָס איז דער גלױבן אין דער זינד, װאָס עס איז באַגאַנגען דער אורפאָטער, — באַגאַנגען מיט א מיטל, װאָס איז אונדז ניט באַװוּסט. אױך דער שלאַנג איז, לאָזט זיך אױס, גאָר קײן שלאַנג ניט, און אין װאָס איז באַשטאַנען די זינד, איז אומבאַװוּסט. אין אַלגעמײן איז דאָס א ליטעראַרישע דראַמאַטיזירונג, ניט קײן װאָרהאַפּטיקע געשיכטע. אפילו דאָס פײַגנבלעטל איז ניט װאָרהאַפטיק. אָט די שײנע דעטאַל װערט פאַרגעשטעלט בלױז אַלס עלעמענט פון „באַשרײַבן אין א פּאָפּולערער פאָרם די אָפּשטאַמונג פון צניעס".

קלאָר און פאַרשטענדלעך װערט אױסגעטײַטשט די געשיכטע מיטן מאַבל. „די ביבלישע דערצײלונג אַנטהאַלט אין זיך א סאַך מײַסעס, װאָס זײער שורעש דאַרף מען זוכן אינעם ראַיאָן פון מעסאָפּאָטאַמיע און װאָס רײדן װעגן א קאָלאָסאַלער קאַטאַסטראָפע, פון װעלכער עס האָט זיך געראַטעװעט בלױז אײן געזינד, װאָס איז געװען די געטער צום האַרצן". די ביבלישע לעגענדע װעגן דעם מאַבל װערט, אַזױאַרום, געשטעלט אַף אײן טאָװל מיט די לעגענדעס פון פיל פעלקער פון דער װעלט. דער קירכלעכער אױטאָר באַשטײט שױן מער ניט דערױף, אַז די מאַבל־לעגענדע איז אוניקאַל, אַז דעם מאַבל האָט אַרױסגערופן גאָט. ער האַלט אפילו ניט, אַז דער מאַבל איז געװען א װעלט־פאַרפלײצונג, װאָס דאָס װאָלט געגעבן די מעגלעכקײַט צו אױסנוצן זי אַלס היסטאָרישן יעסאָד פאַר דער מאַבל־לעגענדע. „די אוניװערסאַלע פאַרשפּרײטונג פונעם מאַבל דאַרף ניט פאַרשטאַנען װערן בוכשטעבלעך, מע דאַרף דעם מאַבל פאַרשטײן אין די ראַמען פונעם געאָגראַפישן װעלט־באַנעם פונעם אַגיאָגראַף". אין אַזאַ דערקלערונג איז װירקלעך פאַראַן א היפּשער טײל עמעס — דער װעלט־באַנעם פונעם אױטאָר פון דעם געגעבענעם ביבל־טעקסט איז טאַקע געװען באַגרענעצט מיט די ראַמען פון דער אומגעגנט, װעלכע ער האָט געזען.

די נײַנטע פּאַרשע פון בערײשיס װערט אָפט אָנגערופן „עטנאָגראַפישע" — דערפאַר, װײַל אין איר װערן איבערגערעכנט נױעכס אַלע קינדער און קינדסקינדער — די גאַנצע רײ דױרעס, פון װעלכע „עס שטאַמען די פעלקער פון דער װעלט, װאָס זײַנען אױפגעקומען נאָכן מאַבל". אַנדערש גערעדט, דאָ װערן איבערגערעכנט אַלע פעלקער פון דער װעלט. און די אידעאָלאָגן פון דער קירך מאַטערן זיך שױן לאַנג, װיאַזױ אַן אײצע געבן זיך דערמיט, װאָס אין דער רעשימע, װעלכע גאָט האָט צונױפגעשטעלט, האָט ניט געקלעקט קײן אָרט פאַר די פעלקער פון אַמעריקע און אױסטראַליע, פּאָלינעזיע און צאָפןאַזיע און פאַר א סאַך אַנדערע. דער אוראַלטער ײִד, װאָס האָט אָנגעשריבן דעם אַנטשפּרעכיקן טעקסט, האָט געמעגט ניט װיסן װעגן אַלע פעלקער, אָבער גאָט דער אַלצװײסער — װיאַזױ האָט ער געקאָנט ניט װיסן? אין די קאָמענטאַרן, װעלכע מיר באַטראַכטן, װערן די יעדיעס, װעלכע גאָט האָט אונטערגעטראָגן מיט זײַנע אַלצװיסנדיקע אױגן, כאַראַקטעריזירט אַזױ:

„די דאָזיקע עטנאָגראַפישע טאַבעלע איז ניט פול, נאָר באַדינגלעך. זי אַנטשפּרעכט די רודימענטאַרע קענטעניש פון דער עפּאָכע. די עטנאָגראַפישע קלאַסיפיקאַציע איז ניט װיסנשאַפטלעך, און אײניקע פעלקער־מישפּאָכעס מישט זי איבער גאַנץ װילקירלעך".

די אוראַלטע פּאַטריאַרכן — פון אָדאָם־האָרישן ביז אַװראַהאָם־אָװינו — פאַרלירן אין דער באַשרײַבונג פונעם קאָמענטאַטאָר יעטװידן היסטאָרישן באַטײַט. „אָט די גענעאַלאָגישע רעשימע פון די פאַרמאַבלדיקע

פאטריארכן איז א קינסטלעכע און ניט פולע. די עלטערס זײַנען ניט וואָרהאפטיק, און די לענג פון דער רעשימע אנטשפרעכט דער נייטיקייט צו פארנעמען די פוסטע ערטער אין דער געשיכטע מיט פערסאָנאזשן, וועלכע שווימען ארויס אין דער טראדיציע אָן געאָגראפישע און כראָנאָלאָגישע קאָנטורן". אנדערש גערעדט, אלס געשיכטע דארף מען דאָס אלץ פאָשעט אויסמעקן.

פיל טויזנטער זײַטלעך האָבן די יודאִישע און קריסטלעכע טעאָלאָגן אָנגעשריבן וועגן די אסערעס־האדיברעס, באהויפטנדיק, אז בלויז די ביבל האָט געגעבן דער מענטשהײַט זיטלעכע נאָרמעס, און באטאָנענדיק, אז דער קוואל פון די דאָזיקע נאָרמעס (לוי סירצאך — זאָלסט ניט הארגענען, לוי סיגנויוו — זאָלסט ניט גאנווענען אאוו.) איז געוועזן גאָט אליין. אין צוזאמענהאנג דערמיט שרײַבט דער קאָמענטאטאָר: „דער דעקאלאָג (די אסערעס־האדיברעס. — י. ק.) האָט אין זײַן גרעסטן טייל פאראלעלן אין דער געזעצגעבונג פון די אוראלטע פעלקער, ווו זיי זײַנען אויסגעדריקט אלס א נאטירלעך געזעץ... צוליב גרעסערן אוטאָריטעט האָט מען געהאלטן, אז יאהווע האָט אָנגעצייכנט פאר מוישען אָף א שטיין די פונקטן פונעם דעקאלאָג מיט דער אייגענער האנט. האמוראביס קאָדעקס איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן דורך שעמעשן (דעם באָווילישן גאָט פון זון. — י. ק.) דעם גרויסן קייסער פון באָוול. דאָס איז אין העסקעם מיט די טעאָקראטישע באגריפן פון דער עפאָכע".

טראקטירנדיק די מערהײַט ביבלישע דערציילונגען וועגן דער געשיכטע פון יִסראָעל, שטייט דער קאָמענטאטאָר אָף דער פאָזיציע, אז א היפשן טייל פאקטן פון דער דאָזיקער געשיכטע האָבן אויסגעטראכט די פריסטערס און טעאָלאָגן, וועלכע האָבן טיילווײַז אויסגענוצט די פאָלקלאָריסטיש־מיטאָלאָגישע סוזשעטן, וואָס זײַנען געווען פארשפרייט צווישן די פעלקער פון אלטערטום. „דער פאקט, וואָס פיל דעטאלן פון דער דערציילונג זײַנען ניט וואָרהאפטיק, צווינגט צו טראכטן, אז דאָס איז ניט קיין געשיכטע, נאָר א ליטערארישע פיקציע, וואָס מיט איר הילף האָט מען געפרייידיקט די טעאָלאָגישע אידייִ".

דער עצעם באגריף „ניט וואָרהאפטיק", מיט וועלכן די טעאָלאָגן אָפערירן, זעט אויס אין דעם פאל מאָדנע. אויב ריידן וועגן דער וואָרהאפטיקייט אָדער ניט וואָרהאפטיקייט פון דער אָדער יענער סיטואציע, האלטנדיק זיך בא די נאטירלעכע געזעצמעסיקייטן און בא די געזעצן פון דער נאטור, דארף מען דאָך יעדן נעס אָן שום וואקלונג אנערקענען פאר ניט וואָרהאפטיק. אָבער אָף אזא פאָזיציע שטייען מיר, די מאטעריאליסטן־אטעִיסטן. די גאנצע רעליגיעזע דאָגמאטיק און די גאנצע טעאָלאָגיע, וואָס איז אָף איר געגרינדעט, באזירן זיך גראָד אָף דער פאָרשטעלונג, אז גאָט טוט ניסים, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע געזעצן פון דער נאטור. אָפלייקענען די מעגלעכקײַט פון ניסים הייסט אָפלייקענען די עקזיסטענץ פון א וועלט, ווו עס קומען פאָר איבערנאטירלעכע דערשײַנונגען, און דאָס איז אלציינס, ווי אָפזאָגן זיך פון דער רעליגיע. אויב אונדזער קאָמענטאטאָר וואָלט געווען קאָנסעקווענט און ארויסגעוואָרפן פון דער ביבל ביכלאל אלע איבערנאטירלעכע עלעמענטן, וואָלט ער געוואָרן אויס טעאָלאָג, אפילע אויס גלויבנדיקער. אָבער אזוי ווײַט איז נאָך די זאך ניט דערגאנגען.

אָפלייקענענדיק איינע ניסים אלס ניט וואָרהאפטיקע, אנערקענט ער גאנץ רויִק אנדערע ניסים, וועלכע זײַנען לאכלוטן ניט וואָרהאפטיק, אָדער, יעדנפאלס, ער פארשווײַגט זיי.

באם קאטוילישן ארויסגעבער פון דער ביבל האָט געקלעקט מוט צו אנערקענען פאר ניט היסטאָריש די הויפט־לעגענדעס פונעם אלטערטימלעכן, פארקריסטלעכן טייל פון דער ביבל, ער האָט זיך אָבער ניט דערוועגט צו טאָן דאָס מיטן נײַעם, קריסטלעכן טייל פון דער מיטאָלאָגיע. מע קאָן אים פארשטיין, — ווען ער זאָגט זיך אָפ, לעמאָשל, פון דער לעגענדע וועגן דעם בסולעדיקן מעובערעס ווערן, וואָלט ער טייקעף באדארפט איבערײַסן מיטן קריסטנטום אלס רעליגיעזע לערע.

ווײַזט אויס, אז וואָס טיפער עס וועט ווערן דער אויסוועגלאָזער קריזיס פון דער רעליגיע אינגאנצן גענומען און פונעם קריסטנטום ביפראט, וועלן די אידעאָלאָגן פון דער רעליגיע אלץ מער זיך אָפזאָגן פון זייערע קאָנצעפציעס אין דער פראגע, וועלכע מיר באטראכטן דאָ. עס וואָלט אָבער נוצלעך געווען שוין איצט אנאליזירן דעם כאראקטער פון דער פאָזיציע, אָף וועלכער עס האָבן זיך אָפגעשטעלט, אין פראט פון טײַטשן די ביבל, די קאָמענטאטאָרן פון דער רעצענזירטער אויסגאבע.

דאָס איז שוין ניט די אמאָליקע „גײַסטיקע" טײַטשונג מיט אירע קאָלערליי ווארִיאנטן. עס האנדלט זיך שוין ניט וועגן דעם באזונדערס הויכן זין, דעם צוגענגלעכן בלויז פאר יענע, וואָס האָבן דעם זכוס צו וויסן די סוידעס פון די ביבלישע טעקסטן, וועלכע האָבן א ביז גאָר פרימיטיוון פאנטאסטישן זין; פארקערט, עס רעדט זיך שוין וועגן פאָלקלאָריסטישע און מיטאָלאָגישע וואָרצלען פון דער פארקריסטלעכטער ביבל, וועגן זייער מעכוטאָנעשאפט מיט די לעגענדעס פון די אוראלטע פעלקער פונעם נאָענטן מיזרעך, וועגן די גלויבונגען און מיטאָלאָגיעס פון די געצנדינער, בא וועלכע דער „אגיִאָגראף" האָט אומיטלבאר גענומען. נאָך גאָר ניט לאנג צוריק זײַנען אזעלכע באהויפטונגען פון די היסטאָריקער פון דער ביבל באטראכט געוואָרן אין דער קירכלעכער ליטעראטור אלס בייזע אָנפאלן פון די סאָנים פון דער רעליגיע, אלס אָנפאלן, וועלכע זײַנען באגײַסטערט געוואָרן שיר ניט דורכן סאָטן אליין. מיט א צוויי הונדערט יאָר צוריק האָט די קאטוילישע קירך פארברענט אָפן שײַטער מענטשן פאר קלענערע אוויירעס.

מע קאָן פרעגן: עפשער איז די נײַע שפאנישע ביבל מיט אירע באמערקונגען אָן איינצלנע דערשײַנונג? בלויז דער מאנגל אין אָרט לאָזט ניט ברענגען דאָ נאָך פיל אנדערע בײַשפילן, וועלכע באווײַזן די געזעצמעסיקײַט פון דעם פאקט, אז דער קאטאָליציזם, ווי די אנדערע אָפצווײַגונגען פונעם קריסטנטום, איז געצווּונגען צו פארלאָזן זײַנע פריִערדיקע דאָגמאטישע פאָזיציעס און פארפעסטיקן זיך אָף נײַע פאָזיציעס, וואָס, ווי די אידעאָלאָגן פון דער רעליגיע האָפן, וועלן נאָך א געוויסע צײַט קאָנען געפינען צוטרוי.

# אַקטיאָרישע גורלאָלעס

## אכציק ער...

א דארלעך יינגעלע פון א קליין שטעטעלע מארינסק הינטער זשיטאָמיר. ער האָט ליב געהאט אָפּלעצעווען פון שכיינים, יעדן נאָכגעמאכט. נאָך קינדווייז צונויפגענומען אין שטעטל אַן אייגענעם טעאטער, געשטעלט שאָלעם־אליי־כעמס „דער געט", אין וועלכן ער האָט אליין געשפּילט רוווענען. איי מע האָט זיך גרימירט מיט קוילן און געמײַסטרעוועט בערד פון קלאָטשע? זעט איר דאָך... פון דעם טאקע הייבט זיך אָן די אקטיאָרישע ביאָגראפיע פונעם ייִדישן ארטיסט לעוו כייפעץ, וועלכער ווערט איצט אלט אכציק יאָר.

דער גורל... ער האָט מיט לעוו כייפעצן געדרייט אהין און אהער. געלערנט האָט זיך כיי־



פעץ עקסטערנע. קעדיי פארדינען דאָס שטיקל ברויט, אליין געווען א רעפּעטיטאָר אין רײַכע הײַזער, און אומעטום, וווהין נאָר דער גורל האָט אים פארוואָרפן, געזוכט עפּעס א דראַמקרײַז. אויב קיין דראַמקרײַז איז ניט געווען, האָט ער אים אליין געשאפן. דערנאָך האָט ער געענדיקט דעם קיִעווער פּעדטעכניקום, שפּעטער א פּעדאגאָגישן אינסטיטוט, געוואָרן טאקע א לערער, אַן עכטער פּעדאגאָג, נאָר דער טעאַטער... ער האָט אים געצויגן צו זיך, ווי מיט א מאגניט.

א סאך קיִעווער און ניט־קיִעווער געדענקען ביז הײַנט די גרופּע „מעשולאכאס". פריילעכע שלעק, פול מיט שארפזין. זיי האָבן געשאפן בײַסיקע סאטירישע שטיק, אליין צונויפגעשטעלט, אליין רעפּעטירט און אליין געשפּילט. א סאך געדענקען נאָך ביז הײַנט די וויצן און די לידער פון „מעשולאכאס", פּונקט ווי זיי געדענקען די מעשולאכעסניקעס אליין, די שפּעטער און אקטיווע אָנטיילנעמער פון אָט דער גרופּע — דעם קומענדיקן דראמאטורג גערשענזאָנען, די קומענדיקע דיכטער גוטיאנסקין און דיאַמאנטן. דער פּעדאגאָג לייב כייפעץ איז אויך געווען אין אָט דער פריילעכער כאליאסטרע.

ס'איז אוואדע א שאָד, וואָס די אופטועו פון „מעשולאכאס", וועמענס שטעלונגען האָבן געשפּרודלט מיט פרייד און שארפזין, מיט דראַמאטורגישער דערפינדערישקײַט, וועמענס לידלעך מע האָט געזונגען אין די צוואנציקער יאָרן אין פיל ייִדישע שטעטלעך, איז ניט אָפּגעשפּיגלט ווי געהעריק אין דער טעאטער־פאָרשונג. עפּשער איז נאָך ניט שפּעט אויך איצט אופצושטעלן די געשיכטע פון אָט דער אויסטערלישער טרופּע.

און דערנאָך... דערנאָך איז אופגעקומען דער קיִעווער ייִדישער מעלוכע־טעאטער אף שאָלעם־אליכעמס נאָמען. לייב כייפעץ האָט אויסגעהאלטן אַן ערנסטן קאָנקורס און איז געוואָרן איינער פון זײַנע ערשטע אקטיאָרן.

אוואדע איז ניט גרינג צו באשרײַבן דאָס לעבן פון א וועטעראַן פון דער ייִדישער בינע. ווײַל — טאקע דאָס גאנצע לעבן, דעם גאנצן אקטיאָרישן טאלאנט, וואָס ער האָט פארמאָגט, האָט ער ארײַנגעלייגט אין יעדער נײַער פּיעסע, אין יעדער ראָל, און אלע מאָל א שײַן געטאָן מיט נײַעם גלאנץ, מיט נײַעם כיין.

וויפל אָפּגעשפּילטע ראָלן, וויפל געשאפענע געשטאלטן! כאים־כאָנע אינעם „פארקישעפטן שנײַדער", דער שאדכן אין „טעוויע דעם מילכיקן", בעניע גאָרגל אין „בלאָנדזנדע שטערן", דער דאָקטער אין „סענדער בלאנק", סאָלאָווײטשיק אין „צוויי הונדערט טויזנט" און נאָך און נאָך.

געענוג אָנרופן די אלע שאָלעם־אליכעם־געשטאלטן, אז לייב כייפעץ זאָל אופקומען פאר אונדז ווי אַן אקטיאָר פון א קאָמישן טאלאנט. נאָר פארוואָס עפּעס נאָר שאָלעם־אליכעמס געשטאלטן? און אוורעמציע אין גאָלדפאדענס „קישעפמאכערן"? און מענדל אין גערשענזאָנס „הערשעלע אָסטראָפּאָליער"? און דער מארשאלעק אין קולבאקס „כאים בויטרע"? און דער פעטער יאָסיע אין הובערמאנס „קעדײַ צו לעבן אף דער וועלט"? און אין פיל אנדערע שטעלונגען, סײַ פון דער ייִדישער און רוסישער קלאַסיק, סײַ פונעם הײַנטצײַטיקן רעפּערטואר.

זיי קומען גרינג אפן זיקאָרן, רעכענען זיך



גרינג איבער, די אלע פארשיידענע ראָלן, ווײַל די געשטאלטן זײַנען געווען געשלײַפט און געטאָקט, דערפירט צו דער מאדרייגע פון עכטער קונסט מיט דער הילף פון יעדן ארויסגעבראכטן וואָרט, פון יעדער טנועלע.

א לעבן פון אכציק יאָר, און אויב רעכענען דעם אקטיאָרישן סטאזש, אָנגעהויבן פונעם „געט", וואָס דאָס יִינגעלע לייבל כײפעץ האָט געשטעלט בא זיך אין שטעטל, אין עפּעס א הינטערהויז, איז אויך זײַן שפּערישער עלטער א גאָר הויכער. און וויפל געזעלשאפטלעכע מי אפן געביט פון יִידישער קולטור! לעוו כײפעץ איז דאָך געווען און געבליבן איינער פון די אקטיווע זאמלער פון יִידישן פאָלקלאָר. נאָר לאָמיר זיך ניט פארנעמען מיט פארשיידענע כעזשבוינעס, לאָמיר ניט אונטערפירן קיין סאַכאקלען. מירן בעסער אָנווינטשעווען דעם יוּבילִיאר א סאך גוטס, געזונט און אריכאס־יאָמים.

און זעכציק זי...

סאָניע ליימאן איז שוין אלט זעכציק יאָר? אלע זײַנען דאָך געווינט געווען זי רופן פארצויגן, ווי מע רופט א קליין מיידעלע.

— כײַעלע, אָט גייט כײַעלע, — אזוי האָבן אלע געוויזן אף איר אין יענע וואָכן, ווען זי האָט געשפּילט די ראָל פון דער העלדישער פארבינדלערן כײַעלע אין מארקישעס פּיעסע „דער אופשטאנד אין געטאָ".

— מירעלע, זע, ס'איז דאָך טאקע מירעלע! — האָט מען געטײַטלט אף איר מיט די פינגער, אלעמאָל ווען אין טעאטער איז געגאנגען גאָלדפאדענס „קישעפמאכערן".

—ביילקעלע, זאָל איך אזוי לעבן, אָט גייט ביילקעלע!

— איך מעג שווערן, ראָכעלע!

שטויסט איר זיך שוין געוויס אָן, אז ביילקעלע שטאמט פון „צוויי הונדערט טויזנט" און ראָכעלע פון „סטעמפּעניו".

— זע נאָר, רייזעלע! אף מיר אזא יאָר. רייזעלע מיט אלע פּישטשעווקעס.

איז טאקע רייזעלע איר קרוין־ראָל, וואָס איז פאר איר אליין פארבליבן דער העכסטער שטאפּל אין איר אקטיאָרישן שווונג, א נאָמען, וואָס האָט זיך געהאלטן בא איר פיל יאָרן, ווײַל דער ספּעקטאקל איז געשפּילט געוואָרן א סאך מאָל אין קיִעוו און אין לוואָוו, אין כארקאָוו און אין אָדעס, אין טשערנאָוויץ און אין פיל אנדערע שטעט.

איר שפּיל איז שטענדיק געווען פול מיט קינדערשן כיין, יוגנטלעכן ברויז און מיט יענעם אומגעווײנלעכן, וואָס זי האָט ארײַנגעטראָגן אין יעדן געשטאלט מיט איר גלענצנדיקן אקטיאָרישן טאלאנט. אויך אין לעבן האָט זי פארהיט אין זיך פיל מילד־קינדערשס, און די נעמען פון די געשטאלטן, וואָס זי האָט געשאפן, זײַנען אויך אף דער גאס געווען פאר איר, ווי אָנגעמאָסטן.

יאָ, טאקע אין לעבן... א געשיכטע פון א מיידעלע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין בערדיטשעוו, אויסגעוואקסן אין קיִעוו, און נאָך איידער זי האָט פארענדיקט די זיבניאָריקע שול, איז זי שוין געווען א שטיקל אקטריסע, געשפּילט אינעם דראמאטישן קרײַז פון דער שול, ווער זשע דען האָט דערנאָך געזאָלט אָנקומען אין ווײַנשלבוימס טעאטראלער סטודיע און ווערן אן אקטריסע פונעם קיִעווער יִידישן טעאטער פארן יונגן צושויער, פונעם בארימטן „טיוז"? איז אוועק א סעדרע פון ראָלן מיט קינדערשע נעמען. יאָסעלע אין דינעזאָנס „יאָסעלע", דאָס נעגערל אין ברושטיינס „ראָז און בלוי", פאטימא אין גאָנטארס „אין די בערג פון אָסעטיע".

זי האָט געשפּילט ערעוו דער מילכאָמע אין ביאליסטאָקער טעאטער, בײַם דער מילכאָמע אין קלארע יונגס אנסאמבל, און דערנאָך, שוין צום סאָף פון דער מילכאָמע — אין טשערנאָוויצער טעאטער, ווו איר אקטיאָרישער טאלאנט האָט זיך באזונדערס צעבליט. עס ווילט זיך בלויז ברענגען עטלעכע ווערטער פון דער רעצענזיע פונעם באוווסטן אוקראַיִנישן שרײַבער יאראָסלאוו גאלאן, וועלכע איז פארעפנטלעכט געוואָרן, ווען דער טעאטער האָט אין הארבסט 1948 גאסטראָלירט אין לוואָוו: „ס'האָט געלוינט צו זען רייזעלען, קעדיי באקאנען זיך מיטן ווונ־

## קינסטלער אָלעג פירער



א פּאָרל

די געפּלאָנטעטע סטרונע





אילוסטראַציע צו „יוסף און זײַנע ברידער" פֿון טאָמאַס מאַן

צו שאָלעם־אַלייכעמס „שיר־השירים"





„עס בליט שוין קאָרן!" (דאָוויד האָפּ־שטיין)

מוישע קולבאַק און זײַנע העלדן








באבעל. „רײַטער־ארמיי"

ביכער־גראפיק:

מ. שטיטעלמאַן. „דערציילונג וועגן דער קינדהײַט"



דערבאַרן טאַלאַנט פון דער אַקטריסע ס. ליימאַן. **סאַראַ קאָלאָסאַלע דיסטאַנץ פון דעם מיידעלע**



כּיילע ביז דער באַרימטער זינגערן ראַזאַליא ספּיוואַק אין די „בלאָנדזנדע שטערן".

אין אוגוסט זיבן־און־פערציקסטן, ווען דער טשערנאָוויצער טעאַטער האָט גאַסטראָלירט אין קיִעוו, איז אַף דער שטעלונג „בלאָנדזנדע שטערן" געקומען אַ גרייַז־גרויער, איַנגעהויקערטער אַלטיטשקער. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס געוועזענער מיטאַרבעטער פון דער אַמאָליקער ליבעראַלער צייַטונג „קיעווסקאַיאַ מיסל" וסעוואָלאָד טשאַגאָוועץ, אַ זשורנאַליסט, וואָס האָט געפירט אַן אַקטיוון קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם בייסן ביילים־פּראָצעס. ער האָט זיך געמאָלדן אַלס אַ פּיליאַריקער נאָענטער פרייַנט פון שאָלעם־אַליכעמען און צוגעזאָגט שענקען אַ זעלטענעם שאָלעם־אַליכעם־פאָרטרעט יענעם אַקטיאָר, וועמעס שפּיל וועט אים מערער געפעלן. דעם שווערן געוועט האָט געוווּנען סאָניע ליימאַן פאַר איר רייזעלע.

לוינט אוואָדע דאָ ברענגען סיי דעם פאָרטרעט און סיי דעם אויפשריפט אַף אים:

„סאָניע סאָלאָמאָנאָווּנע ליימאַן (רייזל). אָפּהיטן אַלס אָנדענק דעם פאָרטרעט פונעם אוצטאָר פון דעם גלענצנדיקן מייַסעלע „בלאָנדזנדע שטערן". געשענקט פון אַן אַלטן פרייַנט פונעם פאַרשטאָרבענעם באַליבטן שרייַבער. וסעוואָלאָד טשאַגאָוועץ, דעם 27־טן אוגוסט 1947, אַפן ספּעקטאַקל „בלאָנדזנדע שטערן". זיי פאַלן ניט, זיי בלאָנדזשען בלויז.

דער פאָרטרעט איז צוגעשיקט געוואָרן פון אַמעריקע אין יאַנוואַר 1915, ניט לאַנג פאַר [שאָלעם־אַליכעמס] טויט".

כ. מעלאַמוד



לויט דער צײַטונג

# אונדזער לעבן

## דער אַרגענטינער „איקוף"
## און די הײַנטיקע פּראָבלעמען

דער 10־טער קאָנגרעס פונעם אַרגענטינער „איקוף" האָט, ווי באַוווּסט, צוגעצייגן צו זיך די אויפמערקזאַמקײַט פון די פּראָגרעסיווע קרײַזן ניט נאָר פון אַרגענטינע, נאָר אויך פון די אַנדערע לאַטײַן־אַמעריקאַנישע לענדער. ער האָט פאַרורטיילט די שעדלעכע פּאָליטיק פונעם ציִעניזם אַלס פּאָליטיק, וועלכע פירט צו קאָנפליקטן, שפּרייט סינע צווישן ייִסראָעל און די אַראַבישע שכיינים.

די ייִסראָעל־רעגירונג, — איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן אין די טעזיסן צום קאָנגרעס, — האָט פון סאַמע אָנהייב זיך ניט גערעכנט מיט די עמעסע אינטערעסן פון דער יונגער מעדינע, אַף וויפל זי האָט זיך אַלץ ענגער און ענגער פאַרבונדן מיט די אימפּעריאַליסטישע קרײַזן און אַלץ מער זיך דערווײַטערט פון די אַנטיקאָלאָניאַליסטישע קרעפטן. דערי־בער האָט די פּראָגרעסיווע ייִדישע באַוועגונג אָנגענומען אַ קריטישע שטעלונג צו דער פּאָליטיק פון דער ייִסראָעל־רעגירונג, און איינצײַטיק האָט זי קיינמאָל ניט נעגירט איר סאָלידאַריטעט מיט די פּראָגרעסיווע קרײַזן פון די ייִסראָעלדיקע פאָלקסמאַסן.

אין די טעזיסן איז געזאָגט געוואָרן:

„די, וואָס פּרעטענדירן פאַרצושטעלן דעם „איקוף" און די גאַנצע פּראָגרעסיווע באַוועגונג ווי סאָנים פון מעדינאַס ייִסראָעל, פעלשן בעקיוון דעם עמעס. פאַרקערט, מיר האַלטן, אַז דאַפקע מיט אונדזער שטעלונג דינען מיר אַמבעסטן דער זאַך פון אַ פרײַ און אומאָפּהענגיק ייִסראָעל".

צווישן אַ ריי אַנדערע דאָקומענטן און רעזאָליוציעס האָט דער 10־טער קאָנגרעס פונעם אַרגענטינער „איקוף" אָנגענומען אַ דעקלאַראַציע פון פינף פּונקטן, אין וועלכער ער האָט פאַרורטיילט דעם אַנטיסאָוועטיזם, וואָס ווערט געפּריידיקט מיצאַד דעם ציִעניזם און מיצאַד אַנדערע רעאַקציאָנערע קרײַזן אין די בורזשואַזע לענדער.

דער „איקוף" וואַרפט אָפּ די אַטאַקעס קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד — דעם ערשטן לאַנד אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט, וואָס האָט דורך אַ ספּעציעלן דעקרעט געשטעלט דעם אַנטיסעמיטיזם אויסערן געזעץ און פאַרוואַנדלט דעם ייִדישן ייִשעוו אין רוסלאַנד אין אַ גלײַכבאַרעכטיקטן מיטגליד פון דער איינהײַטלעכער סאָוועטישער פעלקער־מישפּאָכע. דער סאָוועטנפאַרבאַנד איז דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס פאַרטיידיקט די יורידישע רעכט, דעם אויפקום און די אומאָפּהענגיקײַט פון ייִסראָעל.

די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד,—ווערט אָפּגעמערקט אין דער „איקוף"־דעקלאַראַציע, — זײַנען פאַרטראָטן אין אַלע געביטן פונעם סאָוועטישן לעבן — אין קולטורעלן, וויסנשאַפטלעכן, עקאָנאָמישן, אַדמיניסטראַטיוון אאַז"וו. — ניט צו פאַרגלײַכן מערער, איידער אין וועלכן־ניט־איז אַנדער לאַנד אין דער וועלט. דער סאָוועטנפאַרבאַנד פאַרטיידיקט די רעכט פון די פעלקער אויפן נאָענטן מיזרעך און מאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו פאַרלעשן דאָס מילכאָמע־פײַער אין דעם ראַיאָן און אײַנשטעלן דאָרט אַ דויערהאַפטן שאָלעם.

דער אַרגענטינער „איקוף" רופט אַלע פּראָגרעסיווע קרײַזן אין לאַטײַן־אַמעריקע זיך קעגנשטעלן די פּראָוואָקאַטאָרישע קאַמפּאַניעס פון דער ציִעניסטישער רעאַקציע.

## אַן אַרטיקל אין דער צײַטשריפט „טיעמפּאָ", געווידמעט „סאָוועטיש היימלאַנד"

דער אַרגענטינער פּראָגרעסיווער זשורנאַל „טיעמפּאָ", וועלכער גייט אַרויס אין שפּאַניש, האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל פונעם מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון דער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי" אָלעג דאָבראָוואָלסקי, געווידמעט דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

אינעם אַרטיקל ווערט דערציילט וועגן די ווערק, וועלכע דער זשורנאַל האָט געדרוקט פאַר די לעצטע יאָרן, און וועגן דער ראָל פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אינעם קאַמף פאַר שאָלעם.


JUDIOS EN LA URSS | JUDIOS EN LA URSS | JUDIOS EN LA URSS |

REVISTA SOVIETICA EN IDISH

20

דאָס אַרטיקל וועגן „סאָוועטיש היימלאַנד" אין „טיעמפּאָ"

## אַ וויכטיק בוך

אין פאַרלאַג „טיעמפּאָ" איז דערשינען אין שפּאַניש אַ טאַשביכל אונטערן נאָמען „דער ראַטנפאַרבאַנד און דער נאָענטער מיזרעך זינט דער גרינדונג פון ייִסראָעל".

דאָס בוך, וואָס אַנטהאַלט 229 זײַטלעך, שליסט אין זיך אײַן אַן אָפּקלײַב פון אַרטיקלען און אַנדערע דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן, וועלכע ס'האָט מיט אַ צײַט צוריק פאַרעפנטלעכט דער פאַרלאַג פון דער סאָוועטישער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי" אין מאָסקווע. אין אים גייען אַרײַן 95 רעדעס, דערקלערונגען, אָפיציעלע דאָקו־



די הילע פון דער צײַטשריפט „טיעמפּאָ"

מענטן און באריכטן, וואָס האָבן א שײַכעס צו דער שטעלונג פון דער סאָוועטישער רעגירונג און דער קאָמוניסטישער פּארטיי צו דער פראגע פונעם נאָענטן מיזרעך בּיכלאל און צום ייִסראָעל־אראבישן קאָנפליקט ביפראט.

פון די דאָקומענטן און פונעם ארײַנפיר־וואָרט צום בוך, וואָס איז גענומען פון דער סאָוועטישער אויסגאבע, דרינגט ארויס דער עמעס וועגן דעם צוגאנג פונעם סאָוועטנפארבאנד און פון אנדערע סאָציאליסטישע לענדער צו דער קאָמפּליצירטער פּראָבלעמאטיק פונעם נאָענטן מיזרעך, עס ווערט קלאָר, ווי ווײַט די רעאקציאָנערע מײַרעוו־פּרעסע און די ייִסראָעל־רעגירונג פעלשן באוווּסטזיניק די אומבאשטרײַטבארע פאקטן.

דאָס וויכטיקסטע אין דער סאָוועטישער פּאָליטיק בענעגייע אָט דער פּראָבלעם, — ווערט אונטערגעשטראָכן אין בוך, — איז דער ווילן צו פארזיכערן דעם שאָלעם און די סווּוערענע רעכט פון אלע פעלקער אינעם ראיאָן.

## דער שווערער מאצעוו פונעם ייִדישן טעאטער אין ארגענטינע

אין בוענאָס־אײַרעס איז פאָרגעקומען די יערלעכע פארזאמלונג פונעם ייִדישן אקטיאָרן־פאריין. עס איז אויסגעהערט געוואָרן א באריכט פון דער געזעלשאפטלעכער טוערן סאָניע לעמבערג, אין וועלכן זי האָט געשילדערט דעם שווערן מאצעוו פונעם הײַנטיקן ייִדישן טעאטער אין ארגענטינע.

טראָץ די גרויסע אָנשטרענגונגען פונעם אקטיאָרן־פאריין, זײַנען אין פארגאנגענעם סעזאָן אין טעאטער „מיטרע" בלויז צוויי כאָדאָשים באוויזן געוואָרן קאָנצערטן פון ייִדישע שוישפּילער, נאָכדעם איז דער טעאטער ווידער געשלאָסן געוואָרן.

נאָך לענגערע דעבאטן האָט די אלגעמיינע פארזאמלונג אָנגענומען א באשלוס, אז די נײַ־אויסגעוויילטע אָנפירונג זאָל אײַנשטעלן א קאָנטאקט מיט דער קעהילע־פארוואלטונג, קעדיי צוזאמען אָנעמען מיטלען ניט צו דערלאָזן, עס זאָל פולשטענדיק אָפּגעשטעלט ווערן די ייִדישע טעאטראלע טעטיקײַט.

## די אורוגווײַער צײַטונג

אונזער פרײַנט

## לעקאָוועד ארגענטינער „אונדזער לעבן"

אין צוזאמענהאנג מיט דער וויכטיקער דאטע — 50 יאָר ייִדישע פּראָגרעסיווע פּרעסע אין ארגענטינע — האָט די אורוגווײַער פּראָגרעסיווע טעגלעכע צײַטונג „אונדזער פרײַנט" געווידמעט איר שוועסטער אין ארגענטינע — „אונדזער לעבן" — א גרעסער ארטיקל, צו וועלכן עס ווערט אלס עפּיגראַף געבראכט די סטראָפע פון הירש בלאָשטיינס א ליד:

היי, דו אלוועלט, שווארץ־פּארטײַוולט
און פון כורבן־פלאם באהעלט,
זע, א פעסטע האנט שרײַבט: נײַוועלט
אפן שטערן פון דער וועלט!

ווײַטער גייט א ברייטע אָפּהאנדלונג וועגן דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע אין ארגענטינע. אין דעם ארטיקל ווערט צווישן אנדערס געזאָגט:

„אונדזער פּראָגרעסיווע פּרעסע איז ווי א הארץ־ארטעריע, ווו עס פּולסירט דאָס ריינע און וואַרעמע בלוט פון אונדזער לעבן, לעהייפּעך דער בורזשואזער פּרעסע, וועלכע איז אָפּטמאָל, ווי א קאנאליזאציע־רער, וואָס זאמלט צונויף דאָס אומריינע, אָבער ניט קעדיי צו אָפּהאלטן עס אָדער פארניכטן, נאָר קעדיי ארויסצושטעלן עס ווי דאָס נוצלעכסטע און ריינסטע. בא זיי באקומט זיך, לויטן אויסדרוק פון דאָוויד בערגעלסאָנס העלד מאט־מאגידאָוויטש אין צווייטן טייל „באם דניעפּער", אז „דער קויעך פון דער וועלט־מיִעסקײַט באשטייט אין איר ניט מיִעסן זיך צו שרײַען אָף א קאָל, אז זי איז די וועלט־ריינקײַט".

די אופגאבע פון אונדזער פּרעסע איז אוועקצושטעלן די גרענעץ צווישן ריין און אומריין, זיך אָנשטרענגען, אז עס זאָלן דאָמינירן די דרײַ גרונט־אידייען: די אידיי פון דעמאָקראטישן צוזאמענלעבן, די אידיי פון אָפּשאפן די עקאָנאָמיש־פּאָליטישע אינטערווענץ פון די קאָלאָניאַל־אימפּעריאליסטישע גרויסמאכטן אין די קליינע לענדער און די אידיי פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ צווישן אלע פעלקער פון דער וועלט.

אסתּר רימער

### לעבן

לעבן! לעבן! לעבן!
שרײַען אַלע געוועבן
אַזוי ווילד
אַזוי מילד,
אַזוי קינדעריש צעשפּילט.
וויפל צאַפּלדיקע שרעקן —
ערב ליכטיקע אַנטפּלעקן.
און איך זאמל אַלץ אין גאַרבן,
שענק דעם לעבן, שענק דעם האַרבן.

עס איז גוט אַזוי דערפילן:
ווידער, ווידער קומט דער פרילינג.
עס איז גוט אַנטקעגן קומען
יעדן נײַעם פרין זומער —
אַלדאָס שײַנט ניט פאַרשווײַגן.
ווי אַ בוים מ'זאָל קאָנען שטײַגן
און דערגרייכן
אַלע הייכן,
אײַנגעשפּרײַנגטע אין גלייבן,
און צו זיי מ'זאָל זיך דערהייבן...

פון אונדזער פאָטאָ־אַרכיוו

## ווייניק־באַוווּסטע פאָטאָגראַפּיעס
## פון מוישע טייף


1


2


4


3



5

6



1. מוישע טייף (רעכטס) און דער קריטיקער מוישע נאָטאָוויטש

2. פון רעכטס אף לינקס — אווראָם גאָנטאַר, בוזי מילער, מוישע טייף

3. אף א שפּאַציר הינטער מאָסקווע

4. מיטן דיכטער מאָטל גרוביאַן

5. באַם אַרבעטס-טיש אין רע־דאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד"

6. פונעם דיכטערס לעצטע פאָ־טאָגראַפיעס

**צו אונדזער קינסטלערישער בײַלאגע**

# אָלעג פּירערס מאָנאָטיפּיעס

מיט צוויי יאָר צוריק איז פֿאָרגעקומען א געזעלשאפטלעכער דורכקוק פון דער שאפונג פון יונגע קינסטלער אף דער קאנטישער אויסשטעלונג אין קראסנאָיארסק. דאָרט האָט א קאָרעספּאָנדענט געפרעגט בא איינעם פון די עלטסטע מאָלער, דעם מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער קונסט־אקאדעמיע פון פּסר ב. יא. ריאָוזאָוון:

— אײַך, באָריס יאקאָוולעוויטש, איז, געוויינלעך, שווער מיט עפּעס־וואָס צו פארוואונדערן, ביפראט אז יעדע ארבעט, וועלכע מיר זעען דאָ, איז אײַך גוט באקאנט. פונדעסטוועגן, צי האָט איר פּאָרט ניט געמאכט דאָ פאר זיך אן אומדערוואַרטע אנטדעקונג, עפּעס אזוינס, וואָס האָט ארויסגערופן בא אײַך א כידעש?

דער באַיאָרטער קינסטלער, וועלכער האָט פאר זײַן לאנג שעפעריש לעבן דערצויגן פיל מײַסטערס פּענעם פּענדזל, האָט געענטפערט:

— אוודע. אויב רעדן וועגן א וווּנדער, וואָס רופט ארויס א כידעש אפילע בא גוט באהאוונטע מענטשן, זײַנען דאָס קוידעמקאָל אָלעג פּירערס מאָנאָטיפּיעס. זייער אייגנארטיקײַט, פרישקײַט זאָגן אייעדעס, אז דאָס איז בעפיירעש א היפשער טאלאנט...

אָלעג פּירער איז דעמלט אלט געוועזן דרײַ און צוואנציק יאָר. דאָ ניט לאנג האָבן מיר געהאט א געלעגנהײַט נעענטער זיך צו באקאנען מיט זײַן שאפונג, טאקע בא אים אין קראסנאָיארסק, אין זײַן קלײנינקער אטעליע אף דער לענין־גאס.

דאָס ערשטע בילד, וואָס אָלעג האָט ארויסגענומען צווישן צענדליקער אנדערע, איז געווען א מאָנאָטיפּיע „מוישע קולבאק און זײַנע העלדן". דעם שרײַבער זעט מען ערגעץ אין דער טיפעניש פון דער פּערספּעקטיוו — אפן פּאָדערשטן פּלאן האָבן זיך אויסגעשטעלט געזונטע, קרעפּטיקע ערד־מענטשן, אזעלכע באקאנטע לויט קולבאקס לידער און פּאָעמעס, לויט די „זעלמעניאנער".

ס'איז צו באוווּנדערן, וואָס פאר א ברייטן דיאפּאַזאָן און טיפן פארשטאנד עס פארמאָגט דער יונגער קינסטלער, וועלכער איז אויסגעוואקסן אין דער סאַמע טיפעניש פון סיביר. דערצויגן אף די בעסטע מוסטערן פון דער רוסישער קלאסישער און סאָוועטישער קונסט, האָט ער פאר די לעצטע יאָרן זיך פאַרינטערעסירט אויך מיט דער ייִדישער קולטור און געפונען אין איר א קוואַל פאר זײַן שאפונג.

ער זוכט ניט קיין אויסערלעכע ענלעכקײַט פאר זײַן פארשיידנארטיקן טיפּאזש. אָט נעמט, אשטייגער, א צווייטע מאָנאָטיפּיע זײַנע, געווידמעט דעם יונגן דאָוויד האָפשטיין. אונדז איז גוט באקאנט האָפשטיינס געזיכט, אָבער פּירער האלט פאר זיך ניט דעם דיכטערס פּאָטאָ, ער מאָלט א פאראלגעמיינערט געשטאלט. סאָפּקאָלסאָף איז גאָרניט קאָמפּליצירט קאָפּירן דעם פּינקטלעכן אָריגינאל. דער יונגער קינסטלער האָט קוידעמקאָל דערשפּירט האָפשטיינס דיכטערישע נעשאָמע, זײַן באגײַסטערונג, ווען ער שטייט א פארכושטער אין בליִענדיקן פעלד. דו קוקסט אפן בילד, און ס'קומען גלײַך אוף אפן געדאנק האָפשטיינס שורעס:

איך האָב צעקושט זיך מיטן ווינט<br>און אָן א וואָרט געוווּיר געוואָרן,<br>וואָס טוט אף פעלדער זיך אצינד —<br>דאָרט בליט שוין קאָרן!..

דער שיר־האשירים־מאָטיוו האָט שוין ניט איין מאָל באקומען זײַן פארקערפּערונג אין דער וועלט־קונסט, און ס'איז אפילע זייער שווער זיך צו פאָרשטעלן, אז עפּעס נײַס קאָן מען דאָ שוין צוגעבן. דער יונגער קינסטלער אָלעג פּירער קומט צו אָט דער טעמע ניט דורכן אורקוואל, נאָר דורך שאָלעם־אלייכעמס באוווּסטער דערציילונג. און אזויפיל לירישקײַט, אזויפיל געפיל און געדאנק הויכט ער ארײַן אינעם ליבנדיקן ווּעזן, אז איר געפינט נײַע שטריכן, וואָס איר האָט פריִער עפּשער ניט באמערקט, אָדער אף וועלכע ניט געלייגט קיין באזונדערע אכט.

באקאנענדיק זיך מיט פּירערס שאפונג, קאָן מען אָנווײַזן, אז מערסטנטייל באגײַסטערן אים ליטעראַרישע קוואלן. אָבער דער יונגער קינסטלער איז ניט סטאם אן איליוסטראטאָר. העענריך מאנס, עראזם ראָטערדאמסקיס, געטעס, דאנטעס, באבעלס אָדער שטיטעלמאנס העלדן, פּונקט ווי שימעק און בוזי פון שאָלעם־אלייכעמס „שיר־האשירים", לעבן מיט זייער אייגענער פולבלוטיקײַט, זײַנען באלויכטן ווי פון אינווייניק מיט זייער צוציִענדיקער קראפט. ווען איר דערזעט זיי צום ערשטן מאָל, נעמט איר זיי אוף ווי נײַע, געשאפענע דורך דעם קינסטלערס פאנטאזיע, געשטאלטן, און ערשט דערנאָך אנטפּלעקט איר זייער אורקוואל. אָבער פון דעם ווערט ניט פארמינערט אף קיין האָר אײַער אײַנדרוק.

ס'וואָלט געווען ניט ריכטיק צו מיינען, אז אָלעגס שאפונג גייט בלויז פון דער ליטעראטור. אים זײַנען לײַבלעך־נאָענט די פּראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקײַט, און ער פרוווט זײַנע קויכעס אינעם שילדערן דאָס לעבן, וואָס קאָכט און ברויזט ארום אים. ער האָט געשאפן לײַוונטן וועגן דער יוגנט, וואָס איז געקומען אין דער טײַגע בויען נײַע גיגאנטן פון דער אינדוסטריע. אָריגינעל, אף זײַן אייגענעם אויפן, האָט ער א קוק געטאָן אפן יונגן יאקאָוו סווערדלאָוו, ארבעטנדיק איבערן בילד וועגן די ערשטע רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגען פונעם באוווּסטן פארטיי־ און מעלוכע־טוער. און אויב מיר מערקן אָפּ אין דער ערשטער ריי פּירערס לעצטע מאָנאָטיפּיעס, איז דאָס דערפאר, ווײַל אין זיי האָט זיך, לויט אונדזער מיינונג, אמבוילעטסטן אנטפּלעקט זײַן טאלאנט.

ב. קאָוויטש



# א בריוו פון ליובע וואַסערמאַן

כאָשעוועער כאַווער רעדאַקטאָר!

עפּשער וועט זײַן פאַר אײַך אומגעריכט די נײַס, וואָס איך וויל אײַך מיטטיילן: בא מיר האָט זיך געביטן דער אדרעס. ווי אײַך איז באַקאַנט, האָב איך 40 יאָר געלעבט אין ביראָבידזשאַן, און מיר איז אויסגעפאלן דאָס גליק צו באַזינגען דעם דאָזיקן פּרעכטיקן קאַנט אין לידער, דערציילונגען, פאַרצייכענונגען, וועלכע האָבן זיך געדרוקט אין דער סאָוועטישער און אויסלענדישער פּרעסע אין משך פון א סאַך יאָרן.

ווען איך בין געקומען קיין ביראָבידזשאַן, האָב איך געטראָפן דאָרט ווילדע טײַגע. און ווי טײַער איז ביז איצט אָט די ערד, אויף וועלכער מיר איז אויסגעקומען דורכצולייגן דאָס ערשטע שטעגעלע, וווינען אין א זעמליאַנקע, וואָס איך האָב מיט די אייגענע הענט אויסגעבויט, און דערלעבן צו זען, ווי ס'איז אופגעקומען א פּרעכטיקע שטאָט מיט שיינע און ברייטע גאַסן. איך האָב זיך ניט געקאָנט אָנקוקן אויף דער גרויסאַרטיקער בירע, וועלכער איך האָב געווידמעט פיל לידער.

איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט צו פאַרלאָזן מײַן ליכטיקע ווײַטמיזרעכדיקע היים. דאָרט איז געבוירן געוואָרן מײַן זון, וועלכער האָט זיך געלערנט אין דער ביראָבידזשאַנער מוזיק־שול, דערנאָך אין דער כאַבאַראָווסקער קונסט־שול. אלס איינעם פון די פייִקסטע שילער האָט מען אים געשיקט אין קעשענעווער קאָנסערוואַטאָריע, ווו ער איז געבליבן אַרבעטן ביז הײַנטיקן טאָג אלס פּעדאַגאָג אין דער קונסט־שול און שרײַבט שוין א וויסנשאַפטלעכע דיסערטאַציע.

איך מיט מײַן מאַן, דעם אַרטיסט און רעזשיסער מוישע בענגעלסדאָרף, זײַנען געווען איבערגליקלעך. אָבער גליק איז, ווײַזט אויס, ניט קיין באַשטענדיקע זאַך. דער ערשטער אומגליק האָט מיך געטראָפן, ווען ס'איז געשטאָרבן מײַן מאַן. דער זון, וועלכער איז געקומען אויף דער לעווײַע, האָט מיך געוואָלט גלײַך נעמען מיט זיך קיין קעשענעוו. נאָר ווי האָב איך געקאָנט פאַרלאָזן די היים און מײַן מאַנס קייווער? בלויז דאָ, אין ביראָבידזשאַן, וועל איך פאַרבלײַבן!

האָט זיך אָבער באַקומען גאָר אַנדערש. איך בין קראַנק געוואָרן, מײַנע פיס האָבן מיר אופגעהערט צו דינען. די ביראָבידזשאַנער דאָקטוירים האָבן מיך אוועקגעלייגט אין שפּיטאָל, געראַטעוועט, נאָר די סאַקאָנע איז געווען אזוי גרויס, אז מע האָט דרינגענד אַרויסגערופן דעם זון. איבערלאָזן מיך אַליין האָט ער ניט געקאָנט, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, איך זאָל אַריבערפאָרן צו אים קיין קעשענעוו.

אַריבערפאָרן? ס'איז לײַכט צו זאָגן — און ווי וועט זײַן מיט א דירע? וועגן דעם האָבן זיך צונויפגעשריבן די ביראָבידזשאַנער און קעשענעווער אָנפירער, און מע האָט געטאָן אַלץ, וואָס מע דאַרף.

קיין כאַבאַראָווסק האָבן מיך אָפּגעפירט מײַן לאַנגיאָריקער פרײַנט מאַריאַם ריטענבערג און דער יונגער דיכטער ליאָניע שקאָלניק — זיי האָבן מיך אינעם כאַבאַראָווסקער אַעראָפּאָרט פּאָשעט אויף די הענט אַרײַנגעטראָגן אין אַעראָפּלאַן. אין מאָסקווע האָבן מיך באַגעגנט מײַן זונס געוועזענע כאַווײרים אַרקאַדי קעלמאַן און אַלעקסאַנדער באַרדער — זיי האָבן מיך פון איין אַעראָפּאָרט אָפּגעפירט אין א צווייטן, און אין קעשענעוו האָט שוין אויף מיר געוואַרט די קאַרעטע פון דער „גיכער הילף“.

אין קעשענעווער שפּיטאָל האָבן די דאָקטוירים באָריס וואַסיליעוויטש טשעמערטאַן, וויקטאָר יאַסיפּאָוויטש פינקעל, מיכאַיִל יאַקאָוולעוויטש קוטשעראָווסקי אַרויסגעוויזן צו מיר אַזויפיל אופמערקזאַמקײַט און מיטלײַד, אז בלויז פון זייערע טרייסט־ווערטער איז מיר שוין געוואָרן בעסער. פונעם שפּיטאָל בין איך געקומען גלײַך אין דער נײַער קאָאָפּעראַטיווער דירע, וואָס מע האָט צוגעגרייט פאַר מיר, ניט ווײַט פון מײַן זונס וווינונג. דאָס איז צו פאַרדאַנקען דעם שטעלפאַרטרעטער פון דעם פאָרזיצער פונעם קעשענעווער שטאָט־אויספירקאָם גריגאָרי וואָלאָשינען און די מיטאַרבעטער פונעם אָקטיאַבערישן ראַיויספירקאָם.

ווי איר זעט, זײַנען מיר אומעטום פאַרלאָפן דעם וועג „פרעמדע“ מענטשן, מיט וועלכע ס'איז מיר אויסגעקומען זיך טרעפן אָפּט צום ערשטן מאָל אין לעבן, — מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, אָבער וועלכע טראָגן אַלע איין און דעם זעלבן נאָמען — סאָוועטישע מענטשן. קאָן מען דען זיך ניט גרויסן מיט אזא לאַנד, ווו פעלקער־פרײַנטשאַפט איז געוואָרן א לעבנס־נאָרמע און ווו מענטשן ווײַזן אַרויס אַזויפיל זאָרג איינער וועגן דעם אַנדערן!

איצט לעב איך אין דער זוניקער מאָלדאַוויע. און פונקט ווי איך האָב ליב מײַן ביראָבידזשאַן, וועל איך ליב האָבן מײַן נײַע היים.

ליובע וואַסערמאַן,
קעשענעוו

**פון דער רעדאַקציע.** מיר דרוקן דאָ איבער ליובע וואַסערמאַנס א ליד, וועלכע זי האָט פאַרעפנט־לעכט אין „ביראָבידזשאַנער שטערן״.

## ביראָבידזשאַן איז מײַן היים

אלעמען וויל איך דערציילן, אלע, איך וויל, זאָלן וויסן —
ביראָבידזשאַן איז מײַן היים, ביראָבידזשאַן — מײַן געוויסן.
די, וואָס געפלאַנצט האָבן דאָ, די, וואָס געאַקערט, געבויט,
האָב איך פון הארצן מײַן ליבע מײַן ערשטע פארטרויט.
איך פלעג צוזאמען מיט אײַך, פרײַנט מײַנע בעסטע, צוזאמען
יאָרן און יאָרן אין מי אָף קיין ווײַל ניט פארזאמען.
ס'האָט מיך, ווי אײַך, אויך קעסיידער געמונטערט, געפרייט
אלץ, וואָס קומט אויף, ווערט געבוירן אָף לענג און אָף ברייט
אונטער די מיזאמע הענט פון מײַסטערס געניטע, געטרײַע,
מײַסטערס, וואָס האָרעווען קענען פאר צווייען, פאר דרײַען.
פערציק שוין יאָרן דו ציילסט הײַנט, מײַן ליבע, מײַן טײַערע געגנט.
יונגע מיר האָבן אמאָל אין פריידן מיט דיר זיך באגעגנט.
אלט ווערן האָב איך אָף ערד דײַנער גרינער באוויזן,
ייִנגער אלץ ווערסטו און שפּאנסט, ווי א ריז צווישן ריזן.
אלעמען וויל איך דערציילן, אלע, איך וויל, זאָלן וויסן —
ביראָבידזשאַן איז מײַן היים, ביראָבידזשאַן — מײַן געוויסן.

## איך, מײַן מישפּאָכע און אונדזערע בנײ־איר

טײַערע פרײַנט פון רעדאקציע!

מיט צען יאָר צוריק האָב איך באקומען א בריוו פונעם דעמלטיקן פּארוואלטער פונעם פּאָעזיע־אָפּטייל פון אײַער זשורנאל מוישע טייף, אין וועלכן ער האָט געשריבן:

„כאָשעווער כאווער מעזשעביצקי!

מיר זײַנען אײַך דאנקבאר פאר אײַער אויפ־מערקזאמקײַט און דעם אינטערעס צו אונדזער זשורנאל. איך מיין, אז מיט דער צײַט וועט איר געווים זײַן אונדזערער אן אקטיווער לייענער.

איר זײַנט, פארשטייט זיך, גערעכט, ווען איר האלט, אז „שרײַבן וועל איך נאָך ניט קענען״. אין דער ערשטער ריי דארפט איר ווי ס'געהער צו זײַן באהערשן די שפּראך. איך וויל האָפן, אז פריִער אָדער שפּעטער וועט איר דאָס דערגרייכן, אויב איר וועט, געוויינלעך, אליין וועלן.

זײַט געזונט און גליקלעך. ארבעט און לערנט זיך גוט.

מיט אכטונג
עלטערער רעדאקטאָר פונעם פּאָעזיע־אָפּטייל
מ. טייף״.



מיך האָט דעמלט זייער גערירט די דאָזיקע אויפ־מערקזאמקײַט. איך בין אלט געווען אינגאנצן 16 יאָר (געבוירן אין 1947), און אָט זײַנען פאריבער צען יאָר. פאר אָט דער צײַט האָב איך באוויזן אָפּ־צודינען אין דער סאָוועטישער ארמיי, געווען א שטעלפארטרעטער פונעם קאָמאנדיר פון א וזוואָד. אין מײַן וזוואָד זײַנען געווען סאָלדאטן פון פארשיידענע נאציאָנאליטעטן: רוסן, אוק־ראִינער, ווײַסרוסן, טאָטערן, אווארצעס, ליטווי־נער, אוזבעקן, טשוואשן און איך — דער ייִד. אגעוו, האָב איך וועגן דעם דערציילט נאָך אין 1968 אין אן ארטיקל, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער צענטראלער צײַטונג פון דער סאָוועטישער ארמיי „קראסנאיא זוועזדא״.

נאָך ביז דער דינסט האָב איך קאָרעספּאָנדירט אין דער שטאָטישער צײַטונג „מאקייעווסקי ראַ־באָטשי״, און אין דער ארמיי האָב איך פארענ־דיקט א שול פון מיליטערישע קאָרעספּאָנדענטן, זיך אָפט געדרוקט אין די ארמייִשע צײַטונגען. איך האָב זיך אומגעקערט צוריק אפן מאקייעווער מעטאלורגישן זאוואָד אָף קיראָווס נאָמען, וועלכער איז באלוינט מיט א לענין־אָרדען, און ארבעט דאָ ביז הײַנט אלס שלאָסער־רעמאָנטלער פון דער אויסשטאטונג. ווי פריִער, קאָרעספּאָנ־דיר איך אין דער שטאָטישער, געגנטלעכער און צענטראלער פרעסע.

מיט אומגעדולד ווארט איך שטענדיק אָף א פרישן נומער פון „סאָוועטיש היימלאנד״. מיר געפעלן א סאך מאטעריאלן, וועלכע ער פארעפנט־לעכט, זײַן פּאָליגראפישע אויספאָרמירונג. דעם זשורנאל לייענט מען בא אונדז אין דער מיש־פּאָכע אין דער הייך, מערסטנטייל אפדערנאכט, ווען מיר קומען פון דער ארבעט. דער בעסטער פּאָרלעזער איז מײַן טאטע איסאק יאקאָוולעוויטש, שוין א פּענסיִאָנער, אן אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע, א פארטיי־דיקער פון סטאלינגראד. אגעוו, האָט מען אים לעצטנס צוגעשיקט פון ראָסטאָוו נאָך איין באַ־

לױנונג — אַן אָנדענק־צײכן „30 יאָר פונעם פינפטן דאָנער קאַזאַקישן רײַטער־קאָרפּוס" — מיט אַן אופשריפט „דעם װעטעראַן". װען אין יאָרטאָג פונעם זיג איבערן דײַטשישן פאַשיזם האָט ער, דער גװאַרדיע־קאַזאַק, אָנגעטאָן צוזאַמען מיט אַלע באַלױנונגען אױך דעם דאָזיקן צײכן, האָבן אַ סאַך מענטשן זיך געכידעשט: אַ קאַזאַק אַ ייִד!

מײַן מאַמע — לײע מאַרקאָװנע — איז אַ שטובבאַלעבאָסטע. אױך זי לײענט שטענדיק איבער דעם זשורנאַל „סאָװעטיש היימלאַנד" פון טאָװל ביז טאָװל. זי האָט אַמאָל פאַרענדיקט אַ ייִדישע שול אין קאָרסון־שעװטשענקאָװסקי, איז געװען אַן אַקטיװע קאָמיוגיסטקע און געאַרבעט אין אַ ייִדישן קאָלװירט „יעװפּאַכאַר".

בלױז מײַן עלטערער ברודער יאַשע (ער איז אַן אינזשעניער און געפינט זיך אָפט אין קאָמאַנדירונגען) לײענט ניט אױף ייִדיש, אָבער ער אינטערעסירט זיך מיטן זשורנאַל, פרעגט זיך אָן װעגן די מאַטעריאַלן, װאָס װערן אין אים געדרוקט.

עטלעכע װערטער װעגן זיך. „סאָװעטיש היימלאַנד" לײען איך שױן גוט. עמעס, אָפּטמאָל טרעפן זיך שװערע װערטער, אָבער איך דערװיס זיך, װאָס זײ באַטײַטן. איך בין זיך מוידע: גרױסע װערק איז מיר ניט לײַכט „בײַצוקומען" ביזן סאָף. ס׳טרעפט, אַז ס׳איז אױך ניטאָ קײן צײַט, װײַל אַכוץ דעם, װאָס איך בין אַן אַרבקאָר און פאַרנעם זיך מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, לערן איך זיך היגטער־אױגיק אין מאַקײעװקער אינזשעניערבױ־אינסטיטוט (כ׳בין שױן אױפן פינפטן קורס). אָט, װען כ׳װעל פאַרענדיקן דעם אינסטיטוט, װעל איך זיך אַ נעם טאָן צו שרײַבן אױף מאַמע־לשון.

איך קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן און ניט זאָגן אַ פּאָר װערטער װעגן אונדזער שטאָט. מאַקײעװקע איז אַ היפּשער אינדוסטריעלער צענטער פון דאָנבאַס מיט אַ סאַך זאַװאָדן, שאַכטעס, בױונגען, אינסטיטוטן, טעכניקומס. פאַראַן אַ טעאַטער, אַ מוזײ. בײַ אונדז לעבן מיזאַמע, געװאַגטע מענטשן, צװישן אַנדערע — ניט װײניק ייִדן: אַרבעטער, אינזשעניערן, ספּעציאַליסטן. פיל ייִדן האָבן װיסנשאַפטלעכע טיטלען.

איך בין אַ מיטגליד פון דער פּאַרטײ־ביוראָ פונעם צעך, רעדאַקטאָר פון דער צעכאָװער צײַטונג. דאָ ניט לאַנג בין איך מיט אַ טוריסטישער גרופּע מעטאַלורגן פון דאָנעצקער געגנט געפאָרן קײן אונגאַרן. מײַן טאַטע האָט אָנטײלגענומען אין דער באַפרײַונג פון אָט דעם לאַנד.

איר קאָנט פרעגן: װעגן װעמען שרײַב איך אין די צײַטונגען? װעגן אַרבעטער, אָנגעשטעלטע — װעגן האָרעפּאַשנע מענטשן, װעלכע האָבן אַ גוטן שעם אין אונדזער שטאָט. ס׳װאָלט ניט געװען קײן אױלע צו דערצײלן װעגן זײ אױך אינעם זשורנאַל „סאָװעטיש היימלאַנד". אײניקע צײַטונגס־אױסשניטן שיק איך אײַך צו — עפּשער װעלן זײ אײַך פאַרינטערעסירן...

מאַרק מעזשעביצקי,
מאַקײעװקע (דאָנבאַס).

**פון דער רעדאַקציע.** אונדז זעט אױס באַזונדערס אינטערעסאַנט דאָס, װאָס די העלדן פון מאַרק מעזשעביצקיס צײַטונגס־פאַרצײכענונגען טײלן זיך אױס מיט זײער פּאָשעטקײַט. דער אױטאָר זוכט ניט קײן אױסטערלישע כאַראַקטערן און קײן אױסשליסלעכע ביאָגראַפיעס. און דאָך זײַנען די אופטוען פון זײַנע העלדן ביז גאָר באַלערװודיק, יעדנס לעבנס־װעג איז אַ מוסטער פאַר אַנדערע.

מיר האָבן איבערגעזעצט און ברענגען דאָ אײן קורצע פאַרצײכענונג פון מאַרק מעזשעביצקי.

## מיט איטקינען אין קולטור־פּאַלאַץ

בײַ אָט דעם מענטשן זײַנען פאַראַן אַ סאַך טײַערע רעליקװיעס. אָט איז אײנע פון זײ:

„דער פּאָלקסקאָמיסאַריאַט פון בילדונג פון דעם פּססר, די מעלוכע־פאַרײניקונג פון די צירקן, אַטראַקציאָנען און זאָאָסעדער דריקן אױס אַ דאַנק פאַר דער גוטער אַרבעט דעם כאַװער איטקין אַלעקסאַנדער אַבראַמאָװיטשן".

און זעלטענע פּאָטאָגראַפיעס. אַלעקסאַנדער איטקין צוזאַמען מיט דעם באַרימטן רוסישן גײבער איװאַן פּאָדובני. מיט דעם באַװוסטן דרעסירער פון לײבן גלאַדילשטשיקאָװ. מיט די פּאָפּולערע צירק־אַרטיסטן פּאַט און פּאַטאַשאָן.

דער פּעטער סאַשע, װי אַ סאַך רופן אים, גרױסט זיך זײער, װאָס עס איז אים אױסגעפאַלן דאָס גליק צו באַגעגענען זיך מיט פיל אָנגעזעענע מענטשן. דאָס גאַנצע לעבן האָט ער אָפּגעגעבן דער קונסט.

...נאָך פאַר דער רעװאָליוציע איז איטקין אָנגעקומען אַרבעטן אין אײנעם פון די װאַנדערצירקן און איז אַרומגעפאָרן מיט אים איבער אוקראַינע. זײַן אַרבעט איז צוערשט באַשטאַנען אין פאַנאַנדערקלעפּן אַפישן, אַריבערטראָגן די בוטאַפאָריע, העלפן גרײטן די אַטראַקציאָנען.

אַזאַ איז געװען דער אָנהײב. דערנאָך האָט דער גורל פאַרבונדן איטקינען מיטן מאַקײעװקער צירק, אין װעלכן ער האָט געאַרבעט זינט זײַן גרינדונג און ביז דער גרױסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע.

מע דאַרף זאָגן, אַז מאַקײעװקער טוישװים האָבן זיך געגרױסט מיט זײער צירק ניט װײניקער, װי די אָדעסיטן מיט זײער אָפּערע־טעאַטער. און ס׳איז געװען מיט װאָס זיך צו גרױסן — דער מאַקײעװקער צירק האָט זיך גערעכנט פאַר אײנעם פון די בעסטע אין לאַנד. אױף זײַן אַרענע

פלעגן ארויסטרעטן די בארימטסטע ארטיסטן, זיי האָבן, אגעוו, ליב געהאט מאקייעווקע אויך דערפאר, וואָס דאָ האָט שטענדיק געהערשט א מוסטערהאפטע אָרדענונג, און דאָס איז, צום אלעם ערשטן, געווען דער פארדינסט פון אלעקסאנדער איטקינען.

דאכט זיך, א קליינע שטעלע — א קאָנטראָליאָר, אָבער ווער וויאזוי דאָס פארשטייט. אָט זעען מיר אים באם ארייַנגאנג אינעם אָנצוג מיט די גאָלדענע גאלונעס — ער באגעגנט דער ערשטער די צושויער. כעוורע קונדייסים, וועלכע זייַנען באלאָנים זיך ארייַנצושמוגלען אין צירק, געווייַנלעך, אָן בילעטן, און זיך ארומטראָגן, ווי די שיידים, צווישן די רייען, פלעגן פארקערעווען אָף צוריק, דערוויסנדיק זיך, אז עס דעזשורעט דער פעטער סאשע. די צירק־טוער האָבן הויך געשעצט אזא מיטהעלפער, און ניט ער, נאָר אליין די ארטיסטן פלעגן זייַן די איניציאטאָרן צו פאָטאָגראפירן זיך מיט אים אָף אן אָנדענק. איטקין האָט באקומען א סאך דאנק־אויסדרוקן, ערעגראמאָטעס.

אין סאמע אָנהייב פון דער מילכאָמע איז אלעקסאנדער איטקין אוועק אפן פראָנט. אומגעקערט זיך אהיים מיט פיל שלאכט־באלוינונגען, האָט ער ווידעראמאָל זיך גענומען פאר דער פריערדיקער ארבעט. און ווייַל די געבייַדע פונעם צירק ליגט נאָך אין רויִנען — קומט איטקין אָן אלס קאָנטראָליאָר אין אָרטיקן טעאטער, וועלכער ארבעט צייַטווייַליק אין לערער־הויז. און עס הייבן זיך בא אים אָן נייַע באגעגענישן מיט מענטשן פון דער קונסט, מיט פילצאָליקע צושויער.

איצט איז איטקין, שוין א מענטש בא די זיבעציקער, דער עלטערער קאָנטראָליאָר אינעם קולטור־פאלאץ פונעם מאקייעווקער קאָקסאָכימישן זאוואָד. און ווי אומעטום פריִער, איז דאָ שטענדיק — אינעם טעאטער־זאל און אין פאָיע — א מוסטערהאפטע אָרדענונג.

אגעוו, באשטייט ניט אלעקסאנדער אבראמאָוויטשעס דינסט לעטויוועס דער קונסט בלויז אין דער שטעלע, וואָס ער פארנעמט. איטקין שפילט אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן אינעם זאוואָדישן בלאָז־אָרקעסטער — ער האָט א שעם פון א זעלטענעם פויקער. ווען עס קומט פאָר א סימכע אינעם קולטור־פאלאץ, קאָן מען זיך אָן אים ניט באגיין. און אָט איז נאָך א גראמאָטע: „דער זאוואָדישער קאָמיוג־קאָמיטעט באלוינט דעם כ׳ איטקין פאר זייַן אקטיוון אָנטייל אין דער צוגרייטונג צו דער פייַערונג פונעם פופציקסטן יובילייַ פון קאָמיוג״.

אלע אָוונט באגעגענען די קאָקסאָכימיקער אין זייער פאלאץ דעם דאָזיקן באשיידענעם מענטשן, וועלכער האָט אָפּגעגעבן א האלבן יאָרהונדערט דער קונסט.



## ב לעטערנדיק זשורנאלן און צײַטונגען

# דער קויעך פון דעם שטרײַמל

אײַ, איז אונדזער גרויסער פערעץ געווען גערעכט! ס'איז שוין דורכגעגאנגען אומגעפער א דרײַ פערטל יאָרהונדערט, זינט פערעץ האָט געשאַפן זײַן דערציילונג „דאָס שטרײַמל”. די וועלט איז פאר דער געשיכטלעכער צײַט אזוי ווײַט אוועק פון דער רעליגיע און פון א רעליגיעזן לעבן. אָבער עס ווײַזט זיך ארויס, אז אין ייִדישן לעבן האלט אָן דער קויעך פונעם שטרײַמל. און גראָד הײַנט, אין אונדזער צײַט, פארמעסט זיך דאָס שטרײַמל אויסצוברייטערן זײַן מאכט און הערשאפט איבערן ייִדישן לעבן אומעטום, אָנגעהויבן פון דער מעדינע ייִסראָעל ביז צו אלע ייִדישע ייִשוווים אין די מײַרעוו־לענדער.

אמאָל־אמאָל האָט דער ייִדישער קלער געהאט זײַן מאכט אין די ראבאָנישע הויפן, וואָס דאָס זײַנען געווען דינאסטיעס גאנצע, בא דעם קאָהאָלשן סיידער, וועלכער האָט געהאלטן אָפּגעגרענעצט און אָפּגעצוימט דאָס ייִדישע לעבן פון דער דרויסנדיקער וועלט.

הײַנט האָט דער ייִדישער קלער די מאכט פון א מעדינע, דעם קויעך פון א רעגירונג, און ער פּרעטענדירט אפילע צו שטיין איבער דער רעגירונג, דיקטירן זײַן ווילן דער רעגירונג. און די רעגירונג פון ייִסראָעל נעמט אָן האכנאָעדיק זײַן דיקטאַט, שטעלט זיך ניט קעגן. דאָס שטרײַמל ווײַזט זײַן קויעך.

זינט דער אנטשטייונג פון ייִסראָעל האָט דער ייִדישער קלער גענומען אוועקלייגן זײַן כויסעם אָף דעם גײַסטיקן און אָפן גאנצן קולטור־לעבן אין לאנד. ער האָט ארויסגערוקט די פאָדערונג פון דער דרײַ־איינקײַט — איין גאָט, איין פאָלק, איין שפּראך. און די מאפּאַישע רעגירונג האָט אלץ נאָכגעגעבן. ריכטיקער, די רעגירונג האָט אין אלץ ארויסגעהאָלפן דעם ייִדישן קלער, אין וועלכן זי האָט זיך גענייטיקט, קעדיי צו שאפן די געהעריקע אטמאָספער.

די איינציקע, ווער עס איז אלע יאָרן ארויסגעטראָטן קעגן דעם רעליגיעזן צוואנג אָף דעם פאָלקס־לעבן אין דער מעדינע, זײַנען געווען די פּראָגרעסיווע קרײַזן. עס האָט זיי ניט געקאָנט באומרויִקן, ווען די רעליגיעזע קרײַזן, בעשוטפעס מיט די ציִעניסטישע, האָבן גענומען פארפלאנצן אָבסקוראנטיזם אין די שולן און דערציִונגס־אנשטאלטן, פארטרײַבן פון די לערן־אינסטיטוציעס די ייִדישע שפּראך, די וועלטלעכקײַט.

די פארשיידענע ייִדישיסטישע קרײַזן אין דער מעדינע, ווי אין די אנדערע ייִדישע ייִשוווים, האָבן פּאסיוו זיך צוגעקוקט צו דעם, געבנדיק זייער צושטימונג פאר דעם פּראָצעס פון ארופצווינגען דעם רעליגיעזן שלייער אָפן ייִדישן לעבן. עס קאָן דעריבער אויסזען ניט פארשטענדלעך, ווען אייניקע זשורנאליסטן־ייִדישיסטן, לעמאָשל, אזא ווי ב. שעפּנער, קומען הײַנט ארויס צו באקלאָגן די מאראָכע פון דער וועלטלעכער ייִדישקײַט, אז זי גייט אונטער, זי קערט זיך אום צוריק צו די אלטע פארגאנגענע צײַטן, צו די צײַטן פון דער ראבאָנישער הערשאפט.

ווו זײַנען געווען אלע ייִדישיסטישע שרײַבער און קולטור־טוער די גאנצע צײַט, ווען מע האָט גערודעפט און דערנידעריקט די ייִדישע שפּראך אין ייִסראָעל, ווען ראבאָנים האָבן אלץ מער אויסגעיִבט זייער האשפּאָע אָף דעם ייִדישן לעבן אין דער מעדינע, און אויך אין די ייִשוווים, באקומענדיק די הילף פונעם ציִעניזם און די צושטימונג פון דער ייִסראָעל־רעגירונג?

ב. שעפּנער טרעט אויך הײַנט ניט ארויס קעגן דער בעשוטפעסדיקער פּאָליטיק פונעם ציִעניזם מיט די רעליגיעזע קעגן דעם וועלטלעכן ייִדישן פאָלקס־לעבן. ער פּרוּווט נאָר באַרויִקן די געמיטער פון די, וועלכע קוקן מיט באדויערונג אָף דעם הײַנטיקן לעבן אין דער מעדינע און אין אלע ייִדישע ייִשוווים.

שעפּנער פּרוּווט אונדז באַרויִקן דערמיט, וואָס ער באווײַזט, אז די צאָל שטימען בא די קנעסעט־וואלן איז קימאט שטענדיק די זעלבע. דער רעליגיעזער בלאָק וואקסט ניט. וואָס אָבער יאָ, — דער בלאָק פון די קלעריקאלן מאכט א דרוק אָף דער מעדינע דורך אנדערע ייִשוווים, איבערהויפּט דורכן זעקסמיליאָניקן ייִדישן ייִשעוו אין אמעריקע.

אָבער אויך דאָס פּרוּווט ב. שעפּנער פארווייכערן. ער באטראכט דאָס מיט א הומאָרפולן, פּעליעטאָניסטישן געמיט:

„ייִדן אין אמעריקע ווילן טאקע ווײַטער ניט גיין אין שול ארײַן. זיי ווילן אָבער יאָ גיין, נאָך הונדערט און צוואנציק יאָר, אין גאניידן ארײַן, און דערפאר

לוינט זיי, אז אין ייִסראָעל זאָלן די ייִדן זײַן פרום. אויב דאָרט וועט דאָס לעבן זיך געפינען אונטער דער פולער הערשאפט פון די ראבאָנים און פון די רעליגיִעזע פארטייען, דעמלט וועלן ייִדן אין אמעריקע קאָנען ווײַטער בלײַבן אזעלכע ווי זיי זײַנען ביז איצט — לײַכטע ייִדן, יאָמקיפּער־ייִדן. זיי וועלן וויסן, אז ייִדישקײַט האָט גוטע שאָמרים: די ייִסראָעל־ייִדן...״

דער עמעס איז אָבער, אויב באטראכטן די זאך ערנסט, אז די רעליגיִעזע ייִדישקײַט פון די אמעריקאנער ייִדן — אף וויפל זי איז אפילע א ייִדישקײַט „אף איבער הונדערט און צוואנציק יאָר ארום״, — איז אן ארופגעצוווּנגענע פון דער ייִסראָעלדיקער ציִעניסטיש־רעליגיִעזער שוטפעס־פּאָליטיק אף צו דערווײַטערן די אמעריקאנער ייִדן פון א וועלטלעך ייִדיש לעבן, פון א פּראָגרעסיוו ייִדיש לעבן. דאָ ווירקט די שרעק פאר דעם, אז וועלטלעכע פּראָגרעסיווע ייִדן אין אמעריקע קאָנען פארנעמען א פּאָליטישע פּאָזיציע פון אנטי־אימפּעריִאליזם, פון שאָלעם און פעלקער־פרײַנטשאפט, און די זעלבע פּאָליטישע פּאָזיציע פון די אמעריקאנער ייִדן קאָן וועגן זיך געבן צו וויסן אין זייער באציִונג צו ייִסראָעל (פרײַנטשאפט צום פאָלק אין ייִסראָעל, אָבער דורכויסיקע קעגנערשאפט צו דער ייִסראָעלדיקער רעגירונגס־פּאָליטיק פון וועלן אײַנהאלטן פרעמדע שעטאָכים ערד).

אזוי, אז די אלע פרוּוון ארופצוצווינגען די רעליגיִעזע ייִדישקײַט אף די ייִדישע ייִשוּווים האָבן גאנץ קלאָרע, גאנץ באשטימטע, גוט אויסגערעכנטע פּאָליטיש־רעאקציִאָנערע צילן.

ב. שעפנער ווי אן אווטאָריטעטער פאָרשטייער פונעם ייִדישיזם רוקט ניט ארויס די פאָדערונג פון געבן די פולע רעכט דער ייִדישער שפּראך און דעם גאנצן ייִדיש־וועלטלעכן קולטור־לעבן אין דער מעדינע, צו שטארקן אויך דעם וועלטלעכן ייִדישן קולטור־בוי אין אלע ייִשוּווים. די פאָדערונג פון א ברייט און פול ייִדיש קולטור־לעבן האלט ב. שעפנער, ווי אלע אנדערע ייִדישיסטישע און ציִעניסטישע קרײַזן, בלויז פארן ראטנפארבאנד. אין דער גאנצער ייִדישער וועלט האָבן זיי זיך פון דעם אָפּגעזאָגט און נעמען אָן דאָס פארעליגיִעזט־ציִעניסטיש ייִדיש לעבן.

ב. שעפנער דערציילט א טשיקאווע געשיכטע, וועלכע האָט זיך פארלאָפן אין דער הויפּטשטאָט פון אורוגוויַ מאָנטעווידעאָ, ווען עס האָט זי באזוכט מיט א צײַט צוריק הערשל האָראָוו גאָרען, דער געוועזענער מיליטערישער ראָוו און הײַנט דער הויפּט־ראָוו פון ייִסראָעל.

ייִדישיסטישע „סאָציִאליסטישע״ גרופּעס האָבן זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן אף ניט צו באטראכטן זיך ווי מעכוטאָנים אף דער סימכע, וואָס מע האָט געפּראווועט לעקאָוועד האָראוו גאָרען. מע רעדט, אז ער איז א ליבעראלער מענטש מיט „סאָציִאליסטישע״ טענדענצן, און מע האָט אים, דעם גאסט־„כאווער״ האָראוו גאָרען פארבעטן צו זיך אין דער אינסטיטוציע...

שעפנער גיט ניט אָן גענוי דעם נאָמען פון דער אינסטיטוציע. ער גיט נאָר אָן — „דאָס ייִדישע קולטור־הויז״, אָבער לויט זײַן שילדערונג ווערט קענטיק, אז דאָס איז דאָס ייִדישיסטישע „מענדעלסאָן־הויז״ אין מאָנטעווידעאָ.

אָט וויִאזוי שעפנער שילדערט די האלטונג פון דעם „כאווער״ האָראוו גאָרען באם איבערטרעטן די שוועל פון „דאָס ייִדישע קולטור־הויז״: „ווי נאָר דער גאסט האָט דערזען, ווי פון דער מיזרעך־וואנט קוקן אראָפּ די בילדער פון די ייִדישע קלאסיקער, פון מענדעלע, י.־ל. פּערעץ און שאָלעם־אלייכעם, האָט ער, דער ראָוו־פּאראשוטיסט, פּלוצלינג גענומען שפּרינגען פון דער הויט און א צעפּלאמטער זיך צעשריגן אף זײַנע באגלייטער:

— צו וואָס דארפט איר זיי? נעמט זיי אראָפּ! ווארפט זיי ארויס!

פארשעמטע, באליידיקטע, האָבן די פּאָר אָרטיקע קולטור־טוער אראָפּגעלאָזן די קעפּ און עפּעס גענורמען מורמלען, אליין ניט וויסנדיק וואָס״...

איז ווי געפעלט אײַך די פארלאָפענע געשיכטע מיט דער ייִדישיסטיש־„סאָציִאליסטישער״ אופנאמע פון דעם ייִסראָעלדיקן הויפּט־ראָוו גאָרען אין מאָנטעווידעאָ, וועלכע ב. שעפנער האָט פאר אונדז אנטפּלעקט?

דאָס וואָלט עפּשער געווען א זאך אף צו פארווײַלן זיך, ווען עס איז ניט אזוי טראגיש די געפאלנקײַט. סארא אידעאָלאָגישע פּוסטקײַט בא די ייִדישיסטישע „סאָציִאליסטישע״ קרײַזן, ווען זיי לויפן צום רעבן, בעטן און בעטלען בא אים זײַן פרײַנטשאפט!

יאָ, צו אונדזער גרויסן באדויערן זעען מיר, ווי דאָס שטרײַמל געוועלטיקט נאָך אינעם לעבן פון געוויסע ייִדישע ייִשוּווים.

אונדזער גרויסע טרייסט איז, וואָס די וועלט גייט זיך איר גאנג צו באנײַונג, צו באפרײַונג, צו א נײַעם, מער יוישערדיקן סיידער. אויך דאָס ייִדישע פאָלקס־לעבן, אפילע הײַנט מיט שוואכערע קויכעס, קעמפט ווײַטער פאר פּראָגרעס און סאָציִאלן יוישער.

פישל טאָביִאש
(„אונדזער פרײַנט״, מאָנטעווידעאָ)

## וועגן דער פארלעגנהײַט און וועגן די זוכענישן פונעם „דאָר פון דער מעדינע״

די דיסקוסיע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די יונגע ייִסראָעלים נאָך דער מילכאָמע פון אָקטיאבער 1973, איז פולשטענדיק אן אנדערע, איידער די, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן פון דער יוני־מילכאָמע פון 1967. די יעסוידעסדיקע ענדערונג באשטייט אינעם פרוּוו ארײַנצודרינגען איצט אין דער טיף פון די פּראָבלעמען, צו פארטראכטן זיך ניט בלויז וועגן מאָראלישע פראגן, וואָס זײַנען אופגעשווומען בא מענטשן, וועלכע זײַנען געשיקט צו הארגענען, נאָר וועגן עצעם וועזן פון ציִעניזם —

דער אידעאָלאָגיע און פּראַקטיק, פאַר וועלכער דער יונגער מענטש ווערט יעדע עטלעכע יאָר געשיקט צו הארגענען און צו ווערן דערהארגעט. איינע פון די קאָנקרעטע אויסדרוקן פון די געדאנקען און שטימונגען פון די יונגע איז דאָס ארטיקל, וואָס ד. ראָזענבלום האָט ניט לאנג צוריק פארעפנטלעכט אין דער ייִסראָעל־צײַטונג „הארעץ".

ד. ראָזענבלום האָט געשריבן:

„ווי איינער פון „די קינדער פונעם דאָר פון דער מעדינע" (געבוירענע אין 1948), טראכט איך, אז עס איז נאטירלעך די שטימונג פון פארלייקענונג, וואָס איך באמערק בא א טייל יונגע פון מײַן עלטער, וועלכע האָבן אדורכגעמאכט דרײַ מילכאָמעס און אָנשטאָט צו פארפעסטיקן זיך אין זייער עקזיסטענץ־באוווסטזײַן דאָ אין ייִסראָעל און געפינען א זין אין לעבן, זײַנען זיי געקומען צום אויספיר, אז זייער לעבן אין דער מעדינע האָט ניט קיין זין.

וועלכע איז די סיבע, וואָס פיל מענטשן פאַרטראכטן זיך וועגן עמיגרירן פון דער מעדינע? פאַרוואָס זײַנען באם יונגן דאָר פארמיִעסט געוואָרן די כאכאָמים און די אלטע, וועמענס גאנצע כאָכמע באשטייט אין קאָמפּראָמיס? פארוואָס שאפן זיך לאנגע רייען בא די אמבאסאדעס פון אנדערע לענדער? פארוואָס האָט זיך דער לאָזונג „שטארבן פאר אונדזער לאנד" פארוואנדלט אין א לעכערלעכן וויץ?

פארוואָס בליט אין לאנד די סאטירע, וואָס כויזעקט אָפּ פון דער עצעם עקזיסטענץ אונדזערער דאָ?

די סאבּרעס גלייבן ניט מער, אז מיר בויען דאָ א גערעכטע געזעלשאפט. טיילמאָל פילן מיר, אז מיר זײַנען ניט קיין זעלבשטענדיקע סוויווע, נאָר אן עקספּעדיציע פון דער מײַרעוו־קולטור, וואָס איז אראָפּגעזעצט געוואָרן אָף די ברעגן פונעם כאמסין־לאנד. מיר קוקן מיט בענקשאפט צו יענער זײַט יאם, ארויסקוקנדיק אָף די ליפערונגען פון קאָקא קאָלא, פאָלקס־וואגענס, שעוראָלעס און ניוזוויק.

„דער מיטל־וועג, ווו מיר לעבן, איז דער וועג פון פשאָרע, מיט וועלכן מע קען ניט לעבן. גלײַכצײַטיק דערמיט, האָבן מיר ניט דעם מוט און די נייטיקע רעסורסן צו באשליסן. איך אליין ווייס ניט וואָס צו באשליסן. מײַן דאָר ווייסט ניט וואָס צו באשליסן.

פונדאנען נעמט זיך די צעטומלונג. דאָס איז די סיבע, וואָס מיר זײַנען א פארלוירענער דאָר. פון דער לאגע פון צעטומלונג קען מען ארויס בלויז דורך א פעסטן, ענדגילטיקן און פארפליכטנדיקן באשלוס".

ד. ראָזענבלום איז ניט דער איינציקער, וועלכער געפינט זיך אין א לאגע פון פארביטערונג, צעטומלונג און וועג־זוכענישן. „דאָס בעשוטפּעסדיקע פאר אונדז אלעמען איז די צעטומלונג" — האָבן געזאָגט א גרופּע זעלנער, וועלכע האָבן זיך אָרגאניזירט און דורכגעפירט א פּרעסע־קאָנפערענץ, אָף וועלכער זיי האָבן זיך געקלאָגט: „מיר, באפרײַטע זעלנער, מוזן קעמפן פאר אונדזער עקזיסטענץ, אין דער צײַט ווען פירמעס און אונטערנעמונגען גיט מען פינאנסיִעלע הילף און האלוואָעס אָף די גינסטיקסטע באדינגונגען".

אין א טעלעוויזיע־פּראָגראם האָבן שילער פון אייַלאט ארויסגערוקט ערנסטע פראגעס וועגן „באציִאָנאלער מאָראל" פון די רעגירער אין לאנד זינט דער יון־מילכאָמע פון 1967. די פראגע איז — וועגן „אונדזערע היסטאָרישע רעכט אָף די טעריטאָריעס פון אונדזערע אָוועס, צי זײַנען מיר ניט קיין אָקופּאנטן? צי זײַנען ניט די אראבער גערעכט אין באצוג צו אונדז? צי וואָלטן מיר ניט געווען פארביטערט ווי זיי, ווען מיר וואָלטן געווען אָף זייער אָרט? צי איז ניט דער ציִעניזם א באוועגונג פאר באראַבן אנדערע?" אאוו.

די אָפּטיילונגען פאר בריוו אין דער טעגלעכער פּרעסע זײַנען פול מיט ווענדונגען פון לייענער, וועלכע ווײַזן אָן אָף א גרויסער צעטומלונג, אָף נעשאָמע־צעריסנקײַט און פארביטערונג, אָף קעגנערשאפט צו אומענדלעכע און זינלאָזע מילכאָמעס.

ס'איז וויכטיק, וואָס דאָס שטעלן א גרויסן פראגע־צייכן דורך ד. ראָזענבלום און אנדערע פון זײַן דאָר וועגן ציִעניזם איז געקומען נאָך דער ציִעניסטישער דערציִונג און דער ציִעניסטישער פּראַקטיק. עס איז געווען ציִעניסטישע דערציִונג, אָנהייבנדיק פון קינדערגאָרטן ביזן מיליטער; ציִעניסטיש זײַנען די ראַדיִאָ, טעלעוויזיע און פּרעסע; ציִעניסטישע פּראַקטיק איז באגלייט מיט רעליגיִעזער מיסטיק, וועלכע האָט באזונדערס זיך פארשפרייט נאָך דער מילכאָמע פון יון 1967 אין א פארנעם, וואָס וואַרפט אָן א שרעק, ביזן היסטערישן טאדלען יעדן אופריכטיקן מענטשן, פארוואָס ער איז ניט בלינד און האָט דערזען, אז דאָס, וואָס עס רופט זיך „צוריקער צום פארמעגן פון די אָוועס", „באפרײַונג פונעם פּאָטערלאנד", איז ניט מער ווי אָקופּאציע פון פרעמדע טעריטאָריעס.

דער עמעס איז, אז ניט דאָס זײַן א ייִד און ניט דאָס זײַן א ייִסראָעלי שטייט אונטער א פראגעצייכן באם „דאָר פון דער מעדינע", פונקט ווי בא אנדערע דוירעס, וועלכע לעבן אין ייִסראָעל. אויב ד. ראָזענבלום שטעלט אוועק פראגעצייכנס, זײַנען זיי נעגייע נאָר און בלויז דער ציִעניסטישער אופאסונג.

די קאָמוניסטן, וועלכע זײַנען קעגן דער ציִעניסטישער אידעאָלאָגיע, האָבן ניט אוועקגעשטעלט און שטעלן ניט אוועק קיין שום פראגעצייכנס וועגן דעם, צי די בירגער פון ייִסראָעל זײַנען ייִדן אָדער ייִסראָעלים.

די פּראָגרעסיווע ייִדן זײַנען ייִדן אָן פראגעצייכנס, ווײַל זיי זײַנען באפרײַט פון דער מיסטיק פון דער ייִדישער רעליגיע, פון נאציִאָנאליזם, פון ציִעניזם, פון דער ציִעניסטישער איזאָליאציע. ניט די ציִעניסטן זײַנען געשטאנען אין דער ערשטער ריי אינעם קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם, נאָר די קאָמוניסטן, וועלכע זײַנען געשטאנען און שטייען אין דער ערשטער ריי פון קאמף קעגן ראסיזם אומעטום אָף דער וועלט.

די קאָמוניסטן האָבן קיינמאָל ניט געשטעלט אונטער א פראגעצייכן זייער מאצעוו אלס ייִסראָעלים. זיי האָבן געקעמפט און קעמפן קעגן דער פארברעכערישער פּאָליטיק פון דער ייִסראָעל־רעגירונג און קעגן דער ציִעניסטישער אידעאָלאָגיע, וועלכע אָריענטירט די דאָזיקע פּאָליטיק.

ל. אוויוו
(„דער וועג", טעל־אוויוו)

● ● ●

**יאקאוו קאפעליוש**

עלטערער וויסנשאפטלעכער מיטארבעטער
פונעם אינסטיטוט פאר סאָציאָלאָגישע פארשונגען
בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון פססר

# ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד

לויט דער פאָלקס־ציילונג פון 1970 זײַנען אין סאָוועטנפארבאנד געווען 2.150.707 ייִדן. דאָס מאכט אויס ווייניקער פון איין פראָצענט בענעגייע דער גאנצער באפעלקערונג פונעם לאנד. אָבער צווישן די 104 נאציאָנאליטעטן, וואָס לעבן אין סאָוועטנפארבאנד, שטייען די ייִדן אפן צוועלפטן אָרט לויט דער אלגעמיינער צאָל. אָט די ציפערן גיבן נאָך ניט קיין פאָרשטעלונג וועגן דער ראָליע און דעם אָרט פון די ייִדן אין דער פרײַנטלעכער פעלקער־מישפּאָכע פון אונדזער לאנד. א מענטש, וואָס אינטערעסירט זיך מיט אזא ארט סטאטיסטיק, וואָלט געוואָלט וויסן, וויאזוי זײַנען פאנאנדערגעטיילט די ייִדן איבער דער טעריטאָריע פונעם סאָוועטנפארבאנד, אין וועלכע ראיאָנען איז פאראן א קאָמפאקטע ייִדישע באפעלקערונג, וואָס פאר א טייל ייִדן וווינט אין די שטעט און וואָס פאר א טייל אין די דערפער, וועגן דעם בילדונגס־ניוואָ בא די ייִדן, זייער אָנטייל אין געזעלשאפטלעכן לעבן אאוו.

אן ענטפער אף אָט די און אנדערע פראגן גיבן די „סאכאקלען פון דער אלפארבאנדישער פאָלקס־ציילונג פון 1970 יאָר", וואָס זײַנען ניט לאנג צוריק פארעפנטלעכט געוואָרן.

•

ווי באוווסט, האָבן אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט קימאט אלע ייִדן פונעם צארישן רוסלאנד געלעבט אינעם טרויעריק בארימטן טכום־האמוישעוו — אן אָנדערהאלבן צענדליק גובערניעס פאזע די מײַרעוו־ און דאָרעם־גרענעצן פון דער קאָלאָסאלער אימפעריע. די סאָוועטנמאכט האָט פון די ערשטע טעג פון איר אנטשטייונג אָפגעשאפן די צארישע פארבאָטן, זי האָט געזיכערט די פראקטישע מעגלעכקײַט פאר פאָרשטייער פון אלע נאציאָנאליטעטן וווינען אין א באליביק אָרט פונעם לאנד. ייִדן לעבן איצט אין דער מערהײַט קאנטן און געגנטן פונעם סאָוועטנפארבאנד: אפן צאָפן (צום בײַשפיל, אין מורמאנסקער געגנט — 2,7 טויזנט, קאָמי־אססר — 1,8 טויזנט מענטשן) און אפן דאָרעם (צום בײַשפיל, אין קרים — 25,6 טויזנט, אין טאדזשיקיסטאן — 14,6 טויזנט מענטשן), אפן מײַרעוו (צום בײַשפיל, אין בריסקער געגנט — 5,0 טויזנט, אין לוואָווער געגנט—27,7 טויזנט מענטשן) און אפן מיזרעך (צום בײַשפיל, אין מאגאדאנער געגנט — 1,6 טויזנט, אין פרימאָריער קאנט — 3,8 טויזנט מענטשן), אינעם צענטער פון דעם אייראָפּעישן טייל פונעם סאָוועטנפארבאנד (צום בײַשפיל, אין סמאָלענסקער געגנט — 5,3 טויזנט, אין וואָראָניעזשער — 6,4 טויזנט מענטשן) און אין דעם אזיאטישן טייל פונעם לאנד (צום בײַשפיל, אין נאָוואָסיבירסקער געגנט — 11,9 טויזנט, אין קראַסנאָיארסקער קאנט — 5,3 טויזנט מענטשן).

אָט וויאזוי עס זעט אויס די פאנאנדערטיילונג פון די ייִדן איבער באזונדערע עקאָנאָמיש־געאָגראפישע ראיאָנען פונעם סאָוועטנפארבאנד:

אוקראַינע און מאָלדאוויע — 875,2 טויזנט, צאָפן־מײַרעוו פון רוסלאנד, בײַבאלטיק און ווײַסרוסלאנד — 395,1 טויזנט, די צענטראלע ראיאָנען פון רספסר — 347,9 טויזנט, צאָפן־קאווקאז און טראנסקאווקאז — 164,6 טויזנט, מיטל־אזיע און קאזאכסטאן — 156,3 טויזנט, בײַוואָלגע און אוראל — 107,3 טויזנט, סיביר און ווײַטער מיזרעך — 58,9 טויזנט.

אין די סאכאקלען פון דער פאָלקס־ציילונג פון 1970 זײַנען די ייִדן פאָרגעשטעלט אלס א פארהעלטניסמעסיק פילצאָליקע נאציאָנאליטעט קימאט אין הונדערט אדמיניסטראטיוו־טעריטאָריעלע איינסן פון אונדזער לאנד. אָט די ציפער רעדט וועגן א זייער ברייטער פאנאנדערטיילונג פון די ייִדן איבער דער טעריטאָריע פונעם סאָוועטנפארבאנד. מער ברייטער זײַנען פארשפרייט בלויז פיר נאציאָנאליטעטן: רוסן, אוקראַינער, ווײַסרוסן, טאָטערן.

פונדעסטוועגן איז די פאנאנדערטיילונג פון די ייִדן לויט באזונדערע געגנטן ניט קיין גלײַכמעסיקע. אין אייניקע ערטער וווינען פראקטיש ניט קיין ייִדן (אָדער זייער ווייניק): אין אמורער, וולאדימירער, וואָלאָגדער, קאָסטראָמער, נאָווגאָראָדער, פענזער, ריאזאנער, טאמבאָווער געגנטן, אין דער קאלמיקישער, מאָרדאָווער, אודמורטער, טשוואשער אווטאָנאָמע רעפובליקן. אין אנדערע געגנטן שטעלן זיי פאָר מיט זיך א גאנץ מערקבארע גרייס. אזוי, צום בײַשפיל, זײַנען אין לענינגראדער געגנט (אײַנגעשלאָסן לענינגראד) די ייִדן לויט דער אלגעמיינער צאָל די צווייטע נאציאָנאליטעט, אין בריאנסקער, וויניצער, וואָראָניעזשער, דניעפּראָפּעטראָווסקער, קיעווער, קורסקער, מאָהילעווער, מאָסקווער, ניקאָ־

טאבעלע 1. די צאָל יידן אין די הויפּטשטעט און אין אנדערע שטעט פון די פארבאנדישע רעפּובליקן, אויך אין מאָסקווע און אין לעניגראד (לויט די אַנגאבן פון דער פאָלקס־ציילונג אין 1970 יאָר)

| | די צאָל יידן — אין טויזנטער | די צאָל יידן — אין פּראָצענטן צו דער אלגעמיינער צאָל שטאָטישע איינוווינער | דאָס אָרט פון יידן צווישן אנדערע נאציאנאליטעטן (לויט דער אבסאָליוטער גרייס) |
|---|---|---|---|
| **הויפּטשטעט** | | | |
| מאָסקווע | 251,5 | 3,56 | 2 |
| לעניגראד | 162,6 | 4,12 | 2 |
| קיִעוו | 152,0 | 9,31 | 3 |
| טאשקענט | 55,8 | 4,03 | 4 |
| קעשענעוו | 49,9 | 14,00 | 4 |
| מינסק | 47,1 | 5,13 | 3 |
| ריגע | 30,6 | 4,18 | 3 |
| באקו | 29,7 | 2,35 | 4 |
| טביליסי | 19,6 | 2,20 | 5 |
| ווילניוס | 16,5 | 4,43 | 5 |
| דושאנבע | 11,4 | 3,06 | 6 |
| אלמא־אטא | 9,2 | 1,26 | 7 |
| פרונזע | 6,0 | 1,38 | 7 |
| טאלין | 3,8 | 1,03 | 5 |
| אשכאבאד | 1,2 | 0,49 | 10 |
| **אנדערע שטעט** | | | |
| פון מאָסקווער געגנט | 28,3 | 0,71 | 4 |
| " לעניגראדער געגנט | 4,8 | 0,55 | 4 |
| " קיִעווער געגנט | 12,3 | 1,87 | 3 |
| " טאשקענטער געגנט | 3,1 | 0,53 | 8 |
| " מאָלדאווישער ססר | 46,0 | 5,94 | 4 |
| " מינסקער געגנט | 6,5 | 1,57 | 4 |
| " לעטלענדישער ססר | 5,8 | 0,78 | 7 |
| " אזערבײדזשאנישער ססר | 11,1 | 0,85 | 6 |
| " גרוזינישער ססר | 34,9 | 2,58 | 5 |
| " ליטווישער ססר | 6,9 | 0,57 | 6 |
| " טאדזשיקישער ססר | 3.0 | 0,43 | 9 |
| " קאזאכישער ססר | 17,2 | 0,30 | 10 |
| " קירגיזישער ססר | 1.4 | 0,21 | 16 |
| " עסטלענדישער ססר | 1.4 | 0,27 | 7 |
| " טורקמענישער ססר | 2.2 | 0,28 | 12 |
| " ארמענישער ססר | 1,0 | 0,07 | 9 |

לײַעווער, פּאָלטאַווער, כאַרקאָווער, טשערקאַסער, טשערניגאָווער געגנטן — די דריטע נאַציאָנאַלי־טעט, די פערטע — נאָך אין דרײַסיק געגנטן, די פינפטע — אין צוואַנציק געגנטן און רעפּובליקן.
מער געדיכט זײַנען די ייִדן קאָנצענטרירט אין מאָסקווער געגנט (אײַנגעשלאָסן מאָסקווע) 287,8 טויזנט, אין לענינגראַדער — 168,5 טויזנט, קיִעווער — 164,6 טויזנט, אָדעסער — 117,2 טויזנט, אין מאָלדאַוויע — 98,1 טויזנט, אין כאַר־קאָווער געגנט — 76,5 טויזנט, אין דניעפּראָפּעט־ראָווסקער — 69,3 טויזנט, אין טאַשקענטער — 59,4 טויזנט, אין גרוזיע — 55,4 טויזנט, אין מינסקער געגנט — 54,3 טויזנט.

אלס קלאַל וווינען די ייִדן אין די שטעט. די פאָלקס־ציילונג פון 1959 האָט פאַרפיקסירט, אַז אין דאָרף האָבן אין יענער צײַט געוווינט בלויז 4,4 פּראָצ. ייִדן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד (106,1 טויזנט). צום 1970 יאָר האָט די צאָל דאָרפישע ייִדן זיך פאַרקירצט מער ווי אין צוויי מאָל — 2,1 פּראָצ. (46,1 טויזנט), און דער פּראָצענט שטאָטישע ייִדן איז אַנטשפּרעכיק אויסגעוואַקסן ביז 97,9.

דאָס, וואָס די ייִדן וווינען דעריקערשט אין די שטעט, איז ניט קיין נײַס. נאָר די געבראַכ־טע סטאַטיסטיק צווינגט אונדז גאָר אַנדערש באַ־טראַכטן דאָס אַלגעמיינע בילד. 2104,7 טויזנט ייִדן, וואָס וווינען אין די שטעט, באַטײַט, אַז די ייִדן פאַרנעמען דאָס זיבעטע אָרט צווישן דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג פונעם לאַנד נאָך די רוסן, אוקראַינער, ווײַסרוסן, טאָטערן, אַר־מענער און אוזבעקן, און אין באַזונדערע שטעט פאַרנעמען זיי אין אַ סך פאַלן דאָס פערטע, דריטע און אַפילו דאָס צווייטע אָרט (זע טאַבע־לעס 1 און 2).

די טאַבעלעס באַווײַזן, אַז די ייִדן וווינען דע־ריקערשט אין די גרויסע אַדמיניסטראַטיווע צענטערן. ס'איז קעדײַ אָפּצומערקן, אַז גראָד דאָ שטעלן די ייִדן מיט זיך פאָר אַ באַדײַטנדיקע, פאַרהעלטניסמעסיק, גרויס. אויב אין מערסטן טייל רעפּובליקן און געגנטן באַטרעפט די צאָל ייִדן אין די שטעט (אויסער די הויפּטשטעט) אַפילו קיין איין פּראָצענט ניט פון דער אַלגעמיינער צאָל באַפעלקערונג, שטײַגט אין די רעפּובליקאַ־נישע און געגנטלעכע צענטערן די צאָל ייִדן אין אַ סך פאַלן אריבער 5—10 פּראָצענט.

אינטערעסאַנט זײַנען פאָלגנדיקע ציפערן. הע־כער 26 פּראָצ. פון אַלע ייִדן אין סאָוועטנפאַר־באַנד וווינען אין די דרײַ גרעסטע שטעט פונעם לאַנד — מאָסקווע, לענינגראַד און קיִעוו. אויב צו דער צאָל ייִדן פון די דרײַ שטעט צוגעבן די צאָל ייִדן, וואָס וווינען אין די הויפּטשטעט פון די אַנדערע פאַרבאַנדישע רעפּובליקן, וועט די ציפער שטײַגן ביז 39 פּראָצענט. מע קאָן זיך מעשאער זײַן, אַז דער גרעסטער טייל פון די אַנ־דערע 61 פּראָצ. פאַלט אָף די געגנטלעכע צענט־רען, און דער קלענערער טייל — אָף די איבע־ריקע שטעט.

ס'איז באַוווּסט, אַז דאָס וווינען אין די גרויסע שטעט שאַפט די סאַמע גינסטיקע באַדינגונגען, קעדײַ צו באַקומען הויכע און ספּעציעלע מיטל־בילדונג. דאָ איז קאָנצענטרירט די גרעסטע צאָל הויכשולן און טעכניקומס. מעגלעך, אַז גראָד דערפאַר איז דער בילדונגס־ניוואָ באַ די ייִדן אַ גאַנץ גרויסער (זע טאַבעלע 3).

ווי ס'איז צו זען פון דער טאַבעלע, קומט אויס אָף יעדע טויזנט ייִדן צו 660—824 מענטשן מיט בילדונג פון העכער זיבן קלאַסן. אין גאַנצן לאַנד איז אָט די ציפער באַדײַטנדיק קלענער — 483 מענטשן.

אויב נעמען די צאָל ספּעציאַליסטן מיט הויכער (אײַנשליסלעך ניט־פאַרענדיקטער) און ספּעציע־לער מיטלבילדונג, וועלן מיר באַקומען פאָלגנ־דיק בילד. אָף יעדע טויזנט ייִדן קומט אויס פון

טאַבעלע 2. די צאָל שטאָטישע ייִדן אין צען געגנטן פון לאַנד, ווו זייער באַטרעף צווישן דער שטאָטישער באַפעלקערונג איז דער גרעסטער (לויט די אָנגאַבן פון דער פאָלקס־ציילונג אין 1970 יאָר).

| ש ט ע ט | די צאָל ייִדן: אין טויזנטער | די צאָל ייִדן: אין פּראָצענטן צו דער אַלגעמיינער צאָל שטאָטישע אײַנוווינער | דאָס אָרט פון ייִדן צווישן אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן (לויט דער אַבסאָלוטער גרייס) |
|---|---|---|---|
| פון אָדעסער געגנט | 116,3 | 8,71 | 3 |
| ״ כאַרקאָווער געגנט | 76,2 | 3,89 | 3 |
| ״ האָמלער געגנט | 41,6 | 6,76 | 3 |
| ״ וויניצער געגנט | 38,8 | 7,15 | 3 |
| ״ טשערנאָוויצער געגנט | 37,2 | 12,73 | 3 |
| ״ זשיטאָמירער געגנט | 35,1 | 6,18 | 4 |
| ״ מאָהילעווער געגנט | 25,5 | 4,88 | 3 |
| ״ דאַגעסטאַנער אַססר | 21,7 | 4,29 | 4 |
| ״ כמעלניצקער געגנט | 15,7 | 3,63 | 4 |
| ״ סאַמאַרקאַנדער געגנט | 14,4 | 3,66 | 5 |

טאבעלע 3. דער בילדונגס־ניוואָ בא די ייִדן, וואָס וווינען אין דער רוסלענדישער פעדעראַציע, לעטלאנד, אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאנד און מאָלדאוויע (לויט די אָנגאבן פון דער פאָלקס־ציילונג אין 1970 יאָר)

| רעפובליקן | אויף 1000 מענטשן, וואָס זײַנען אלט 10 יאָר און עלטער, קומט אויס פערזאָנען מיט בילדונג | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | הויכער | ניט־פאַרענדיקטער הויכער | ספעציעלער מיטלבילדונג | אלגעמיינער מיטעלער | ניט־פולער מיטעלער | אָנפאנג־בילדונג |
| אין רספסר | 344 | 55 | 135 | 172 | 118 | 116 |
| " לעטלאנד | 209 | 72 | 119 | 214 | 159 | 163 |
| " אוקראַיִנע | 195 | 37 | 150 | 214 | 151 | 160 |
| " ווײַסרוסלאנד | 164 | 37 | 142 | 179 | 188 | 190 |
| " מאָלדאוויע | 126 | 34 | 112 | 198 | 190 | 227 |

272 ביז 534 ספעציאַליסטן, אין דער צײַט ווען די אנטשפרעכיקע מיטעלע צאָל אין לאנד באטרעפט 123 מענטשן.

צום אָנהייב 1965 יאָר זײַנען אין דער פאָלקס־ווירטשאפט פונעם סאָוועטנפארבאנד געווען פאַרנומען 482,4 טויזנט ייִדן — דיפלאָמירטע ספעציאַליסטן, דאָס הייסט זיי פאַרנעמען דאָס דריטע אָרט נאָך די רוסן און אוקראַיִנער צווישן אלע נאַציאָנאַליטעטן פונעם סאָוועטנפארבאנד. דערבײַ האָבן 322,7 טויזנט ייִדן געהאַט פאַרענדיקטע הויכבילדונג, וואָס באטרעפט 7 פראָצ. פון דער אלגעמיינער צאָל מענטשן מיט הויכבילדונג, וועלכע זײַנען פאַרנומען אין דער פאָלקסווירטשאפט פונעם לאנד. דער אנטשפרעכיקער פראָצענט בא די רוסן און אוקראַיִנער איז 59 און 15. קיין מער שפעטערע אָנגאבן האָבן מיר נאָך ניט. נאָר ס'איז פאַראַן א גרונט זיך מעשאער זײַן, אז די ענדערונגען זײַנען ניט קיין גרויסע.

אנאלאָגיש זעט אויס דער באשטאנד פון די וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער (1971 יאָר): רוסן — 666,1 טויזנט, אָדער 66 פראָצ. פון דער אלגעמיינער צאָל וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער פונעם סאָוועטנפארבאנד, אוקראַיִנער — 107,5 טויזנט, אָדער 11 פראָצ., ייִדן — 66,8 טויזנט, אָדער 7 פראָצ.

דער פארגלײַך פונעם באטרעף פון די ייִדן צווישן דער גאנצער באפעלקערונג פונעם לאנד (ווייניקער פון איין פראָצענט, אָדער דאָס צוועלפטע אָרט), פון איין זײַט, און דעם באטרעף פון די ייִדן צווישן די מענטשן מיט הויכבילדונג און אויך צווישן די וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער (זיבן פראָצענט, אָדער דאָס דריטע אָרט), פון דער צווייטער זײַט, רעדט אליין פאר זיך.

וועגן דעם אָנטייל פון די ייִדן אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן פונעם לאנד קאָן מען אורטיילן אויך לויט דער צאָל ייִדן — דעפוטאטן פון די סאָוועטן. אין 1971 יאָר זײַנען אין די קאָנסטיטוציאָנעלע אָרגאנען אויסגעוויילט געוואָרן 6058 ייִדן: אין די אויבערסאָוועטן פון די פארבאנדישע רעפובליקן — 19, אין די אויבערסאָוועטן פון די אויטאָנאָמע רעפובליקן — 9, אין די געגנט־סאָוועטן — 131, אין די ראַיאָנע — 572, שטאָטישע — 2154, אין די ראַיאָנישע סאָוועטן פון די שטעט — 1127, אין די יִישעוו־סאָוועטן — 1174, אין די דאָרפישע — 872 מענטשן.

דאָס היימלאנד שאצט הויך אָפּ די ארבעטס־ און שלאכט־העלדנמוט פון זײַנע זין און טעכטער. אין מארט 1970 יאָר האָט די צײַטונג „אינ־וועסטיִא" געשריבן, אז קימאַט 340 טויזנט ייִדן זײַנען פארן דערפאָלג אין דער מי און דעם אָנטייל אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע באלוינט געוואָרן מיט אָרדענס און מעדאלן פונעם סאָוועטנפארבאנד, און 117 מענטשן זײַנען באערט געוואָרן מיטן טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד[1] און 71 — העלדן פון סאָציִאליסטישער מי, דערין זײַנען 9 מענטשן באלוינט מיט דער צווייטער און דריטער גאָלדענער מעדאל „סערפּ און האמער".

די ברייטע פאנאנדערטיילונג איבער דער טעריטאָריע פון אלע פארבאנדישע רעפובליקן, דער הויכער בילדונגס־ניוואָ און אנדערע פאקטאָרן פארשטארקן דעם פראָצעס פון דערנענטערונג פון די ייִדן מיט אנדערע נאַציאָנאַליטעטן. בוילעטער פון אלץ רעדט וועגן דעם די צאָל ייִדן, וואָס באהערשן פרײַ פארשיידענע שפראכן פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפארבאנד. די פאָלקס־ציילונג פונעם 1970 יאָר האָט באוויזן, אז בא 95 פראָצ. ייִדן באהערשן פרײַ די רוסישע שפראך, און 33 פראָצ. ייִדן — אנדערע שפראכן פון די פעלקער פון אונדזער לאנד. 78 פראָצ. ייִדן האלטן רוסיש אלס זייער מוטערשפראך. אין 1959 יאָר איז געווען אן עטוואָס קלענערער פראָצענט — 76.

אין 1970 יאָר האָבן 25 פראָצ. ייִדן געקענט ייִדיש, און אלס די מוטערשפראך האָבן ייִדיש אָנגערופן בלויז 18 פראָצ. ייִדן. אין 1959 יאָר האָבן ייִדיש אלס מוטערשפראך גערעכנט 22 פראָצ. ייִדן.

---

[1] לויט מער שפעטערע אָנגאבן, זײַנען באערט געוואָרן מיטן טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד 133 ייִדן (זע „סאָוועטיש היימלאנד" נום. 5 און 8 פארן 1970 יאָר).

■ ■ ■

# פאַרשיידנס

## א ווערטפול געפינס

בייס די אויסגראָבונגען מײַרעוור־צו פון גיזע האָט א גרופּע ארכעאָלאָגן פונעם קאַיִרער אוניווערסיטעט אנטדעקט דעם קייווער פונעם גאָטסדינער איביס ראאַ, דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר דער מומיפיקאציע פונעם קערפּער פונעם פּאַרע כעפּרען, וועלכער איז באַגראָבן אין איינער פון די גיגאַנטישע פּיראַמידעס אין 2563 יאָר ביז אונדזער ערע. אָט דאָס געפינס האַלט מען פאַר א וויכטיקס, ווײַל ס׳קאָן מיטהעלפן געפינען דעם קייווער פונעם פּאַרעס גופּע.

דעם קייווער פונעם פּאַרע כעפּרען און זײַן אויצער, וועלכע זײַנען באַהאַלטן, ווי מע איז זיך מעשאער, אין דער צווייטער לויט דער גרייס פּיראַמידע, זוכט מען שוין אָט באַלד העכער הונדערט יאָר.

## דער פּאַציִענט — א דעלפין

אָף דער שטאָטישער סטאַנציע פון „גיכער הילף" האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. ס׳האָט זיך געפּאָדערט דרינגענדיקע הילף א שווער־פאַרוווּנדעטן... דעלפין.

אָפן פּליאַזש פונעם אָפּרו־הויז „זוויאָזדאָטשקאַ" איז געקומען צו פאָרן א מאַשין פון „גיכער הילף". דער געליטענער איז געלעגן אין וואַסער נאָענט צו דער ברעג־ליניע, האַלטנדיק זיך קוים אָף די פאָדערשטע פלוספעדערן. זעט אויס, דער דעלפין איז אַרונטערגעפאַלן אונטער א שיף־שרויף. פונעם קאָפּ און פון אונטער די פלוספעדערן האָט גערונען בלוט, דער רוקן איז געווען צעשעדיקט. דעם אָפּגעשוואַכטן באַלעכײַ האָט מען פאָרזיכטיק אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער. דער פעלדשער האָט באַאַרבעט די וווּנדן מיט יאָד, אָפּגעשטעלט דעם בלוט־שטראָם און אײַנגעגעבן דעם דעלפין רעפּועס אָף אײַנשטילן די ווייטעקן. דער דעלפין איז געבליבן אָפן אָרט. מע האָט אים א סאַך מאָל געפּרוּווט אָפּשטויסן צום וואַסער, אָבער ער איז אַלץ געקומען צו שווימען צוריק. דאַן האָט מען אים געלאָזט זיך אָפּרוען, דערנאָך אָף א טראָגבעטל געבראַכט אָף א קאַטיער און אָפּגעפירט ווײַט אין יאַם. נאָר אָפן צווייטן טאָג האָט דער דעלפין זיך ווידער באַוויזן אָפן שטאָטישן פּליאַזש. דער אײַנגעשפּאַרטער פּאַציִענט איז אָפּגעשוווּמען אין יאַם בלויז נאָך דעם, ווי ער האָט זיך אינגאַנצן אויסגעהיילט.

א. בלעך („איזוועסטיִא")

## „ווידמונגען פאַרקויפן זיך"

דער מינהעג פון ווידמען עמעצן אן אָנגעשריבן ווערק עקזיסטירט פון לאַנג, און אַמאָליקע צײַטן איז א ווידמונג געווען באַגלײַט מיט אן עפּיגראַף אן אָבליגאַטאָרישער טייל פון א באַליביקן בוך.

דער רוימישער דיכטער מאַרציִאַל (I יה. פון אונדזער ערע) האָט געשריבן אין אן עפּיגראַמע: „וועמענס א מאַטאָנע, בוך מײַנס, ווילסטו זײַן? א פּאַטראָן מיר דאַרפן דאָך זיך אײַנשאַפן וואָס גיכער".

אין XVI—XVIII יאָרהונדערטן, ווען די שרײַבער זײַנען אָפּהענגיק געווען פון די מעצענאַטן ניט ווייניקער, ווי אין דער אַנטיקער וועלט, פלעגן די ווידמונגען זײַן גאַנץ לאַנגע, און זייער ציל איז געווען דערשלאָגן זיך פאַרשיידענע כסאָדים. דעריבער פלעגן די אווטאָרן ווידמען זייערע ווערק געקרוינטע פּערזאָנען, הויכגעשטעלטע און רײַכע לײַט.

ס׳פלעגט טרעפן, אז דער מענטש, וועמען ס׳איז געווען אַדרעסירט די ווידמונג, איז געשטאָרבן אָדער מע האָט אָנגעהויבן קוקן אָף אים קרום, נאָך איידער דער בוך איז אַרויס פון דרוק; דאַן פלעגט מען אָפּגיך אַרויסרײַסן די ווידמונג און פאַרבײַטן זי אָף אן אַנדערער, וואָס איז געווען געווענדט צו א ניט ווייניקער אָנגעזעענער פּערזאָן.

ווי עס טיילט מיט די פראַנצויזישע שרײַבערין סקיודערי (1607—1701), האָט איינער פון אירע מיטצײַטלער פאַרגרייט פאַר זײַן בוך דרײַ ווידמונגען פאַרשיידענע פּערזאָנען און דערנאָך אויסגעקליבן די, וועלכע האָט געקאָנט אים ברענגען מערער נוץ.

א צווייטער האָט אָפּגעדרוקט עטלעכע צענדליק ווידמונגען צו איין עקזעמפּליאַר און האָט געהייסן דעם אײַנבינדער אַרײַנקלעפּן זיי אַזוי, אז דער, וועמען דער בוך ווערט געשענקט, זאָל מיינען, אז זי איז געווידמעט בלויז־אים איינעם.

פאַר כניפע און איבערגעטריבענע לויבגעזאַנגען אין די ווידמונגען פלעגן די אווטאָרן באַקומען אי געלט, אי אָרדענס, אי גוטע שטעלעס. פאַר דעם, וואָס דער דײַטשישער דיכטער קלאָפּשטאָק (1724—1803) האָט געווידמעט איינע זײַנע א פּאָעמע דעם אימפּעראַטאָר יאָסיף דעם צווייטן, האָט יענער געשענקט אים זײַן פּאָרטרעט, א באַצירטן מיט בריליאַנטן. דער פראַנצויזישער דראַמאַטורג פון XVII יאָרהונדערט קאָרנעל האָט פאַרן ווידמען די טראַגעדיע „ציננאַ" דעם רײַכן מאַן מאָנטאָראָן באַקומען צוויי הונדערט פּיסטאָלן, און ביז הײַנט־צו־טאָג רופן די פראַנצויזן איראָניש אָן ווידמונגען מיט אייגננוציקע צוועקן „ווידמונגען מאָנטאָראָנען".

דער ענגלישער שרײַבער לאָרענס סטערן (1713—1768) האָט אין אָנהייב פון זײַן ראָמאַן „דאָס לעבן און די מיינונגען פונעם דזשענטלמען טריסטראַם שענדי" אוועקגעשטעלט די איראָנישע ווערטער: „די ווידמונג פאַרקויפט זיך". און ווירקלעך, אין דער ענגלישער ליטעראַרישער וועלט האָט עקזיסטירט דאַן א טאַקסע אָף ווידמונגען: פאַר 20 פונט סטערלינג האָט יעדערער געקאָנט פאַרייביקן זײַן נאָמען אין א קונציקער ווידמונג, ווו ס׳זײַנען אויסגערעכנט געוואָרן זײַנע קלוימערשטע פאַרדינסטן.

ניט קיין אייגננוציקע אווטאָרן פלעגן זיך טרעפן זעלטן. דער ענגלישער שוישפּילער סאַמועל פוט (געשטאָרבן אין 1777 יאָר) האָט געווידמעט די קאָמעדיע „דער ענגלענדער אין פּאַריזש" זײַן פאַרלעגער: „איך האָב קיין שום היסכײַוועסן ניט פאַר קיין איין הויכגעשטעלטן מאַן און פאַר קיין איין דאַמע ניט און האַלט, אז מײַנע ווערק נייטיקן זיך ניט אין קיינעמס שטיצע. מיר איז נייטיק די גוטוויליקע באַציִונג בלויז פון מײַן פאַרלעגער. איך דאַנק אים פאַר דער אויסגעצייכנטער קוואַליטעט פונעם דרוק, פאַר דער שיינקײַט פונעם שריפט און פאַרן גוטן פּאַפּיר, אָף וועלכן ער האָט אָפּגעדרוקט דאָס ווערק פון זײַן געטרײַען דינער".

איין ליִאָנער אווטאָר האָט געווידמעט זײַנע ווערק... דעם געליבטן פערד. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז ער האָט קיין שום פערד ניט פאַרמאָגט. אַנדערע ליטעראַטן האָבן געווידמעט זייערע ווערק זיך אַליין. ערשט א סאַך שפּעטער זײַנען די ווידמונגען געוואָרן דאָס, וואָס זיי זײַנען אין אונדזער צײַט, — עטלעכע ווערטער וועגן פרײַנטשאַפט, אָנדענק, ליבע.

ו. טערעזין („ליטעראַטורנאַיאַ ראָסיִא")

## גוסט און רײַכע פֿאַנטאַזיע

אין קאַנסק, א שטאָט אין קראַסנאָיאַרסקער קאַנט, איז אין דער ביבליאָטעק אף א. פּ. טשעכאָווס נאָמען עקספּאָנירט געוואָרן אן אויסשטעלונג פֿונעם קינסטלער ג. קראַווצאָווס עקסליבריסן. ס'זײַנען געווען פֿאָרגעשטעלט דעם מײַסטערס 170 ווערק. א שילער פֿונעם באַרימטן גראַפֿיקער וו. פֿאַוואָרסקי, איז ג. קראַווצאָוו באַוווּסט ווי א שעפֿער פֿון פּרעכטיקע איליוסטראַציעס צו די ווערק פֿון דער רוסישער און וועלט-קלאַסיק, ווי א מײַסטער פֿון מאָנומענטאַלע בילדער, פֿון שריפֿטן. דער עקסליבריס פֿאַרנעמט אין זײַן שאַפֿונג א באַזונדער אָרט.

אף א קליין שטעמפּל קען ג. קראַווצאָוו דערציילן ניט בלויז וועגן די געשמאַקן פֿונעם באַלעבאָס, נאָר אויך באַווײַזן דעם כאַראַקטער זײַנעם. אָט איז דער עקסליבריס פֿון וו. טערעשטשענקאָ. א שוווער-קראַנקע פֿרוי, וואָס ליגט צו בעט, האָט געפֿונען א מעגלעכקײַט ברענגען נוצן פֿאַר אַנדערע מענטשן. מיט א ברייטער האַנט טיילט זי זיך מיט אירע ביכער, מיט אירע קענטעניש. די קרענק קאָן זי ניט אײַנברעכן. און אַלס סימבאָל פֿון איר גײַסטיקער שטאַנדהאַפֿטיקײַט, פֿון ליבע צום לעבן האָט דער קינסטלער אפֿן עקסליבריס אָנגעמאָלט א בליִענדיקע זונרויז. און אָט איז ב. סלוצקיס ביכער-צייכן. אין א לאַקאָנישער פֿאָרם, דורך צוויי הויפּט-דעטאַלן — א רויז און א בלאַט פֿון א פּאַפּאָראָטניק — גיט ער איבער די גרונט-שטריכן פֿונעם דיכטערס שאַפֿונג. זיי דערציילן וועגן דעם פֿילאָסאָפֿישן און לירישן גרונט-עלעמענטן פֿון ב. סלוצקיס דיכטונג.

וו. סאַמסאָנאָוו (צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ קולטוראַ")

## א האַרץ פֿון ניילאָן

ווי ס'האָט מיטגעטיילט די צײַטונג „פֿאָלקסשטימע", האָט זיך דעם עסטרײַכישן פּראָפֿעסאָר נאַוראַטיל אײַנגעגעבן שאַפֿן אן אַפּאַראַט, וואָס „פֿאַרבײַט דאָס האַרץ", און אויספּרוּוון אים בײַ אן עקספּערימענט. אין דער ווינער אוניווערסיטעטישער קליניק האָט מען א יונג קעלבל געמאַכט א כירורגישע אָפּעראַציע און אַרײַנגעשטעלט דעם אַפּאַראַט, וואָס איז געמאַכט פֿון ניילאָן און אַליומיני. ער האָט פֿולשטענדיק גענומען אף זיך די פֿונקציעס פֿונעם האַרצן אף איבערפּאָמפּען דאָס בלוט און געאַרבעט אָן איבערשלאָגן 72 טעג.

דערנאָך האָט מען אַרויסגענומען דעם אַפּאַראַט פֿונעם קעלבלס קערפּער, און ס'האָט אָנגעהויבן אַרבעטן דאָס עמעסע האַרץ, וואָס האָט „אָפּגערוט" קימאַט צוויי מיט א האַלבן כאָדאָשים. איצט לעבט דאָס קעלבל מיטן אייגענעם האַרץ און פֿילט זיך אויסגעצייכנט.

## פֿונעם אוראַלער אַרכיוו

אין ניזשני טאַגיל, אין דעם געוועזענעם צענטער פֿון דער אוראַלער באַרג-זאַוואָדישער אינדוסטריע, ווו ס'האָבן אַלעבאַטעוועט די זאַוואָד-אייגנטימער דעמידאָווס, איז געווען צונויפֿגעזאַמלט זייער א רײַכער אַרכיוו. אין פֿאַרשיידענע צײַטן האָט מען דאָרט אַנטדעקט א ריי אוניקאַלע געפֿינסן — בריוו, אין וועלכע ס'ווערט דערציילט וועגן פּושקינען אין די לעצטע כאָדאָשים פֿון זײַן לעבן, וועגן דעם דועל און טויט פֿונעם פּאָעט: פּריוואַטע בריוו פֿונעם קינפֿטיקן אימפּעראַטאָר לוי באָנאַפּאַרט נאַפּאָלעאָן צום זאַוואָדטשיק אַנאַטאָלי ניקאָלײַעוויטש דעמידאָוו; דעם ערשטן רוסישן מיליטערישן סטאַטוט, וואָס פּיאָטער דער ערשטער האָט אַרויסגעגעבן אין 1716 יאָר.

אף אייניקע דאָקומענטן טרעפֿט זיך דער אונטערשריפֿט פֿונעם באַוווּסטן רוסישן קונסט-פֿאָרשער וו. סטאַסאָוו, וועלכער האָט אַמאָל געדינט אַלס סעקרעטאַר בײַ די דעמידאָווס.

הײַנט-צו-טאָג האָט מען דעם ניזשני-טאַגילער פֿאָנד, וואָס באַשטייט פֿון 25 טויזנט דאָקומענטן, איבערגעפֿירט אינעם סווערדלאָווסקער געגנטלעכן מעלוכע-אַרכיוו.

סאַכאַקל געפֿינען זיך דאָ בא א מיליאָן פֿאַרשיידענע דאָקומענטן וועגן דער דרײַהונדערטיאָריקער געשיכטע פֿון אוראַל.

וו. סינצאָוו („איזוועסטיִאַ")

## קאָסמישע שווינדלערײַ

אפֿן מײַרעוו טומלט זיך אַרום איינעם אן אורי געלער, וועלכער פֿאַרמאָגט קלויממערשט אויבערנאַטירלעכע קויכעס, וואָס מיט זייער הילף בייגט ער מעטאַלענע זאַכן און צווינגט גיין צעבראָכענע זייגערס. אין לאָנדאָן האָט מען אַרויסגעגעבן געלערס אויטאָריזירטע ביִאָגראַפֿיע אונטערן נאָמען „אורי". געלערס ביִאָגראַף, איינער אן אַנדריִאַ פּוכאַריטש, האָט זיך דערעדט אַפֿילע צו אַזאַ באָבע-מײַסע, אַז געלער איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי... אן אַגענט פֿון שעליכים פֿונעם קאָסמאָס, וועלכע פֿליִען שוין קימאַט 800 יאָר אַרום דער ערד און פּלאַנירן אין די נאָענטסטע יאָרן אַראָפּלאָזן זיך אף אונדזער פּלאַנעטע. געלער, שרײַבט ער, האָט אײַנגעשטעלט קאָנטאַקטן מיט די שעליכים פֿון קאָסמאָס מיט דער הילף פֿון א מאַגניטאָפֿאָן, אָבער קיין פֿאָנאָגראַמעס פֿון די געשפּרעכן פֿאַרמאָגט ער ניט, ווײַל די שעליכים האָבן זיי פֿאַרניכטעט. בלויז אים, פּוכאַריטשן, און געלערן אַליין איז אָנגעצייכנט צו דערזען די שעליכים, וועלכע האַלטן, אַז די אײַנוווינער פֿון אונדזער פּלאַנעטע זײַנען ווײַט ניט קיין גוטווילּיקע וועזנס. פּוכאַריטש שרײַבט, אַז אויך גופֿע דער בוך „אורי" איז אָנגעשריבן לויטן באַפֿעל פֿון די קאָסמישע שעליכים און אויך לויט זייער באַפֿעל האָט געלער זיך אָפּגעזאָגט דורכגיין א וויסנשאַפֿטלעכן קאָנטראָל פֿון זײַנע „אויבערנאַטירלעכע קויכעס".

## אן אַאוקציאָן פֿון אַלטערטימלעכע מאַטבייעס

אין דרעזדען איז פֿאָרגעקומען אן אַאוקציאָן פֿון אַלטערטימלעכע מאַטבייעס און מעדאַלן. די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקײַט האָט צוגעצויגן צו זיך א גאָלדענע פּערסישע מאַטבייע, וואָס די ספּעציאַליסטן באַשטימען איר עלטער אין 2400 יאָר.

אפֿן אַאוקציאָן זײַנען פֿאַרקויפֿט געוואָרן 3.400 קאָלעקציעס פֿון קאָלערליי מאַטבייעס און מעדאַלן פֿון פֿאַרשיידענע עפּאָכעס און פֿעלקער פֿון אייראָפּע און אַנדערע קאָנטינענטן. אינעם אַאוקציאָן-צעטל זײַנען געווען אויסגערעכנט זעלטנסטע זילבערנע און בראָנזענע מאַטבייעס פֿון אַטען, מאַקעדאָניע, רוים, ביזאַנץ. צום ערשטן מאָל האָט מען אין דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק פֿאָרגעלייגט די נומיזמאַטן א מאַטבייע די ווערט פֿון 50 פֿפֿעניגן, וואָס איז געגאָסן געוואָרן אין 1923 יאָר אין האַמבורג און איז באַוווּסט אונטערן נאָמען „פֿענסיע-מאַטבייע".

א גרויסן אינטערעס בא די ספּעציאַליסטן און באַזוכער האָבן אַרויסגערופֿן די פֿאָרגעשטעלטע אפֿן אַאוקציאָן געוויכטלעך אף אָפּצוווען מאַטבייעס, וואָס ס'האָבן אויסגעפֿורעמט די האָלענדישע מײַסטערס פֿון XVII—XVIII יאָרהונדערטן.

# כראָניק

## ביראָבידזשאַנער נײַעס

### עס זינגט פּאָלינע קליינערמאַן



לויט איר פאַך איז זי א מעדיקער, אין דער פרײַער צײַט באַטייליקט זי זיך אין דער קינסטלערישער זעלבסטעטיקײַט. איר פײַנע לירישע שטים קלינגט אָפט אָף דער בינע פונעם ביראָבידזשאַנער קולטור־פּאַלאַץ. זי איז פיל מאָל אָפגעמערקט געוואָרן מיט דיפּלאָמען אָף די שטאָטישע, געגנטלעכע און קאַנטישע דורכקוקן. ניט לאַנג צוריק איז די זינגערן אַרויסגעטראָטן אין דער כאַבאַראָווסקער טעלעוויזיע. אין איר רעפּערטואַר גייען אַרײַן פאָלקסלידער, ווי אויך נײַע לידער אָף די טעקסטן פון די סאָוועטישע יִדישע דיכטער אַרן ווערגעליס, כאַיִם ביידער און אַנדערע.

דער זינגערן אַקאָמפּאַנירן דער אָנפירער פונעם מוזיקאַלן אַנסאַמבל באַם ביראָבידזשאַנער קולטור־פּאַלאַץ סעמיאָן גראָסמאַן און די פּיִאַניסטקע ראָזע קראַסאָוויצקאַיאַ.

וועגן זיך דערציילט פּאָלינע קליינערמאַן:

— מײַנע עלטערן האָבן זיך פון לאַנג באַזעצט אין ביראָבידזשאַן. דאָ בין איך אויסגעוואַקסן. איך האָב ליב זינגען, און מיך פרייט, ווען מײַנע לידער פאַרשאַפן פאַרגעניגן די צושויער.

### 50 יאָר זינט דער גרינדונג פונעם קוראָרט „קולדור"

די מעדיצינישע געזעלשאַפטלעכקײַט פון דער יִדישער אַווטאָנאָמער געגנט האָט פײַערלעך אָפגעמערקט דעם 50־טן יאָרטאָג פונעם קוראָרט „קולדור".

אין 1924, ווען דער קוראָרט האָט אָנגעהויבן פונקציִאָנירן, האָט ער געהאַט אינגאַנצן איין קאָרפּוס און גאַנץ פּרימיטיווע היילונגס־מיטלען. איצט איז „קולדור", וואָס געפינט זיך אָף דער טעריטאָריע פון דער יִדישער אַווטאָנאָמער געגנט, איינער פון די בעסטע היילונגס־אַנשטאַלטן און אָפּרו־צענטערס אַפן ווײַטן מיזרעך.

פאַר א האַלבן יאָרהונדערט האָבן אין „קולדור" פאַריכט זייער געזונט העכער 400 טויזנט מענטשן. דאָס קוראָרט־שטעטל פאַרמאָגט איצט 9 פילשטאָקיקע קאָרפּוסן, וווילײַנגעאָרדנטע היילונגס־לאָקאַלן, א גרויסע גאָרקיך, א פּאָליקליניק, א קלוב.

אין 1975 וועט מען דאָ אָנהייבן בויען נאָך איין היילונגס־אַנשטאַלט, וועלכער וועט קאָנען פאַר איין מאָל אויפנעמען 500 מאַן, א גאָרקיך אָף טויזנט ערטער און אַנדערע געבײַדעס.

ווער עס איז כאָטש איין מאָל געווען אין „קולדור", וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם מאָלערישן טאָל מיט די הייסע קוואַלן צווישן די בערג פון קליין־כינגאַן.

### פונעם מאָלער־אַלבאָם

דער ביראָבידזשאַנער פּאַרק פון קולטור און אָפּרו אָף די ברעגן פון דער בירע איז דאָס באַליבטע אָרט, ווו די שטאָטישע אײַנוווינער פאַרברענגען די פרײַע צײַט. דער היגער מאָלער א. עסקין האָט געמאַכט אין אָט דעם פּאַרק א ריי געמעלן, צווישן זיי דאָס בילד — „יונגע פישער בא דער בירע".



## נײַעס פון אויסלאַנד

### אַן אויסשטעלונג פון יִדישע צײַטונגען

דער אינסטיטוט פאַר יִדישע פאָרשונגען אין ניו־יאָרק האָט אָרגאַניזירט אַן אויסשטעלונג פון יִדישע צײַטונגען, וואָס זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פּעריִאָד צווישן די צוויי וועלט־מילכאָמעס און בײַס דער אָקופּאַציע־צײַט אין עסטרײַך, איטאַליע, פראַנקרײַך, פוילן און אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע.

צווישן די עקספּאָנאַטן געפינען זיך צוויי צײַטונגען, וואָס זײַנען דערשינען אין ווילנע אין די יאָרן 1926 און 1927, אַן עקזעמפּליאַר פון א צײַטונג, וואָס איז אין 1943 אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין דער וואַרשעווער געטאָ. דער גרעסטער טייל פון די עקספּאָנאַטן איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין די יאָרן 1945—1949.

### דאָקומענטן וועגן די היטלעריסטישע פאַרברעכנס

אָף אַן אויסשטעלונג אין קעלן זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן דאָקומענטן, וואָס געפינען זיך אין שטאָטישן אַרכיוו און וועלכע דערציילן וועגן די שוידערלעכע פאַרברעכנס פונעם היטלעריזם, באַזונדערס וועגן די פאַרפאָלגונגען פון די 11 טויזנט יִדן פון קעלן, וועלכע זײַנען דעפּאָרטירט געוואָרן אין די פאַשיסטישע טויט־לאַגערן, פונוואַנען עס האָבן זיך געראַטעוועט בלויז 50 מענטשן.

דער היסטאָריקער דר. הוגאָ שטעקעמער, איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אויסשטעלונג, האָט אין זײַן רעדע בײַס דער עפענונג פון דער עקספּאָזיציע אונטערגעשטראָכן, אַז דער יונגער דאָר דאַרף וויסן וועגן דער טראַגישער פאַרגאַנגענהײַט פון דער מענטשהײַט אין די יאָרן פון דער פאַשיסטישער מעמשאָלע.

### די יובילײ־דאַטע פונעם זשורנאַל „ראָזאַריִער לעבן"

דער זשורנאַל „ראָזאַריִער לעבן", וואָס דערשײַנט אין דער אַרגענטינער שטאָט ראָזאַריִאַ, האָט לעצטנס אָפגעמערקט דעם 50־טן יאָרטאָג פון זײַן עקזיסטענץ. די צײַטשריפט ווערט געדרוקט אין יִדיש און אָף דער לאַדינאָ־שפּראַך און שרײַבט דעריקער וועגן יִדישן לעבן פון אָט דער גרויסער שטאָט אין לאַטײַן־אַמעריקע.

### צום אָנדענק פון יוסעף שראָגין

אין לאָס־אַנדזשעלעס איז אין עלטער פון קאָרעוו 70 יאָר געשטאָרבן דער באַקאַנטער יִדישער פּראָגרעסיווער קולטור־טוער אין די פאַרייניקטע שטאַטן יוסעף שראָגין.

מיט פיל יאָרן צוריק איז י. שראָגין געווען טעטיק אַלס שוישפּילער אינעם „אַרטעף"־טעאַטער אין ניו־יאָרק. שפּעטער, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָט ער זיך פאַרנומען מיט מוזיק־שאַפונג. מיט צוויי יאָר צוריק איז דערשינען זײַנע א לידער־זאַמלונג מיט נאָטן אונטערן נאָמען „געזאַנגען".

# קאָסאַיל שפּיקאַווע

## דער קויעד פון מוזיק

„מוזיק... בלויז זי אליין איז פייק איבערגעבן דעם פלאַטער פון איין נעשאַמע אין א צווייטער", — האָט באַמערקט אלעקסאַנדער הערצען. דער קאָמפּאָזיטאָר דמיטרי קאַבאַלעווסקי, לאַורעאַט פון דער לענין־פּרעמיע, שרײַבט: „די מוזיק דרינגט דורך אונדזער לעבן, גיסט זיך מיט דעם לעבן צונויף, און מיר הערן אַפּילע אויף באַמערקן, אַז דאָס איז מוזיק, אז דאָס איז קונסט, מיר נעמען דאָס אַלץ אויף ווי א טייל פונעם לעבן גופא".

אָט זײַנען אייניקע אינטערעסאַנטע פאַקטן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט די שעפער פון מוזיק, מיט מוזיקאַנטן.

אין דער מישפּאָכע פונעם אָנגעשטעלטן יאַנקעוו פּאַקראַס זײַנען געוועזן עלף קינדער, צווישן זיי עטלעכע מוזיקאַנטן. איינער פון זיי, דמיטרי, איז געווען א שלאַכטמאַן אין בודיאָניס רײַטער־אַרמיי.

איינמאָל האָט דער פאָלקסקאָמיסאַר פאַר לאַנדשוץ קלימענט יעפרעמאָוויטש וואָראָשילאָוו אײַנגעלאַדן צו זיך דמיטרי פּאַקראַסן, זײַן ברודער דאַניִילן און דעם דיכטער לעבעדיעוו־קומאַטש.

— אויב מאָרגן ברעכט אויס א מילכאָמע, — האָט ער געזאָגט, — איז וואָס פאַרמאָגן מיר אַף אַזא פאַל, איך מיין אפן לידער־פראָנט?

דער דיכטער האָט אונטערגעכאַפּט די ווערטער פונעם פאָלקסקאָמיסאַר: „אויב מאָרגן — א קריג, אויב מאָרגן — אין מאַרש, אויב פינצטערע קויכעס באַפאַלן..."

די ברידער פּאַקראַס האָבן געשאַפן די מעלאָדיע, דער דיכטער לעבעדיעוו־קומאַטש האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער, צופּאַסנדיק די ווערטער צום ריטעם פון א מיליטערישן מאַרש.

אינעם אַרבעט־צימער פונעם קאָמפּאָזיטאָר דמיטרי פּאַקראַס הענגט א בילד, וווּ ער איז אָפּגעפאָטאָגראַפירט מיט בודיאָנין, און וואָראָשילאָווס א פּאָרטרעט מיט אן אונטערשריפט: „מײַן טײַערער פרײַנט מיטיע פּאַקראַס, דײַן מוזיקאַלישע שאַפונג וועגן אונדזער געמיינזאַמען קאַמף פאַרן סאָוועטישן לעבן ליגט בא מיר טיף אין האַרצן, און איך בין גליקלעך דיר עס צו זאָגן. דײַן ק. וואָראָשילאָוו".

די געשיכטע פונעם קאַמף פאַר דער סאָוועטנמאַכט ווייסט ניט וויניק העראָישע עפּיזאָדן, פאַרבונדענע מיט מוזיק.

אינעם פאָלקס־זיקאָרן איז פאַרבליבן דער טראַגישער אומקום פון די אונגאַרישע העלדן־מוזיקאַנטן אפן אמור אין 1919. די ווײַסגוואַרדייער האָבן זיי דערשאָסן, ווען אַנשטאָט אויסשפּילן דעם צאַרישן הימן האָבן זיי געשפּילט דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

קיימאַט אין א פערטל יאָרהונדערט אַרום האָט איבערגעכאַזערט דעם זעלבן העלדנטאַט בא דער אוסט־לאַבינסקער פעסטונג אַף קובאַן דער פּיאָנער מוסיע פּינקענזאָן.

אין דער שטאָט לאַזאָוואַיא, היינטער כאַרקאָוו, האָט אן עלטערע פרוי אין האַרבסט 1941 באַקומען א ידיע, אז איר זון איז אומגעקומען אפן פראָנט. ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז דער קאָמאַנדיר פון א פאַרבינדונגס־וואָוואָד אנאַטאָלי סילקין האָט ליב שפּילן אַף א פידל, האָט זי אַרויסגענומען פונעם קאַסטן א פאַרלעגערטן אינסטרומענט און אים איבערגעגעבן דעם יונגן קאָמאַנדיר.

— אָט דעם פידל האָט מײַן זיידע געטראָגן מיט זיך, ווען ער האָט געקעמפט אַף צו פאַרטרײַבן פון אונדזער ערד נאַפּאָלעאָנס כאַיאַלעס, — האָט זי געזאָגט. — דעם אינסטרומענט האָט ליב געהאַט אויך מײַן פאָטער, אן אָנטיילנעמער פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און פונעם בירגערקריג. מײַן זון איז געפאַלן אין שלאַכט, ס'איז אים ניט אויסגעקומען צו נעמען דעם סמיק אין די הענט. איך האָב א ווונטש, אַז אָט דער פידל זאָל שפּילן אין בערלין...

דער קאָמאַנדיר פונעם פאַרבינדונגס־וואָוואָד האָט מיט דאַנקבאַרקייט גענומען די מאַטאָנע. אַף דער הינטערשטער דעקע פונעם אינסטרומענט האָט ער איבערגעלייענט: „יאַקאָב שטײַנער, 1715". אין די איבערײַסן צווישן די שלאַכטן האָט אנאַטאָלי סילקין געשפּילט פאַר די סאָלדאַטן און אָפיצערן פון דער 16־טער לופטאַרמיי, אין וועלכער ער האָט געדינט. און אין מײַ 1945 יאָר האָט מען געקאָנט הערן, ווי עס שפּילט זײַן פידל אַף די גאַסן און פּלעצער פון בערלין.

נאָך דער מילכאָמע האָט זיך אנאַטאָלי סילקין באַזעצט אין טשערקאַס. שוין העכער א פערטל יאָרהונדערט אַרבעט ער אין דער דאָרטיקער מוזיקאַלישער שול, און די לעצטע פופצן יאָר שטייט ער בראָש פון איר. צענדליקער מענטשן האָבן זיך געלערנט שפּילן אַף זײַן פידל, און זיי זײַנען געוואָרן פּראָפעסיאָנעלע מוזיקאַנטן.

דער פּאָעט וואַלערי בריוסאָוו האָט אַמאָל געשריבן: „צווישן דער וויסנשאַפט און דער קונסט איז א פאַרבינדונג ניט נאָר מעגלעך, נאָר אויך נייטיק". דאָס איז שײַך אויך צו מוזיק.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז מיר געפינען זיך אַף א קאָנצערט, וואָס קומט פאָר אין דער צוקונפט. א פּוסטע סצענע. מע זעט ניט קיין אָרקעסטער און קיין כאָר. ס'באַווײַזט זיך אן אַרטיסט, מאַכט א צייכן מיט דער האַנט — און טײַקעף דערהערט זיך ערגעץ פון דער טיפעניש מוזיק. נאָך א פּיר מיט דער האַנט — און פונדערווײַטנס דערטראָגט זיך דאָס זינגען פון א כאָר. דערנאָך גיסט זיך אַלץ צונויף אין איין וווּנדערלעכער סימפאָניע.

דאָס איז ניט קיין פאַנטאַזיע.

די טעכנישע זײַט פון דער אידיי האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט דער באַוווּסטער סאָוועטישער דערפינדער אין געביט פון מוזיקאַלישער אַקוסטיק לעוו סערגייעוויטש טערמען. דער עלעקטרישער מוזיקאַלער אינסטרומענט, וועלכן ער האָט געשאַפן מיט א סאַך יאָרן צוריק, איז אָנגערופן געוואָרן אַף זײַן נאָמען: „טערמענוואָקס".

דאָס ערשטע מאָל איז דער אינסטרומענט דעמאָנסטרירט געוואָרן אַפן VIII אַלרוסלענדישן עלעקטראָטעכנישן צוזאַמענפאָר. דערנאָך, לויט לענינס ביטע, — אין קרעמל. לענין האָט מיט באַגײַסטערונג גערעדט וועגן דער נײַער דערפינדונג. ער איז געווען צופרידן, וואָס דער ערשטער עלעקטרישער מוזיקאַלער אינסטרומענט איז געבוירן געוואָרן בא אונדז אין לאַנד.

אין מײַרעוו־אייראָפּע דערוווּסט מען זיך וועגן טערמענס אויסטערלישע דערפינדונגען. מע לאַדט אים אײַן אַרויסצוטרעטן אין די קאָנצערט־זאַלן פון דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך, ענגלאַנד, פּשא.

די מילכאָמע האָט איבערגעריסן דעם דערפינדערס עקספּערימענטן. הײַנט־צו־טאָג זעצט ער אָקשאָנעסדיק פאָר אײַנגלידערן אין דער

מוזיקאלישער קונסט נײַע מעטאָדן, וואָס באזירן זיך אַף עלעקטראָניק, עלעקטראָמאגנעטיזם, אָפּטיק און אעראָדינאמיק.

אלס בײַשפּיל פון גרויסער ליבע צו מוזיק קאָן דינען דער ערשטער פאָלקסקאָמיסאר פאר אויסערן־איניאָנים געאָרגי וואסיליעוויטש טשיטשערין. ער האָט אָנגעשריבן א פאָרשונג וועגן מאָצארטן, וועלכן ער האָט מאמעש פארגעטערט, און אויך גלענצנדיק געשפּילט לויטן זיקאָרן זײַנע ווערק.

מוזיק איז ניט בלויז א קוואל פון עסטעטישן פארגעניגן, זי דערציט אינעם מענטשן דעם געפיל פון הארמאָניע. וועגן דעם האָט נאָך געשריבן דער בארימטער אלטגריכישער דאָקטער היפּאָקראַט. בייס לעאָנארדאָ דא ווינטשי האָט געמאָלט זײַן בארימטע „דזשאָקאָנדע”, האָט ער אײַנגעלאדן מוזיקאנטן, וואָס פלעגן אויספּילן זײַנע באליבטע ווערק. דער בארימטער רוסישער פּסיכיאטער בעכטערעוו האָט געטרוימט גרינדן אן אינסטיטוט, וווּ מע זאָל היילן מיט מוזיק.

מיר ווייסן וועגן דער ווירקונג, וואָס מוזיק האָט אַף אייניקע מינים געוויקסן. א מוזיקאנט, א ליבהאָבער פון באָטאניק, האָט אויסגעהיילט א מימאָזע, שפּילנדיק אפן פידל. וועגן דעם האָט דערציילט אפן צווישנפעלקערלעכן קאָנגרעס פון סאָדציכטלער דער דאָקטאָר פון באָטאניק און פילאָסאָפיע פּאַנאיא (אינדיע). ס'איז פעסטגעשטעלט, אז עס זײַנען פאראן אולטרא־קלאנגען, וועלכע פארשנעלערן דעם וווּקס פון געוויקסן. אלס די סאמע „מוזיקאלישע” געוויקסן האָבן זיך ארויסגעוויזן רײַז און טאבעק.

מוזיק גייט ארײַן אלס א קאָמפּאָנענט אין דער וויסנשאפטלעכער אָרגאניזאציע פון ארבעט. אפן פערמער טעלעפאָן־זאוואָד, צום בײַשפּיל, איז פאראן א ספּעציעלע לאבאָראטאָריע פון פונקציאָנעלער מוזיק. אין רעזולטאט פון אָנווענדן מוזיק האָט זיך געהעכערט די ארבעטס־פּראָדוקטיווקײַט, ס'איז ווייניקער געוואָרן בראַק.

אין דער מעדיצין איז באוווּסט, אז מוזיק ווירקט פּאָזיטיוו אַף דער סעקרעציע פון מאָגן־זאפט, און עסן ווארמעס אין דער מוזיקאלישער באגלייטונג איז ניט בלויז אָנגענעם, נאָר אויך נוצלעך. מוזיק אלס הייל־מיטל ווערט ברייט אָנגעווענדט אין די קרימער קוראָרטן.

אינעם פּוילישן קוראָרט קודאָוואָ־זדרוּוו איז פאראן א לאבאָראטאָריע, וווּ די מיטארבעטער פארנעמען זיך מיט דערלערנען די ווירקונג פון מוזיק אַף די קראנקע. אין די רעצעפּטן, וואָס די דאָקטוירים שרײַבן אויס פאר די פאציענטן, ווערט, כוץ רעפּועס, אָנגעוויזן אויך וויפל צײַט זיי דארפן הערן מוזיק. אלס מאסן־פאָרם פון היילונג ווערן אויסגענוצט די רעגולערע מוזיק־פעסטיוואלן לויט די ווערק פונעם פּוילישן קאָמפּאָזיטאָר מאָניושקאָ.

בא אונדז אין לאנד לאָזט ארויס די אלפארבאנדישע פירמע „מעלאָדיע” ספּעציעלע היילונגס־פּלאטן — „מעלאָדיעס פון רויִקן שלאָף”, „מעלאָדיעס פאר אָפּרו”, „מעלאָדיעס פון רויִקן ריטם”, וועלכע ווערן אויסגענוצט מיט דערפאָלג.

י. גינעווסקי

---

# בראָניק

## פּלענום פון דער אָנפירונג פון דער קולטור־ און בילדונגס־געזעלשאפט פון די ייִדן אין בולגאריע

אינעם ייִדישן קולטור־הויז אין סאָפיע איז פאָרגעקומען א פּלענארע זיצונג פון דער צענטראלער אָנפירונג פון דער קולטור־ און בילדונגס־געזעלשאפט פון די ייִדן אין דער בולגארישער פאָלקס־רעפּובליק מיטן אָנטייל פון די רעדקאָלעגיעס פון דער צײַטונג „יעווריייסקי וועסטי” און פונעם יאָרבוך „גאָדישניק”.

מיט א רעפעראט וועגן די אקטועלע פּראָבלעמען און די אויפגאבן פון דער קולטור־ און בילדונגס־געזעלשאפט איז ארויסגעטראָטן דער מיטגליד פונעם אויספיר־קאָמיטעט פון דער געזעלשאפט איזראעל מאיער. ער האָט גערעדט וועגן דער נייטיקײַט אויסצוברייטערן די דערציונגס־ארבעט צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג אין גײַסט פון פּאטריאָטיזם און פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם און פארשטארקן דעם קאמף קעגן רעאקציע און ציוניזם.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באטייליקט איסאק מאָשעוו, קלארא פּינקאס, סארינא פּענטשעווא (פּלאָוודיוו), דאוויד ווידאס (רוסאָ), מאָיִס אלקאזי, סאָלאָמאָן לעוויניעוו, סאָלאָמאָן באלי, מאָיִס פּאסי.

דער שעף־רעדאקטאָר פון „יעווריייסקי וועסטי” איזידאָר סאָלאָמאָנאָוו האָט גערעדט וועגן דער טעטיקײַט פון דער צײַטשריפט און דער צוזאמענארבעט פון די ייִדישע און בולגארישע אינטעלעקטואלן אפן געביט פון קולטור און וויסנשאפט.

דער פאָרשטייער פונעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער קאָמפּארטיי פון בולגאריע איוואן אלעקסאנדראָוו האָט באגריסט די אָנטיילנעמער פונעם פּלענום און געגעבן א הויכע אָפּשאצונג דער דיסקוסיע, וועלכע האָט זיך דאָ פאנאנדערגעוויקלט. ער האָט באטאָנט די עכטע פרײַנטשאפט, וואָס עקזיסטירט צווישן די ייִדן און בולגארן, וועגן זייער ברידערלעכער צוזאמענארבעט אין דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אנטוויקלונג פון זייער היימלאנד.

■

ווינקל פון געזעלשאפטלעכן פארשפרייטער
פון „סאָוועטיש היימלאנד"

# „סאָוועטיש היימלאנד" איז אונדז ליב און טײַער

די צײַט לויפט. אָט האָבן מיר, דאכט זיך, ערשט נאָרוואָס פארעפנטלעכט דעם בריוו־איבערזיכט אין שײַכעס מיט די פאָרלויפיקע סאכאקלען פון דער אבאָנירונג אף „סאָוועטיש היימלאנד" אפן יאָר 1974. אונדזערע לייענער, געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער האָבן דעמלט מיטגעטיילט דער רעדאקציע וועגן דעם וואקסנדיקן אינטערעס צום זשורנאל, וועגן דעם צופלוס פון נײַע אבאָנירטע לייענער אין די פארשיידנסטע ווינקעלעך פון אונדזער לאנד. און אָט שרײַבן מיר שוין איצט וועגן דער אבאָניר־קאמפאניע אף דעם 1975.

ווי באוווּסט, הייבט זיך אָן די מאסן־אבאָנירונג אף אלע פעריאָדישע אויסגאבעס, דערין אויך אפן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", אין סענטיאבער. צו הילף די טוער פון „סאָיוזפעטשאט" שליסן זיך אײַן אין אָט דער גרויסער און וויכטיקער ארבעט הונדערטער געזעלשאפטלעכע פרעסע־פארשפרייטער. זיי זײַנען ענג פארבונדן מיט די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד", פראָפאגאנדירן דעם זשורנאל, זוכן אָפ נײַע לייענער און העלפן זיי אויספורעמען די אבאָנירונג.

וועגן דער אבאָניר־קאמפאניע, וואָס הייבט זיך איצט אָן, וועגן די באמיִונגען פון אונדזערע געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער קומען איצט אָן אין רעדאקציע פיל בריוו. לאָמיר זיי א בלעטער טאָן.

פון כארקאָוו שרײַבט אונדז איינער פון די עלטסטע און אקטיווסטע פארשפרייטער פונעם זשורנאל בייניאָמין קאָטליאר:

„איך שיק אײַך דאָ די אדרעסן פון די כארקאָווער לייענער, וואָס מיר האָבן באקומען אין דער שטאָטישער קאָנטאָר פון „סאָיוזפעטשאט", — עפשער וועט איר זיך וועלן ווענדן צו זיי מיט א בריוו אין שײַכעס מיט דער אבאָנירונג אפן קומענדיקן יאָר. מיר האָבן פארפינקטלעכט די אדרעסן און די פאמיליענעמען. עס זײַנען מיר אין דעם געקומען צו הילף די ככ׳ יאקאָוו ראָזענצווײַג, איסאַק באָראָוויטש און באָריס שאדכאן — אקטיווע לייענער און ליבהאָבער פון דער יִידישער ליטעראטור. יעדערער פון זיי איז דירעקט פארבונדן מיט צענדליקער לייענער".

ס. סאפאָזשניק פונעם יִשעוו יורגא, קעמעראָווער געגנט, שרײַבט אין זײַן בריוו:

„דעם זשורנאל לייען איך שוין אכט יאָר. איך קוק ארויס מיט אומגעדולד אף יעדן נײַעם נומער. אין „סאָוועטיש היימלאנד" טרעף איך אינטערעסאנטע ליטעראַרישע ווערק, לידער, פארצייכענונגען, ארטיקלען אף טאָג־פראגן, וואָס אינטערעסירן אלעמען.

אין אונדזער יִשעוו וווינען ווייניק יִדן, און ניט אלע קענען לייענען יִדיש, נאָר דער אינטערעס צום זשורנאל איז אזוי גרויס, אז די, וואָס לייענען אים, דערציילן איבער זײַן אינהאלט פאר אלעמען".

דער לאנגיאָריקער געזעלשאפטלעכער פארשפרייטער אין סמאָלענסק אײַזיק שפילבערג שרײַבט אונדז:

„איך האָב שוין באזוכט 16 פון די 25 אבאָנענטן, וועלכע איך האָב געשאפן אין 1974. אין דער ארבעט העלפט מיר דער כ׳ סארניעוויטש און דער כ׳ שקונדין. עמעס, שקונדין איז איצט קראנק, אָבער ווי נאָר ער וועט געזונט ווערן, וועט ער זיך ווײַטער אײַנשליסן אין דער אבאָניר־קאמפאניע אפן 1975.

איך מיין, אז מע דארף ערנסטער א טראכט טאָן וועגן דעם איינצל־פארקויף. בא אונדז אין סמאָלענסק, אשטייגער, קאָן מען קויפן דעם זשורנאל בלויז אין צוויי קיִאָסקן".

א היפשע ארבעט האָט אָפגעטאָן איינער פון אונדזערע נײַע געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער א. ווילענסקי פון דער שטאָט קאזאן, וועלכער האָט לויט דער באקאָשע פון דער רעדאקציע זיך פארבונדן מיט אלע ראיאָנישע פאָטשט־אָפטיילונגען פון דער שטאָט.

„איך וויל אויסדריקן מײַן טיפן דאנק דער רעדאקציע, — שרײַבט ער, — וועלכע האָט מיר פארטרויט אזא בעקאָוועדיקע מיסיע צו זײַן א געזעלשאפטלעכער פארשפרייטער פון „סאָוועטיש היימלאנד". איך וועל אלץ טאָן, וואָס ס׳איז מעגלעך, אף צו פארשפרייטן דעם זשורנאל אין אונדזער שטאָט אפן נײַעם, 1975 יאָר".

ווי א ראפאָרט קלינגט הערש בערגערס בריוועלע פון סלאוווטע:

„כאָשעווער רעדאקטאָר! איך טייל אײַך מיט, אז איך האָב געשאפן נאָך פיר נײַע אבאָנענטן פון „סאָוועטיש היימלאנד".

בא דער געלעגנהײַט וויל איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן אונדזער שטאָט. סלאוווטע איז די געבוירנשטאָט פונעם העלד פון סאָוועטנפארבאנד לייזער פאפערניק. בײַס דער פאשיסטישער אָקופאציע איז אין סלאוווטע געווען טעטיק א פארטיזאנישער אָטריאד אפן נאָמען פונעם העלד פון סאָוועטנפארבאנד מיכײַלאָוו".

עליע מאשעוויצקי וווינט אין דער שטאָט ריאזאן. פון זײַן בריוו דערוויסן מיר זיך, אז אין ריאזאן האָט די מערהײַט לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד" אויסגעשריבן דעם זשורנאל אף א גאנץ יאָר.

„מיט דער הילף פון דער שטאָטישער אָפטיילונג פון „סאָיוזפעטשאט", — שרײַבט ער, — האָב איך פארפינקטלעכט די אדרעסן פון די נײַע און אלטע אבאָנענטן.

איך גופע לייען „סאָוועטיש היימלאנד" מיט גרויס פארגעניגן. דעם אינהאלט פון באזונדערע ווערק דערצייל איך איבער מײַנע באקאנטע. דאָס רופט ארויס בא זיי א גרויסן אינטערעס, און א סאך פון זיי ווערן דערנאָך שטענדיקע לייענער".

וועגן דער ארבעט מיט די לייענער און וועגן דער פארשפרייטונג פונעם זשורנאל אין די שטעט און שטעטלעך פון לאנד טיילן מיט אין זייערע בריוו מוישע ביקעל פון ראָוונע, יע. גארבער פון שעפעטאָווקע, זאלמען מינקין און אָ. באסינע פון דאָנעצק, כ. פארבער פון טאמבאָוו, מ. דוניײַעוו פון איוואנאָ־פראנקאָווסק, אווראָם ווײַנער פון וואָלגאָגראד, יאנקעוו וויניצקי און נאָכעם אלפערט פון ווילנע, מאלקע ליס פון קאלוגע, ל. קליינערמאן פון נאָוואָגראד־וואָלינסק, בענציִען פאָליאנאָווסקי פון קיראָוואָגראד, יעהוישוע יעווזלין פון אָדעס, ל. מורגינשטיין פון סווערדלאָווסק און אנד.

מיר דריקן אויס אונדזער דאנקבארקײַט און טיפע אנערקענונג די לייענער — געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער פונעם זשורנאל פאר זייערע באמיִונגען לעטוויועס „סאָוועטיש היימלאנד".

י. שוסטער

# וויצן פון ייִסראָעל



## די „וואָג" פון געלט...

שטייט א ייִד אף אן אווטאָמאַטישער וואָג אין טעל־אוויוו און וואַרט, עס זאָל ארויספאלן א צעטעלע מיט אן אָנווייַזונג, וויפל ער וועגט. שטייט ער א היפּשע ווײַלע און וואַרט, און דאָס צעטעלע פאלט ניט ארויס. רופט זיך אָן צו אים א פארבײַגייער:

— פעטער, א מאַטבייע האָט איר ארייַנגעוואָרפן אין דער וואָג?

— ניין, — זאָגט דער ייִד, — פארגעסן.

— אויב אזוי, קענט איר דאָ שטיין ביז מאָרגן. בא אונדז האָט קיינער אָן געלט קיין וואָג ניט...

## גיי זיך לערנען אף דער עלטער

פארן געריכט אין טעל־אוויוו שטייט א ייִד, א וווּרשטן־פאבריקאנט, וואָס איז אָנגעקלאָגט פאר פּראָדוצירן וווּרשט פון ניט קיין פּאסיק פלייש. פרעגט דער ריכטער דעם אָנגעקלאָגטן:

— איר זײַט זיך מודיע אין דער שולדז?

— ניין, איך בין זיך ניט מודיע, — ענטפערט דער אָנגעקלאָגטער.

— אָבער קעגן אײַך זײַנען פאַראַן באַווײַזן. אָט ליגן פאר אונדז די וווּרשטן, איבער וועלכע מע האָט געמאכט א כימישע עקספּערטיזע.

— אדוני האשופעט, איר זײַט א כימיקער?

— ניין, אָבער אָט שטייט דערנעבן דער כימיקער־עקספּערט.

— און איר, הער כימיקער, זײַט א מומכע אין יוריסטיק?

— ניין, — ענטפערט דער כימיקער, — אף דעם איז א מומכע דער ריכטער.

— נו, זאָגט אליין, — זעצט פאָר דער וווּרשטן־פאבריקאנט, — איר ביידע זײַנט געבילדעטע מענטשן, פונדעסטוועגן האָט איינער ניט קיין אנונג אין כימיע, און דער צווייטער האָט ניט קיין אנונג אין יוריסטיק. און פון מיר פארלאנגט מען, איך זאָל האָבן אן אנונג אין ביידע זאכן. כאָטש גיי אף דער עלטער און לערן זיך כימיע מיט יוריסטיק. און ווער וועט מאכן וווּרשט?

## ווער איז זויכע דערצו



עס שמועסן צווישן זיך צוויי כעלעמער ייִדן אין ייִסראָעל:

— א שווערע צײַט, שוין ווידער געוועזן א מילכאָמע. אָט איז שוין נאָך דער מילכאָמע, און דעם שאָלעם זעט מען ניט...

— גערעכט, — ענטפערט דער צווייטער כעלעמער, — ס'איז א ביטערע צײַט. אין אזא צײַט איז גלײַכער, אז מע ווערט ניט געבוירן.

— יאָ, — איז מאסקים דער ערשטער, — אָבער ווער איז זויכע דערצו? איינער פון טויזנט! אפילע בא מיר אין שטוב איז פון אלע צען קינדער בלויז דער עלפטער ניט געבוירן געוואָרן...

## דירעס פאר יונגע פּאָרלעך

— איר האָט געהערט? דאָס מיניסטעריום פאר הײַזער־בויונג איז ארויס מיט א פּלאַן צוצוײַלן די פּראָצעדור פון געבן יונגע פּאָרלעך דירעס. צווישן אנדערס לייגט פאָר דאָס מיניסטעריום אײַנצופירן א רעגיסטראציע אף דירעס פאר יונגע פּאָרלעך דרײַ מאָל א יאָר, אָנשטאָט איין מאָל. וועט עס פארלײַכטערן דאָס בויען דירעס פאר יונגע פּאָרלעך?

— איך ווייס נישט, צי דאָס וועט פארלײַכטערן די בויונג פון דירעס, נאָר איין זאך איז זיכער: נאָך א ייִד וועט באקומען א דערלויבעניש אופצובויען א טינט־פאבריק.

## די ענגלישע מאלקע וויל ניט

יִשׂראל־שליחים אין דער אָר־גאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַ־ציעס באַמִיען זיך צו רעדן א הויך־אינטעליגענטישן אָקספאָרדער ענגליש.

ניט לאַנג צוריק איז די ענגלי־שע מאלקע בײַגעווען אַף א זי־צונג, און זי האָט גערעדט א זייער פאַשעטן ענגליש. האָט עמעצער געפרעגט:

— פאַרוואָס רעדט די קיניגין אַזוי פּראָסט אַף ענגליש?

אַף דערוף האָט מען אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס געענטפערט:

— די קיניגין פון גרויסבריטאַ־ניע וויל ניט, מע זאָל מיינען, אַז זי איז א שאַליעך פון יִשׂראל.

## שיקט איר פּאַציִענטן

אין יִשׂראל איז פאַרשפּרייט אַזא וויץ:

פון אויסלאַנד זײַנען לעצטנס אָנגעקומען קיין יִשׂראל א סאַך דאָקטוירים. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט גאָלדע מעִיר געשיקט צו אַלע ציִוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציעס אין „גאָלעס" אַזא טעלע־גראַם: „דאָקטוירים האָבן מיר שוין גענוג, שיקט פּאַציִענטן!"

## העפלעכקײַט

דער דירעקטאָר פון א טוריסטן־ביוראָ גיט אינסטרוקציעס די אָנ־געשטעלטע, וואָס דאַרפן ארומפירן די געסט איבערן לאַנד.

— דער איקער, — זאָגט ער זיי, — איז זײַן העפלעך מיט די טוריסטן און ניט שפּאָרן זיך מיט זיי. ווען א טוריסט, לעמאָשל, פאַראַקשנט זיך און באַשטייט דאַפקע אַף דעם, אַז אַמעריקע איז גרעסער און רײַכער פון יִשׂראל, דאַרף מען זיך מיט אים ניט שפּאַרן...



## רעדן צו דער וואַנט...

שטייט א ייִד אין טעל־אָוויוו און קוקט אַף די מויערן, וואָס זײַנען פאַרקלעפּט מיט פּלאַקאַטן פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען, וועלכע רופן צו שטימען פאַר זיי בײַם די קנעסעט־וואַלן.

— וואָס קוקט איר אַזוי? — פרעגט אים א באַקאַנטער.

— איך טראַכט: הײַנט רעדט די וואַנט צו אונדז, אָבער נאָך די וואַלן וועלן מיר רעדן צו דער וואַנט...



## ער וויל איבערגיין אַף יענער זײַט

שטייט א ייִד אַפן טראָטואַר און שרײַבט עפּעס אַרײַן אין א ביכעלע. פרעגט אים א פאַרבײַ־גייער:

— רעב ייִד, וואָס שרײַבט איר עפּעס אַף דער גאַס?

— איך טראַכט אַריבערצוגיין אַף יענער זײַט טראָטואַר, וויל איך באַצײַטנס פאַרשרײַבן די נו־מערן פון די אויטאָמאָבילן, ווײַל טאָמער פאָרט מען מיך איבער, זאָל איך וויסן בא וועמען צו מאַ־נען קאָמפּענסאַציע.



## ווער איז א ציִוניסט

א ציִוניסט איז דער, וואָס נעמט געלט בא א צווייטן, קעדיי צו שיקן א דריטן קיין יִשׂראל.

---

די וויצן זײַנען גענומען פון דער יִשׂראלדיקער פּרעסע.

# נאָטיצן אויפֿן קאַלענדאַר

# שרײַבער און ווערק

דעם 29 סענטיאַבער ווערט 70 יאָר, זינט אין דאָרף ווילִיאַ (אָף וואָלין) איז געבוירן געוואָרן דער רוסישער סאָוועטישער שרײַבער ניקאָלײַ אָסטראָווסקי.

אין 1919 איז נ. אָסטראָווסקי אַרײַנגעטראָטן אין קאָמיוג און פרײַוויליק אוועק אפן פראָנט, ווו ער האָט געקעמפט אין קאָטאָווסקיס בריגאַדע און אין דער 1־טער רײַטער־אַרמיי. אין 1920, אין איינער א שלאַכט אינעם ראַיאָן פון לוואָוו, האָט מען אים שווער פאַרוווּנדעט, און ער איז שפּעטער קראַנק געוואָרן אָף א



פּראָגרעסירנדיקער קרענק, וועלכע האָט אים צוגעשמידט אפן גאַנצן לעבן צום בעט. אין 1928 איז ער בלינד געוואָרן. אין אָט די באַדינגונגען האָט ניקאָלײַ אָסטראָווסקי זיך גענומען צום שרײַבן זײַן באַרימט געוואָרענעם ראָמאַן „ווי־אַזוי עס האָט זיך פאַרהאַרטעוועט שטאָל". אינעם ראָמאַן מאָלט ער די געשעענישן אין די פּעריאָדן פונעם בירגערקריג און פון דער אופשטעלונג פון דער פאָלקסווירטשאַפט. ער באַווײַזט, ווי אינעם קאַמף פאַרן זיג פון די אידייען פונעם קאָמוניזם האָט זיך פאַרהאַרטעוועט דער נײַער מענטש. דער הויפּט־העלד פונעם ראָמאַן — פּאַווועל קאָרטשאַגין — פאַרקערפּערט מיט זיך די טיפּישע שטריכן פון דער סאָוועטישער יוגנט: מעסירעסנפּעשדיקע איבערגעגעבנקײַט דער פּאַרטיי, מוט, אײַזערנעם ווילן, ליבע צום היימלאַנד.

ניקאָלײַ אָסטראָווסקיס צווייטער ראָמאַן — „אין שטורעם געבוירענע" — איז א שילדערונג פונעם קאַמף פונעם אוקראַיִנישן פאָלק פאַר דער סאָוועטנמאַכט.

„ווי־אַזוי עס האָט זיך פאַרהאַרטעוועט שטאָל" האָט אויסגעהאַלטן העכער 200 אויסגאַבעס אָף די שפּראַכן פון די סאָוועטישע פעלקער און איז געוואָרן באַליבט אין א סאַך לענדער פון דער וועלט. מע האָט דעם ראָמאַן אינסצענירט פאַרן טעאַטער און פאַר קינאָ. אין ייִדיש האָט דעם ראָמאַן „ווי־אַזוי עס האָט זיך פאַרהאַרטעוועט שטאָל" איבערגעזעצט מ. קולבאַק. ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן נאַצסעקטאָר פונעם מעלוכע־פאַרלאַג פון ווײַסרוסלאַנד (מינסק, 1937). כוץ דעם, איז דער 1־טער טייל פון „ווי־אַזוי עס האָט זיך פאַרהאַרטעוועט שטאָל" איבערגעזעצט און באַאַרבעט געוואָרן פאַר קינדער דורך ה. אָרלאַנד און איז דערשינען אין קיִעוו אין אוקרנאַצמינדפאַרלאַג (1937). דער 1־טער באַנד פון נ. אָסטראָווסקיס בוך „אין שטורעם געבוירענע" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ייִדיש (איבערזעצער ה. אָרלאַנד) אין אוקרנאַצמינדפאַרלאַג, קיִעוו, 1937.

ניקאָלײַ אָסטראָווסקי איז געשטאָרבן דעם 22 דעקאַבער 1936 אין מאָסקווע.

מיט 80 יאָר צוריק איז אין יאַס (רומעניע), אין א געזינד פון א דאָרפס־הענדלער, געבוירן געוואָרן דער דיכטער אַווראָם מאָשקאָוויטש.

אין 1911 האָט מאָשקאָוויטש אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע און זיך באַזעצט אין בוענאָס־אײַרעס. אין יענער צײַט הייבט זיך אָן זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט. זײַנע לידער האָבן זיך געדרוקט אין דער מערהײַט ייִדישע צײַטשריפטן פון בוענאָס־אײַרעס — אין „די פּרעסע", „נײַע צײַט", „ייִדישע צײַטונג", „דער קאָלאָניסט", „אַוואַנגאַרד", „אַרגענטינע", „זעגלען" (רעד. ה. בלאָשטיין), „פאַר גרויס און קליין". מאָשקאָוויטש איז געווען באַזונדערס פּאָפּולער צווישן די יונגע לייענער פונעם בוענאָס־אײַרעסער זשורנאַל „בלימעלעך", ווו ער איז אַרויסגעטראָטן מיט קינדער־לידער. פון צײַט צו צײַט האָט מען זײַנע פּאָעטישע ווערק געקאָנט טרעפן אויך אָף די שפּאַלטן פון דער ניו־יאָרקער ייִדישער פּרעסע — „ייִדישער קעמפער", „קונדעס".

א. מאָשקאָוויטש איז געווען צווישן די איניציִאַטאָרן, וועלכע האָבן אויסגעפורעמט די ליטעראַרישע גרופּע פון די יונגע אַרגענטינער ייִדישע דיכטער — „זעגלען". אין זײַנע לידער האָט ער באַזונגען דאָס לעבן פון די ייִדישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע, זייער פויערשע מי, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט האָרעפּאַשנער פרייד און מיט בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים.

אין א בוכפאָרם זײַנען אַרויס א. מאָשקאָוויטשעס לידער־זאַמלונגען



„אין ארגענטינע” (פארלאג „ארגענטינע”, בוענאָס־אײַרעס, 1925), „א זון מיט א רעגן” (לידער און מײַסעלעך אין פערזן), דאָרט, 1938.

מיט 95 יאָר צוריק איז אין ראָוונע (וואָלין) געבוירן געוואָרן דער אָנגעזעענער ייִדישער שפּראך־פאָרשער, שרײַבער און געזעלשאפטלעכער טוער נאָכעם שטיף (באל־דימיען).

לויט דער בילדונג א יוריסט, האָט נ. שטיף קימאט זײַן גאנץ לעבן געשענקט דער פאָרשונג פון דער ייִדישער שפּראך און ליטעראטור. אין מארט 1914 איז ער געוואָרן פארוואלטער פונעם קלעצקין־פארלאג אין ווילנע. אין 1925 איז ער איינער פון די איניציאטאָרן פון דער גרינדונג פונעם ייִוואָ (ייִדישער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט).

אין 1926, ווען בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאפט־אקאדעמיע האָט זיך געעפנט א קאטעדרע פאר ייִדישער קולטור, איז אלס אָנפירער באשטימט געוואָרן נאָכעם שטיף. אין א יאָר ארום (אין מארט 1927) האָט אונטער זײַן רעדאקציע אָנגעהויבן ארויסגיין דער זשורנאל „די ייִדישע שפּראך”.

נאָכעם שטיף איז נאָך אין די יונגע יאָרן באקאנט געווען אלס פײַיקער ליטעראטור־קריטיקער. ער איז דער אווטאָר פון פיל ארטיקלען וועגן מענדעלע מויכער־ספאָרים, שאָלעם־אליכעם, י.־ל. פּערעץ, ש. אש, נאָמבערג, ווײַסנבערג, איינהאָרן, יוינע ראָזענפעלד, אָנויכי, יאנקעוו גאָרדין, כ.־נ. ביאליק און אנד. ער האָט צונויפגעשטעלט ביבליאָגראפישע איבערזיכטן וועגן דער ייִדישער ליטעראטור אין רוסלאנד פאר די יאָרן 1917 — 1922.

מיר וועלן דאָ אָנרופן נ. שטיפס וויכטיקסטע ווערק, וועלכע זײַנען דערשינען אין א בוכפאָרם: „דער הומאניזם אין דער עלטערער ייִדישער ליטעראטור” (ריב״ל ביז מענדעלע מויכער־ספאָרים), פארלאג „קולטור־ליגע”, קיִעוו, 1920 (2־טע אופלאגע — „קלאל־פארלאג”, בערלין, 1922); „פּאָגראָמען אף אוקראַיִנע — די צײַט פון דער פרײַוויליקער ארמיי”, בערלין, פארלאג „וואָסטאָק”, 1923 (אין רוסיש דערשינען אין 1922); „די אָרגאניזאציע פון דער ייִדישער וויסנשאפט”, ווילנע, 1925; „ייִדישע סטיליסטיק”, צענטרפארלאג, כארקאָוו, 1930, אא.

נ. שטיף איז אויך געווען דער איבערזעצער פון פיל וויכטיקסטע ווערק, ווי מ. גידעמאנס „ייִדישע קולטור־געשיכטע אין מיטלאלטער”, ש. דובנאָווס „די נײַסטע געשיכטע פון ייִדישן פאָלק” אא.

נאָכעם שטיף איז געשטאָרבן דעם 7 אפּרעל 1933 אין קיִעוו.



# שיפרע כאָלאָדענקאָ

דער טויט האָט ארויסגעריסן פון דער ייִדישער ליטעראטור איינע פון אירע סאמע באגאבטע דיכטערנס — שיפרע כאָלאָדענקאָ.

געבוירן אין 1909 אין דאָרף בארטקאָוו־רודניא (אוקראַיִנע), האָט די קומענדיקע דיכטערן, נאָכן פארענדיקן די שול, געלערנט אפן פיזיש־מאטעמאטישן פאקולטעט פונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, וועלכן זי האָט פארענדיקט, און האָט א שטיק צײַט געארבעט לויט איר ספּעציאַליטעט, אָנטיילנעמענדיק אין וויסנשאפטלעכע עקספּעדיציעס אפן צאָפן, און דאָס האָט שפּעטער געפונען אן אָפּשפּיגלונג אין איר שאפונג.

שיפרע כאָלאָדענקאָ איז דאָוויד האָפשטיינס א לײַבלעכע שוועסטער. און עס איז, ווײַזט אויס, ניט צופעליק, וואָס אויך זי איז געווען לויט איר בארוף א שעפערישע פערזענלעכקײַט, און טאקע אין דעם זעלבן געביט, וואָס איר ברודער, — זי איז אויך געוואָרן א ייִדישע סאָוועטישע דיכטערן. ש. כאָלאָדענקאָ האָט אָנגעהויבן איר שאפונג צוריק מיט א האלבן יאָרהונדערט און האָט פארנומען א בעקאָוועדיק אָרט אין אונדזער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג.

אירע ערשטע ליטערארישע טריט האָט שיפרע כאָלאָדענקאָ געשטעלט נאָך אין „שטראָם”, ווו זי האָט דעביוטירט מיט דער ליד „אז מײַנע פריידן...”. פון דעמלט אָן באטייליקט זי זיך אקטיוו אין די ייִדישע סאָוועטישע צײַטונגען, זשורנאלן, אלמאנאכן. איר ערשטע לידער־זאמלונג „לעבן” איז דערשינען אין יאָר 1937. אינגיכן, אין 1940, לאָזט זי ארויס א צווייטע דיכטערישע זאמלונג „לידער”, וועלכע האָט פארפעסטיקט איר אָרט אין דער ליטעראטור. אין דעם זעלבן יאָר איז דערשינען איר בוך פּראָזע אונטערן נאָמען „גאנצפרײַ”. אין 1947 האָט זי ארויסגעגעבן די לידער־זאמלונג „אונדזער קראפט”, און ערשט ניט לאנג איז דערשינען א נײַע זאמלונג לידער — „דאָס וואָרט”.

שיפרע כאָלאָדענקאָ באזינגט דאָס סאָוועטישע לעבן אין פרידן און אין קריג, זי שילדערט דעם סאָוועטישן לעבנשטייגער און די העלדישקײַט פונעם סאָוועטישן פאָלק.

דער מאָטיוו פון לעבן איז א צענטראלער אין שיפרע כאָלאָדענקאָס דיכטונג. דאָס לעבן איז גוט, זאָגט די דיכטערן, ס׳איז גוט די ערד, וואָס גיט דאָס לעבן דעם מענטשן. „געבענטשט זאָלסטו זײַן, אונדזער היימלעכע ערד, וואָס האָסט אונדז דערצויגן, וואָס האָסט אונדז דערנערט...” א צווייטער צענטראלער מאָטיוו אין שיפרע כאָלאָדענקאָס שאפן איז פרוי און מוטער, וועמען זי האָט געווידמעט א סאך לידער אין פארלויף פון א האלבן יאָרהונדערט פון איר ליטערארישער טעטיקײַט. לידער וועגן דער פרויס פריידן און לײַדן — דאָס איז, אייגנטלעך, די קאָנקרעטע קינסטלערישע פארקערפּערונג פון דער טעמע וועגן לעבן אינגאנצן גענומען. אין דעם זין איז ביז גאָר כאראקטעריסטיש און סימפּטאָמאטיש דער לעצטער ציקל לידער, וואָס די דיכטערן האָט פארעפנטלעכט אין יול־נומער פון „סאָוועטיש היימלאנד” פאר הײַנטיקס יאָר.

די לעצטע יאָרן האָט שיפרע כאָלאָדענקאָ אקטיוו און מיט דערפאָלג מיטגעארבעט אין אונדזער זשורנאל און האָט דערגרייכט פולע אנערקענונג פונעם לייענער און פון דער ליטעראטור. דער שווערער פארלוסט, וואָס די דיכטונג האָט געליטן מיט כאָלאָדענקאָס טויט, ווערט געלינדערט פונעם באוווּסטזײַן, אז די דיכטערן האָט אויסגעפילט איר כוויו און איז פארבליבן אין דאנקבארן זיקאָרן פונעם לייענער מיט אירע ווערק.

קאָוועד איר אָנדענק!

לאָמיר זינגען נײַע לידער

# אינעם שאָטן פון די ווײַנגערטנער

ווערטער פון אהרן ווערגעליס

מוזיק פון סערגיי טשעבאָטאַריאָוו

Moderato cantabile

I-nem šo-tn fun di vajn-ger-tner, af a te-pix af a val-di-kn,
ligt majn ka-le a far-paj-nik-te, a far-šem-te, a far-gval-dik-te.
-Troj-bn har-tin-ke un car-tin-ke, on-ge-go-se-ne un zoje-rin-ke, nemt majn ka-les gri-ne oj-rin-glex,
hengt af cvaj-gn uf zej far-ti-ke. Ven dos faj-er xvel far-le-šn nor, vel ix ku-men cu ajx
vajn trin-ken, in dem kver-te-le dem me-še-nem hej-se li-pn vel ix ajn-tun-ken.

rit. a tempo rit. cresc

Blajx der fi-ln, az s'iz bi – ter-lex...

dimin.

vel ix zuxn in di trojb – heng-lex un ge-fi-nen a por oj – ring-lex un vel blaj-bn a der-

ši – ter-ter.

אינעם שאָטן פון די ווײַנגערטנער,
אַף א טעפּיך אַף א וואַלדיקן,
ליגט מײַן קאַלע א פאַרפּײַניקטע,
א פאַרשעמטע, א פאַרגוואַלדיקטע.

— טרויבן האַרטינקע און צאַרטינקע,
אָנגעגאָסענע און זויערינקע,
נעמט מײַן קאַלעס גרינע אויערינגלעך,
הענגט אַף צווײַגן אויף זיי פּאַרטיקע!

ווען דאָס פײַער כ׳וועל פאַרלעשן נאָר,
וועל איך קומען צו אײַך ווײַן טרינקען,
אין דעם קוואַרטעלע דעם מעשענעם
הייסע ליפּן וועל איך אײַנטונקען.

גלײַך דערפילן, אז ס׳איז ביטערלעך...
וועל איך זוכן אין די טרויב־הענגלעך
און געפינען א פּאָר אויערינגלעך
און וועל בלײַבן א דערשיטערטער.



# БЕСЕДЫ В ПОМОЩЬ ИЗУЧАЮЩИМ ИДИШ

## מאָדוסן[1] — פאַקטישע און ניט קיין פאַקטישע טוונגען

די צײַטפאָרמעס קעגנוואַרט, פאַרגאַנגענהײַט און צוקונפט („סאָוועטיש היימלאַנד", נומערן 4 און 5) ווײַזן טוונגען, וואָס קומען פאָר[2], זײַנען פאָרגעקומען אָדער וועלן פאָרקומען. אַזעלכע טוונגען געהערן צום פאַקטישן מאָדוס (אינדיקאַטיוו)[3], אויב אפילו זיי זײַנען מיטן פאַרטיקל „ניט" (זען נומער 4).

ניט קיין פאַקטישע מאָדוסן[4] זײַנען אין ייִדיש פאַראַן פאָלגנדיקע: באַדינג־מאָדוס[5], באַדויער־מאָדוס[6], באַפעל־מאָדוס[7], געמישטער מאָדוס[8].

**באַדינג־מאָדוס** באַטײַט א טוונג, וואָס וואָלט פאָרגעקומען בא א געוויסן טנאַי (באַדינג)[9] אָדער בא א געוויסער האַשאָרע[10], אָבער פאַקטיש קומט זי ניט פאָר. די סטרוקטור פונעם דאָזיקן מאָדוס איז פערזאָניקער הילפווערב „וואָלט" + אינפיניטיוו אָדער פאַרטיציפּ. לעמאָשל:

1. ווען א כאַזער וואָלט האָבן הערנער[11], וואָלט די וועלט קיין קיִעם ניט געהאַט[12].
2. ווען טילים[13] וואָלט זײַן א רעפוע[14], וואָלט מען עס פאַרקויפט אין אַפּטייק[15].

**באַדויער־מאָדוס** באַטײַט באַדויערונג[16] אָדער כאַראָטע[17]. די סטרוקטור פונעם דאָזיקן מאָדוס איז הילפוואָרט „כאַי" אָדער „נעכאַי" + פערזאָניקער הילפווערב „וואָלט" + פאַרטיציפּ אָדער אינפיניטיוו. לעמאָשל: נעכאַי וואָלט זי מיך געכאַפּט אליין, אָן איידעס[18], וואָלט איך מיך געקאָנט אָפּבעטן בא איר[19] (**שאָלעם־אַליי׳כעם**).

אַנמערקונג. אָנשטאָט „כאַי וואָלט" זאָגט מען אין א ריי ערטער „כאַלט". לעמאָשל: כאַלט איך בעסער ניט געגאַנגען אַהין. כאַלט איך אים ניט געקענט...

**באַפעל־מאָדוס** (אימפּעראַטיוו) באַטײַט א באַפעל, א באַקאָשע[20] אָדער א פאַרלאַנג[21] וועגן א טוונג, וואָס עס דאַרף געוויינטלעך טאָן א צווייטע פערזאָן אין איינצאָל אָדער אין מערצאָל. די סטרוקטור פונעם דאָזיקן מאָדוס איז ענלעך צו דער ערשטער פערזאָן איינצאָל פון קעגנוואַרט (זיץ, פאַרשרײַב, קוק דורך, טו זיך אָן...) אָדער צו דער צווייטער פערזאָן מערצאָל (זיצט, פאַרשרײַבט, קוקט דורך, טוט זיך אָן...). ניט ענלעך זײַנען בלויז די ווערטער „בין — זײַ": איך בין דאָ — זײַ אויך דאָ.

1. גרייט דיר אָן אין דער יוגנט[22], וועסטו האָבן אַף דער עלטער[23].
2. ווילסט האָבן א פּאָנעם בא לײַטן [24], האָב פריִער בא זיך אליין[25].

אַנמערקונג. באַם באַפעל־מאָדוס פון א ווערב מיט א צוגאָב קאָן דער צוגאָב אָפּטמאָל זײַן אָן דעם גרונטווערב (זען נומער 6). לעמאָשל: אַרויס! אַוועק! אין מערצאָל וועט אַזא צוגאָב קומען מיט דער פלעקסיע „־ט". לעמאָשל: אַוועקט, אַוועקט, פאַלשע געדאַנקען![26] (**שאָלעם־אַליי׳כעם**).

**Перевод:** 1) наклонения; 2) которые происходят; 3) изъявительное наклонение; 4) ирреальные наклонения; 5) сослагательное (условное) наклонение; 6) выражает сожаление или раскаяние; 7) повелительное; 8) «смешанное» наклонение; 9) при известном условии; 10) предположение; 11) имела бы рога; 12) мир (свет) не существовал бы; 13) псалтырь — библейская книга молитв, песнопений; 14) лекарство; 15) аптека; 16) сожаление; 17) раскаяние; 18) хоть бы она одна поймала меня, без свидетелей; 19) я бы мог отпроситься у нее; 20) просьба; 21) желание; 22) заготовь себе в молодости; 23) в старости; 24) у людей (у других); 25) раньше у самого себя; 26) прочь, фальшивые мысли!

באַפעל־מאָדוס איז אָפּטמאָל געווענדט[1] ניט דאַפקע צו א קאָנקרעטער (צווייטער) פערזאָן, נאָר צו יעדן איינעם[2], ווי, לעמאָשל, אין די לעצטע זאצן[3] פון פאָלגנדיקע פראַגמענטן פון שאָלעם־אַלייכעמס „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס ייִנגל":

1. עפּל, דאַרפט איר וויסן, איז ניט קיין באַרן[4]. באַרן, זיי מעגן זײַן די בעסטע באַרן אין דער וועלט („בערגאַמאָטן")[5], וויבאַלד זיי זײַנען ניט רעכט פאַרטיק[6], קאָנט איר מיט זיי גאָרניט מאַכן[7], **גייט קײַט האַלץ!**[8]
2. אנו, טרעפט, ווו איז דער גאַניידן?[9] איר וועט ניט טרעפן. ווייסט איר, פאַרוואָס? ווײַל בא איטלעכן איז ער אַף אַן אַנדער אָרט[10]. לעמאָשל, די מאַמע זאָגט, אַז דער גאַניידן איז דאָרטן, ווו מײַן טאַטע, פּייסי דער כאַזן, געפינט זיך[11]... פרעגט זשע אָבער מײַנע כאַוויירים[12], וועלן זיי אײַך דערציילן מײַסעס[13], אַז דער גאַניידן געפינט זיך ערגעץ אַף א באַרג[14]... ייִנגלעך לויפן דאָרט אַרום פראַנק־און־פרײַ[15]. לערנען לערנט מען ניט. נאָר מע באָדט זיך גאַנצע טעג[16]... זײַט איר שוין פאַרטיק?[17] קומט צו גיין א ייִד אַן אײַנבינדער[18] און טוט זיך א זאָג[19], אַז דער עמעסער גאַניידן איז גאָר פרײַטיק אין באָד[20]... **הײַנט גייט דערגייט אַן עק!**[21]

באַפעל־מאָדוס קאָן זײַן געווענדט אויך צום ריידער זעלבסט[22], ווי צו יעדן איינעם, און זײַן אין איינצאָל. לעמאָשל: די וועלט אַרום און אַרום איז מעכײַע[23], גרויס, אָפן, כאָטש **הייב זיך און פלי**[24], **כאָטש צי זיך אויס און שווים!**[25] (**שאָלעם־אַלייכעם**).

א באַפעל וועגן א טווּנג איז אָפט שײַעך[26] ניט צו א צווייטער פּערזאָן, נאָר צו א דריטער פּערזאָן (אָדער זאַך). דעמלט איז די סטרוקטור פונעם באַפעל־מאָדוס אזא: פּערזאָניקער הילפוּווערב „לאָז, לאָזן"+אינפיניטיוו. לעמאָשל: לאָז ער לייענען[27], לאָז מען אופהערן טומלען[28], לאָזן זיי גיין.

זעט אויך אין דעם ווײַטערדיקן פראגמענט פון „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס יינגל":

— לאָז ער שווערן[29], אז ער וועט שוין מער אפילע ניט ארײַנקוקן[30] צו מיר אין גאָרטן ארײַן!— פּאָדערט די רוּיפעטע מיט איר מאַנצבלשער שטים[31] אָן א קאַפּ ראכמאָנעס צו א יאָסעם[32].

— לאָז מיר אָפּדאַרן די הענט[33], לאָז מיר ארויס די אויגן[34],— זאָג איך און גיי מיט דער מאַמען אהיים און הער אויס איר מוסער מיט איר וויינען[35], און צעוויין מיך אליין אויך גאַנץ געשמאַק.

אָנמערקונג. „לאָזן" איז פאַראַן אויך א זעלבשטענדיקער ווערב. לעמאָשל: איך האָב אים געלאָזט אין שטוב[36]. איך קאָן ניט לאָזן די ארבעט[37]. דאָ ווײַזט דער ווערב „לאָזן" א פאַקטישע טווּנג. ער קאָן זײַן אויך אין באַפעל־מאָדוס: לאָז אים (זיי) אין שטוב. לאָזט אים (זיי) די ארבעט.

**Перевод:** 1) обращен(о); 2) к любому; 3) в последних предложениях; 4) яблоки, должны вы знать, это не груши; 5) даже самые лучшие на свете; 6) раз не созрели как следует; 7) вы с ними ничего не сделаете; 8) точно дерево грызешь (дословно: идите жуйте дрова); 9) отгадайте, где находится рай; 10) для каждого он в другом месте; 11) где... кантор Пейся находится; 12) но спросите моих товарищей; 13) сказки; 14) где-то на горе; 15) совершенно свободно; 16) целые дни; 17) думаете — это всё? (дословно: так вы уже готовы?); 18) переплетчик; 19) заявляет (сказанул); 20) настоящий рай — в пятницу в бане; 21) вот и добейтесь толку; 22) к самому говорящему; 23) прекрасен, замечателен (дословно: оживляет); 24) хоть поднимись и лети; 25) хоть растянись и плыви; 26) относится; 27) пусть он читает; 28) пусть перестанут шуметь; 29) пусть поклянется; 30) что он больше даже не взглянет...; 31) требует лекарша своим мужским голосом; 32) без капли жалости к сироте; 33) чтоб у меня руки отсохли; 34) чтоб у меня глаза вылезли; 35) выслушиваю её нравоучения и ее плач; 36) оставил дома; 37) не могу оставить работу.

ווען די טווּנג וויל טאָן דער ריידער זעלבסט אָדער איינעם מיט נאָך עמעצן, איז די סטרוקטור פונעם באַפעל־מאָדוס „לאָמיך" (איינצאָל) אָדער „לאָמיר" (מערצאָל)+אינפיניטיוו. לעמאָשל: לאָמיך זיך נעמען דערצו. לאָמיר אָנהייבן די ארבעט. אמאָל קומט „לאָמיך" (לאָז מיך) אָדער „לאָמיר" אָן דעם אינפיניטיוו. לעמאָשל: מאַמע! לאָמיך אהיים, מאַמע! (פּ ע ר ע ץ).

קוקט זיך צו צו די ווערבפאָרמעס אינעם ווײַטערדיקן פראגמענט פון שאָלעם־אלייכעמס „שיר־האשירים" און אין שיקע דריזס ליד „גוטמאָרגן".

און אָט זײַנען מיר באַם בריקל[1]...

דאָס טײַכל לויפט[2], די זשאַבעס קוואַקען[3], און די ברעטער שאָקלען זיך, הוידען זיך[4], און בוזי ציטערט[5].

— אײַ, ביסטו, בוזי, א... וואָס האָסטו מוירע, נארעלע?[6] האלט זיך אָן אָן מיר[7], אָדער גיב, לאָמיך דיך ארומנעמען[8], איך דיך, און דו מיך. זעסטו?[9] אָט אזוי. אָט אזוי[10].

איך וווין אין מאָסקווע,
דו — אין פּאַריז,
דיך רופט מען שאַרל,
מיך — שיקע דריז.

לאָמיר זשע לייטערס
בא שכיינים אנטלײַען[11]
און איינער דעם צווייטן
גוטמאָרגן זיך שרײַען[12].

**Перевод:** 1) у мостика; 2) речка течет (дословно: бежит); 3) лягушки квакают; 4) доски шатаются, качаются; 5) а Бузя дрожит; 6) чего ты боишься, глупенькая?; 7) держись за меня; 8) или давай я тебя обниму; 9) видишь? 10) вот так; 11) давайте у соседей лестницы возьмем; 12) и один другого добрым утром приветствовать.

## געמישטער מאָדוס

דער דאַזיקער מאָדוס האָט א סאַך באַטײַטן: א באַדינג, א באַפעל, א פאַרלאַנג וועגן א טווּנג, אָפּטמאָל אויך א כידעש[1], א האַשאָרע אָדער אָן אומזיכערקײַט[2] אין דער טווּנג פון דער מיטיילונג[3]; און נאָך אנדערע. די סטרוקטור פונעם דאָזיקן מאָדוס איז הילפוּווערב „זאָל"+אינפיניטיוו. לעמאָשל: וואָס א גראָבער בויך קאָסט[4], וואָלט איך געוואָלט האָבן; וואָס ער איז ווערט[5], זאָלן מײַנע סאָנים פאַרמאָגן[6].

זעט אויך אין די ווײַטערדיקע פראגמענטן פון „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס יינגל":

1) איך זאָל זײַן א קייסער[7], וואָלט איך א גאַנץ יאָר געגעסן קאַווענע מיט ברויט[8]. 2) דער כאָסן, מײַן ברודער עליע, קוקט אַף מיר, איך זאָל זיצן ווי א מענטש, איך זאָל עסן מיט א גאָפּל[9] און זאָל ניט כאַפּן[10], און זאָל אכטונג געבן אַף דער נאָז[11]. 3) זיי זאָגן, אז איך ע־

מאַך איך מיט די ליפּן[12]. איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן[13], וואָס זאָל עסן און ניט מאַכן מיט די ליפּן. 4) מײַן ברודער עליע הערט אויס די מײַסע מיט די עפּל און ווערט בלאַס[14]. אַפּאָנעם, פֿאַר קאַס[15]. די מאַמע דערזעט, אַז ער איז אויסער זיך[16]. זי האָט מוירע[17], ער זאָל מיך ניט שלאָגן. זי רוימט אים אײַן אַ סאָד[18], ער זאָל מיך ניט שלאָגן, וואָרעם איך בין אַ יאָסעם[19]. 5) אַך, ווען[20] די מאַמע זאָל זײַן אַ גוטע מאַמע, וואָלט זי מיך געמאַכט פֿאַר אַ קלעזמער[21]. איך ווייס אָבער[22], אַז זי וועט דאָס ניט וועלן[23]. ניט מאַכמעס זי איז אַ שלעכטע[24], נאָר מאַכמעס די וועלט וועט ניט דערלאָזן[25], אַז פּייסי דעם כאַזנס ייִנגל זאָל זײַן אַ קלעזמער. ניט קיין קלעזמער און ניט קיין באַלמעלאָכע[26].

אַמאָל איז געווען...
אַז אַמאָל איז געווען, איז ניט וויכטיק נאָך[27],
וויכטיק איז, עס זאָל ווידער זײַן[28].
זוך אין אַמאָליקן אַ ליכטיק אָרט[29],
ס'זאָל אויך אַף איצטיקן וואַרפֿן שײַן[30]...

ד אָ ו י ד  ה אָ פּ ש ט י י ן

**Перевод:** 1) удивление; 2) неуверенность; 3) сообщение; 4) что толстое брюхо стóит; 5) какая ему цена; 6) пусть мои враги имеют; 7) будь я царем; 8) арбуз с хлебом; 9) вилка; 10) чтоб не торопился; 11) чтоб следил за носом; 12) «делаю» губами; 13) того человека; 14) бледнеет; 15) видимо (вероятно), от гнева; 16) вне себя; 17) боится; 18) просит его шепотом (дословно: шепчет ему секрет); 19) ибо я сирота; 20) если бы; 21) музыкант; 22) но я знаю; 23) она не захочет; 24) не потому, что она плохая (злая); 25) мир не допустит; 26) ремесленник; 27) еще неважно; 28) чтобы опять было; 29) ищи в былом светлое место; 30) чтобы и на теперешнее бросало свет.

אָפּט קאָן איין מאָדוס קומען אָנשטאָט אַ צווייטן, האָבן דעם באַטײַט פֿון אַ צווייטן. לעמאָשל, די פֿאָרמע „וואָלט"+ פּאַרטיציפּ אָדער אינפֿיניטיוו קאָן צוליב העפֿלעכקײַט[1], צוליב אָפּשײַ[2] אָנגעווענדט ווערן אַף אויסצודריקן[3] אַ טוונג, וואָס מע מיינט זי אַלס אַ פֿאַקטישע[4]. אָנשטאָט „איך בעט אײַך אויסהערן מיך ביזן סאָף". און פֿאַר־מיך ביזן סאָף"[5] זאָגט מען: „איך וואָלט אײַך געוואָלט בעטן[6] אויסהערן מיך ביזן סאָף". און פֿאַר־קערט[7]: קעדיי פֿאָרצושטעלן[8] אַ באַדינגלעכע[9] טוונג אַלס אַ מער לעבעדיקע[10], קאָן אָנשטאָט באַדינג־מאָדוס קומען פֿאַקטישער מאָדוס. לעמאָשל: ווען איך בין זיכער[11], אַז די דײַטשישע אַרמײ וועט זײַן נייטראַל, וועק איך אוף די קריגסגעפֿאַנגענע[12] און גיי מיט דיר אַרויס אין גאַס (ד אַ נ ק־ ע ל). אָנשטאָט באַפֿעל־מאָדוס ווערן אָפּט אָנגעווענדט אַלע אַנדערע מאָדוסן, ווײַל דאָס גיט די מעגלעכ־קײַט אויסצודריקן פֿאַרשיידענע ניואַנסן פֿון אַ העפֿלעכן אָדער האַכנאָעדיקן[13] פֿאַרלאַנג אָדער באַפֿעל. אַ פֿאַרלאַנג אָדער אַ באַפֿעל וועגן אַ טוונג קאָן מען אויסדריקן אויך דורך אַן אינפֿיני־
אַנמערקונג.
טיוו. לעמאָשל: העכערן די פּראָדוקטיווקײַט! און אַמאָל אַפֿילע אינגאַנצן[14] אַן אַ ווערב. לעמאָשל: שטאַר־קער די פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט![15]

**Перевод:** 1) учтивость; 2) почтение; 3) чтобы выразить; 4) которое мыслится как реальное; 5) прошу вас выслушать меня до конца; 6) я бы хотел вас просить; 7) наоборот; 8) чтобы представить; 9) условное; 10) живо; 11) будь я уверенным; 12) военнопленные; 13) покорный; 14) совершенно, всецело; 15) прочнее (крепче) дружбу народов!

דאָצענט מ. פֿאַלקאָוויטש

---

א ו י ס ב ע ס ע ר ו נ ג:

אַף דער זײַט 98 פֿונעם הײַנטיקן נומער דאַרף די ציטירטע סטראָפֿע פֿון מ. טײַפֿס ליד געלייענט ווערן אַזוי:

דינגט, דינגט, אויסדערוויילטע און באַוווסטע, —
ס'קען זײַן, דער טאָג דער הײַנטיקער געהערט
צו אײַך,
נאָר מאָרגנדיקע טעג, וואָס שטייען
אומבאַוווסטע,
מיט זיי בין איך און מײַנע ברידער רײַך.

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(На еврейском языке)*

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис.**



Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — 228-27-91; заместитель главного редактора — 294-46-69; ответственный секретарь — 223-96-07
Художеств. и техн. редакция: М. Сафронович, С. Черняк
Корректор М. Ландман

Подписано к печати 18/VIII 1974 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 12+0,25 вкл. (17,15). Бум. л. 6+0,125. Цена 50 коп. Зак. 1599.

Ордена Трудового Красного Знамени московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли.
Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

Индекс 70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 9

1974

**В НОМЕРЕ:**